# קאַרל מאַרקס

# דאס קאַפּיטאַל

## קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע

ע ר ש ט ע ר   ב א נ ד

ג

איבערזעצט נאָך ק. קאַוטסקיס דייטשע פאָלקסאויסגאַבע
פון ד״ר י. א. מעריסאָן

פ א ר ל א ג   ה.   ב ז ש א ז א

ו א ר ש ע   /   1 9 3 6

דאָס בוך װערט געדרוקט
מיט דער דערלויבניש פון „קראָפּאָטקין ליטעראַטור-געזעלשאַפט נ. י.“
און פאַרטיקע מאַטריצן באַקומענע פון אַמעריקע. דערמיט
דערקלערט זיך די אַלטע אָרטאָגראַפיע, ווי אויך די
„אַמעריקאַניזירונג“ אין דער שפּראַך פון בוך.

PRINTED IN POLAND

KAROL MARX
DOS KAPITAŁ

Wyd. Ch. Brzoza
Warszawa

Odbito w drukarni „Floryda“

# אינהאלט

## זיבעטער אבטייל

זייט

### דער אנזאמלונג-פּראָצעס פון קאַפּיטאַל.


איינלייטונג — — — — — — — — — — — — — 889

21טער קאַפּיטעל: איינפאַכע רעפּראָדוקציאָן — — — — — 892

22טער קאַפּיטעל: פערוואַנדלונג פון מעהרווערטה אין קאַפּיטאַל — — — — — — — — — — — 914

1. קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס אויף א ברייטערן מאַסשטאַב — — — — — — — 914

2. די טעות'דיגע אויפפאַסונג פון דער רעפּראָדוקציאָן מצד דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע — — — — 929

3. די צוטיילונג פון'ם מעהר-ווערטה אין קאַפּיטאַל און הכנסה. די אבסטינענץ-טעאָריע — — — — — 934

4. אומשטענדען, וועלכע בעשטימען דעם אומפאַנג פון דער אקומולאַציע — — — — — — — — — 947

5. דער אזוי-גערופענער ארבייטס-פאָנד — — — — — 964

23טער קאַפּיטעל: דאָס אַלגעמיינע געזעץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אקומולאַציע — — — — — — — 971

1. די וואַקסענדע נאָכפראַגע אויף ארבייט-קראַפט — 971

2. רעלאַטיווע פערקלענערונג פון וואַריאַבלען קאַפּיטאַל 986

3. די אַלץ-גרעסערע פּראָדוקציאָן פון א רעלאַטיווער איבערבעפעלקערונג — — — — — — — — — 1001

4. פערשיידענע עקזיסטענץ-פאָרמען פון דער רעלאַטיווער איבערבעפעלקערונג — — — — — — — — 1021

זייט

5. אילוסטראציעס פון דעם אלגעמיינעם געזעץ פון דער קאפיטאליסטישער אקומולאציע — — — — — 1033

א) ענגלאנד פון 1846 ביז 1866; ב) די שלעכט־בעצאהלטע שיכטען פון דעם בריטישען אינדוס־טריעלען ארבייטער־קלאס; ג) דאס וואנדער פאלק. די מינען־ארבייטער; ד) די ווירקונג פון קריזיסען אויף דעם בעסט־בעצאהלטען ארביי־טער קלאס; ה) דער בריטישער ערד־ארבייטער פראלעטאריאט; ו) אירלאנד — — — — — — 1129

24טער קאפיטעל: די אזויגערופענע אורשפרינגליכע אקו־מולאציע — — — — — — — — — — — 1130

1. דער סוד פון דער אורשפרינגליכער אקומולאציע — 1130

2. די עקספראפריאציע פון גרונד און באדען — — 1135

3. בלוטיגע געזעצגעבונג אנטקעגען די עקספראפרי־ירטע — — — — — — — — — — — — 1162

4. די ענטשטעהונג פון די קאפיטאליסטישע ארענדא־טארס — — — — — — — — — — — — 1175

5. די צוריקווירקונג פון דער אגריקולטורעלער רעוואָ־לוציע אויף דער אינדוסטריע — — — — — — 1178

6. די ענטשטעהונג פון דעם אינדוסטריעלען קאפי־טאליסט — — — — — — — — — — — 1186

7. די היסטארישע טענדענץ פון דער קאפיטאליסטי־שער אקומולאציע — — — — — — — — — 1203

25טער קאפיטעל: די מאדערנע טעאריע פון קאלאניזאציע 1209

רעגיסטער: א) נאמען־רעגיסטער — — — — — 1225

ב) זאך־רעגיסטער — — — — 1238 ביז 1270

## זיעבעטער אבטהייל.

## דער אנזאמלונג-פראצעס פון קאפיטאל.

# איינלייטונג.

די פערוואנדלונג פון א געלד־סומע אין פּראָדוקציאָנס־מיט־לען און ארבייט־קראפט איז די ערשטע בעוועגונג, וואָס אַ ווערטה־סכום, וועלכער דארף פונקציאָנירן אלס קאפּיטאל, מאכט דורך. די בעוועגונג קומט פאָר אויפ'ן מארק, אין דער ספערע פון דער צירקולאציע.

די צווייטע פאזע פון דער בעוועגונג, דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, איז אָבגעשלאָסען, אזוי באלד ווי די פּראָדוקציאָנס־מיט־לען זיינען פערוואנדעלט אין סחורה, וואָס איהר ווערטה שטייגט אריבער דעם ווערטה פון איהרע בעשטאנד־טיילען; ד. ה. זי ענטהאלט דעם ווערטה פון דעם לכתחילה־אויסגעלעגטען קאפּי־טאל, מיט דער הוספה פון א מעהרווערטה.

אָט די סחורות מוזען דערנאָך ווידער אמאָל אריינגעוואָר־פען ווערן אין דער ספערע פון דער צירקולאציע. דער צוועק איז זיי צו פערקויפען, צו רעאליזירן זייער ווערטה אין געלד, דאָס געלד צו פערוואנדלען פון דאָס ניי אין קאפּיטאל, און אזוי נאָכ־אנאנד ווידער. אָט דער קרייז־לויף, וואָס מאכט דורך אלעמאָל דיזעלביגע כסדר־קומענדיגע פאזען, פאָרמירט די צירקולאציע פון קאפּיטאל.

דער ערשטער תנאי פון דער אָנזאמלונג [פון נייעם קאפּי־טאל] איז, אז דער קאפּיטאליסט זאָל האָבען גע'פועל'ט צו פער־קויפען זיינע סחורה, און זאָל דעם גרעסטען טייל פון'ם געלד, וואָס ער האָט אויף דעם אופן בעקומען, האָבען צוריק פערוואנדעלט אין קאפּיטאל. עס ווערט אָנגענומען אין דער ווייטערדיגער אונטער־זוכונג, אז דער קאפּיטאל לויפט דורך זיין צירקולאציאָנס־פּראָצעס אויף אַ נאָרמאלען אופן. די גענויערע בעטראכטונג פון דעם דאָ־זיגען פּראָצעס ווערט איבערגעלאָזט פאָר דעם צווייטען בוך. די רעאלע בעדינגונגען פון דער בענייאונג פון דער פּראָדוקציאָן, דאָס

הייסט פון איהר ניט־אונטערבראָכענעם ווייטערן גאַנג, ווייזען זיך טיילווייז אַרויס ערשט אין דער צירקולאַציע, און טיילווייז קאָ־נען זיי ערשט בעהאַנדעלט ווערן נאָך דער אונטערזוכונג פון דעם צירקולאַציאָנס־פּראָצעס.

דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלעס. דער קאַפּיטאַליסט, וועלכער פּראָדוצירט דעם מעהרווערטה, ד. ה. וועלכער פּומפּט דירעקט אַרויס פון די אַרבייטער ניט־בעצאָהלטע אַרבייט און פיקסירט עס אין סחורות, איז טאַקע אמת דער ערשטער אָנאייגנער, ער איז אָבער בשום אופן ניט דער לעצטער אייגענטימער פון דעם דאָזי־גען מעהרווערטה. ער מוז זיך שפּעטער דערמיט טיילען מיט די קאַפּיטאַליסטען, וועלכע פיהרן דורך אַנדערע פונקציעס אין דער גאַנצער קאָמפּלעקציע פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָן, מיט דעם גרונד־אייגענטימער א. אז. וו. דער מעהרווערטה צושפּאַלט זיך דעריבער אין פערשיידענע טיילען. זיינע אָבגעבראָכענע שטי־קער קומען אָן צו פערשיידענע קאַטעגאָריען פון פּערזאָנען, און בעקומען פערשיידענע פאָרמען, אונאָנבהענגיקע איינע פון די אַנ־דערע, ווי פּראָפיט, צינז, מסחר־ריוח, גרונד־רענטע א. אז. וו. אַט די פערוואַנדעלטע פאָרמען פון דעם מעהרווערטה קאָנען ערשט בעהאַנדעלט ווערן אין דעם דריטען בוך.

מיר זיינען, הייסט עס, דאָ משער פון איין זייט, אַז דער קאַפּיטאַליסט, וואָס פּראָדוצירט די סחורה, פערקויפט זי פאַר איהר ווערטה, און שטעלען זיך ניט אָב בעת ער קעהרט זיך אום צום סחורה־מאַרק, ניט אויף די נייע פאָרמען, וואָס דער קאַפּי־טאַל נעהמט אָן אין דער צירקולאַציאָן־ספּערע, און ניט אויף די קאָנקרעטע בעדינגונגען פון דער רעפּראָדוקציאָן, וואָס זיינען איינ־געהילט אין די דאָזיגע פאָרמען. פון דער אַנדער זייט בעטראַכ־טען מיר דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוצירער אַלס דעם אייגענ־טימער פון דעם גאַנצען מעהרווערטה, אָדער בעסער געזאָגט, אַלס דעם רעפּרעזענטאַנט פון אַלע, וואָס טיילען זיך מיט איהם אין דעם רויב. מיר בעטראַכטען, הייסט עס, די אָנזאַמלונג (די אַקו־מולאַציאָן) קודם אין אַבסטראַקט, ד. ה. ווי בלויז אַ מאָמענט [אַ דורכגאַנג־פּונקט אָדער פּאַזע] פון דעם דירעקטען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס.

איבריגענס, אַזוי ווייט ווי עס קומט פאַר אַן אָנזאַמלונג, בע־

רייט עס, אז עס געלינגט דעם קאפיטאליסט צו פערקויפען די
פראָדוצירטע סחורה און צוריק צו פערוואנדלען דאָס געלייזטע געלד
ין קאפיטאל. ווייטער: די צוברעקלונג פון דעם מעהרווערטה
אין פערשיידענע שטיקער מאכט ניט קיין ענדערונג ניט אין זיין
נאטור, ניט אין די נויטווענדיגע בעדינגונגען, אונטער וועלכע
ער ווערט אן עלעמענט פון דער אָנזאמלונג. וואָס פאר א פראָ־
פאָרציע פון׳ם מעהרווערטה דער קאפיטאליסטישער פראָדוצירער
זאָל ניט פעסט האלטען פאר זיך, אָדער זאָל ניט אָבלאָזען פאר אנ־
דערע, אין ערשטער ליניע נעהמט ער עס צו. פאָלגליך, דאָס
וואָס מיר זיינען משער פאָרשטעלענדיג די אָנזאמלונג, איז א
השערה, וואָס ווערט אָנגענומען בעת איהר ווירקליכען פאָרקומען.
פון דער אנדער זייט, די צושפאלטונג פון׳ם מעהרווערטה און די
בעוועגונג פון דער צירקולאציע, וואָס ברענגט עס ארויס, פער־
טונקלען די איינפאכע גרונד־פאָרם פון דעם אָנזאמלונג־פראָצעס.
זיין ריינער אנאליז פאָדערט דעריבער, מען זאָל פאָרלויפיג ניט
אכטען אויף די אלע ערשיינונגען, וועלכע פערדעקען דעם אינער־
ליכען שפיעל פון זיין מעכאניזם.

## איין־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# איינפאַכע רעפּראָדוקציאָן.

וועלכע געזעלשאַפטליכע פאָרם דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס זאָל ניט האָבען, מוז ער זיין אָנהאַלטענד אָדער מוז פּעריאָדיש דורכמאַכען אַלעמאָל וויעדער דיזעלביגע שטאַדיען. אַזוי וועניג ווי אַ געזעלשאַפט קאָן אויפהערן צו קאָנזומירן, אַזוי וועניג קאָן זי אויפהערן צו פּראָדוצירן. בעטראַכט מען איהם אין זיין שטענדיגען צוזאַמענהאַנג און שטענדיגען פלוס פון זיין בענייאונג, איז דעריבער יעדער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס אין דערזעלביגער צייט אַ רעפּראָדוקציאָנס־פּראָצעס.

די בעדינגונגען פון דער פּראָדוקציאָן זיינען אין דערזעלביגער צייט די בעדינגונגען פון דער רעפּראָדוקציאָן. קיין געזעלשאַפט קאָן ניט נאָכאַנאַנד פּראָדוצירן, ד. ה. רעפּראָדוצירן, אוואו זי זאָל ניט נאָכאַנאַנד צוריק פערוואַנדלען אַ טייל פון איהרע פּראָדוקטען אין פּראָדוקציאָנס־מיטלען אָדער עלעמענטען פון אַ נייער פּראָדוקציאָן. ווען אַלע איבעריגע אומשטענדען בלייבען דיזעלביגע, קאָן זי רעפּראָדוצירן אָדער אויפהאַלטען איהר רייכטום אויף דעמזעלביגען מאַסשטאַב נאָר דורכדעם, וואָס זי איז ממלא די פּראָדוקציאָנס־מיטלען — ד. ה. די ארבייטס־מיטלען, רויה־מאַטעריאַלען און הילף־שטאָפען, וואָס ווערן פערברויכט צום ביישפּיעל אין משך פון יאָהר — דורך אַ גלייכען סכום פון נייע ארטיקלען פון דעמזעלביגען סאָרט, וואָס ווערט אָבגעזונדערט פון דער יעהרליכער פּראָדוקטען־מאַסע און פון דאָס ניי פערקערפּערט אין דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. אַ בעשטימטער סכום פון דעם יעהרליכען פּראָדוקט געהערט דעריבער צו דער פּראָדוקציאָן. אַזוי ווי עס איז לכתחילה בעשטימט פאַר דער פּראָדוקטיווער קאָנזומציאָן,

עקזיסטירט עס דאס רוב אין נאטוראל־פארמען, װעלכע שליסען ממילא אויס די אינדיװידועלע קאנזומציאן.

האט די פראדוקציאן א קאפיטאליסטישע פארם, מוז די רע־פראדוקציאן אויך האבען אזא פארם. אזוי װי אין דעם קאפי־טאליסטישען פראדוקציאנס־אופן ערשײנט דער ארבײט־פראצעס נאר װי א מיטעל פאר דעם פערװערטונגס־פראצעס, אזוי ערשײנט אויך די רעפראדוקציאן נאר װי א מיטעל דעם אויסגעלעגטען װערטה צו רעפראדוצירן אלס קאפיטאל, ד. ה. װי א װערטה, װאס פערגרעסערט (פערװערטעט) זיך אלײן. די עקאנאמישע כאראק־טער־מאסקע פון דעם קאפיטאליסט איז פעסט צוגעקלעבט צו א מענשען נאר דורכדעם, װאס זײן געלד פונקציאנירט נאכאנאנד אלס קאפיטאל. אויב, צום בײשפיעל, די אויסגעלעגטע געלד־סומע פון 100 פונט סטערלינג האט זיך דאס יאהר פערװאנדעלט אין קאפיטאל און פראדוצירט א מעהרװערטה פון 20 פונט סט., מוז זי דאס נעקסטע יאהר און װײטער װיעדערהאלען דיזעלבינע אפע־ראציע. אלס א פעריאדישער צו־װאוקס פון דעם קאפיטאל־װערטה, אדער װי א פעריאדישע פרוכט פון דעם פראצעס־דורכמאכענדען קאפיטאל, בעקומט דער מעהרװערטה די פארם פון א הכנסה, װאס שטאמט אב פון דעם קאפיטאל.[1]

װען די דאזיגע הכנסה דיענט דעם קאפיטאליסט נאר װי א

---

[1] „די רײכע, װעלכע פערצעהרן די פראדוקטען פון אנדערע מענשענ׳ס ארבײט, בעקומען זײ נאר דורך אקטען פון אויסטויש (פערקויפונגען פו־סחורות). װען זײ גיבען צוריק אונטער דער צײט זײער ערװארבענעם און אנגעזאמעלטען רײכטום, כדי צו ערװערבען דערמיט נײע פראדוקטען, װעלכע עס װילט זיך זײ האבען, זעהט עס אויס װי זײערע רעזערװ־פאנדען װאלטען באלד געמוזט זיך אויסשעפען. מיר האבען געזאגט, אז זײ ארבײטען ניט, און זײ קאנען טאקע גאר ניט ארבײטען; װאלט מען דעריבער געמײנט, אז זײער פריהערדיגער רײכטום װערט מיט יעדען טאג קלענער, און אזוי װי עס בלײבט זײ נאר ניט איבער, קאנען זײ גאר ניט אנבאטען די ארבײטער אין אויסטויש פאר דאס , װאס זײ ארבײטען פאר זײ אויסשליסליך. . . . אין דער געזעלשאפטליכער ארדנונג אבער האט דער רײכטום בעקומען די קראפט צו רעפראדוצירן זיך דורך פרעמדער ארבײט, װעלכע קאן יעדעם יאהר פערניכטעט װערן און דער רײכער זאל דערפון ניט ארימער װערן. די דאזיגע פרוכט איז די הכנסה, װאס שטאמט פון דעם קאפיטאל.“ (זיסמאנדי „נײע פרינציפען פון דער פאליטישער עקאנאמיע“ (פראנצויזיש), באנד I, ז. 81 און 82.)

קאָנזומציאָנס־פאָנד און זי וו[illegible]ט [illegible]ונקט אַזוי פּעריאָדיש פער־צעהרט, ווי ער בעקומט זי פּעריאָדיש, דאַן, אויב די איבעריגע אומשטענדען בלייבען דיזעלביגע, קומט פאָר א איינפאַכע רעפּראָ־דוקציאָן. הגם אָט די רעפּראָדוקציאָן איז בלויז א ווידערהאָ־לונג פון דעם פּראָצעס פון פּראָדוקציאָן אויף דעמזעלביגען מאַס־שטאַב, דריקט אָבער ארויף אָט די בלויזע ווידערהאָלונג אָדער אָנגעהאַלטענקייט געוויסע נייע כאַראַקטערען אויף דעם פּראָצעס, אָדער בעסער געזאָגט, זי לעזט אויף די שיין־כאַראַקטערען, וואָס דער פּראָצעס בעזיצט אין זיין פּעראייגצעלטען [ניט־אָנגעהאַלטע־נעם] גאַנג.

לאָמיר צוערשט בעטראַכטען יענעם טייל פון קאַפּיטאַל, וועל־כער ווערט אויסגעלעגט אין דער פאָרם פון אַרבייטס־לוין — דעם וואַריאַבלען קאַפּיטאַל.

דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס ווערט איינגעלייטעט מיט דעם קויפען פון דער אַרבייט־קראַפט אויף א בעשטימטער צייט; און אָט די איינלייטונג ווערט שטענדיג בענייט, אַזוי גיך ווי דער פער־קויף־טערמין פון דער אַרבייט ווערט פעליג און עס האָט זיך דער־מיט געענדיגט א בעשטימטע פּראָדוקציאָנס־פּעריאָדע, דהיינו א וואָך, א מאָנאַט א. אז. וו. בעצאָהלט אָבער ווערט דער אַרביי־טער ערשט נאָכדעם ווי זיין אַרבייט־קראַפט האָט שוין געווירקט און רעאַליזירט אין סחורות איהר אייגענעם ווערטה, אַזוי גוט ווי דעם מעהרווערטה. ער האָט, הייסט עס, פּראָדוצירט ניט נאָר דעם מעהרווערטה, וועלכען מיר בעטראַכטען דערווייַלע נאָר ווי דעם קאַפּיטאַליסט'ס קאָנזומציאָנס־פאָנד [א פאָנד, וואָס דיענט פאַר די קאָנזומציאָנס־בעדערפנישען פון דעם קאַפּיטאַליסט], נאָר אויך דעם פאָנד, פון וואַנען ער אַליין ווערט בעצאָהלט, דעם וואַ־ריאַבלען קאַפּיטאַל, איידער עס קומט איהם אָן צוריק אין דער פאָרם פון אַרבייט־לוין; און מען בעשעפטיגט איהם אַזוי לאַנג, ווי ער רעפּראָדוצירט שטענדיג דעם דאָזיגען פאָנד. דערפון נעהמט זיך די פאָרמולע פון די עקאָנאָמען, וואָס איז דערמאָנט געוואָרן אין 16טען קאַפּיטעל (פאָרמולע .II), וועלכע שטעלט ארויס דעם אַרבייטס־לוין אלס חלק אין פּראָדוקט גופא.[2] עס איז א טייל פון

[2] „דער לוין דאַרף בעטראַכט ווערן פונקט ווי דער פּראָפיט אלס א טייל

דעם פּראָדוקט, וואָס דער אַרבייטער אַליין רעפּראָדוצירט שטענדיג, און וואָס קעהרט זיך שטענדיג אום צו איהם אין דער פאָרם פון׳ם אַרבייט־לוין. אמת, דער קאַפּיטאַליסט צאָהלט איהם דעם סחורה־ווערטה אין געלד. דאָס דאָזיגע געלד אָבער איז נאָר די פערוואַנדעלטע פאָרם פון דעם אַרבייט־פּראָדוקט, אָדער ריכטיגער, נאָר א טייל פון דעם אַרבייט־פּראָדוקט. בעת דער אַרבייטער פערוואַנדעלט א טייל פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין א נייעם פּראָדוקט, צירקולירט אויפ׳ן מאַרק דער פּראָדוקט פון זיין פריהערדיגער אַרבייט, וואו עס פערוואַנדעלט זיך צוריק אין געלד. זיין אַרבייט פון דער פאָריגער וואָך אָדער פון לעצטען האַלבען יאָהר צאָהלט פאַר זיין היינטיגער אַרבייט אָדער פאַר זיין אַרבייט פון נעקסטען האַלבען יאָהר. די אילוזיע, וואָס די געלד־פאָרם שאַפט, פערשווינדט גלייך, ווינאַלד מען בעטראַכט, אַנשטאָט דעם איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט און דעם איינצעלנעם אַרבייטער, דעם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס און דעם אַרבייטער־קלאַס. דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס גיט דעם אַרבייטער־קלאַס שטענדיג אין א געלד־פאָרם אַנווייזונגען אויף א טייל פון׳ם פּראָדוקט, וואָס דער לעצטער פּראָדוצירט און דער ערשטער נעהמט צו אַלס זיין אייגענטום. די דאָזיגע אַנווייזונגען גיט דער אַרבייטער פּונקט אַזוי שטענדיג צוריק דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, און אויף דעם אופן נעהמט ער אָב דעם טייל, וואָס קומט איהם, פון זיין אייגענעם פּראָדוקט. די סחורה־פאָרם פון׳ם פּראָדוקט און די געלד־פאָרם פון דער סחורה פערדעקען די טראַנזאַקציע.

דער וואַריאַבלער קאַפּיטאַל איז דעריבער נאָר א בעזונדערע היסטאָרישע ערשיינונג־פאָרם פון דעם פאָנד פון לעבענס־מיטלען, אָדער ווי די ענגלענדער זאָגען, פון דעם אַרבייט־פאָנד (labour fund) אונטער וועלכען זיי פערשטעהען נאַטירליך ניט א פאָנד (פאָרראַט) פון אַרבייט, נאָר א פאָנד פאַר דער אַרבייט. דאָס איז דער פאָרראַט, וואָס דער אַרבייטער בעדאַרף צו האָבען

---

פון דעם פאַרטיגען פּראָדוקט." G. Ramsay, "An Essay on the Distribution of Wealth," Edinburgh, 1836, p. 142.

„דער חלק אין דעם פּראָדוקט, וואָס קומט [או]ן דעם אַרבייטער אונטער דער פאָרם פון אַרבייטס־לוין." James Mill, "Elements of Political Economy," Paris 1823, p. 34.

פאַר זיין זעלבסט־דערהאַלטונג און רעפּראָדוקציאָן, און וועלכען ער מוז אין אַלע סיסטעמען פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָן שטענדיג אַליין פּראָדוצירן און רעפּראָדוצירן.*[2] דער אַר־בייט־פאָנד קומט איהם אָן שטענדיג נאָר אין דער פאָרם פון צאָה־לונג־מיטלען פאַר זיין ארבייט, ווייל זיין אייגענער פּראָדוקט אין דער פאָרם פון קאַפּיטאַל דערווייטערט זיך שטענדיג פון איהם. אָבער די דאָזיגע ערשיינונג־פאָרם פון דעם אַרבייט־פאָנד ענדערט לגמרי ניט דעם פאַקט, אַז דער קאַפּיטאַליסט לעגט אויס פאַר'ן אַרבייטער דעם אַרבייטער'ס אייגענע רעאַליזירטע ארבייט.[3]

לאָמיר נעהמען אַ פויער אין פאַנשטשיזנע. ער אַרבייט מיט זיינע אייגענע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אויף זיין אייגענעם אַקער־פעלד צום ביישפּיעל 3 טעג אין דער וואָך. די אַנדערע 3 וואָכע־דיגע טעג אַרבייט ער פּאַנשטשיזנע אויף דעם פּריצישען גוט. ער רעפּראָדוצירט שטענדיג זיין אייגענעם אַרבייט־פאָנד, און אָט דער פאָנד נעהמט קיינמאָל ניט אָן לגבי איהם די פאָרם פון אַ צאָה־לונג־מיטעל פאַר זיין אַרבייט, וואָס ווערט אויסגעלעגט פון אַ דריי־טער פּערזאָן. דערפאַר נעהמט אויך זיין ניט־בעצאָהלטע צוואַנג־אַרבייט קיינמאָל ניט אָן די פאָרם פון פרייוויליגער און בעצאָהל־טער אַרבייט. ווען דער פּריץ זאָל מאָרגען צונעהמען דאָס אַקער־פעלד, די אַרבייט־פיה, די זריעה, קורץ דעם פויער'ס פּראָדוקציאָנס־מיטלען, דאַן וועט אויסקומען דעם פויער צו פערקויפען זיין אַר־בייטקראַפט צום פּריץ. ווען די איבעריגע אומשטענדען בלייבען דיזעלביגע, וועט ער אויך ווייטער אַרבייטען 6 טעג אַ וואָך, 3 טעג פאַר זיך אַליין און 3 טעג פאַר דעם עקס־לאַנד־פּריץ, וועלכער איז איצט פערוואַנדעלט געוואָרן אין אַ לוין־קאַפּיטאַליסט. ער וועט,

---

*[2] דער וואַריאַבלער קאַפּיטאַל ווערט דאַ בעטראַכט נאָר אַלס פאָנד צו בעצאָהלען די לוין־אַרבייטער. מען ווייס, אַז אין דער ווירקליכקייט ווערט ער ערשט וואַריאַבעל אין דעם מאָמענט, ווען די אַרבייט־קראַפט, וואָס ער האָט געקויפט, פונקציאָנירט אין דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. (נאָטע צו דער פראַנצויזישער אויסגאַבע.)

[3] „ווען קאַפּיטאַל ווערט פערווענדעט אויסצולעגען דעם אַרבייטער זיין לוין, איז ער גאָרנישט מוסיף צו דעם פאָנד פאַר דער אויפהאַלטונג פון דער אַרבייט." (קאַזענאָוו איז אַ נאָטע צו זיין אויסגאַבע פון מאַלטוס'עס „דעפיניציאָנס אין פּאָליטיקאַל עקאָנאָמיע", לאָנדאָן, 1853, ז. 22.)

אַלץ איינס ווי פריהער, פערנוצען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען אַלס פּראָדוקציאָנס־מיטלען און וועט אריבערטראָגען זייער ווערטה אויף דעם פּראָדוקט. אַ בעשטימטער טייל פון'ם פּראָדוקט וועט אַלץ אַזוי ווי פריהער אריינגעהן אין דער רעפּראָדוקציאָן. אָבער פּונקט אַזוי ווי די פּאַנשטשיזנע נעהמט איצט אָן די פאָרם פון לוין־אַר־בייט, אַזוי אויך נעהמט אָן דער ארבייט־פאָנד, וואָס ווערט אַלץ איינס פּראָדוצירט און רעפּראָדוצירט פון דעם פּויער, די פאָרם פון קאַפּיטאַל, וואָס דער עקס לאַנד־פּריץ לעגט פאַר איהם אויס. דער בורזשואזער עקאָנאָם, וועמעס ענגער מוח קאָן ניט אָבטיילען די ערשיינונג־פאָרם פון דעם עצם, וואָס ערשיינט אין איהר, פער־מאַכט די אויגען אויף דעם פּונקט, אַז אפילו נאָך ביי היינטיגען טאָג טרעט ארויס דער ארבייט־פאָנד אויף דער גאַנצער וועלט נאָר אויסנאַהמסווייז אין דער פאָרם פון קאַפּיטאַל.[4]

אמת, דער וואַריאַבלער קאַפּיטאַל פערלירט דעם כאַראַקטער פון אַן אויסגעלעגטען ווערטה פון דעם קאַפּיטאַליסט'ס אייגענעם פאָנד* נאָר דאַן, ווען מיר בעטראַכטען דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס אין דעם שטענדיגען פלוס פון זיין בענייאונג. אָבער ער האָט דאָך וואו עס איז און ווען עס איז זיך געמוזט אָנפאַנגען. מוזען מיר ניט אָננעהמען, ארויסגעהענדיג פון אונזער ביז־איצטיגען שטאַנדפּונקט, אַז דער קאַפּיטאַליסט איז ווען עס איז אַמאָל געוואָרן אַ געלד־בעזיצער דורך אַ וועלכער עס איז אור־שפּרינגליכער געלד־אָנזאַמלונג, אונאָבהענגיג פון ניט־בעצאָהלטער פרעמדער ארבייט, אַ שטייגער אָבשפּאָרענדיג די הכנסה פון זיין אייגענער ארבייט, און האָט אויף דעם אופן געקאָנט ארויסטרעטען אויפ'ן מאַרק ווי אַ קויפער פון ארבייט־קראַפט? מיר ווילען

[4] „די לעבענס־מיטלען פון די ארבייטער ווערן ניט אפילו אויף אַ פער־טעל פון דער ערד אוואַנסירט צו די ארבייטער דורך די קאַפּיטאַליסטען." Richard Jones, "Text Book of Lectures on the Political Economy of Nations," 1852, p. 16.

* [4] „חנם דער אינדוסטריע־ארבייטער קריגט אוואַנסירט זיין ארבייטס־לוין פון דעם מייסטער, פעראורזאַכט ער איהם פאַקטיש קיינע קאָסטען ניט, היות ווי דער בעטרעף פון דעם דאָזיגען לוין, צוזאַמען מיט אַ פּראָפיט, ווערט איהם צוריק אומגעקעהרט אין דעם העכערן ווערטה פון דעם אויסגעארבייטען געגענשטאַנד." (A. Smith. "Wealth of Nations," book II. ch. 3.)

פארלויפיג אנגעהמען אט די לעזונג פון׳ם פראבלעם, וואס מיר וועלען גענויער בעטראכטען אין דעם קאפיטעל וועגען דער אור־שפרינגליכער אנזאמלונג.

ווי די זאך איז, די אנגעהאלטענקייט אליין פון דעם קאפי־טאליסטישען פראדוקציאנס־פראצעס, אדער די איינפאכע רעפ־ראדוקציאן, איז גורם נאך אנדערע זאנדערבארע ענדערונגען, וועל־כע בעריהרן ניט נאר דעם וואריאבלען קאפיטאל, נאר דעם גאנצען קאפיטאל.

אויב א קאפיטאל פון 1000 פונט סט. שאפט פעריאדיש, צום ביישפיעל יעהרליך, א מעהרווערטה פון 200 פונט סט., און אויב דער דאזיגער מעהרווערטה ווערט יעהרליך פערצעהרט, דאן איז קלאר, אז נאך א פינף־יאהריגער ווידערהאלונג פון דעמזעלביגען פראצעס איז די סומע פון דעם פערצעהרטען מעהרווערטה $= 5 \times 200$, אדער גלייך צו דעם לכתחילה־אויסגעלעגטען קאפיטאל־ווערטה פון 1000 פונט סט. ווען דער יעהרליכער מעהרווערטה וואלט נאר טיילווייז פערצעהרט געווארן, צום ביישפיעל נאר אויף א העלפט, וואלט דערזעלביגער רעזולטאט ארויסגעקומען נאך א צעהן־יאהריגער ווידערהאלונג פון דעם פראדוקציאנס־פראצעס, ווארים $10 \times 100 = 1000$. הכלל: דער אויסגעלעגטער קאפיטאל־ווערטה, דיווידירט דורך דעם יעהרליך־פערצעהרטען מעהרווערטה, גיט די צאהל יאהרען אדער די צאהל רעפראדוקציאנס־פעריאדען, ביים סוף פון וועלכע דער לכתחילה־אויסגעלעגטער קאפיטאל איז פערצעהרט געווארן פון דעם קאפיטאליסט און בכן פערשוואונדען געווארן.

וואס דער קאפיטאליסט שטעלט זיך פאר, אז ער פערצעהרט דעם פראדוקט פון דער פרעמדער, אונבעצאהלטער ארבייט — דעם מעהרווערטה — און ריהרט ניט אן דעם אורשפרינגליכען קאפיטאל־ווערטה, קאן לחלוטין ניט ענדערן דעם פאקט. ווען עס לויפט אב א געוויסע צאהל יאהרען איז דער קאפיטאל־ווערטה, וואס ער האט פערמאגט, גלייך צו דער סומע מעהרווערטה, וואס ער האט זיך אנגעאייגענט אהן אן עקוויוואלענט אין משך פון דער־זעלביגער צאהל יאהרען, און די ווערטה־סומע, וואס ער האט פער־צעהרט, איז גלייך צו דעם אורשפרינגליכען קאפיטאל־ווערטה.

עס איז אמת, ער האט אין האנד א קאפיטאל, וואס האט זיך

ניט פערענדערט אין זיין גרויס, און א טייל דערפון — געביידען, מאשינען א. אז. וו. — איז שוין דא געוועזן בעת ער האט איינגע־פיהרט זיין געשעפט. אבער דא האנדעלט זיך וועגען דעם ווערטה פון דעם קאפיטאל און ניט וועגען זיינע מאטעריעלע בעשטאנד־טיילען. ווען איינער צעהרט אויף זיין פערמעגען, נעהמענדיג אויף זיך חובות, וועלכע זיינען גלייך צו דעם ווערטה פון דעם דאזיגען פערמעגען, דאן רעפרעזענטירט אקוראט דער גאנצער פערמעגען נאר דעם סך הכל פון זיינע חובות. פונקט אזוי, ווען דער קא־פיטאליסט האט פערצעהרט דעם עקוויוואלענט פון זיין אויסגעלעג־טען קאפיטאל, רעפרעזענטירט דער ווערטה פון דעם דאזיגען קא־פיטאל מעהר גארנישט ווי נאר דעם סך הכל פון דעם מעהרווערטה, וואס ער האט זיך אנגעאייגענט אונענטגעלטליך. קיין ברעקעל טייל פון זיין אלטען קאפיטאל עקזיסטירט שוין ניט מעהר.

שוין די אנגעהאלטענקייט פון דעם פראדוקציאנס־פראצעס אליין, אדער די איינפאכע רעפראדוקציאן, איינגאנצען אבגעזעהן פון אלע סארטען אקומולאציע, פערוואנדעלט אויף דעם אופן, נאך א קירצערער אדער לענגערער פעריאדע, נויטיגערווייז יעדען קא־פיטאל אין אקומולירטען קאפיטאל אדער אין קאפיטאליזירטען מעהרווערטה. אפילו ווען דער דאזיגער קאפיטאל איז געוועזן, בעת ער איז אריינגעטראטען אין דעם פראדוקציאנס־פראצעס, אן אייגענטום וואס דער אונטערנעהמער האט ערווארבען דורך פער־זענליכער ארבייט, ווערט ער דאך פריהער אדער שפעטער א ווערטה, וואס איז אנגעאייגענט געווארן אהן אן עקוויוואלענט, אדער א פערקערפערונג, סיי אין א געלד־פארם אדער אנאנדער פארם, פון אונבעצאהלטער פרעמדער ארבייט.

אין אנהויב פון אונזער אונטערזוכונג, אין פערטען קאפיטעל, האבען מיר געזעהן, אז כדי צו פערוואנדלען געלד אין קאפיטאל איז ניט גענוג וואס עס איז פאראן א סחורה־פראדוקציאן און א סחורה־צירקולאציע. דער געלד־בעזיצער מוז אפריהער געפינען אויפ'ן מארק אנדערע מענשען, וועלכע זיינען פריי, אבער זיינען געצוואונגען צו פערקויפען זייער ארבייט־קראפט, ווייל זיי הא־בען קיין אנדער זאך ניט וואס צו פערקויפען. די צושיידונג צווי־שען דעם ארבייט־פראדוקט און דער ארבייט גופא; צווישען איין קאטעגאריע פערזאנען, וועלכע האבען אין זייער רשות אלץ וואס

עס פאָדערט זיך כדי די ארבייט זאָל זיך רעאַליזירן, און אנאנדער קאטעגאָריע פערזאָנען, וואָס זייער גאנצעס האָב און גוטס בע־שרענקט זיך אויף זייער אייגענער ארבייט־קראפט — אָט דאָס איז, הייסט עס, געוועזן די פאקטיש געגעבענע גרונדלאגע, דער ארויס־גאנג־פונקט פון דעם קאפיטאליסטישען פראָדוקציאָנס־פראָצעס.

דאָס אָבער וואָס איז אין אָנפאנג געוועזן דער ארויסגאנג־פונקט, ווערט שפעטער, א דאנק דער איינפאכער רעפּראָדוקציאָן, א רעזולטאט, וועלכער בעגייט זיך אַלעמאָל ווידער אליין. פון איין זייט פערוואנדעלט נאָכאנאנד דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס דעם מאטעריעלען רייכטום אין קאפיטאל און גענוסמיטלען פאר דעם קאפיטאליסט. פון דער אנדער זייט קומט דער ארבייטער שטענ־דיג ארויס פון דעם פּראָצעס ווי ער איז אין איהם אריינגע־טרעטען — דער פערזענליכער קוואל פון רייכטום, אָבער נאקעט פון אלע מיטלען צו פערווירקליכען דעם דאָזיגען רייכטום פאר זיך. אַזוי ווי פאר זיין אריינטרעטען אין דעם פּראָצעס איז זיין אייגע־נע ארבייט געוואָרן פארפרעמדט פון איהם אליין, איז אָנגעאייגענט געוואָרן פון דעם קאפיטאליסט און פערקערפּערט געוואָרן אין דעם קאפיטאל, מאטעריאליזירט זי זיך שטענדיג בעת דעם פּראָצעס אין א פרעמדען פּראָדוקט. אַזוי ווי דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס איז אין דערזעלביגער צייט דער קאָנזומציאָנס־פּראָצעס פון דער אר־בייט־קראפט דורך דעם קאפיטאליסט, פערוואנדעלט זיך נאָכאנאנד דעם ארבייטער׳ס פּראָדוקט ניט נאָר אין סחורה, נאָר אין קאפּי־טאל: אין א ווערטה, וואָס זויגט אויס די ווערטה־בעשאפענדע קראפט, אין לעבענס־מיטלען, וועלכע קויפען מענשען, אין פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען, וואָס בעשעפטיגען די פּראָדוצירער.[5] דער אר־בייטער גופא פּראָדוצירט דעריבער שטענדיג דעם אָביעקטיווען רייכטום אלס קאפיטאל — א מאכט, וואָס איז איהם פרעמד, וואָס בעהערשט און עקספּלואטירט איהם; און דער קאפיטאליסט פּראָ־

[5] „דאס איז א בעזונדערס מערקווירדיגע אייגענשאפט פון דער פּראָדוק־טיווער קאָנזומציאָן. וואָס עס ווערט פּראָדוקטיוו קאָנזומירט איז קאפּיטאל, און עס ווערט קאפּיטאל דורך דער קאָנזומציאָן.“ (דזשיימס מילל, „עלעמענט ד׳עקאָנאָמיע פּאָליטיק“, פראנצ. איבערזעצונג, פּאריז 1823, ז. 242.) דזשיימס מילל איז אָבער קיינמאל ניט געפאלען אויף דעם שפּור פון דער דאָזיגער „בעזונדערס מערקווירדיגער אייגענשאפט.“

דוצירט די ארבייט־קראַפט פּונקט אַזוי בעשטענדיג אַלס אַ סוּבּיעקטיווען, פון איהרע אייגענע מאַטעריאַליזירונגס־ און פערווירקליכונגס־מיטלען אָבגעטרענטען, אבסטראקטען רייכטום־קוואַל, וואָס עקזיסטירט אין דער בלויזער לייבליכקייט פון דעם ארבייטער — קורץ, ער פּראָדוצירט דעם ארבייטער אַלס לוין־ארבייטער.[6] אָט די בעשטענדיגע רעפּראָדוקציאָן אָדער פערעוויגונג פון דעם ארבייטער איז דאָס איינציגע סינע קווא נאָן [דער לעבענס־בעדינג] פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן.

דעם ארבייטער'ס קאָנזומציאָן איז פון אַ טאָפּעלטען סאָרט. בעת דעם פּראָדוצירן קאָנזומירט ער דורך זיין ארבייט פּראָדוקציאָנס־מיטלען און פערוואַנדעלט זיי אין פּראָדוקטען, וועלכע האָבען אַ העכערן ווערטה איידער דער אויסגעלעגטער קאַפּיטאַל. דאָס איז זיין פּראָדוקטיווע קאָנזומציאָן. זי איז אין דערזעלביגער צייט אַ קאָנזומציאָן פון זיין ארבייט־קראַפט דורך דעם קאַפּיטאַליסט, וועלכער האָט זי געקויפט. פון דער אַנדער זייט גיט אויס דער ארבייטער דאָס אָבגעצאָהלטע געלד פאַר דעם קויף פון דער ארבייט־קראַפט אויף לעבענס־מיטלען, דורך וועלכע ער דערהאַלט זיין לעבען און רעפּראָדוצירט זיך. דאָס איז זיין אינדיווידועלע, פּערזענליכע קאָנזומציאָן. דעם ארבייטער'ס פּראָדוקטיווע און אינדיווידועלע קאָנזומציאָן זיינען פאָלגליך לגמרי פערשיידען. אין איין פאַל האַנדעלט ער ווי די בעוועגענדע קראַפט פון קאַפּיטאַל און געהערט דעם קאַפּיטאַליסט; אין דעם אַנדערן געהערט ער זיך אַליין און טהוט אָב אינדיווידועלע לעבענס־אַקטען אויסערהאַלב דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. דער רעזולטאַט פון דאָס ערשטע איז דאָס לעבען פון קאַפּיטאַליסט, פון דאָס אַנדערע — דאָס לעבען פון דעם ארבייטער גופא.

בעטראַכטענדיג דעם ארבייט־טאָג [אין אַכטען קאַפּיטעל] און

---

[6] „עס איז פאַקטיש אמת, אַז אַ נייַ־איינגעפיהרטע מאַנופעקטור בעשעפטיגט אַ סך אָרימע לייט; זיי הערן אָבער קיינמאָל ניט אויף צו זיין אָרימע לייט, און דער ווייטערדיגער דויער פון דער מאַנופעקטור שאַפט נאָך אַ סך נייע." (Reasons for a limited Exportation of Wool, London 1777, p. 37.) „דער „פאַרמער" בעהויפּטעט איצט גאַנץ אונזיניג, אַז ער האַלט אויס די אָרימע. אין דער ווירקליכקייט האַלטען זיי זיך אויף אין עלענד." ("Reasons for the late Increase in the Poor Rates etc." London 1777, p. 37.)

די מאַשינעריע און גרויס־אינדוסטריע [אין דרייצעהנטען קאַפּי־טעל] האָט זיך באמת ארויסגעוויזען אין צאָהלרייכע ביישפּיעלען, אַז דער ארבייטער איז אָפט געצוואונגען צו מאַכען זיין אינדיווי־דועלע קאָנזומציאָן פאַר אַ בלויז־צופעליגען צווישען־פאַל פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. אין דעם דאָזיגען פאַל טהוט ער זיך אריין לעבענס־מיטלען, כדי צו האַלטען זיין ארבייט־קראַפט אין גאַנג — פּונקט ווי מען גיט דער דאַמף־מאַשין קויהלען און וואַסער, און דעם ראָד אויל. זיינע קאָנזומציאָנס־מיטלען זיינען דאַן בלויז קאָנזומציאָנס־מיטלען פון אַ פּראָדוקציאָנס־מיטעל, זיין אינדיווי־דועלע קאָנזומציאָן איז דירעקט אַ פּראָדוקטיווע קאָנזומציאָן. דאָס אָבער ערשיינט אַלס אַ ניט־פונדאַמענטאַלער מיסברויך פון דעם קאַ־פּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס.[7]

אַנדערש זעהט אויס די זאַך, אַזויבאַלד ווי מיר בעטראַכטען ניט דעם איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט און דעם איינצעלנעם ארביי־טער, נאָר דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס און דעם ארבייטער־קלאַס: ניט פעראיינצעלטע פּראָדוקציאָנס־פּראָצעסען, נאָר דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס אין זיין פלוס און אין זיין געזעלשאַפטליכען אומפאַנג.

ווען דער קאַפּיטאַליסט בייט אויס אַ טייל פון זיין קאַפּיטאַל אויף ארבייט־קראַפט, פערגרעסערט ער דערמיט דעם ווערטה (פער־ווערטעט) פון זיין גאַנצען קאַפּיטאַל. אָבער דערמיט איז נאָך ניט געענדיגט. ער דער'הרג'עט צוויי פליגען מיט איין קלאַפּ. ער פּראָפּיטירט ניט נאָר פון דאָס, וואָס ער בעקומט פון דעם אר־בייטער, נאָר אויך פון דאָס, וואָס ער גיט איהם.

דער אויסגעגעבענער קאַפּיטאַל אין דעם אויסטויש פאַר אר־בייט־קראַפט ווערט אויסגעטוישט פון דעם ארבייטער־קלאַס אויף לעבענס־מיטלען, וועלכע דיענען דורך זייער קאָנזומציאָן צו רעפּ־ראָדוצירן דעם ארבייטער'ס מוסקולען, נערוועו, ביינער, מאַרך אַ. אַז וו. און צו שאַפען נייע ארבייטער. אין די גרעניצען פון דאָס אבסאָלוט־נויטוועגדיגע איז דעריבער די אינדיווידועלע קאָנזומ־

---

[7] ראָססי וואָלט ניט אַזוי שטאַרק גע'דרש'נט אנטקעגען אָט דעם פונקט, ווען ער וואָלט ווירקליך אריינגעדרונגען אין דעם סוד פון דער „פּראָדוקטיי־ווער קאָנזומציאָן."

ציאָן פון דעם ארבייטער קלאַס אַ צוריק־פערוואַנדלונג פון די לע־בענס־מיטלען, וואָס זיינען אויסגעגעבען געוואָרן פון קאַפּיטאַל פאַר ארבייט־קראַפט, אין ארבייט־קראַפט, וואָס קאָן פון דאָס נייַ עקס־פּלואַטירט ווערן פון קאַפּיטאַל. זי איז די פּראָדוקציאָן און רע־פּראָדוקציאָן פון דעם קאַפּיטאַליסט'ס נויטיגסטען פּראָדוקציאָנס־מיטעל — פון דעם ארבייטער גופא. דעם ארבייטער'ס אינדיווי־דועלע קאָנזומציאָן בלייבט, הייסט עס, אַ מאָמענט [ד. ה. אַ פאַק־טאָר] פון קאַפּיטאַל'ס פּראָדוקציאָן און רעפּראָדוקציאָן בכלל (אים גראָסען אונד גאַנצען), סיי זי קומט פאָר אין דעם ארבייט־פּלאַץ אָדער דרויסען פון איהם, סיי אינערהאַלב אָדער אויסערהאַלב פון דעם ארבייט־פּראָצעס — פּונקט אַזוי ווי די רייניגונג פון דער מאַ־שין איז אַזאַ מאָמענט, סיי דאָס ווערט געטהאָן בעת דעם ארבייט־פּראָצעס אָדער אין בעשטימטע הפסקות פון דעם דאָזיגען פּראָצעס.

דאָס, וואָס דער ארבייטער פיהרט דורך זיין אינדיווידועלע קאָנזומציאָן צוליעב זיך אַליין און ניט צוליעב דעם קאַפּיטאַליסט, האָט מיט דער זאַך גאָרניט צו טהאָן. אַזוי, למשל, איז דער קאָנ־זום פון דעם לאַסט־פיה ניט קיין וועניגער־נויטווענדיגער מאָמענט פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, צוליב דעם וואָס עס האָט אַליין אַ הנאה בעת עס פרעסט. די שטענדיגע דערהאַלטונג און רעפּראָ־דוקציאָן פון דעם ארבייטער־קלאַס בלייבט אַ שטענדיגער בעדינג פאַר דער רעפּראָדוקציאָן פון קאַפּיטאַל. דער קאַפּיטאַליסט קאָן רוהיג איבערלאָזען די ערפילונג פון די דאָזיגע נויטען צו דעם אר־בייטער'ס אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג און פאָרטפּלאַנ־צונג. ער זאָרגט זיך נאָר ארונטערצוזעצען זייער אינדיווידועלע קאָנזומציאָן ווי ווייט מעגליך צו דאָס נויטווענדיגסטע, און ער איז אַזוי ווייט פון יענער מערב־אַמעריקאַנישער גראָבקייט, וועלכע צווינגט דעם ארבייטער צו פערצעהרן די קרעפטיגערע אָנשטאָט די וועניגער־קרעפטיגע נאַהרונגס־מיטלען, כרחוק מזרח ממערב.[8]

[8] „די ארבייטער אין די מינען פון מערב־אַמעריקאַ, וואָס זייער טעגליכע אַרבייט (אפשר די שווערסטע אין דער וועלט) בעשטעהט אין ארויפטראַגען אויף די פּלייצעס אַ משא מעטאַל, וואָס וועגט פון 180 ביז 200 פונט, פון אַ טיעפעניש פון 450 פוס, לעבען נאָר אויף ברויט און בעבלעך. זיי וואָלטען פאַרגעצויגען צו נעהרען זיך אויף ברויט אַליין, אָבער זייערע בעלי בתים, וועלכע האָבען אויסגעפונען, אַז אויף ברויט אַליין קאָנען זיי ניט אַזוי שטאַרק

דעריבער בעטראַכט טאַקע דער קאַפּיטאַליסט און זיין אידעאָלאָג, דער פּאָליטישער עקאָנאָם, נאָר דעם טייל פון דעם אַרביי־טער׳ס אינדיווידועלער קאָנזומציאָן אַלס פּראָדוקטיוו, וועלכער פאָדערט זיך כדי צו פעראייביגען דעם אַרבייטער־קלאַס, און וואָס מוז דעריבער פאַקטיש פערצעהרט ווערן, כדי דער קאַפּיטאַל זאָל קאָנען פערצעהרן די אַרבייט־קראַפט; אַלץ וואָס דער אַרבייטער קאָן אויסערדעם פערצעהרן פון זיין פערגעניגען וועגען, איז אונ־פּראָדוקטיווע קאָנזומציאָן.[9] ווען די אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל וואָלט פעראורזאַכט אַ העכערונג פון׳ם אַרבייטס־לוין און פאָלגליך אַ פער־מעהרונג פון דעם אַרבייטער׳ס קאָנזומציאָנס־מיטלען אָהן אַ קאָנזום פון מעהר אַרבייטס־קראַפט דורך קאַפּיטאַל, וואָלט דאָן דער צו־געקומענער קאַפּיטאַל קאָנזומירט געוואָרן אונפּראָדוקטיוו.[10] אין דער אמת׳ן איז די אינדיווידועלע קאָנזומציאָן פון דעם אַרבייטער פאַר איהם אַליין אונפּראָדוקטיוו, וואָרים זי רעפּראָדוצירט נאָר דעם נויט־בעדערפטיגען אינדיווידואום; זי איז פּראָדוקטיוו פאַר דעם קאַפּיטאַליסט און דעם שטאַאט, וואָרים זי איז אַ פּראָ־דוקציאָן פון דער קראַפט, וואָס פּראָדוצירט דעם פרעמדען רייכ־טום.[11]

---

אַרבייטען, בעהאַנדלען זיי ווי די פערד און צווינגען זיי צו עסען די בעבלעך, ווייל בעבלעך זיינען רייכער אין שטאָפען וואָס מאַכען שטאַרק די קנאָכען פון קערפּער, איידער ברויט.״ (ליעביג, „די כעמיע אין איהרער אַנווענדונג אויף אַגריקולטור אונד פיזיאָלאָגיע״, 7טע אויפלאַגע, 1862, 1 טייל, ז. 194, נאָטע.)

[9] דזשיימס מילל, „עלעמענט ד׳עקאָנאָמיע פּאָליטיק״. פראַנצויזישע אי־בערזעצונג פון פּאַריססאָ, פּאַריז, 1823, ז. 238.

[10] „ווען דער פּרייז פון דער אַרבייט וואָלט געשטיגען אַזוי הויך, אַז טראָץ דעם צו־וואַקס פון קאַפּיטאַל, וואָלט דאָך קיין מעהר אַרבייט ניט גע־קאָנט בעשעפטיגט ווערן, דאַן וואָלט איך געזאָגט, אַז אַזאַ צו־וואַקס פון קאַ־פּיטאַל ווערט קאָנזומירט אונפּראָדוקטיוו.״ (ריקאַרדאָ, „פּרינסיפּלס אָוו פּאָ־ליטיקאַל עקאָנאָמיע״, דריטע אויפלאַגע, לאָנדאָן, 1821, ז. 163, נאָטע.)

[11] „די איינציגע פּראָדוקטיווע קאָנזומציאָן אין איינענטליכען זין פון וואָרט איז די קאָנזומציאָן אָדער צערשטערונג פון רייכטום (ער מיינט דעם פערברויך פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען) דורך קאַפּיטאַליסטען צום צוועק פון דער רעפּראָדוקציאָן. . . דער אַרבייטער . . . איז אַ פּראָדוקטיווער קאָנזו־מענט פאַר דער פּערזאָן, וועלכע בעשעפטיגט איהם, און פאַר דעם שטאַאט,

פון א געזעלשאפטליכען שטאנדפונקט איז דעריבער דער ארבייטער־קלאס, אפילו אויסערהאלב דעם דירעקטען ארבייט־פראצעס, פונקט אזוי פיעל אן אנגעהעריגער פון קאפיטאל, ווי דער טויטער ארבייט־אינסטרומענט. אפילו זיין אינדיווידועלע קאנזומציאן איז אין געוויסע גרעניצען נאר איין מאמענט פון דעם רעפראדוקציאנס־פראצעס פון קאפיטאל. דער פראצעס אבער גיט אכטונג, אז די דאזיגע זעלבסט־בעוואוסטע פראדוקציאנס־אינסטרומענטען זאלען ניט אוועקלויפען, דערמיט וואס ער רוקט שטענדיג איבער זייער פראדוקט פון זייער פאליוס צו דעם אנטקעגענדיגען פאליוס פון קאפיטאל. די אינדיווידועלע קאנזומציאן זארגט פון איין זייט פאר איהר אייגענער דערהאלטונג און רעפראדוקציאן, פון דער אנדער זייט, דורך דער פארניכטונג פון די לעבענס־מיטלען — פאר איהר שטענדיגען ווידער־ערשיינען אויף דעם ארבייטס־מארק. דער רוימישער שקלאף איז געווען צוגעבונדען צו זיין אייגענטימער דורך קעטען, דער לוין־ארבייטער איז צוגעבונדען דורך אונזיכטבארע פעדים. אט דער אייגענטימער איז אבער ניט דער איינצעל קאפיטאליסט, נאר דער קאפיטאליסטישער קלאס.

אמאליגע צייטען האט דער קאפיטאל, וואו ער האט עס געהאלטען פאר נויטיג, דורכגעפיהרט זיין אייגענטום־רעכט אויף דעם פרייען ארבייטער דורך צוואנג־געזעצען. אזוי צום ביישפיעל איז אין ענגלאנד ביז 1815 די אויסוואנדערונג פון מאשין־ארבייטער געווען פערבאטען דורך שווערע שטראפען.

די רעפראדוקציאן פון דעם ארבייטער־קלאס שליסט אויך איין דאס אנזאמלען און איבערגעבען די ארבייטס־פעהיגקייט פון איין דור צו דעם אנדערן.[12] ווי פיעל דער קאפיטאליסט רעכענט די עקזיסטענץ פון אזא פעהיגען קלאס ארבייטער צווישען די פראדוקציאנס־בעדינגונגען, וואס געהערן צו איהם; ווי פיעל ער בע־

אבער, געגוי געזאגט, ניט פאר זיך אליין.“ (מאלטהוס, „דעפינישאנס אין פאליטיקאל עקאנאמיע“, לאנדאן, 1853, ז. 30.)

[12] „די איינציגע זאך, וועגען וועלכער מען קאן זאגען, אז זי איז פאראן אין זאפאס און איז פון פריהער פראדוצירט, איז דעם ארבייטער'ס געניטקייט... די אנזאמלונג און אבלאגערונג פון געניטער ארבייט. אט די וויכטיגע אפעראציע ווערט דורכגעפיהרט, וואס איז שייך דער גרויסער מאסע ארבייטער, אהן וועלכען עס איז קאפיטאל.“ (Hodgskin, "Labour Defended etc." p. 13.)

טראכט איהם פאקטיש אלס די רעאלע עקזיסטענץ פון זיין וואַריאַבלען קאפּיטאל, ציינט זיך ארויס אזוי שנעל ווי א קריזיס ברענגט מיט די נעפאהר צו פערלירן אזוינע ארבייטער. ווי בעקאַנט, איז צוליעב דעם אמעריקאנער בירגער־קריעג און דעם דוחק אין באַוועל, וואָס איז פּאָרגעקומען דורך איהם, ארויסגעוואָרפען געוואָרן דאָס רוב באַוועל־ארבייטער אין לאַנקאַשיר און אנדערש־וואו אויפ'ן גאַס. פון צווישען דעם ארבייטער־קלאַס גופא, ווי אויך פון אנדערע געזעלשאַפטליכע טיילען, האָט זיך אויפגעהויבען אַן אויפרוף פאַר אונטערשטיצונג פון'ם שטאַאט אָדער דורך פרייוויליגע פאָלקס־קאָלעקציעס, כדי צו מאַכען מעגליך די אויסוואַנדערונג פון די „איבערפליסיגע" נאָך די ענגלישע קאָלאָניעס אָדער די פעראייניגטע שטאַאטען. די „טיימז" האָט דאַמאָלסט (24טען מערץ, 1863) פערעפענטליכט א בריעף פון עדמונד פּאָטטער, דעם געוועזענעם פרעזידענט פון דעם מאַנטשעסטער האַנדעלסקאַמער. זיין בריעף איז מיט רעכט בעצייכענט געוואָרן אין „הויז אָוו קאָמאָנס" אלס „דער מאַניפעסט פון די פאַבריקאַנטען".[13] מיר גיבען דאָ איינינע כאַראַקטעריסטישע שטעלען, אין וועלכע קאַפּיטאַל'ס אייגענטום־רעכט אויף דער ארבייטקראַפט ווערט אויסגעשפּראָכען ניט־פערדעקטערהייט.

„מען קאָן זאָגען די ארבייטלאָזע, אז דער צושטעל פון באַוועל־ארבייטער איז צו־גרויס. . . אז ער וואָלט אפשר געמוזט פערקלענערט ווערן אויף א דריטעל, און דאַמאָלסט וואָלט געקומען א געזונדע נאָכפראַגע פאַר די איבעריגע צוויי דריטעל. . . . די עפענטליכע מיינונג האַלט די עמיגראַציע פאַר א דרינגענדער נויט. . . . דער מייסטער (דאָס הייסט דער באַוועל־פאַבריקאַנט) קאָן אָבער ניט מיט'ן גוטען ווילען צוזעהן ווי זיין ארבייט־צושטעל ווערט אוועקגעפיהרט; ער מעג דענקען, און אפשר מיט רעכט, אז עס איז אי אומגערעכט, אי פאַלש. . . . ווען די אויסוואַנדערונג זאָל נאָך אונטערשטיצט ווערן דורך קהל'שע געלדער, האָט ער א רעכט צו פערלאַנגען מען זאָל איהם אויסהערן, און אפשר

[13] „דער דאַזינער בריעף קאָן בעצייכענט ווערן אלס דער מאַניפעסט פון די פאַבריקאַנטען" (פערראַנד, „אנטראַג איבער די בוימוואָל נויט. זיצונג פון דעם אונטערהויזעס פאָם 27טען אַפּריל, 1863.)

אויך צו פּראָטעסטירן.״ דערזועלביגער מר. פּאָטטער בעװײזט דאָן װײטער, װי ניצליך די באַװעל־אינדוסטריע איז, װי „זי האָט בלי ספק אָבגעצױגען די איבערבעפעלקערונג פון אירלאַנד און פון די ענגלישע אַגריקולטור־דיסטריקטען״, װי אונגעהויער גרױס איהר אומפאַנג איז, װי זי האָט צוגעשטעלט אין יאָהר 1860 $^{5}/_{13}$ פון גאַנצען ענגלישען עקספּאָרט־האַנדעל, װי זי װעט אין אײניגע יאָהר זיך װידער אויסשפּרײטען דורך דער אױסברײטערונג פון דעם מאַרק, דערהױפּט אין אינדיען, און דורכדעם װאָס מען װעט בעקומען אַ גענוגענדען „באַװעל־צושטעל מיט 6 פּענס אַ פונט.״ ער זאָגט דאָן װײטער: „אַ געװיסע צײט — אפשר אַ יאָהר, צװײ אָדער דרײ — װעט פּראָדוצירען די נױטיגע קװאַנטיטעט. . . . איך װאָלט אָבער דאָן געשטעלט די פראַגע, איז אָט די אינדוסטריע װערטה, מען זאָל זי אָנהאַלטען? איז כדאי צו האַלטען אין אָרד־נונג די מאַשינעריע (ער מײנט די לעבעדיגע אַרבײטס־מאַשינען), און צי איז עס ניט די גרעסטע נאַרישקײט זי אױפצוגעבען! איך גלױב, אַז עס איז כדאי. איך גיב צו, אַז די אַרבײטער זײנען ניט קײן אײגענטום ("I allow that the workers are not a property") אַז זײ זײנען ניט דאָס אײגענטום פון לאַנקאַשיר און פון די מײס־טערס; זײ זײנען אָבער די שטאַרקײט פון זײ בײדען; זײ זײנען די גײסטיגע און געלערנטע קראַפט, װעלכע קאָן ניט פערביטען װערן אין אײן דור; בעת, פערקעהרט, די אַנדערע מאַשינעריען, אױף װעלכע זײ אַרבײטען, קאָנען צום גרעסטען טײל פערביטען און פערבעסערט װערן מיט גרױסע נוצען אין 12 חדשים.[14] דער־

[14] מען דערמאָנט זיך, אַז דערזעלביגער קאַפּיטאַל זינגט אַנאַנדער נגון אונטער געװעהנליכע אומשטענדען, װען עס האַנדעלט זיך װעגען אַראָבזעצען דעם אַרבײטס־לױן. דענסטמאָל דערקלערן „די מײסטערס״ מיט אײן קול (זעה דעם פערטען אָבטײל, נאָטע 188, ז. 661): „די פאַבריק אַרבײטער דאַרפען גוט געדענקען, אַז זײער אַרבײט איז פּאַקטיש אַ גאַנץ נידעריגער סאָרט געשיקטע אַרבײט; אַז קײן אַנדער אַרבײט קאָן מען אַזױ לײכט ניט אױס־לערנען, און לפי ערך פון איהר קװאַליטעט װערט קײנע ניט בעסער בע־צאָהלט; אַז קײן אַנדער אַרבײט קאָן דורך אַ קורצען למוד פון די, װאָס האָבען די קלענסטע ערפאַהרונג, ניט צוגעשטעלט װערן אין אַזאַ קורצער צײט און אין אַזאַ איבערפלוס. דעם מײסטער׳ס מאַשינעריע (װעלכע קאָן, װי מיר הערן איצטער, אין 12 חדשים פערבעסערט און פערביטען װערן מיט נוצען) שפּיעלט אין דער אמת׳ן אַ פיעל װיכטיגערע ראָליע אין דעם געשעפט פון דער

מונטערט אָדער ערלויבט (!) די אויסוואַנדערונג פון דער אַר־בייט־קראַפט, איז וואָס וועט ווערן פון דעם קאַפּיטאַליסט? (אָט דער האַרץ־געשריי דערמאָנט אָן האַפּמאַרשאַל קאַלב)... נעהמט אוועק די בעסטע אַרבייטער, וועט דער פיקסירטער קאַפּיטאַל אין אַ גרויסען גראַד פערלירן זיין ווערטה, און דער צירקולירענדער קאַפּיטאַל וועט ניט וועלען אָנפיהרן דעם קאַמף מיט אַ קנאַפּען צושטעל פון אַ נידעריגען סאָרט אַרבייט... מען זאָגט אונז, אַז די אַרבייטער אַליין ווילען די עמיגראַציע. עס איז זעהר נאַ־טירליך, זיי זאָלען עס וועלען... רעדוצירט, שרומפּט איין דאָס באַוועל־געשעפט, דורכדעם וואָס איהר וועט אַוועקנעהמען זיינע אַרבייט־קרעפטען, וואָס איהר וועט פערקלענערן די הוצאות פון די שכירות, לאָמיר זאָגען, אויף אַ פינפטעל אָדער פינף מיליאָן, און וואָס וועט דאַן ווערן פון דעם נעקסטען קלאַס איבער זיי, די קליינע קרעמער? וואָס וועט ווערן פון די גרונד־רענטען, פון די דירה־געלדער פאַר הייזער?... וואָס וועט ווערן פון די קליינע פערמער, פון די בעסערע הויז־בעזיצער און פון דעם לאַנד־איי־גענטימער? און זאָגט נאָר, צי עס קאָן זיין נאָך אַ מעהר זעלבסט־מערדערישער פּלאַן איידער אָט דער, וואָס זאָל אַזוי אָבשוואַכען די נאַציאָן דורך דעם עקספּאָרט פון איהרע בעסטע פאַבריק־אַר־בייטער און דורך דער פערניכטונג פון אַ טייל פון איהר פּראָדוק־טיווען קאַפּיטאַל און רייכטום?... מיין עצה איז, מען זאָל מאַכען אַן אַנלייהע פון 5 ביז 6 מיליאָן פונט סט., איינגעטיילט אין אַ משך פון אַריבער 2 אָדער 3 יאָהר, וואָס זאָל פערוואַלטעט ווערן דורך ספּעציעלע קאָמיסאַרען צוזאַמען מיט די „באָאַרדס אָוו גאַרדיענס" (אָרמען־פערוואַלטונגען) אין די באַוועל־דיסטריק־טען, אונטער ספּעציעלע געזעצליכע רעגולירונגען, מיט געוויסע צוואַנג־אַרבייטען, כדי אויפצוהאַלטען די מאָראַלע קראַפט פון די, וואָס וועלען קריגען די נדבות... קאָן דען זיין עטוואָס ערגערעס פאַר די גרונד־אייגענטימער אָדער מייסטערס, ווי אויפצוגעבען זייערע בעסטע אַרבייטער און צו דעמאָראַליזירן און פערביטערן

פּראָדוקציאָן איידער די אַרבייט און דעם אַרבייטער'ס געשיקטקייט, (וועלכע איצט קאָן אין 30 יאָהר ניט פערביטען ווערן) וואָס מען קאָן זיך אויסלערנען אין 6 מאָנאַט, און וואָס יעדער דאָרף־פּויער קאָן זיך עס לערנען."

די איבערגעבליבענע דורך אַ פערברייטערטער אויסצעהרענדער עמיגראַציע און אַן אויסלעדיגונג פון ווערטה און קאַפּיטאַל אין אַ גאַנצער פּראָווינץ?״*[14]

פּאַטטער, דער אויסגעוועהלטער פאַרשפּרעכער פון די באַוועל־פאַבריקאַנטען, טיילט פאַנאַנדער צוויי סאָרטען „מאַשינעריע״, וואָס געהערן ביידע דעם קאַפּיטאַליסט, נאָר איינע שטעהט אין זיין פאַבריק, און די אַנדערע וואוינט ביינאַכט און זונטאָג אין די ארבייטער־שטיבלעך. איינע איז אַ טויטע, די אַנדערע איז אַ לעבעדיגע. די טויטע מאַשינעריע ווערט ניט נאָר יעדען טאָג אָבגעניצט און פערלירט אין ווערטה, נאָר אַ גרויסער טייל פון איהר עקזיסטירענדער מאַסע ווערט נאָכאַנאַנד אַזוי שטאַרק פער־עלטערט דורך דעם שטענדיגען טעכנישען פּאָרטשריט, אַז זי קאָן מיט גרויסע נוצען פערביטען ווערן אין עטליכע מאָנאַט דורך נייערער מאַשינעריע. די לעבעדיגע מאַשינעריע, פערקעהרט, פערבעסערט זיך וואָס לענגער זי געוועהרט, וואָס מעהר זי זאַמעלט אין זיך אָן די ארבייט־פעהיגקייט פון דורות. די „טיימז״ האָט געענטפערט דעם פאַבריק־מאַגנאַט צווישען אַנדערעס ווי פאָלגט:

„הערר עדמאָנט פּאַטטער איז אַזוי פול מיט דעם געדאַנק פון דער אויסערגעוועהנליכער און אַבסאָלוטער וויכטיגקייט פון די באַוועל־פאַבריקאַנטען, אַז ער וואָלט, כדי אָנצוהאַלטען דעם דאָזי־גען קלאַס און פעראייביגען זייער פּראָפעסיאָן, פערשפּאַרט אַ האַלבען מיליאָן פון דעם ארבייטער־קלאַס אַנטקעגען זייער ווילען אין אַיין גרויסען מאָראַלען חקדש. איז די דאָזיגע אינדוסטריע ווערטה, מען זאָל זי אָנהאַלטען? פרעגט הערר פּאַטטער. אודאי, מיט אַלע עהרליכע מיטלען, ענטפערן מיר. איז עס ווערט די מיה, מען זאָל זעהן צו האַלטען די מאַשינעריע אין אָרדנונג? פרעגט ווייטער הערר פּאַטטער. דאָ זיינען מיר שוין ניט אַזוי זיכער. אונטער דער מאַשינעריע פערשטעהט הערר פּאַטטער די מענשליכע מאַשינעריע, וואָרים ער פערענטפערט זיך, אַז ער האָט

*[14] אין געוועהנליכע צייטען בעהויפּטעט דער קאַפּיטאַליסט פּונקט פער־קעהרט, אַז די ארבייטער דאַרפען ניט זיין קיין דעמאָראַליזירטע און אומ־צופריעדענע הונגער־ליידער, ווען זיי וואָלטען געוועזן גענוג קלוג צו פערקלענערן זייער צאָהל, צו פערגרעסערן דעם פּרייז פון דער ארבייט. (נאָטע צו דער ראַנצויזישער אויסגאַבע.)

ניט ברעה זיי צו בעהאנדלען ווי אן אבסאלוטעס אייגענטום. מיר מוזען מודה זיין, אז מיר האלטען עס ניט פאר „ווערטה די מיה", אדער אפילו פאר מעגליך, צו האלטען די מענשליכע מאשינעריע אין ארדנונג, דאס הייסט זיי צו פערשפארען און אנגיסען מיט אויל ביז מען וועט זיי בעדארפען. מענשליכע מאשינעריע האט די טבע צו ווערן פערראסט פון אונטהעטיגקייט, וויפיעל איהר זאלט זי ניט אוילען און רייבען. א חוץ דעם איז די מענשליכע מאשי־נעריע, ווי מיר האבען אקארשט אלע געזעהן, אימשטאנד פון זיך אליין אנצולאזען דאמף און צופלאצען אדער ווילד צו־טאנצען זיך אין אונזערע שטעדט. עס קאן טאקע, ווי הערר פאטטער זאגט, נעהמען א לענגערע צייט צו רעפראדוצירן די ארבייטער, אבער מיט געגוג מאשיניסטען און געלד וועלען מיר אלעמאל געפינען ארבייטזאמע, אויסדויערענדע און פלייסיגע מענער, פון וועלכע צו פאבריצירן מעהר פאבריקאנטען איידער מיר וועלען ווען עס איז קאנען פערברויכען. . . הערר פאטטער רעדט וועגען א ווידערבעלעבונג פון דער אינדוסטריע אין איינס, צוויי אדער דריי יאהר, און פערלאנגט פון אונז ניט צו דערמונטערן אדער ניט צו ערלויבען די אויסוואנדערונג פון דער ארבייט־קראפט! ער זאגט, עס איז נאטירליך, אז די ארבייטער זאלען וועלען אויסוואנדערן, אבער ער מיינט, אז דאס פאלק דארף דעם דאזיגען האלבען מיליאן ארבייטער מיט די 700,000 וואס הענגען אב פון זיי, ניט קוקענדיג אויף זייער פערלאנג, איינשפארן אין די באוועל־דיסטריקטען; און ווי א נויטיגע קאנזעקווענץ מוז ער, פערשטעהט זיך, האלטען, אז דאס פאלק דארף אונטערדריקען זייער אונצופריעדענהייט מיט געוואלט, און אויסהאלטען זיי אויף צדקה — אלץ צוליעב דער מעגליכקייט, אז די באוועל־פאבריקאנטען וועלען זיי איין שעהנעם טאג ווידער בעדארפען צו האבען. . . . די צייט איז געקומען, ווען די גרויסע עפענטליכע מיינונג פון אט די אינזלען אונזערע וועט מוזען עפעס טהאן, כדי צו ראטעווען „די דאזיגע ארבייט־קראפט" פון יענע, וועלכע ווילען זי בעהאנדלען, ווי זיי בעהאנדלען די קויהלען, אייזען און באוועל".[15]

דער „טיימז"־ארטיקעל איז נאר געווען א גייסט־רייכער

[15] „טיימז" 24טען מערץ, 1863.

ווערטער־שפּיעל. די „גרויסע עפענטליכע מיינונג" איז פאַקטיש געווען איינשטימיג מיט הערר פאַטטער'ס מיינונג, אז די פאַבריק־ארבייטער זיינען א בעוועגליכער צוגעהעריגער טייל פון די פאַבריקען. זייער אויסוואַנדערונג איז פערהינדערט געוואָרן.[16] מען האָט זיי איינגעשפּאַרט אין דעם „מאָראַלען הקדש" פון די באוועל־דיסטריקטען, און זיי שטעלען נאָך אלץ צונויף „די שטאַרקייט פון די באוועל־פאַבריקאַנטען פון לאַנקאַשיר."

דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס רעפּראָדוצירט, הייסט עס, דורך זיין אייגענעם גאַנג די צושיידונג צווישען ארבייט־קראַפט און ארבייט־בעדינגונגען. ער רעפּראָדוצירט און פעראייביגט דערמיט די בעדינגונגען פון דער עקספּלואַטאַציע פון'ם ארבייטער. ער צווינגט שטענדיג דעם ארבייטער צו פערקויפען זיין ארבייט־קראַפט, כדי צו לעבען, און מאַכט שטענדיג מעגליך פאַר'ן קאַפּיטאַליסט זי צו קויפען, כדי צו ווערן רייכער.[17] עס איז ניט מעהר א צופאַל, וואָס ברענגט צוזאַמען אויפ'ן סחורה־מאַרק דעם קאַפּיטאַליסט און דעם ארבייטער אלס קויפער און פערקויפער. דער דרוק פון דעם פּראָצעס גופא שליידערט נאָכאַנאַנד דעם איינעם אויפ'ן סחורה־מאַרק אלס פערקויפער פון זיין ארבייט־קראַפט, און פערוואַנדעלט שטענדיג זיין אייגענעם פּראָ־

---

[16] דער פּאַרלאַמענט האָט קיין פּרוטה ניט בעווילינט פאַר דער עמיגראַציע; ער האָט נאָר ארויסגעגעבען געזעצען, וועלכע האָבען געגעבען די געמיינדען די מאַכט אויסצוהאַלטען די ארבייטער אין א לאַנגע צווישען לעבען און שטאַרבען, אדער צו עקספּלואַטירען זיי, ניט צאָהלענדיג די נאָרמאַלע לוינען. פערקעהרט, ווען די מגפה אויף בהמות האָט אויסגעבראָכען דריי יאָהר שפּעטער, האָט דער פּאַרלאַמענט ווילד דורכגעבראָכען אפילו די פּאַרלאַמענטאַרישע עטיקעט און האָט תיכף בעווילינט מיליאָנען צו פערגיטיגען דעם היזק פון די מיליאָנערען־לענדלאָרדס, וועמעס פאַרמערס האָבען סיי ווי קיין שאָדען ניט געליטען, מחמת די פּרייזען אויף פלייש זיינען זעהר געשטיגען. דאָס ברומען ווי ווילדע חיות פון די גרונד־אייגענטימער בעת דער עפענונג פון פּאַרלאַמענט אין 1866 האָט בעוויזען, אז מען דאַרף ניט זיין קיין הינדום כדי צו דיענען צו דער קוה סאַבאַלאַ, און מען דאַרף ניט זיין קיין יופּיטער, כדי זיך צו פערוואַנדלען אין אן אָקס.

[17] „דער ארבייטער פערלאַנגט לעבענס־מיטלען, כדי צו לעבען; דער אונטערנעהמער פערלאַנגט ארבייט, כדי צו קאָנען מאַכען פּראָפיטען." (זיסמאָנדי, „נייע פּרינציפּען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע" (פראַנצויזיש), באַנד I, ז. 91.)

דוקט אין דעם אנדערנ'ס קויף־מיטעל. דער ארבייטער געהערט פאקטיש דעם קאפיטאל נאך איידער ער פערקויפט זיך צום קא־פיטאליסט. זיין עקאנאמישע קנעכטשאפט[18] ווערט צושטאנד געבראכט און ווערט אין דערזעלביגער צייט אויך פערדעקט דורך דער פעריאדישער בענייאונג פון זיין זעלבסט־פערקויף, דורך דעם בייטען זיך פון זיינע אינדיווידועלע לוין־בעלי בתים און דורך די שוואנקונגען אין דעם מארק־פרייז פון דער ארבייט.[19]

דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאנס־פראצעס, ווען מען בע־טראכט איהם אין צוזאמענהאנג, אדער אלס א רעפראדוקציאנס־פראצעס, פראדוצירט אלזא ניט בלויז סחורה, ניט בלויז מעהר־ווערטה: ער פראדוצירט און רעפראדוצירט די קאפיטאל־שייכות

---

[18] א פויער'שע גראבע פארם פון דער דאזיגער קנעכטשאפט עקזיסטירט אין דער גראפשאפט דורהאם. עס איז איינע פון די וועניגע גראפשאפטען, וואו די פערהעלטניסען גיבען ניט דעם ארענדאטאר קיין אונבעשטריטענעם איינענטומסטיטעל אויף די אקערבוי טאג־ארבייטער. די מינען־אינדוסטריע גיט די לעצטע א מעגליכקייט אויסצו־וועהלען זייער ארבייט. דער פארמער, להיפך צום געוועהנליכען רעגעל, נעהמט דא דעריבער אין ארענדע נאר אזוינע לענדערייען אויף וועלכע עס געפינען זיך „קאטטעדזשעס" פאר די אר־בייטער. די דאזיגע קאטטעדזשעס הייסען "Hind's Houses" [קנעכט־הייזער]. זיי ווערן פערדונגען צו די ארבייטער אונטער געוויסע פעאדאלע פערפליכ־טונגען, אונטער אן אבמאך וואס הייסט „Bondage" (הערינקייט) און בינדט צום ביישפיעל דעם ארבייטער פאר דער צייט, וואס ער איז בעשעפטיגט אנ־דערשוואו, צו צושטעלען זיין טאכטער א. אז. וו. דער ארבייטער אליין הייסט „באנדסמאן", הערינגער. אט די שייכות בעווייזט פון א גאנץ נייער זייט דעם ארבייטער'ס אינדיווידועלע קאנזומציאן אלס א קאנזומציאן פאר'ן קא־פיטאל, אדער אלס פראדוקטיווע קאנזומציאן: „עס איז מערקווירדיג צו בעאבאכטען, אז אפילו די צואה פון דעם דאזיגען „באנדסמאן" רעכענט זיך פאר א זייטיגער הכנסה פון דעם אויסגערעכענטען פריץ. . . דער ארענדאטאר ערלויבט ניט אין דער גאנצער נאכבארשאפט קיין אנדער בית הכסא אויסער זיין איינענעם, און דערלאזט ניט אין דעם פרט עובר זיין אויף דאס מינדסטע געגען זיין הערשער־רעכט." („פובליק העלטה, 7טער רעפארט, 1864", ז. 188.)

[19] מיר ווילען דערמאנען, אז בנוגע דער ארבייט פון קינדער א. ד. ג. פערשווונדט אפילו די פארמאליטעט פון דעם זעלבסט־פערקויף.

גופא, אויף איין זייט דעם קאַפּיטאַליסט, אויף דער אַנדער זייט דעם לוין־אַרבייטער.[20]

---

[20] „קאַפּיטאַל איז משער אַפּריהער די לוין־אַרבייט, די לוין־אַרבייט איז משער אַפּריהער דעם קאַפּיטאַל. איינס איז אַ תנאי־קודם פאַר דאָס אַנדערע; זיי רופן ארויס איינע די אַנדערע געגענזייטיג. אַז אַרבייטער אין אַ באַוועל־פאַבריק — פּראָדוצירט ער נאָר באַוועל־שטאָפן? ניין, ער פּראָדוצירט קאַפּיטאַל. ער פּראָדוצירט ווערטהען, וועלכע דינען פון דאָס ניי צו קאָמאַנדירן זיין אַרבייט און דורכדעם גופא צו שאַפן נייע ווערטהען.“ (קאַרל מאַרקס, „לוין־אַרבייט און קאַפּיטאַל“ אין דער „נייער רהיינישער צייטונג“, נומר 266, 7טען אַפּריל, 1849.) די אַרטיקלען אונטער אַט דעם טיטל זיינען שטיקער פאַרלעזונגען, וועלכע איך האָב געהאַלטען אין יאָהר 1847 אין די דייטשע אַרבייטערפעראיינען פון בריסעל, וועלכע האָבען זיך אויפגעהערט צו דרוקען צוליעב דער פעברואַר־רעוואָלוציאָן. [זעה ק. מאַרקס, „לוין־אַרבייט און קאַפּיטאַל“, נייע אויסגאַבע דורך ק. קאַוטסקי, בערלין 1907, ז. 27 און 28.]

## צוויי און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

# פערוואַנדלונג פון מעהרווערטה אין קאַפּיטאַל.

1. קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס אויף אַ ברייטערן מאַסשטאַב. פערוואַנדלונג פון די אייגענטומסגע־זעצען פון דער סחורה־פּראָדוקציאָן אין געזעצען פון קאַפּיטאַ־ליסטישער אָנאייגענונג.

פריהער האָבען מיר בעטראַכט, ווי אַזוי דער מעהרווערטה נעהמט זיך פון דעם קאַפּיטאַל, איצטער וועלען מיר בעטראַכטען, ווי אַזוי דער קאַפּיטאַל נעהמט זיך פון דעם מעהרווערטה. ווען דער מעהרווערטה ווערט ניט פערברויכט פון זיין אייגענטימער פאַר זיינע פּערזענליכע בעדערפעּנישען, נאָר ווערט אָנגעווענדט אַלס קאַפּיטאַל, דאַן פאָרמירט זיך אַ נייער קאַפּיטאַל און ווערט צוגע־לעגט צו דעם אַלטען, ער ווערט אַקומולירט. די אָנווענדונג פון מעהרווערטה אַלס קאַפּיטאַל אָדער די צוריק־פערוואַנדלונג פון מעהרווערטה אין קאַפּיטאַל הייסט די אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל.[21]

לאָמיר צוערשט בעטראַכטען אָט דעם פּראָצעס פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט. אַ שפּינער, למשל, האָט אריינגעלעגט אַ קאַפּיטאַל פון 10,000 פונט סט., 4/5 דערפון אין באַוועל, מאַשינען א. אַז. וו. און 1/5 אין ארבייט־לוין. ער פּראָדוצירט יעהרליך 240,000 פונט גאַרן, וואָס זיינען ווערטה

---

[21] „אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל: די פערווענדונג פון אַ טייל הכנסה אַלס קאַפּיטאַל.“ (מאַלטוס, „דעפיניציאָן עטצ.“ ז. 11.) „אומוואַנדלונג פון הכנסה אין קאַפּיטאַל.“ (מאַלטוס, „פּרינציפּלס אוו פּאָליטיקאַל עקאָנאָמי“, 2טע אויפלאַגע, לאָנדאָן 1836, ז. 319.)

12,000 פונט סט. ביי אַ מעהרווערטה־ראַטע פון 100 פּראָצענט ליעגט דער מעהרווערטה אין דעם מעהר־פּראָדוקט אָדער נעט־פּראָדוקט פון 40,000 פונט גאַרן — $^{1}/_{6}$ פון דעם ברוטאָ־פּראָדוקט, ד. ה. פון דעם גאַנצען פּראָדוקט. אָט דער מעהר־פּראָדוקט האָט אַ ווערטה פון 2000 פונט סט., וואָס דער פערקויף וועט רעאַליזירן. אויב אָט די 2000 פונט סט. ווערן ווידער אַריינגעלעגט אַלס קאַפּיטאַל, דאַן וואַקסט דער אורשפּרינגליכער קאַפּיטאַל פון 10,000 אויף 12,000 פונט סט. אָדער אין אַנדערע ווערטער: ער האָט זיך אַקומולירט. צוויי טויזענד פונט סט. איז צוויי טויזענד פונט סט. מען קאָן אין דעם געלד ניט דערזעהן און ניט דערשמעקען, אַז עס איז מעהר־ווערטה. דער כאַראַקטער פון מעהרווערטה בעווייזט נאָר ווי אַזוי ער איז געקומען צו זיין אייגענטימער, ער ענדערט אָבער קיין זאַך ניט אין דער נאַטור פון דעם ווערטה אָדער פון דעם געלד.

כדי אָט די ניי־צוגעקומענע סומע פון 2000 פונט סט. צו פערוואַנדלען אין דער שפּינעריי אין קאַפּיטאַל, מוז דער [באַס־]שפּינער אויסלעגען, ווען אַלע איבעריגע אומשטענדען בלייבען דיזעלבינע, $^{4}/_{5}$ פון דער סומע איינצוקויפען באַוועל א. אַז. וו. און $^{1}/_{5}$ איינצוקויפען נייע שפּינער־אַרבייטער, וועלכע וועלען געפינען אויפ'ן מאַרק די לעבענסמיטלען פאַר דעם ווערטה, וואָס ער האָט זיי אויסגעלעגט. דאַן פונקציאָנירט דער נייער קאַפּיטאַל פון 2000 פונט סט. אין דער שפּינעריי־פאַבריק און ברענגט איין פון זיין זייט אַ מעהרווערטה פון 400 פונט סט.

דער קאַפּיטאַל־ווערטה איז לכתחילה אויסגעלעגט געוואָרן אין געלד־פאָרם ; פערקעהרט, דער מעהרווערטה עקזיסטירט צוערשט ווי אַ ווערטה פון אַ בעשטימטען טייל פון דעם ברוטאָ־פּראָדוקט. ווען אָט דער פּראָדוקט ווערט פערקויפט, פערוואַנדעלט אין געלד, בעקומט דער קאַפּיטאַל־ווערטה צוריק זיין לכתחילה'דיגע פאָרם, דער מעהרווערטה אָבער בייט דורכדעם זיין ערשטען עקזיסטענץ־אופן. פון אָט דעם מאָמענט אָן זיינען אָבער ביידע, דער קאַפּיטאַל־ווערטה און דער מעהרווערטה, געלד־סומען, און זייער ווידער־פערוואַנדלונג אין קאַפּיטאַל קומט פאָר אינגאַנצען אויף דעמזעלביגען אופן. דער קאַפּיטאַליסט לעגט אַריין ביידע סומען גלייך אין דעם איינקויף פון סחורות, וועלכע מאַכען אַז ער זאָל זיין אימשטאַנד פון דאָס נייע אָנצוהויבען די פאַבריצירונג פון זיין אַרטיקעל, און

דאס מאל טאקע אויף א ברייטערן מאסשטאב. כדי אבער צו קויפען די דאזיגע סחורות, מוז ער זיי געפינען גרייט אויפ'ן מארק.

זיינע אייגענע אויסגעשפונענע פעדים צידקולירן נאר, ווייל ער ברענגט אויפ'ן מארק זיין יעהרליכען פראדוקט, אזוי ווי אלע אנדערע קאפיטאליסטען טהוען דאסזעלביגע מיט זייערע סחורות. אבער איידער די דאזיגע סחורות זיינען געקומען אויפ'ן מארק האבען זיי שוין געמוזט זיין א טייל פון דעם אלגעמיינעם יאהריגען פראדוקט, ד. ה. זיי האבען זיך געמוזט געפינען אין דער גאנצער מאסע זאכען פון אלערליי סארטען, אין וועלכער די גאנצע סומע פון די איינצעל־קאפיטאלען אדער דער סך הכל פון געזעלשאפטליכען קאפיטאל האט זיך פערוואנדעלט אין משך פון יאהר, און פון וועלכער יעדער איינצעל־קאפיטאליסט האט אין האנד נאר איין טייל. די טראנזאקציעס אויפ'ן מארק פיהרן נאר דורך דעם אומזאץ פון די איינצעלנע בעשטאנד־טיילען פון דער יאהריגער פראדוקציאן, זיי שיקען זיי פון איין האנד אין דער אנדערער, זיי קאנען אבער ניט פערגרעסערן דעם סך הכל פון דער יאהריגער פראדוקציאן און קאנען ניט ענדערן די נאטור פון די פראדוצירטע זאכען. פאלגליך הענגט אב דער געברויך, וואס קאן געמאכט ווערן פון דעם יעהרליכען סך הכל פון די פראדוקטען, פון זיין אייגענער צוזאמענזעצונג, אבער בשום אופן ניט פון דער צירקולאציע.

די יעהרליכע פראדוקציאן מוז קודם צושטעלען די אלע געגענשטאנדען (געברויך־ווערטהען), פון וועלכע מען מוז נעהמען ממלא צו זיין די מאטעריעלע בעשטאנד־טיילען פון קאפיטאל, וואס זיינען פערברויכט געווארן אין משך פון יאהר. ארונטערגערעכענענדיג אט די, בלייבט דער נעט־ אדער מעהר־פראדוקט, אין וועלכען עס ליעגט דער מעהרווערטה. און פון וואס בעשטעהט אט דער מעהר־פראדוקט? גאנץ געוויס געפינען זיך דערונטער זאכען, וועלכע זיינען בעשטימט פאר דער בעפרידיגונג פון די בעדערפענישען און געלוסטען פון דעם קאפיטאליסטען־קלאס, וועלכע גערהען אריין, הייסט עס, אין זייער קאנזומציאנס־פאנד. ווען דאס אבער וואלט געווען אלעס, וואלט דאך דער מעהרווערטה אינגאנצען פערהוליעט געווארן, און עס וואלט בלויז פארגעקומען אן איינפאכע רעפראדוקציאן.

כדי צו אקומולירן, מוז מען איין טייל פון דעם מעהר־פרא־

דוקט פערוואנדלען אין קאפיטאל. אבער אהן נסים קאן מען נאר אזעלכע זאכען פערוואנדלען אין קאפיטאל, וועלכע קאנען פער־ווענדעט ווערן אין דעם ארבייט־פראצעס, דאס הייסט פראדוק־ציאנס־מיטלען; און ווייטער אזוינע זאכען, פון וועלכע דער אר־בייטער קאן דערהאלטען זיין לעבען, ד. ה. לעבענס־מיטלען. פאלגליך מוז איין טייל פון דער יעהרליכער מעהר־ארבייט האבען פערווענדעט געווארן צו שאפען צוגעגעבענע פראדוקציאנס־ און לעבענס־מיטלען מעהר און אריבער דעם סכום, וואס האט זיך גע־פאדערט צוריק צו שאפען דעם אויסגעלעגטען קאפיטאל. מיט איין ווארט: דער מעהרווערטה לאזט זיך נאר דעריבער פערוואנד־לען אין קאפיטאל, ווייל דער מעהר־פראדוקט, פון וועלכען ער איז דער ווערטה, ענטהאלט שוין אין זיך די מאטעריעלע עלעמענטען פון א נייעם קאפיטאל.*[21]

כדי פאקטיש צו לאזען פונקציאנירן די דאזיגע עלעמענטען אלס קאפיטאל, בעדארף דער קאפיטאליסטישער קלאס האבען א צוזאץ פון פרישער ארבייט. אויב די עקספלואטאציע פון די אר־בייטער, וואס זיינען שוין בעשעפטיגט, וואקסט ניט עקסטענסיוו אדער אינטענסיוו, דאן מוזען אנגעשטעלט ווערן נייע ארבייט־קרעפ־טען. דער מעכאניזם פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן האט שוין דאס אויך פערזארגט, דורכדעם וואס ער רעפראדוצירט דעם ארבייטער־קלאס אלס א קלאס, וואס הענגט אב פון דעם ארבייטס־לוין, און וואס זיין געוועהנליכער לוין גרייכט ניט נאר צו פערזיכערן זיין קיום, נאר אויך זיין פערמעהרונג. קאפיטאל דארף נאר פער־קערפערן אט די צוגעקומענע ארבייט־קראפט, וואס דער ארבייטער־קלאס שטעלט יעהרליך צו אויף אלע שטופען פון עלטער, אין די

---

*[21] דא ווערט ניט גענומען אין בעטראכט דער אינטערנאציאנאלער האנדעל, וועלכער פערבייט די אינלענדישע סארטען סחורות דורך אויסלענדישע, און דורך וועלכע א פאלק קאן פערבייטען לוקסוס־ארטיקלען אויף פראדוק־ציאנס־מיטלען אדער לעבענס־מיטלען און פערקעהרט. כדי אויפצופאסען דעם געגענשטאנד פון דער אונטערזוכונג אין זיין ריינער פארם, פריי פון שטע־רענדע נעבען־אומשטענדען, מוזען מיר דא בעטראכטען און משער זיין די גאנצע האנדעלס־וועלט ווי איין נאציע, און אננעהמען, אז די קאפיטאליסטישע פראדוקציאן האט זיך אומעטום פעסט עטאבלירט און האט ארייננגענומען אין איהר רשות אלע פראדוקציאנס־צווייגען.

צוגעקומענע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס געפינען זיך שוין אין דער יעהרליכער פּראָדוקציאָן, און די פערוואַנדלונג פון מעהרווערטה אין קאַפּיטאַל איז פאַרטיג. קאָנקרעט בעטראַכט, לעזט זיך אויף די אקומולאַציע אין דער רעפּראָדוקציאָן פון קאַפּיטאַל אויף א וואָס ווייטער אלץ מעהר אויסגעברייטערטען מאַסשטאַב. דער קרייז־לויף פון דער איינפאַכער רעפּראָדוקציאָן שפּרייט זיך אויס און פערוואַנדעלט זיך, ווי זיסמאָנדי דריקט זיך אויס, אין א ספּיראַל.**[21]

לאָמיר זיך איצטער אומקעהרען צו אונזער ביישפּיעל. עס איז די אַלטע געשיכטע: אברהם הוליד את יצחק, יצחק הוליד את יעקב א. אז. וו. דער אורשפּרינגליכער קאַפּיטאַל פון 10,000 פונט סט. ברענגט א מעהרווערטה פון 2000 פונט סט., וועלכער ווערט קאַפּיטאַליזירט. דער נייער קאַפּיטאַל פון 2000 פונט סט., וועלכען מיר וועלען אָנרופען צוגעקומענער קאַפּיטאַל נומר 1, ברענגט א מעהרווערטה פון 400 פונט סט. ווען זיין איינטיילונג אין קאָנסטאַנטען און וואַריאַבלען קאַפּיטאַל און די ראַטע פון מעהרווערטה בלייבט דיזעלביגע ווי ביי דעם אורשפּרינגליכען קאַ־פּיטאַל. אָט דער מעהרווערטה ווערט ווידער קאַפּיטאַליזירט, ער ווערט פערוואַנדעלט, הייסט עס, אין א צווייטען צוגעגעבענעם קאַפּיטאַל — צוגעקומענער קאַפּיטאַל נומר 2 — און ברענגט א נייעם מעהר ווערטה פון 80 פונט סט. א. אז. וו.

מיר לאָזען דאָ אויס פון בעטראַכט דעם טייל פון׳ם מעהר־ווערטה, וואָס דער קאַפּיטאַליסט פערצעהרט. אונז אינטערעסירט אויך פונקט אזוי וועניג אין דעם מאָמענט, צי די צוגעקומענע קאַפּיטאַלען ווערן פערבונדען מיט דעם אורשפּרינגליכען קאַפּיטאַל, אָדער זיי ווערן אָבגעטיילט פון איהם און פערווערטעט זעלבשטענ־דיג; צי דערזעלביגער קאַפּיטאַליסט, וועלכער האָט זיי אקומו־לירט, נוצט זיי אויס, אָדער ער גיט זיי איבער אַנאַנדערן. מיר דאַרפען נאָר ניט פערגעסען, אז נעבען אָט די ניי־געבילדעטע קאַפּיטאַלען הערט דער אורשפּרינגליכער קאַפּיטאַל אלץ ניט אויף

---

**[21] זיסמאַנדי׳ס אנאַליז פון דער אקומולאַציע האָט דעם גרויסען פעה־לער, וואָס ער בענוגענט זיך צופיעל מיט דער פראַזע „פערוואַנדלונג פון רעוועניו [הכנסה] אין קאַפּיטאַל״, ניט אויספאָרשענדיג די מאַטעריעלע בע־דינגונגען פון דער דאָזיגער אָפּעראַציע.

זיך צו רעפּראָדוצירן און צו פּראָדוצירן מעהרווערטה, און אז דאָס איינענע איז ריכטיג וועגען יעדען אקומולירטען קאפּיטאל בנוגע די צוגעקומענע קאפּיטאלען, וואָס ער ברענגט ארוים.

דער אורשפּרינגליכער קאפּיטאל האָט זיך פאָרמירט דורך דעם אויסלעג פון 10,000 פונט סט. פון וואנען האָט זיי זייער בעזיצער גענומען? „דורך זיין אייגענער ארבייט און דער ארבייט פון זיינע אורעלטערן!” ענטפערן אונז איינשטימיג די וואָרט־פיהרער פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע.***[21] און פאקטיש זעהט אוים זייער השערה צו זיין די איינציגע, וואָס פּאסט זיך צו די געזעצען פון סחורה־פּראָדוקציאָן, לויט וועלכע נאָר עקוויוואלענטען טוישען זיך דורכשניטליך אוים און יעדערער קאָן קויפען סחורה נאָר מיט סחורה.

גאנץ אנדערש שטעהט די זאך מיט דעם צוגעקומענעם קאפּיטאל פון 2000 פונט סט. דעם פּראָצעס פון זיין ענטשטעהונג ווייסען מיר גאנץ גענוי. ער איז קאפּיטאליזירטער מעהרווערטה. פון זיין אורשפּרונג אָן ענטהאלט ער נים קיין איינציג ברעקעל ווערטה, וואָס שטאמט ניט אָב פון ניט־בעצאָהלטער פרעמדער ארבייט. די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, מיט וועלכע די צוגעקומענע ארבייט־קראפט ווערט פערקערפּערט, אזוי גוט ווי די לעבענס־מיטלען, אויף וועלכע זי האלט זיך אויף, זיינען נישט מעהר ווי די בעשטאנד־טיילען פון דעם מעהר־פּראָדוקט, פון דעם שטייער (טריבוט), וואָס דער קאפּיטאליסטישער קלאס רייסט יעהרליך ארוים פון דעם ארבייטער־קלאס. ווען אפילו דער קאפּיטאליס־טישער קלאס קויפט מיט א טייל פון דעם שטייער די דאָזיגע צוגעקומענע ארבייט־קראפט און בעצאָהלט זאָגאר דעם פולען פּרייז, אזוי אז אן עקוויוואלענט ווערט אויסגעטוישט אויף אן עקוויוואַ־לענט — בלייבט עס אלץ דיזעלבע מעשה ווי מיט יענעם עראָבערער, וועלכער קויפט סחורה ביי די בעזיגטע מיט דעם געלד, וואָס ער האָט פון זיי אוועקגערויבט.

ווען דער צוגעקומענער קאפּיטאל בעשעפטיגט דעמזעלביגען ארבייטער, וועלכער האָט איהם פּראָדוצירט, מוז דער ארבייטער

***[21] „די אורשפּרינגליכע ארבייט, וועמען קאפּיטאל פערדאנקט זיין ענטשטעהונג.” (זיסמאנדי, „נייע פּרינציפּען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע” (פראנצויזיש) באנד I, ז. 109.)

ניט נאר פארזועצען צו פערוועדטען דעם אורשפרינגליכען קאפי־טאל, נאר ער מוז פון דאס ניי קויפען די פרוכט פון זיין פריהער־דיגער ניט־בעצאהלטער ארבייט מיט מעהר צוגעקומענער ארבייט איידער זי האט געקאסט. בעטראכט מען אט דעם גאנג ווי א טראנזאקציע, ווי א געשעפט, צווישען דעם גאנצען קאפיטאליס־טישען קלאס און דעם גאנצען ארבייטער־קלאס, דאן מאכט עס קיין ענדערונג ניט אין דער זאך, אויב צוגעקומענע ארבייטער ווערן בעשעפטיגט מיט דער ניט־בעצאהלטער ארבייט פון די פריהער־בעשעפטיגטע ארבייטער. דער קאפיטאליסט קאן אפילו פערוועג־דען דעם צוגעקומענעם קאפיטאל צו קויפען א מאשין, וועלכע ווארפט ארוים דעם פראדוצירער פון דעם דאזיגען קאפיטאל אויפ׳ן גאס און שטעלט אוועק אויף זיין ארט א פאר קינדער. אין יעדען פאל האט דער ארבייטער־קלאס דורך זיין היי־יאהריגער ארבייט געשאפען דעם קאפיטאל, וואס וועט בעשעפטיגען די צוגעקומענע ארבייט דעם נעקסטען יאהר.[22] אט דאס איז, וואס מען רופט: שאפען קאפיטאל דורך קאפיטאל.

די אקומולאציע פון דעם ערשטען צוגעקומענעם קאפיטאל פון 2000 פונט סט. איז משער א ווערטה־סומע פון 10,000 פונט סט., וואס דער קאפיטאליסט האט אויסגעלעגט, און וועלכע גע־הערט צו איהם על פי רעכט פון זיין „אורשפרינגליכער ארבייט.״ דער צווייטער צוגעקומענער קאפיטאל׳ פון 400 פונט סט. איז משער, פערקעהרט, בלויז די פריהערדיגע אקומולאציע פון די 2000 פונט סט., פון וועלכע ער איז דער קאפיטאליזירטער מעהר־ווערטה. אייגענטום אין עבר׳דיגער אונבעצאהלטער ארבייט ווערט איצטער דער איינציגער בעדינג פאר דער געגענווערטיגער אנאיי־גענונג פון לעבעדיגער אונבעצאהלטער ארבייט אויף א שטענדיג־וואקסענדען מאסשטאב. וואס מעהר דער קאפיטאליסט האט אקו־מולירט, אלץ מעהר קאן ער אקומולירן.

אויף ווי ווייט דער מעהרווערטה, פון וואס עס בעשטעהט דער צוגעקומענער קאפיטאל נומר 1, איז געווען א רעזולטאט פון דעם קויף פון דער ארבייט־קראפט דורך א טייל פון דעם ארג־

[22] „די ארבייט שאפט דעם קאפיטאל איידער דער קאפיטאל ווענדעט אן די ארבייט.״ E. G. Wakefield, "England and America." 1833, v. II, p. 110.

גינעלען קאפיטאל — א קויף, וועלכער האט געשטימט מיט די גע־
זעצען פון סחורה־אויסטויש און וועלכער, יורידיש בעטראכט, איז
משער נישט מעהר ווי א פרייען רשות מצד דעם ארבייטער אויף
זיינע אייגענע פעהיגקייטען און מצד דעם געלד־ אדער סחורה־
בעזיצער אויף די ווערטהען, וואס געהערן איהם; אויף ווי וויט
דער צוגעקומענער קאפיטאל נומר 2 א. אז. וו. איז בלויז א רע־
זולטאט פון דעם צוגעקומענעם קאפיטאל נומר 1, איז, הייסט
עס, א קאנזעקווענץ פון יענער ערשטער שייכות; אויף ווי וויט
יעדע איינצעלנע טראנזאקציע שטימט נאכאנאנד מיט דעם געזעץ
פון סחורה־אויסטויש: דער קאפיטאליסט קויפט שטענדיג די אר־
בייט־קראפט, דער ארבייטער פערקויפט זי שטענדיג, און מיר ווע־
לען אננעהמען אפילו, אז דער קויפט זי און יענער פערקויפט זי
פאר איהר ווירקליכען ווערטה — איז קלאר, אז דאס געזעץ, וואס
רוהט אויף דער סחורה־פראדוקציאן און דער סחורה־צירקולאציע,
אדער דאס געזעץ פון פריוואט־אייגענטום, בייט זיך אום, דורך
זיין אייגענער, אינערליכער, אונפערמיידליכער דיאלעקטיק אין זיין
דירעקטען היפך. דער אויסטויש פון עקוויוואלענטען, וואס האט
זיך בעוויזען אלס די אורשפרינגליכע אפעראציע, האט זיך אזוי
אומגעדרעהט, אז איצט איז עס נאר אן אויסטויש לפנים. ווארים
ערשטענס איז דער קאפיטאל־טייל, וואס ווערט אויסגעטוישט אויף
ארבייט־קראפט, אליין נישט מעהר ווי א טייל פון דעם פרעמדען
ארבייט־פראדוקט, וואס איז אנגעאייגענט געווארן אהן אן עקוויי־
וואלענט; און צווייטענס מוז דער דאזיגער טייל קאפיטאל ניט
נאר צוריק געשאפען ווערן פון זיין פראדוצירער, דעם ארבייטער,
נאר ער מוז נאך ווידער געשאפען ווערן מיט א נייעם מעהר־
פראדוקט. די שייכות פון אויסטויש צווישען קאפיטאליסט און
ארבייטער ווערט אויף דעם אופן בלויז א בלענדעניש, וואס גע־
הערט צו דעם צירקולאציאנס־פראצעס, נאר א פארם, וועלכע איז
פרעמד דעם אינהאלט גופא און מיסטיפיצירט איהם נאר. דער
שטענדיגער קויף און פערקויף פון דער ארבייט־קראפט איז די
פארם. דער אינהאלט איז, אז דער קאפיטאליסט בייט שטענדיג
ווידער אוים א טייל פון דער שוין־מאטעריאליזירטער פרעמדער
ארבייט, וועלכער ער אייגענט זיך אן נאכאנאנד אהן אן עקוויוואַ־
לענט, אויף אליין א גרעסערן סכום לעבעדיגער פרעמדער ארבייט.

לכתחילה האָט זיך אונז בעוויזען, אז דאָס אייגענטום־רעכט איז בעגרינדעט אויף אייגענער ארבייט. ווענינסטענס האָט אזא השערה געמוזט אָנגענומען ווערן, היות ווי עס שטעהען איינע אַנט־קעגען די אַנדערע נאָר גלייכבערעכטיגטע סחורה־בעזיצער, און דער מיטעל ווי זיך אָנצואייגענען א פרעמדע סחורה איז נאָר אָבצוגע־בען די אייגענע סחורה, וועלכע קאָן אָבער ווידער געשאַפען ווערן נאָר דורך ארבייט. אייגענטום ערשיינט איצטער מצד דעם קאַ־פּיטאַליסט אַלס דאָס רעכט אָנצואייגענען זיך פרעמדע אונבע־צאָהלטע ארבייט אָדער איהר פּראָדוקט, מצד דעם ארבייטער — אַלס אונמעגליכקייט זיך אָנצואייגענען זיין אייגענעם פּראָדוקט. די צושיידונג צווישען אייגענטום און ארבייט ווערט די נויטווענ־דיגע קאָנזעקווענץ פון א געזעץ, וואָס האָט זיך פון אויבען־אויף גענומען פון זייער אידענטיטעט [פון דעם געדאנק, אז אייגענטום און ארבייט זיינען איין זאך].[28]

די קאַפּיטאַליסטישע מעטאָדע פון אָננעהמען רייכטום שיינט צו געהן דירעקט להיפּך צו די געזעצען פון סחורה־פּראָדוקציאָן, זי נעהמט זיך אָבער טראָץ דעם בשום אופן ניט פון א פערלעצונג פון די דאָזיגע געזעצען, זאָנדערן אין געגענטייל פון זייער אָנווענ־דונג. כדי דאָס צו מאַכען קלאָר, איז גענוג צו ווארפען א בליק צוריק אויף די כסדר'דיגע פאַזען פון דער בעוועגונג, וועלכע פיהרט צו דער אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל.

מיר האָבען געזעהן צוערשט, אז די אורשפּרינגליכע פער־וואַנדלונג פון א ווערטה־סומע אין קאַפּיטאַל איז פאָרגעקומען דורכאויס אין איינקלאַנג מיט די געזעצען פון אויסטויש. איינער פון די אויסטוישער פערקויפט זיין ארבייט־קראַפט, דער אַנדערער קויפט זי. דער ערשטער בעקומט דעם ווערטה פון זיין סחורה, און דערמיט גיט ער אָב איהר געברויך־ווערטה — די ארבייט — צו דעם צווייטען. דער לעצטער פערוואַנדעלט די פּראָדוקציאָנס־

[28] דעם קאַפּיטאַליסט'ס רעכט פון אייגענטום אויף דעם פרעמדען ארבייט־פּראָדוקט „איז א שטרענגע קאָנזעקווענץ פון דעם געזעץ פון אַנאייגענונג, וועמעס פונדאַמענטאַלער פּרינציפּ איז געוועזן פערקעהרט דער אויסשליסליכער אייגענטומס־טיטעל פון יעדען אויף דעם פּראָדוקט פון זיין אייגענער ארבייט.“ (שערביליע, „רייך אָדער ארים“, פּאַריז 1841, ז. 58, וואו אָט דער דיאַלעק־טישער איבערקעהר ווערט אָבער ניט ענטוויקעלט ריכטיג.)

מיטלען, וואָס געהערן צו איהם, מיט דער הילף פון דער אַרבייט וואָס געהערט שוין איצט אויך צו איהם, אין אַ נייעם פּראָדוקט, וועלכער געהערט אויך צו איהם על פּי רעכט.

דער ווערטה פון דעם דאָזיגען פּראָדוקט שליסט איין ערשטענס: דעם ווערטה פון די פערברויכטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען. די ניצליכע אַרבייט קאָן ניט פערברויכען די דאָזיגע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אַזוי אַז זי טראָגט ניט אַריבער זייער ווערטה אויף דעם נייעם פּראָדוקט; כדי אָבער די אַרבייט־קראַפט זאָל זיין פערקויפליך, מוז זי זיין אימשטאַנד צו ליפערן ניצליכע אַרבייט אין דעם צווייג פון דער אינדוסטריע, וואו זי דאַרף פערווענדעט ווערן.

דער ווערטה פון דעם נייעם פּראָדוקט שליסט ווייטער איין: דעם עקוויוואַלענט פון דעם ווערטה פון דער אַרבייט־קראַפט און אַ מעהרווערטה. און דאָס איז פּונקט דעריבער, ווייל די אַרבייט־קראַפט, וואָס איז פערקויפט געוואָרען פאַר אַ בעשטימטער צייט, אַ טאָג, אַ וואָך, א. אַז. וו. בעזיצט ווייניגער ווערטה איידער איהר גע־ברויך אין משך פון דער דאָזיגער צייט שאַפט. דער אַרבייטער אָבער האָט געקראָגען בעצאָהלט דעם טוישווערטה פון זיין אַרבייט־קראַפט און האָט דערמיט אָבגעגעבען איהר געברויך־ווערטה — ווי דאָס איז דער פאַל ביי יעדען קויף און פערקויף.

דאָס, וואָס אַז די ספּעציעלע סחורה אַרבייט־קראַפט האָט דעם אייגענטימליכען געברויך־ווערטה צו ליפערן אַרבייט און פאָלג־ליך צו שאַפען ווערטה, ענדערט אויף קיין האָר ניט דעם אַלגעמיי־נעם געזעץ פון דער סחורה־פּראָדוקציאָן. אויב דעריבער די ווערטה־סומע, וואָס איז אויסגעלעגט געוואָרען אין אַרבייט־לוין, קומט ניט נאָר ווידער אַרויס אין דעם פּראָדוקט, נאָר זי קומט אַרויס פער־גרעסערט מיט אַ מעהרווערטה, נעהמט זיך דאָס ניט פון אָבנאַרען דעם פערקויפער, וועלכער האָט דאָך בעקומען דעם ווערטה פון זיין סחורה, נאָר בלויז פון דעם פערברויך פון דער דאָזיגער סחורה דורכ'ן קויפער.

דאָס געזעץ פון אויסטויש שטעלט דעם בעדינג פון גלייכ־חיות נאָר פאַר די טוישווערטהען פון די סחורות, וואָס ווערן אַוועק־געגעבען איינע פאַר דער אַנדערער. עס שטעלט אפילו לכתחילה דעם בעדינג פון פערשיידענהייט פון זייערע געברויך־ווערטהען,

און האָט לחלוטין גאָר ניט צו טהאָן מיט זייער פערברויך, וואָס פאַנגט זיך ערשט אָן נאָך דעם געשלאָסענעם און דורכגעפיהרטען מסחר.

די אורשפּרינגליכע פערוואַנדלונג פון געלד אין קאַפּיטאַל ווערט פאָלגליך דורכגעפיהרט אין דעם גענויעסטען איינקלאַנג מיט די עקאָנאָמישע געזעצען פון סחורה־פּראָדוקציאָן און מיט דעם איי־גענטום־רעכט, וואָס ווערט דערפון אַרויסגעבראַכט. טראָץ דעם אָבער איז איהר רעזולטאַט:

1. אַז דער פּראָדוקט געהערט דעם קאַפּיטאַליסט און ניט דעם אַרבייטער;

2. אַז דער ווערטה פון דעם דאָזיגען פּראָדוקט שליסט איין, אַ חוץ דעם ווערטה פון דעם אויסגעלעגטען קאַפּיטאַל, אויך אַ מעהר־ווערטה, וועלכער האָט דעם אַרבייטער געקאָסט אַרבייט אָבער דעם קאַפּיטאַליסט האָט ער גאָרנישט געקאָסט, און פונדעסטוועגען ווערט ער דאָס געזעצמעסיגע אייגענטום פון דעם קאַפּיטאַליסט;

3. אַז דער אַרבייטער האָט אויפגעהאַלטען זיין אַרבייט־קראַפט און קאָן זי פערקויפען פון דאָס ניי, ווען ער געפינט אַ קויפער.

די איינפאַכע רעפּראָדוקציאָן איז נאָר די פּעריאָדישע וויע־דערהאָלונג פון דער דאָזיגער ערשטער אָפּעראַציע; יעדעס מאָל ווערט שטענדיג פון דאָס ניי געלד פערוואַנדעלט אין קאַפּיטאַל. דאָס געזעץ ווערט פאָלגליך ניט געבראָכען; און געגענטייל, עס קריגט נאָר די געלעגענהייט שטענדיג זיך צו פערווירקליכען. „ווען מעהרערע אויסטויש־אַקטען קומען כסדר פאָר, ווערט נאָר דערמיט דער לעצטער דער רעפּרעזענטאַנט פון דעם ערשטען.“[24]

און פונדעסטוועגען האָבען מיר געזעהן, אַז די איינפאַכע רעפּראָדוקציאָן איז אַליין גענוג צו פערענדערן פון גרונד־אויס דעם כאַראַקטער, וואָס די דאָזיגע ערשטע אָפּעראַציע האָט געהאַט — די פערוואַנדלונג פון געלד אין קאַפּיטאַל — כל זמן מיר בעטראַכ־טען זי ווי אַ פּעראַיינצעלטען פּראָצעס. „צווישען די, וועלכע טיילען זיך מיט דער נאַציאָנאַלער הכנסה, בעקומען איינינע (די

[24] זיסמאַנדי, „נייע פּרינציפּען פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע“ (פראַנצ.) באַנד I, ז. 70.

ארבייטער) יעדען יאהר א נייעם רעכט דערויף דורך נייער ארבייט; די אנדערע (די קאפיטאליסטען) האבען שוין פריהער בעקומען דערויף א שטענדיגען רעכט דורך אורשפרינגליכער ארבייט.*[24] די ארבייט איז אבער ניט דער איינציגער געביט, אויף וועלכען די בכורה שאפט וואונדער.

די לאגע ענדערט זיך אויך ניט, ווען די איינפאכע רעפּראָדוקציאן ווערט פערביטען דורך דער רעפּראָדוקציאן אויף א ברייטערן מאסשטאב — דורך דער אקומולאציע. אין דעם ערשטען פאל פערהוליעט דער קאפּיטאליסט דעם גאנצען מעהרווערטה, אין דעם אנדער פאל בעווייזט ער זיין בירגערליכע טוגענד דערמיט, וואס ער פערצעהרט נאר איין טייל און פערוואנדעלט דאס איבעריגע אין קאפּיטאל.

דער מעהרווערטה איז זיין אייגענטום, ער האט קיינמאל צו קיין אנדערן ניט געהערט. ווען ער לעגט איהם אוים אין דער פּראָדוקציאן, מאכט ער דעם אויסלעג פון זיין אייגענעם בעזיץ, פונקט ווי אין דעם טאג, ווען ער האט בעטראטען דעם מארק צום ערשטען מאל. אז דער בעזיץ שטאמט דאס מאל פון דער אונבעצאהלטער ארבייט פון זיינע ארבייטער, האט מיט דער זאך אבסאלוט גאר ניט צו טהאן. אויב דער ארבייטער ב ווערט בעשעפטיגט מיט דעם מעהרווערטה, וואס דער ארבייטער א האט פּראָדוצירט, איז ערשטענס האט א געליפערט דעם דאזיגען מעהרווערטה, בעקומענדיג דעם גערעכטען פרייז פון זיין סחורה, פון וועלכען מען האט ביי איהם א פרוטה ניט אבגעריסען; און צווייטענס געהט דער גאנצער געשעפט איבערהויפּט ניט אן דעם ארבייטער ב. דאס איינציגע, וואס ב פערלאנגט און וואס ער האט א רעכט צו פערלאנגען, איז, אז דער קאפּיטאליסט זאל איהם צאהלען דעם ווערטה פון זיין ארבייט־קראפט. „ביידע האבען נאך געוואונען: דער ארבייטער, ווייל מען האט איהם אויסגעלעגט די פרוכט פון זיין ארבייט (ריכטיגער דארף מען זאגען: פון דער אונבעצאהלטער ארבייט פון אנדערע ארבייטער) איידער זי איז דורכגעפיהרט געווארען (ריכטיגער געזאגט: איידער זיין ארבייט האט געטראגען פרוכט); דער באס, ווייל די ארבייט פון דעם

---

*[24] ד. ג. ז. 111.

ראַזיגען ארבייטער איז געווען ווערטה מעהר איידער זיין לוין (ריכטיגער געזאָגט: האָט פּראָדוצירט מעהר ווערטה איידער דער ווערטה פון זיין לוין).**[24]

גאַנץ געווים זעהט די זאַך גאָר אַנדערש אויס ווען מיר בעטראַכ־טען די קאפּיטאליסטישע פּראָדוקציאָן אין דעם ניט־אונטערבראָ־כענעם פלוס פון איהר בענייאונג, און אַנשטאַט דעם איינצעלנעם קאפּיטאליסט און דעם איינצעלנעם ארבייטער האלטען מיר אין אויג דעם כלל, דעם קאפּיטאליסטישען קלאַס און אַנטקעגען איהם דעם ארבייטער־קלאַס. דערמיט אָבער וואָלטען מיר אויפגעשטעלט א מאַסשטאַב, וועלכער איז דער סחורה־פּראָדוקציאָן גאַנץ פרעמד.

אין דער סחורה־פּראָדוקציאָן שטעהען איינער אַנטקעגען אַנ־דערן און אוזאבהענגיג איינער פון דעם אַנדערן נאָר דער פער־קויפער און קויפער. זייערע געגענזייטיגע בעציהונגען זיינען גע־ענדיגט, ווען עס געהט אויס דער אָבמאַך, וואָס איז געשלאָסען גע־וואָרן צווישען זיי. אויב דער עסק חזר'ט זיך איבער, קומט עס פאָר אלס רעזולטאַט פון א נייעם אָבמאַך, וואָס האָט גאָר ניט צו טהאָן מיט דעם פריהערדיגען, און עס איז נאָר א צופאל, וואָס דערזעלביגער קויפער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט דעמזעל־ביגען פערקויפער.

וויל מען, הייסט עס, בעטראַכטען די סחורה־פּראָדוקציאָן אָדער א וועלכען עס איז פּראָצעס, וואָס געהערט צו איהר, לויט איהרע אייגענע עקאָנאָמישע געזעצען, דאַן מוזען מיר בעטראַכטען יעדען אַקט פון אויסטויש פאר זיך, אויסערהאלב יעדען צוזאַמענהאַנג מיט דעם אויסטויש־אַקט, וואָס איז געקומען פאר איהם, ווי אויך מיט דעם, וואָס קומט נאָך איהם. און אַזוי ווי אָבמאַכען פון קויף און פערקויף ווערען אָבגעשלאָסען נאָר צווישען איינצעלנע אינדי־ווידומען, לאָזט זיך על פּי שכל ניט זוכען דעריין קיינע בעציהונגען צווישען גאַנצע געזעלשאַפט־קלאַסען.

ווי לאַנג עס זאָל ניט זיין דער כסדר'דיגער גאַנג פון די פע־ריאָדישע רעפּראָדוקציאָנען און די פריהער־געקומענע אַקומולאַ־ציעס, וואָס דער היינט־פונקציאָנירענדער קאפּיטאל האָט דורכגע־מאַכט, האלט ער אלץ אויף זיין אורשפּרינגליכע יונגפרוילּיכקייט.

**[24] ד. נ. ז. 185.

כל זמן די געזעצען פון אויסטויש ווערן אויסגעהאַלטען ביי יעדען אויסטויש־אַקט — פאַר זיך גענומען, — קאָן דער אופן פון אָנאייגענונג דורכמאַכען אַ פאַלשטענדיגע איבערקערעניש, ניט אָנריהרענדיג דערביי אין קיין פאַל דאָס אייגענטום־רעכט, וואָס איז געבויט אויף דער סחורה־פּראָדוקציאָן. דאָסזעלביגע רעכט שטעהט אין קראַפט, אַזוי ווי אין אָנפאַנג, ווען דער פּראָדוקט געהערט דעם פּראָדוצירער און ווען ער קאָן זיך מאַכען רייכער נאָר דורך אייגענער אַרבייט, אויסטוישענדיג אַן עקוויוואַלענט אויף אַן עקוויוואַלענט, אַזוי אויך אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּעריאָדע, ווען דער געזעלשאַפטליכער רייכטום ווערט אין אַלץ אַ שטייגענדער מאָס דאָס אייגענטום פון די, וועלכע זיינען אין דער לאַגע זיך שטענדיג אָנצואייגענען פון דאָס ניי די אונבעצאָהלטע אַרבייט פון אַנדערע מענשען.

דער דאָזיגער רעזולטאַט ווערט אונפערמיידליך, וויבאַלד די אַרבייט־קראַפט ווערט פון דעם אַרבייטער גופא פריי פערקויפט ווי אַ סחורה. אָבער טאַקע ערשט פון דאַמאָלסט אָן ווערט די סחורה־פּראָדוקציאָן פעראַלגעמיינערט און ווערט די טיפּישע פּראָדוקציאָנס־פאָרם; ערשט פון דאַמאָלסט אָן ווערט יעדער פּראָדוקט לכתחילה פּראָדוצירט פאַר׳ן פערקויף און דער גאַנצער פּראָדוצירטער רייכטום געהט דורך דער צירקולאַציע. ערשט דאָ, וואו די לוין־אַרבייט האָט איהר באַזיס, צווינגט זיך אַרויף די סחורה־פּראָדוקציאָן אויף דער גאַנצער געזעלשאַפט; אָבער ערשט דאָ ענטוויקעלט זי אויך אַלע איהרע פערבאָרגענע קרעפטען. זאָגען אַז דאָס אַריינטרעטען פון דער לוין־אַרבייט טרייבט די סחורה־פּראָדוקציאָן אויף אַ פאַלשען וועג, איז אַלץ איינס ווי צו זאָגען, אַז די סחורה־פּראָדוקציאָן טאָר זיך ניט ענטוויקלען, כדי זי זאָל בלייבען ניט פערפאַלשעוועט. אין דערזעלבער מאָס ווי זי בילדעט זיך אוים לויט איהרע אייגענע געזעצען אין אַ קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן, אין דערזעלביגער מאָס בייטען זיך אום די אייגענטום־געזעצען פון דער סחורה־פּראָדוקציאָן אין געזעצען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָנאייגענונג. מען מוז דעריבער בעוואונדערן פּרודאָנ׳ס פיפיגקייט, וועלכער וויל אָבשאַפען דאָס קאַפּיטאַליסטישע אייגענטום, דערמיט וואָס ער שטעלט אויף אַנט־

קענען דעם — די אייביגע אייגענטום־געזעצען פון דער סחורה־פראדוקציאן!

מיר האבען געזעהן, אז אפילו ביי דער איינפאכער רעפראדוקציאן פערוואנדעלט זיך יעדער אויסגעלעגטער קאפיטאל, אויף וועלכען אופן ער איז ניט אורשפרינגליך ערווארבען געווארן, אין אן אקומולירטען קאפיטאל אדער אין קאפיטאליזירטען מעהר־ווערטה. אבער אין דעם שטראם פון דער פראדוקציאן ווערט בכלל יעדער אורשפרינגליך־אויסגעלעגטער קאפיטאל א פערשווינדענדע גרויס („מאגניטודא עוואנעסצענס" אין מאטעמאטישען זין) אין פערגלייך מיט דעם דירעקט־אקומולירטען קאפיטאל, דאס הייסט מיט דעם מעהרווערטה אדער מעהר־פראדוקט, וואס איז צוריק פערוואנדעלט געווארן אין קאפיטאל, סיי עס פונקציאנירט איצט אין דער האנד, וועלכע האט איהם אקומולירט, אדער אין א פרעמדער האנד. די פאליטישע עקאנאמיע שטעלט דעריבער פאר דעם קאפיטאל בכלל ווי אן „אקומולירטען רייכטום" (א פערוואנדעלטען מעהרווערטה אדער הכנסה), „וועלכער ווערט פון דאס ניי פערווענדעט צו פראדוצירען מעהרווערטה,"[25] אדער זי שטעלט אויך פאר דעם קאפיטאליסט ווי „א בעזיצער פון דעם מעהר־פראדוקט."[26] דערזעלביגער בליק ווערט נאר אויסגעדריקט אין אנאנדער פארם, ווען מען זאגט, אז דער גאנצער פאראנענער קאפיטאל איז אן אקומולירטער אדער קאפיטאליסטישער צינז, וואריום דער צינז איז בלויז א ברוך־טייל פון מעהרווערטה.[27]

---

[25] „קאפיטאל — דאס איז אקומולירטער רייכטום, וואס ווערט פערטאן אין געשעפט מיט דער אבזיכט צו מאכען פראפיט." (מאלטוס, „פרינסיפלס אוו פאליטיקאל עקאנאמי", ז. 262.) „קאפיטאל בעשטעהט פון רייכטום, וועלכער איז אבגעשפארט פון דער הכנסה און פערווענדעט מיט דער אבזיכט צו מאכען פראפיט." E. Jones, "An Introductory Lecture on Political Economy," London 1833, p. 16.

[26] „די בעזיצער פון א איבערפליסיגען פראדוקט אדער קאפיטאל." "The Source and Remedy of the Natural Difficulties: A Letter to Lord John Russel." London 1821.

[27] „קאפיטאל מיט די פראצענטען אויף פראצענטען פאר יעדען טייל פון דעם אבגעשפארטען קאפיטאל וואקסט אזוי אונגעוועהנליך, אז דער גאנצער רייכטום פון דער וועלט, וואס גיט א הכנסה, איז שוין פון לאנג אן מעהר גארנישט ווי אמאליגע פראצענטען פון קאפיטאל." („לאנדאן עקאנאמיסט", 19

## 2. די טעות'דיגע אויפפאסונג פון דער רעפראדוקציאן אויף אן אויסגעברייטערטען מאסשטאב מצד דער פאליטישער עקאנאמיע.

איידער מיר נעהמען זיך אונטערזוכען איניגע גענויערע בעשטימונגען פון דער אקומולאציע אדער צוריקפערוואנדלונג פון מעהרווערטה אין קאפיטאל, מוז מען אב'פטר'ן א געוויסען צווייידייטיגען בעגריף, וואס איז אריינגעבראכט געווארן פון דער קלאסישער פאליטישער עקאנאמיע.

פונקט ווי וועניג די סחורות, וואס דער קאפיטאליסט קויפט מיט א טייל פון דעם מעהרווערטה פאר זיין אייגענער קאנזומציאן, דיענען איהם אלס פראדוקציאנס־ און פערווערטונגס־מיטלען, פונקט אזוי וועניג איז די ארבייט, וועלכע ער קויפט פאר דער בעפריעדיגונג פון זיינע נאטירליכע און געזעלשאפטליכע בעדערפענישען, פראדוקטיווע ארבייט. אנשטאט צו פערוואנדלען, דורך דעם קויף פון די דאזיגע סחורות און ארבייט, דעם מעהרווערטה אין קאפיטאל, פערצעהרט ער אדער גיט איהם גאר פערקעהרט אוים אלס הכנסה. אין געגענזאץ צו דער אלט־פריצישער פיהרונג, וועלכע ווי העגעל זאגט, „בעשטעהט אין פערצעהרן וויפיעל עס איז פאראן" און וועלכע דריקט זיך אוים בעזונדערס ברייט אין דעם לוקסוס פון פערזענליכער דיענערשאפט, האט די בורזשואזע עקאנאמיע געהאלטען פאר העכסט וויכטיג, צו פראקלאמירן די אקומולאציע פון קאפיטאל אלס די ערשטע בירגער־פליכט און צו פרעדיגען אהן אן אויפהער, אז מען קאן ניט אקומולירן, ווען מען עסט אויף די גאנצע הכנסה, אנשטאט אויסצוגעבען א גוטען טייל דערפון אויף צו דינגען נאך פראדוקטיווע ארבייטער, וועלכע ברענגען איין מעהר איידער זיי קאסטען. פון דער אנדער זייט האט די פאליטישע עקאנאמיע געמוזט פאלעמיזירן אנטקעגען דעם פאפולערן פאראורטייל, וואס מישט צונויף די קאפיטאליסטישע פראַ־

---

יולי, 1859.) דער עקאנאמיסט איז ווירקליך צופיעל בעשיידען. נאכגעהענדיג אין די טריט פון דר. פריים, האט ער געקאנט בעווייזען דורך גענויע רעכענונגען, אז אויב מען וויל צוגעבען דעם קאפיטאל אלץ וואס איהם קומט, מוז מען נאך צולעגען אנדערע פלאנעטען צו אונזער ערד־קוגעל.

דוקציאָן מיט דער אוצרות־זאַמלונג[28] און מיינט דעריבער, אַז אַקו־מולירטער רייכטום איז ענטוועדער רייכטום, וואָס מען לאָזט ניט צערשטערט ווערן אין זיין עקזיסטירענדער נאַטוראַל־פאָרם, ד. ה. פערברויכט ווערן, אָדער רייכטום וואָס ווערט אויך צוריקגעצויגען פון דער צירקולאַציע. אויסשליסען דאָס געלד פון דער צירקולאַ־ציע וואָלט אַקוראַט געווען דער היפך פון זיין פערווערטונג אַלס קאַפּיטאַל, און אַקומולירן סחורה אין דעם אוצרות־זאַמלערישען זין וואָלט געווען אַ פּשוט'ע שטות'ערײַ.*[28] אַן אַקומולאַציע פון סחורה אין גרויסע מאַסען איז אַ רעזולטאַט פון אַ געשטאָקטער צירקולאַציע אָדער פון איבערפּראָדוקציאָן.[29] עס איז אָבער אמת, אַז אין דמיון פון פאָלק שטעלט זיך פון איין זייט פאַר אַ בילד פון די אָנגעזאַמעלטע און לאַנגזאַם־פערצעהרטע גיטער, וואָס מאַכען אויס דעם קאָנזומציאָנס־פאָנד פון די רייכע; און פון דער אַנדער זייט די פאָרמירונג פון רעזערוען [זאַפּאַסען] — אַן ערשיינונג, וועלכע געהערט צו אַלע פּראָדוקציאָנס־אופנים, און ביי וועלכער מיר וועלען זיך אַ ווײַלע אָבשטעלען, ווען מיר וועלען קומען צו דעם אַנאַליז פון דעם צירקולאַציאָנס־פּראָצעס.

אַזוי ווייט, הייסט עס, איז די קלאַסישע פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע גערעכט, ווען זי בעטאָנט, אַז דער פערברויך פון'ם מעהר־פּראָדוקט דורך פּראָדוקטיווע אַרבייטער אָנשטאָט דורך אונפּראָ־

---

[28] „קיין היינטיגער פּאָליטישער עקאָנאָם קאָן ניט מיינען אונטער דעם וואָרט שפּאָרען פּשוט אוצרות־קלייבען. אַ חוץ דער דאָזיגער בעשרענקטער און ניט־גענוגענדער מעשה, קאָן דער אויסדרוק, וואָס איז נוגע דעם נאַציאָנאַלען רייכטום, אנגעווענדעט ווערן נאָר אין איין זין, און דער בעציהט זיך אויף דער פערשיידענער פערווענדונג פון דאָס אָבגעשפּאָרטע, וואָס רוהט אויף אַ ווירקליכען אונטערשייד צווישען די פערשיידענע סאָרטען אַרבייט, וואָס ווערן דערמיט אויסגעהאַלטען.“ (מאַלטוס, „פּרינסיפּלס אָוו פּאָליטיקאַל עקאָ־נאָמי“, ז. 38 און 39.)

*[28] אַזוי צ. ב. ש. באַלזאַק, וועלכער האָט אַזוי גרינדליך שטודירט אַלע שאַטירונגען פון קאַרגקייט, שטעלט פאַר דעם אַלטען פּראַצענטניק גאָבסעק ווי ער איז שוין געוואָרן אַן עובר בטל, ווען ער האָט אָנגעהויבען צו קלייבען אַן אוצר פון אַלערליי סחורות.

[29] „אַקומולירונג פון קאַפּיטאַל . . . אָבגעשטעלטער אויסטויש . . . איבערפּראָדוקציאָן“ Th. Corbet, "An Inquiry into the Causes and Modes of the Wealth of Individuals," London, 1841, page 14.

דוקטיווע איז דער כאַראַקטעריסטישער מאָמענט פון דעם אַקומו־לאַציאָנס־פּראָצעס. אָבער דאָ פאַנגט זיך אויך אָן איהר טעות. אַדאַם סמיטה האָט געמאַכט די מאָדע פאָרצושטעלען די אַקו־מולאַציע בלויז ווי אַ קאָנזומציאָן פון דעם מעהר־פּראָדוקט דורך פּראָדוקטיווער אַרבייט, אָדער אין אַנדערע ווערטער: די קאַפּי־טאַליזירונג פון דעם מעהרווערטה בעשטעהט נאָר אין זיין פער־וואַנדלונג אין אַרבייט־קראַפט.

לאָמיר הערן צום ביישפּיעל וואָס ריקאַרדאָ זאָגט: „מען מוז פערשטעהן, אַז אַלע פּראָדוקטען פון אַ לאַנד ווערן קאָנזומירט; עס מאַכט אָבער דעם גרעסטען אונטערשייד, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלען, צי זיי ווערן קאָנזומירט פון אַזעלכע, וועלכע רעפּראָדוצירן אַנאַנדער ווערטה, אָדער פון אַזעלכע, וואָס רעפּראָ־דוצירן ניט קיין אַנדער ווערטה. ווען מיר זאָגען, אַז הכנסה ווערט אָבגעשפּאָרט און צוגעלעגט צום קאַפּיטאַל, מיינען מיר, אַז דער טייל פון דער הכנסה, וועגען וועלכען עס רעדט זיך, אַז ער איז צוגעלעגט געוואָרען צום קאַפּיטאַל, ווערט פערצעהרט דורך פּראָ־דוקטיווע אָנשטאָט דורך אונפּראָדוקטיווע אַרבייטער. עס גיט ניט קיין גרעסערער טעות איידער צו דענקען, אַז קאַפּיטאַל ווערט פער־מעהרט דורך ניט־קאָנזום.״[30]

עס גיט ניט קיין גרעסערן טעות ווי דער, וואָס ריקאַרדאָ און אַלע שפּעטערע עקאָנאָמיסטען פּלוידערן נאָך אַדאַם סמיטה, אַז „דער טייל פון דער הכנסה, וועגען וועלכען עס רעדט זיך, אַז ער איז צוגעלעגט געוואָרן צום קאַפּיטאַל, ווערט פערצעהרט פון פּראָדוקטיווע אַרבייטער.״ לויט אָט דער פאָרשטעלונג וואָלט יע־דער מעהרווערטה, וואָס ווערט פערוואַנדעלט אין קאַפּיטאַל, גע־וואָרן אַ וואַריאַבלער קאַפּיטאַל. אין דער אמת׳ן טיילט ער זיך איין, פּונקט ווי דער אורשפּרינגליך־אויסגעלעגטער ווערטה, אין קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל און וואַריאַבלען קאַפּיטאַל, אין פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען און אַרבייט־קראַפט. אַרבייט־קראַפט איז די פאָרם, אין וועלכער דער וואַריאַבלער קאַפּיטאַל עקזיסטירט אין פערלויף פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. אין אָט דעם פּראָצעס ווערט די

---

[30] ריקאַרדאָ, „פּרינסיפּלס אָוו פּאָליטיקאַל עקאָנאָמי״, 3טע אויפלאַגע, לאָנדאָן 1821, ז. 163, נ.

אַרבייט־קראַפט גופא פערצעהרט פון דעם קאַפּיטאַליסט. זי פער־צעהרט דורך איהר פונקציע — די אַרבייט — פּראָדוקציאָנס־מיטלען. אין דערזעלביגער צייט פערוואַנדעלט זיך דאָס געלד, וואָס איז אָבגעצאָהלט געוואָרן איינקויפענדיג די אַרבייט־קראַפט, אין לעבענס־מיטלען, וועלכע ווערן פערצעהרט ניט פון דער „פּראָ־דוקטיווער אַרבייט", נאָר פון „פּראָדוקטיווע אַרבייטער." אַדאַם סמיטה איז געקומען דורך אַ גרונד־פערקעהרטען אַנאַליז צו דעם אונזיניגען רעזולטאַט, אַז הגם יעדער אינדיווידועלער קאַפּיטאַל טיילט זיך איין אין אַ קאָנסטאַנטען און וואַריאַבלען בעשטאַנד־טייל, לעזט זיך דער געזעלשאַפטליכער קאַפּיטאַל אויף נאָר אין וואַריאַבלען קאַפּיטאַל, אָדער ווערט נאָר אויסגעגעבען אויף צו צאָה־לען אַרבייטס־לוין. צום ביישפּיעל, אַ טוך־פאַבריקאַנט פערוואַנ־דעלט 2000 פונט סט. אין קאַפּיטאַל. ער לעגט אויס איין טייל פון'ם געלד איינצוקויפען וועבער, דעם אַנדער טייל אין וואָלענע גאַרן, מאַשינעריע א. אז. וו. אָבער די מענשען, פון וועמען ער קויפט די גאַרן און די מאַשינעריע, צאָהלען ווידער מיט אַ טייל דערפון פאַר אַרבייט א. אז. וו., ביז די גאַנצע 2000 פונט סט. זיינען אויסגעגעבען אין צאָהלען אַרבייטס־לוין, אָדער דער גאַנצער פּראָ־דוקט, וואָס איז פאַרגעשטעלט דורך די 2000 פונט סט., איז פער־צעהרט דורך פּראָדוקטיווע אַרבייטער. עס איז קלאָר, אַז דאָס גאַנצע געוויכט פון דעם אַרגומענט ליעגט אין די ווערטער „און אזוי ווייטער", וועלכע טרייבען אונז אַרום אַהין און אַהער. פאַק־טיש שטעלט אַדאַם סמיטה אָב די אונטערזוכונג גראָד דאָרט, וואו איהרע שוועריגקייטען פאַנגען זיך אָן.[81]

כל זמן מען האַלט נאָר אין אויג די סומע פון דער פּראָדוק־ציאָן פון גאַנצען יאָהר, איז דער פּראָצעס פון דער יעהרליכער פּראָ־

---

[81] פּראָץ זיין „לאָגיק" דערזעהט ניט הערר דזשאהן סטוארט מילל אפילו אזא פעהלערהאַפטע אנאליז פון זיינע פארגענגער, וועלכער בעט זיך, פון א ריינעם פאַך־שטאנדפונקט און אפילו אין דעם בורזשואזען האריזאנט, מען זאל איהר פערריכטען. אומעטום רעגיסטרירט ער מיט דעם דאגמאטיזם פון א תלמיד די געדאנקען־פלאנטערס פון זיינע לעהרער. אזוי זאגט ער דא: „דער קאפּיטאל גופא לעזט זיך שליסליך אויף פאלשטענדיג אין לוינען, און ווען ער קעהרט זיך אום דורך דעם פערקויף פון די פּראדוקטען, פערוואנדעלט ער זיך ווידער אין לוינען."

דוקציאָן לייכט פערשטענדליך. אָבער יעדער בעשטאַנד־טייל פון
דער יעהרליכער פּראָדוקציאָן מוז געבראַכט ווערן אויפ'ן מארק,
און דאָ פאַנגט זיך אָן די שוועריגקייט. די בעוועגונגען פון די
איינצעל־קאַפּיטאַלען און די פּערזענליכע הכנסות קרייצען זיך, מי־
שען זיך דורך און פערלירן זיך אין אָן אַלגעמיינעם איבערבייט פון
פּלעצער — אין דער צירקולאַציע פון געזעלשאַפטליכען רייכטום —
וועלכער פערווירט דעם בליק און גיט דער אונטערזוכונג זעהר
פערוויקעלטע פּראָבלעמען צו לעזען. אין דעם דריטען אָבטייל פון
דעם צווייטען בוך וועל איך געבען דעם אַנאַליז פון דעם ווירקלי־
כען צוזאַמענהאַנג. עס וועט זיך דאָרט ארויסצייגען, אז אַדאַם
סמיטה'ס דאָגמאַ, וועלכע אַלע זיינע נאָכפאָלגער האָבען איבער־
גענומען בירושה, האָט געשטערט דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע צו
בעגרייפען אפילו נאָר דעם עלעמענטאַרען מעכאַניזם פון דעם גע־
זעלשאַפטליכען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. עס איז אַ גרויס פער־
דיענסט פון די פיזיאָקראַטען, וואָס זיי האָבען צום ערשטען מאָל
געמאַכט די פּראָבע, אין זייער „טאַבלאָ עקאָנאָמיק", צו געבען אַ
בילד פון דער יעהרליכער פּראָדוקציאָן אין דער געשטאַלט, אין
וועלכער זי שטעלט זיך אונז פאָר דורכגעהענדיג דעם פּראָצעס
פון דער צירקולאַציע.[32]

---

[32] אַדאַם סמיטה אין זיין דערקלערונג פון דעם רעפּראָדוקציאָנס־פּראָצעס,
און ממילא אויך פון דער אַקומולאַציע, האָט אין איינינע פּרטים ניט נאָר ניט
געמאַכט קיין פאָרטשריטען, נאָר האָט געמאַכט פּאָזיטיווע ריקשריטען אין פער־
גלייך צו זיינע פאָרגענגער, דערהויפּט די פיזיאָקראַטען. צוזאַמען מיט זיין
אילוזיע, וואָס איז דערמאָנט געוואָרן אין טעקסט, איז פערבונדען די באמת
פּאַבעלהאַפטע לעהרע, אז דער פּרייז פון סחורות איז צוזאַמענגעשטעלט פון
ארבייטס־לוין, פּראָפיט (צינז) און גרונד־רענטע, דאָס הייסט בלויז פון אַר־
בייטס־לוין און מעהרווערטה. ארויסגעהענדיג פון אָט דעם באַזיס איז ווע־
ניגסטענס סטאָרך מודה אויף אַ נאַאיווען אופן: „עס איז אונמעגליך אויפ־
צולעזען דעם נויטווענדיגען פּרייז אין זיינע איינפאַכע עלעמענטען." (סטאָרך,
„קור ד'עקאָנאָמי פּאָליטיק", פּעטערבורג 1815, ב. I, ז. 140 נ.) אַ שעהנע
עקאָנאָמישע וויסענשאַפט, וועלכע דערקלערט, אז עס איז אונמעגליך אויפצולע־
זען דעם פּרייז פון סחורות אין זיינע איינפאַכסטע עלעמענטען! גענויערעס
וועגען דעם וועט ווערן דערקלערט אין דריטען אָבטייל פון 2טען בוך און אין
7טען אָבטייל פון דריטען בוך. [זעה אויך „טעאָריען איבער דען מעהרווערטה",
ב. I, ז. 164 און ווייטער.]

עס פערשטעהט זיך איבעריגענס פון זיך אליין, אז די פאָליטישע עקאָנאָמיע האָט ניט פערפעהלט אויסצונוצען אדאם סמיטה׳ס זאַץ אין די אינטערעסען פון דעם קאפיטאליסטישען קלאַס: „נעמליך, אז דער גאנצער טייל פון דעם נעט־פּראָדוקט, וואָס איז פערוואנדעלט אין קאפיטאל, ווערט פערצעהרט פון דעם ארבייטער־קלאַס.

## 3. די צוטיילונג פון׳ם מעהרווערטה אין קאפיטאל און הכנסה. די אבסטינענץ־טעאָריע.

אין פאָריגען קאפּיטעל האָבען מיר בעטראַכט דעם מעהרווערטה, אָדער דעם מעהר־פּראָדוקט, נאָר ווי א אינדיווידועלען קאָנזומציאָנס־פאָנד פון דעם קאפיטאליסט; אין אָט דעם קאַפּיטעל האָבען מיר איהם ביז אהער נאָר בעטראַכט ווי אַן אקומולאציאָנס־פאָנד. ער איז אָבער ניט נאָר דאָס איינע אָדער נאָר דאָס אנדערע, ער איז ביידע צוגלייך. איין טייל פון דעם מעהרווערטה ווערט פערצעהרט פון דעם קאפיטאליסט אלס הכנסה,[33] אנאנדער טייל ווערט אָנגעווענדעט אָדער אקומולירט אלס קאַפּיטאל.

ווען די מאַסע פון דעם מעהרווערטה איז בעשטימט, איז קלאָר אז די גרויס פון דער אקומולאציע העננט אָב פון דער צוטיילונג פון׳ם מעהרווערטה אין אקומולאציאָנס־פאָנד און קאָנזומציאָנס־פאָנד, אין קאפיטאל און הכנסה. וואָס גרעסער איין טייל איז, אלץ קלענער איז דער אנדער טייל. די מאַסע פון׳ם מעהרווערטה אָדער פון דעם מעהר־פּראָדוקט, פאָלגליך פון דעם גרייטען (פערפיגבארען) רייכטום פון א לאַנד, וועלכע קאָן פערוואנדעלט

[33] דער לעזער וועט בעמערקען, אז דאָס וואָרט הכנסה (רעוועניו) ווערט געברויכט אין א טאָפּעלטען זין: ערשטענס צו בעצייכנען דעם מעהרווערטה אלס די פרוכט וואָס קומט פעריאָדיש ארויס פון קאפיטאל; צווייטענס צו בעצייכנען דעם טייל פון דער דאָזיגער פרוכט, וועלכער ווערט פעריאָדיש פערצעהרט פון דעם קאפיטאליסט, אָדער ווערט צוגעלעגט צו זיין קאָנזומציאָנס־פאָנד. איך האָב אָנגעהאַלטען אָט דעם דאָפּעלטען זין, ווייל ער הארמאָנירט מיט דעם שפּראַך־געברויך פון די ענגלישע און פראַנצויזישע עקאָנאָמיסטען.

ווערן אין קאַפּיטאַל, איז דעריבער אַלע מאָל גרעסער איידער דער טייל פון דעם מעהרווערטה, וואָס איז ווירקליך פערוואַנדעלט אין קאַפּיטאַל. וואָס ענטוויקעלטער די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן איז אין אַ לאַנד, וואָס ראַשיגער און מאַסענהאַפטער די אַקומולאַ־ציע איז, וואָס רייכער דאָס לאַנד איז, וואָס קאָלאָסאַלער דעריבער איז דער לוקסוס און די פערשווענדונג — אַלץ גרעסער איז אָט דער חלוק צווישען דעם סך הכל פון'ם מעהרווערטה און יענעם טייל דערפון, וואָס ווערט פערוואַנדעלט אין קאַפּיטאַל.

אָבגעזעהן פון דעם יעהרליכען צו־וואוקס פון רייכטום, בע־זיצט דער רייכטום, וואָס געפינט זיך אין קאָנזומציאָנס־פאָנד פון די קאַפּיטאַליסטען און לאָזט זיך נאָר ביסלעכווייז פערצעהרן, טייל־ווייז נאַטוראַל־פאָרמען, אין וועלכע ער וואָלט געקאָנט דירעקט פונקציאָנירן אַלס קאַפּיטאַל. צו די פאַראַנענע עלעמענטען פון רייכטום, וועלכע וואָלטען געקאָנט פונקציאָנירן אין דעם פּראָדוק־ציאָנס־פּראָצעס, רעכענען זיך אַלע ארבייט־קרעפטען, וואָס ווערן אָדער גאָרניט פערברויכט, אָדער ווערן פערברויכט פאַר ריין קאָנ־ווענציאָנעל־פערזענליכע און אָפט שענדליכע דיענסטלייסטונגען.

די פּראָפּאָרציע, אין וועלכער דער מעהרווערטה ווערט איינ־געטיילט אין קאַפּיטאַל און הכנסה, בייט זיך נאָכאַנאַנד און ווערט בעהערשט דורך אומשטענדען, וועלכע קאָנען דאָ ווייטער ניט ענטוויקעלט ווערן. דער קאַפּיטאַל, וואָס ווערט אָנגעווענדעט אין אַ לאַנד, איז דעריבער ניט קיין פעסטע נאָר אַ וועקסלענדע גרויס, אַ שטענדיג־וואַריאַבלער און עלאַסטישער ברוך־טייל פון דעם פאַ־ראַנענעם רייכטום, וועלכער קאָן פונקציאָנירן אַלס קאַפּיטאַל.

יעדענפאַלס איז דאָס דער קאַפּיטאַליסט, וועלכער פיהרט דורך די צוטיילונג פון מעהרווערטה אין קאַפּיטאַל און הכנסה. די צו־טיילונג איז אַלזאָ אַן אַקט פון זיין ווילען. מען זאָגט, אַז ער שפּאָרט דעם טייל אויפגעמאָהנטען שטייער (טריבוט), וועלכען ער אַקומולירט, ווייל ער עסט איהם ניט אויף, ד. ה. ווייל ער איבט אויס זיין פונקציע אַלס קאַפּיטאַליסט — די פונקציע נתעשר צו ווערן.

נאָר אַזוי ווייט ווי דער קאַפּיטאַליסט איז פערזאָניפיצירטער קאַפּיטאַל, האָט ער אַ היסטאָרישען ווערטה און יענע היסטאָרישע עקזיסטענץ־בערעכטיגונג, וועלכע „האָט ניט קיין דאַטום", ווי

דער גייסטרייכער ליכנאָווסקי זאָגט. און נאָר אויף אַזויפיעל ליגט זיין אייגענע פאַראיבערגעהענדע נויטווענדיגקייט אין דער פאַריבערגעהענדער נויטווענדיגקייט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן. אָבער אויף וויפיעל ער איז פּערזאָניפיציר־טער קאַפּיטאַל, איז זיין טרייב־מאָטיוו ניט דער געברויך־ווערטה און גענוס, נאָר דער טוישווערטה און די פערמעהרונג פון דעם טויש־ווערטה. אַלס פאַנאַטיקער פון דער פערווערטונג [פערמעהרונג] פון ווערטה צווינגט ער אָהן אָבהאַלט די מענשהייט צו פּראָדוצירן לשם פּראָדוקציאָן; ער טרייבט אויף דעם אופן צו אַן ענטוויקלונג פון די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקטיוו־קרעפטען און צו דער בעשאַפונג פון מאַטעריעלע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען, וואָס נאָר זיי אַליין קאָנען געבען דעם רעאַלען באַזיס פון אַ העכערער געזעלשאַפטס־פאָרם, וועמעס גרונד־פּרינציפּ איז די פולע און פרייע ענטוויקלונג פון יעדען אינדיווידום. נאָר אַלס פּערזאָניפיצירונג פון קאַפּיטאַל איז דער קאַפּיטאַליסט רעספּעקטאַבעל. אַלס אַזעלכער האָט ער דיזעלביגע אַבסאָלוטע ליידענשאַפט נתעשר צו ווערן ווי דער אוצרות־קלייבער. דאָס אָבער, וואָס ביי יענעם ווייזט זיך ארויס ווי אַ אינדיווידועלע משוגעת, איז ביי דעם קאַפּיטאַליסט אַ ווירקונג פון דעם געזעלשאַפטליכען מעכאַניזם, פון וועלכען ער איז נאָר איין טרייב־רעדיל. די ענטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוק־ציאָן מאַכט די שטענדיגע פערגרעסערונג פון דעם קאַפּיטאַל, וואָס איז אַריינגעלעגט אין אַ אינדוסטריעלער אונטערנעהמונג, פאַר אַ נויטווענדיגקייט, און די קאָנקורענץ לעגט אַרויף אויף יעדען אינ־דיווידועלען קאַפּיטאַליסט די אימאַנענטע געזעצען פון דעם קאַ־פּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן אַלס אויסערליכע צוואַנג־געזע־צען. זי ערלויבט איהם ניט האַלטען זיין קאַפּיטאַל, סיידען ער שפּרייט איהם נאָכאַנאַנד אויס, און אויסשפּרייטען איהם קאָן ער נאָר דורך אַ פאָרטגעזעצטער אַקומולאַציע.

אַזוי ווייט דעריבער ווי זיינע מעשים זיינען נאָר אַ פונקציע פון קאַפּיטאַל, וועלכער איז אין איהם בעגאַבט מיט אַ ווילען און בעוואוסטזיין, רעכענט זיך זיין אייגענער פּריוואַט־קאָנזום ווי אַ רויבעריי, וואָס ווערט בעגאַנגען אַנטקעגען דער אַקומולאַציע פון זיין קאַפּיטאַל — ווי אין דער איטאַליענישער בוכהאַלטונג פיגורירן די פּריוואַט־אויסגאַבען אויף דעם קאַפּיטאַליסט׳ס דעביט־זייט אַנט־

קעגען דעם קאפיטאל. די אקומולאציע מיינט — איינגעמען די וועלט פון געזעלשאפטליכען רייכטום. זי שפרייט אויס צוזאמען מיט דער מאסע פון דעם עקספלואטירטען מענשען־מאטעריאל אויך די דירעקטע און אינדירעקטע הערשאפט פון דעם קאפיטאליסט.[84]

---

[84] אין דער אלטמאדישער, וועו אפילו שטענדיג בעניייטער פארם פון דעם קאפיטאליסט — אין דעם פראצענטניק — בעוויזט לוטהער זעהר גוט, אז די הערשזוכט איז אן עלעמענט פון דער לײדענשאפט אנצוקלייבען רייכטום. „די געצענדיענער האבען געקאנט פערשטעהן מיט זייער שכל, אז א פראצענטניק איז א פיערפאכיגער גנב און מערדער. מיר קריסטען אבער פערעהרן זיי אזויפיעל, אז מיר טהוען שיער ניט תפלה צו זיי פון זייער געלד וועגען. . . דער, וואס זויגט אויס דעם אנדערן זיין נאהרונג, בערויבט און בע'גנב'ט איהם, בעגעהט פונקט אזא מארד (אויף וויפיעל עס העננט אב פון איהם) ווי דער וואס פערהונגערט און פערמוטשעט איינעם צום טויט. אט דאס טהוט דער פראצענטניק און זיצט זיך די גאנצע צייט זיכער אויף זיין שטוהל; ער האט אבער גאר געדארפט הענגען אויף א תליה, וואו אזויפיעל ראבען זאלען רייסען זיין לייב, וויפיעל גולדען ער האט גע'גנב'ט, און זאל ער האבען פיעל פלייש אויף זיינע ביינער, כדי אזויפיעל ראבען זאלען קאנען אברייסען פון איהם גרויסע שטיקער. דערווייל הענגט מען די קליינע גנבים. . . קליינע גנבים ליעגען אין טורמעס געפאנגען, גרויסע גנבים געהען ארום אין געלד און פוצען זיך אין זיידענס. . . אט אזוי איז ניטא קיין גרעסערער מענשען־פיינד אויף דער וועלט (נאך דעם טייוועל) ווי א קארגער גייץ און א פראצענטניק, ווארים ער וויל זיין איבער אלע מענשען א גאט. טערקען, קריעג־פיהרער און טיראנען זיינען אויך שלעכטע מענשען, זיי מוזען אבער די מענשען לאזען לעבען, און זיי זיינען מודה, אז זיי זיינען שלעכטע און שונאים. זיי קאנען, און אפטמאל מוזען זיי אפילו רחמנות האבען מיט אייגענע. אבער א פראצענטניק און א גייץ וויל די גאנצע וועלט זאל לײדען הונגער און דורשט, טרויער און נויטה, כדי ער אליין זאל אלץ קאנען האבען, און יעדער איינער זאל דארפען אנקומען צו איהם, ווי צו א גאט און זאל אייביג זיין זיין לייב־אייגענער. ער טראגט רייכע קליידער, גאלדענע קעטען, רינגען, האט אז אב־געפרעסענעם פנים, און וויל מען זאל איהם האלטען פאר א טייערן, פרומען מאן. . . וואוכער איז א גרויסער אונגעהויערער מאנסטער, א וואלף, וואס פערוויסט אלעס, ערגער ווי א קאקוס, גארגאן אדער אנטוס. און ער פוצט זיך נאך און מאכט א פרומען פנים, כדי מען זאל ניט זעהן, וואו עס קומען אהין די אקסען, וועלכער ער שלעפט הינטערווײלעכץ אין זיין נארע. אבער הערקולעס מוז הערן דעם געשריי פון די אקסען און די געפאנגענע, וועט זוכען דעם קאקוס אין די שטיינער און פעלזען, און וועט בעפרייען די אקסען פון דעם רשע. ווארים קאקוס הייסט א' רשע און דאס איז א פרומער פראצענטניק, וואס

אָבער דער יוצר־הרע ווירקט אומעטום. מיט דער ענטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, מיט דער אַקומולאַציע און דעם רייכטום הערט דער קאַפּיטאַליסט אויף צו זיין בלויז אַ פּערזאָניפיקאַציע פון קאַפּיטאַל. דער אַלטער אָדאַם אין איהם דערוועקט זיין מענשליכען געפיהל און ער ווערט אַזוי געבילדעט, אַז ער לאַכט אויס די התפעלות פאַר'ן אַסקעטיציזם ווי אַ פאָראורטייל פון דעם אַלטמאָדישען אוצרות־קלייבער [עכברא דשכיב על דנרא]. בעת דער קלאַסישער קאַפּיטאַליסט בעצייכענט מיט פעראַכטונג דעם אינדיווידועלען קאָנזום אַלס אַ זינד אַנטקעגען זיין פונקציאָן [אויפגאַבע] און אַ „ענטהאַלטונג” פון דער אַקומולאַציע, איז דער מאָדערניזירטער קאַפּיטאַליסט בכח אויפצופאַסען די אַקומולאַציע אַלס אַ „ענטזאַגונג” פון זיין גענוס־פערלאַנג. „צוויי זעעלען וואָהנען, אַך! אין זיי'נער ברוסט, די איינע וויל זיך פון דער אַנדערן טרעננען!” [געטהע אין „פאַוסט.”]

אין די היסטאָרישע אָנפאַנגען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן — און יעדער קאַפּיטאַליסטישער פּאַרוועני מאַכט אינדיווידועל דורך אָט דעם היסטאָרישען שטאַדיום — הערשען דער טריעב רייך צו ווערן און די געלד־גייציגקייט אַלס אַבסאָלוטע ליידענשאַפטען. אָבער דער פאָרטשריט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן שאַפט ניט נאָר אַ וועלט פון גענוסען. דורך דער ספּעקולאַציע און דעם קרעדיט־סיסטעם עפענט ער אויף טויזענד קוואַלען פון פּלוצליכען רייך־ווערן. אויף אַ געוויסער ענטוויקלונגס־הויך ווערט אַ קאָנווענציאָנעלער גראַד פון פערשווענדונג, וועלכע איז אין דערזעלביגער צייט אַן אַרויסווייז פון רייכ־

גנב'ט, גזל'ט און פרעסט אַלץ. ער וויל ניט מודה זיין, אַז ער האָט עס געמאַן, און מיינט, אַז קיינער וועט דאָס ניט אויסגעפינען, ווייל ער האָט געצויגען די אָקסען הינטערווייליכץ אין זיין נאָרע, וואָס גיט דעם אויסזעהן לויט די צייכענס פון די פוס־טריט, אַזוי ווי מען וואָלט זיי אַרויסגעלאָזט. אָט אַזוי וויל דער פּראָצענטניק אויך נאַרן די וועלט, אַזוי ווי ער וואָלט געבראַכט נוצען און געגעבען דער וועלט אָקסען, בעת ער ציהט זיי נאָר פאַר זיך אַליין און פרעסט. . . און וויבאַלד די גאַסען־רויבער, די מערדער און גזלנים ברעכט מען איבערן ראָד און מען קעפּט זיי, הײנט וויפיעל מאָל מעהרער האָט מען געדאַרפט אַלע פּראָצענטניקעס לאָזען אויפ'ן ראָד און עדערן. . . פעריאַגען, פערפלוכען און קעפּען.” (מאַרטין לוטהער, „אַן די פפאַרהעררן, ווידער דען וואוכער צו פּרעדיגען”. וויטענבערג 1540.)

קייט און פּאָלגליך אַ מיטעל צו קריגען קרעדיט, אַפילו אַ געשעפטס־נויטווענדיגקייט פאַר דעם „אומגליקליכען" קאַפּיטאַליסט. דער לוקסוס רעכענט זיך ווי אַ טייל פון די קאָסטען צו רעפּרעזענטירן דעם קאַפּיטאַל. סיי ווי ווערט דער קאַפּיטאַליסט ניט נתעשר, ווי דער אוצרות־קלייבער, לפי ערך פון זיין פּערזענליכער ארבייט און זיין פּערזענליכען אָבהאַלטען זיך פון פערצעהרן, נאָר אין דעם ערך אויף וויפיעל ער זויגט אויס פרעמדע ארבייט־קראַפט און צווינגט דעם ארבייטער זיך צו ענטזאַגען פון אַלע לעבענס־געניסען. הגם טאַקע די פערשווענדונג פון דעם קאַפּיטאַליסט האָט קיינמאָל ניט דעם אָפּען־הערציגען כאַראַקטער פון דער פערשווענדונג פון דעם ברייטען פריץ (פעאָדאַל־הערר), נאָר פערקעהרט די שמוציג־סטע קאַרגקייט און די אַנגסטליכסטע אויסרעכענונג לויערט שטענ־דיג אין איהר הינטער־גרונד, וואַקסט פונדעסטוועגען זיין פער־שווענדונג צוגלייך מיט זיין אקומולאַציע, און איינע שטערט ניט נויטיגערווייז די אַנדערע. דערמיט ענטוויקעלט זיך גלייכצייטיג אין דער שטאָלצער ברוסט פון דעם קאַפּיטאַל־אינדיווידום אַ פאַוסטישער קאָנפליקט צווישען דער ליידענשאַפט פון אקומולאַ־ציע און דעם פערלאַנג פון גענוס.

„די אינדוסטריע פון מאַנטשעסטער", אַזוי הייסט עס אין אַ שריפט, וואָס דר. אייקין האָט פערעפענטליכט אין יאָהר 1795, „קאָן איינגעטיילט ווערן אין פיער פעריאָדען. אין דער ערשטער פעריאָדע זיינען די פאַבריקאַנטען געווען געצוואונגען שווער צו ארבייטען אויף זייער חיונה." זיי זיינען נתעשר געוואָרן ספּעציעל בערויבענדיג די עלטערן, וואָס האָבען זיי אָבגעגעבען זייערע קינ־דער אַלס לעהרלינגע און שווער געצאָהלט פאַר זייער לעהרע, בעת די לעהרלינגע זיינען אויסגעמאָרעט געוואָרן פון הונגער. פון דער אַנדער זייט זיינען די דורכשניטס־פּראָפיטען געווען נידעריג, און עס האָט זיך געפאָדערט גרויסע שפּאָרזאַמקייט כדי צו קאָנען אקור־מולירן. זיי האָבען געלעבט ווי די קמצנים און האָבען צומאָל ניט פערצעהרט אַפילו די צינזען פון זייער קאַפּיטאַל. „אין דער צוויי־טער פעריאָדע האָבען זיי שוין אָנגעהויבען צו ערווערבען זיך קליי־נע פערמעגענס, זיי האָבען אָבער אַלץ געאַרבייט אַזוי שווער ווי פריהער," וואָרים די דירעקטע עקספּלואַטאַציע פון דער ארבייט

קאַסט ארבייט, ווי דאָס ווייס יעדער שקלאַווען־טרייבער, „און האָבען געלעבט ווי פריהער אין דעמזעלביגען איינפאַכען סטיל. . . . אין דער דריטער פּעריאָדע האָט זיך אָנגעפאַנגען דער לוקסוס, און דער געשעפט האָט זיך אויסגעשפּרייט, ארויסשיקענדיג רייטער (האנדעלס־רייזענדע, וואָס פלעגען פאָהרען רייטענדיג) צו קריגען בעשטעלונגען אין יעדער מארק־שטאָדט פון גאַנצען קיניגרייך. עס איז וואהרשיינליך, אז פאר דעם יאָהר 1690 זיינען אָדער גאָר ניט געווען, אָדער נאָר עטליכע קאַפּיטאַלען פון דריי ביז פיער טויזענד פונט סט., וואָס זיינען ערוואָרבען געוואָרן אין דער אינדוסטריע. ארום אָט דער צייט אָבער, אָדער עטוואָס שפּעטער, האָבען די אינדוסטריע־אונטערנעהמער שוין אָנגעקליבען געלד און האָבען אָנגעהויבען צו בויען פאר זיך שטיינערנע הייזער, אָנשטאָט הילצערנע אָדער ליימענע. . . נאָך אין די ערשטע צעהנער יאָהרען פון 18טען יאָהר הונדערט האָט א מאַנטשעסטער פאַבריקאַנט, וועלכער האָט מכבד געווען זיינע געסט מיט א פלאַש אויסלענדישען וויין, ארויסגערופען בעמערקונגען און קאָפּ־שאָקלען צווישען אַלע זיינע שכנים." איידער עס האָט זיך בעוויזען מאַשינעריע האָט בע־טראָפען די הוצאה פון א פאַבריקאַנט אין די טראַקטירען, וואו ער פלעגט זיך צוזאַמענקלייבען מיט אַנדערע פאַבריקאַנטען יעדען אָבענד, קיינמאָל ניט מעהר ווי 6 פּענס פאר א גלאָז פּונש און א פּעני פאר א פּעקעל טאַבאַק. ערשט אין יאָהר 1758 — און דאָס בעצייכענט אַן עפּאָכע — האָט מען געזעהן „א מענשען, וואָס פיהרט געשעפט זאָל האָבען אַן אייגענעם עקיפּאַזש"! „די פערטע פּעריאָדע", דאָס לעצטע דריטעל פון 18טען י. ה., איז די פּעריאָדע פון גרויסען לוקסוס און פערשווענדונג, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף אַן אויסשפּרייטונג פון געשעפט."[85] וואָס וואָלט דער גוטער דר. אייקין געזאָגט, ווען ער וואָלט אויפגעשטאַנען פון קבר און געזעהן די היינטיגע מאַנטשעסטער!

אַקומולירט, אַקומולירט! דאָס איז משה און די נביאים! שפּאָרזאַמקייט און ניט ארבייטזאַמקייט (אינדוסטריע) איז די דירעקטע אורזאַך פון דער אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל. „די אר־

[85] Dr. Aikin, "Description of the Country from 30 to 40 m''es round Manchester," London 1792, page 182.

בײַם ליפערט דעם מאַטעריאַל, וועלכען די שפּאַרזאַמקייט אַקו־מולירט."[36] בכן שפּאַרט, שפּאַרט, דאָס הייסט, פערוואַנדעלט צוריק דעם מעגליכסטען גרעסטען טייל פון'ם מעהרווערטה אָדער מעהר־פּראָדוקט אין קאַפּיטאַל! אַקומולאַציע צוליעב אַקומולאַציע, פּראָדוקציאָן צוליעב פּראָדוקציאָן — אין אָט דער פאָרמולע האָט די קלאַסישע עקאָנאָמיע אויסגעדריקט די היסטאָרישע מיסיע פון דער בורזשואַזער פעריאָדע. זי האָט זיך אויף אַ מינוט ניט אָבגענאַרט וועגען די געבורט־וועהען פון דעם רייכטום,[37] אָבער וואָס פאַר אַ זין האָט עס צו קלאָגען איבער אַ היסטאָרישער נויטווענדיגקייט?

אויב דער פּראָלעטאַריער גילט פאַר דער קלאַסישער עקאָנאָמיע נאָר ווי אַ מאַשין אויף צו פּראָדוצירן מעהרווערטה, גילט איהר אָבער אויך דער קאַפּיטאַליסט ווי אַ מאַשין אויף צו פערוואַנדלען דעם דאָזיגען מעהרווערטה אין מעהר קאַפּיטאַל.

זי נעהמט זיין היסטאָרישע פונקציע אין ביטערן ערנסט. כדי צו בעפרייען דעם קאַפּיטאַליסט'ס האַרץ פון דעם אומגליקליכען קאָנפליקט צווישען דעם חשק פון גענוס און די ליידענשאַפט רייך צו ווערן, האָט מאַלטוס פערטיידיגט, אין אָנפאַנג פון די צוואַנציגער יאָהרען פון דעם היינטיגען [19טען] יאָהרהונדערט, אַ מין צוטיילונג פון דער אַרבייט, וועלכע צייכענט אָן פאַר דעם קאַפּיטאַליסט, וואָס איז ווירקליך פערנומען מיט דער פּראָדוקציאָן, דעם עסק פון אַקומולאַציע, און פאַר די אַנדערע טיילנעהמער אין דעם מעהרווערטה — דער לאַנד־אַריסטאָקראַטיע, די וואָס ווערן אויסגעהאַלטען פון'ם שטאַאַט און פון דער קירך א. אַז. וו. — דעם עסק פון פערשווענדונג. עס איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט, זאָגט ער, „צו האַלטען אָבגעשיידט די ליידענשאַפט אויסצוגעבען

[36] Adam Smith, "Wealth of Nations," vol. II, chapter 3:

[37] אפילו זש. ב. סעי זאגט: „די אבשפּארונגען פון די רייכע קומען פאר אויפ'ן רעכענונג פון די אָרימע." „דער רוימישער פּראָלעטאַריער האט געלעבט כמעט אינגאנצען אויף די קאסטען פון דער געזעלשאפט... מען קאן כמעט זאגען, אז די מאדערנע געזעלשאפט לעבט אויף די קאסטען פון די פּראָלעטאַריער, פון דעם טייל, וואס זי נעהמט ביי זיי אוועק פון דאס, וואס די אַרבייט ברענגט איין." (זיסמאנדי, „עטיודען עטצ.", ב. I, ז. 24).

און די ליידענשאַפט אַנצוקלייבען."[38] די הערען קאַפּיטאַליסטען, וועלכע זיינען שוין לאַנג געוואָרען לעבע־מענשען און וועלטליכע מענער, האָבען געמאַכט געוואַלטען. וואָס, האָט אויסגעשריען איינער פון איהרע וואָרט־פיהרער, א ריקאַרדיאַנער: הערר מאַלטוס פּרעדיגט הויכע גרונד־רענטען, הויכע שטייערן א. אז. וו., כדי די אונפּראָדוקטיווע קאָנזומירער זאָלען האָבען א בייטש שטענדיג אָנצוטרייבען די אינדוסטריעלע! גאַנץ געוויס פּראָדוקציאָן, פּראָדוקציאָן אויף אַלץ א ברייטערן מאָסשטאַב, דאָס איז דער לאָזונג, אָבער „דורך אַזא פּראָצעס ווערט די פּראָדוקציאָן א סך מעהר געשטערט איידער געהאָלפען. עס איז אויך ניט גאַנץ יושר'דיג, אויסצוהאַלטען אויף דעם אופן א גרופּע פּערזאָנען אין פוילקייט, כדי צו־צוקוועטשען אנדערע מענשען, וועגען וועלכע מען מעג דענקען, לויט זייער כאַראַקטער, אַז ווען מען וואָלט זיי געקאָנט צווינגען צו פונקציאָנירן, וואָלטען זיי פונקציאָנירט מיט ערפאָלג."[39] ווי אונ'יושר'דיג ער דענקט, אַז עס איז צו טרייבען דעם קאַפּיטאַליסט צו אַקומולירען, בעת מען שעפּט ביי איהם אַראָב דאָס פעט פון דער זופּ, אַזוי נויטווענדיג איז נאָך זיין מיינונג צו בעשרענקען דעם ארבייטער אויף דעם מעגליכסט קלענסטען לוין, „כדי איהם צו האַלטען ארבייטזאַם." ער פערבעהאַלט אויך ניט אויף א מינוט, אַז די אָנאייגענונג פון ניט־בעצאָהלטער אַרבייט איז דער סוד פון דער מעהרווערטה־מאַכעריי. „א פערגרעסערטע נאָכפראַגע מצד די ארבייטער מיינט נישט מעהר ווי זייער גענייגטקייט צו נעהמען ווייניגער פון זייער אייגענעם פּראָדוקט פאַר זיך אַליין און איבערלאָזען א גרעסערן טייל דערפון פאַר זייערע ארבייט־געבער; און אויב מען זאָגט, אַז דאָס רופט אַרויס, מחמת דער פערקלענערונג פון דער קאָנזומציאָן (פון די ארבייטער), אַן איבערפילונג פון מאַרק (איבער־פּראָדוקציאָן), קאָן איך נאָר ענטפערן, אַז איבער־פּראָדוקציאָן איז דערזעלביגער נאָמען ווי הויכע פּראָפיטען."[40]

די געלערנטע מחלוקות, ווי אַזוי צו פערטיילען מיט די גרעס־

---

[38] מאַלטוס, „פּרינציפּלס אוו פּאָליטיטיקאַל עקאָנאָמי", ז. 319, 320.

[39] An inquiry inte those Prineiples respecting tne nature bf demand etc. page 67.

[40] דאָרט נופּא, ז. 50.

טע נוצען פאַר דער אַקומולאַציע די רויב, וואָס ווערט אַרויסגעריי־
סען פון דעם אַרבייטער, צווישען דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַליסט
און די לעדיג־געהער די גרונד־אייגענטימער א. אַז. וו., זיינען פער־
שטומט געוואָרן מיט דעם אָנקומען פון דער יולי־רעוואָלוציע (אין
1830). אַ קורצע ווײלע שפּעטער האָט דער שטאָדטישער פּראָ־
לעטאַריאַט געקלונגען די שטורם־גלאָק אין ליאָן [פראַנקרייך],
און דער לאַנד־פּראָלעטאַריאַט האָט געלאָזט פליהען דעם רויטען
האָהן אין ענגלאַנד. אויף דער זייט פון קאַנאַל האָט זיך פערשפּרייט
דער אָוועניזם, אויף יענער זייט — דער סען־סימאָניזים און
פוריעריזם. עס האָט געשלאָגען די שטונדע פון דער וואולגאַר־
עקאָנאָמיע. פונקט אַ יאָהר איידער נאַססאַו וו. סיניאָר אין
מאַנטשעסטער האָט ענטדעקט, אַז דער פּראָפיט (אַריינרעכענענדיג
צינזען) פון קאַפּיטאַל איז דער פּראָדוקט פון דער ניט־בעצאָהל־
טער „לעצטער צוועלפטער אַרבייטער־שטונדע", האָט ער אָנגע־
זאָגט דער וועלט אַנאַנדער ענטדעקונג. „איך", האָט ער שטאָלץ
ערקלערט, „פערבייט דאָס וואָרט קאַפּיטאַל, בעטראַכט אַלס פּראָ־
דוקציאָנס־אינסטרומענט, מיט דעם וואָרט אַבסטינענץ (צוריקהאַל־
טונג)".[41] באמת אַ ניט־איבערטראָפענער מוסטער פון די ענט־

[41] סיניאָר, „גרונד־פּרינציפּען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע", פראַנצ.
איבערזעצונג, פּאַריז 1836, ז. 308. דאָס איז פאַר די אַנהענגער פון דער
אַלטער קלאַסישער שוהלע געווען אַ ביסעל צו נאַריש. „הערר סיניאָר בייט
אויס דעם אויסדרוק אַרבייט און קאַפּיטאַל אויף דעם אויסדרוק אַרבייט און
אַבסטינענץ. . . אַבסטינענץ איז נישט מעהר ווי אַ נעגאַציע. דער קוואַל, וואָס
שאַפט דעם פּראָפיט איז ניט די אַבסטינענץ, נאָר דער געברויך פון דעם
פּראָדוקטיוו־פערווענדעטען קאַפּיטאַל." (דזשאָהן קאַזענאָוו אין זיין אויסגאַבע
פון מאַלטוס'עס „דעפיניישאָנס אין פּאָליטיקאַל עקאָנאָמי", לאָנדאָן 1853, ז.
130 נאָטע. הערר דזשאָהן סטואַרט מילל דאַגעגען ווידערהאָלט פון איין
זייט ריקאַרדאָ'ס פּראָפיטען־טעאָריע און נעהמט אָן פון דער אַנדער זייט סי־
ניאָר'ס „שכר פאַר אַבסטינענץ". ווי פרעמד עס איז פאַר איהם דער העגעל־
שער „ווידערשפּרוך", דער שפּרינג־קוואַל פון יעדער דיאַלעקטיק, אַזוי היימיש
איז ער אין פלאַכע ווידערשפּרוכען.

הוספה צו דער צווייטער אויסגאַבע. דעם וואולגאַר־עקאָנאָם איז קיינ־
מאָל אין קאָפּ ניט געקומען דער איינפאַכער געדאַנק, אַז יעדע מענשליכע האַנד־
לונג קאָן אויפגעפאַסט ווערן ווי אַ צוריקהאַלטונג פון פּױלענצען, פוילענצען איז
אַ צוריקהאַלטונג פון אַרבייטען אַ. אַז. וו. עס וואָלט געווען אַ שכל, ווען די

דעקונגען פון דער וואולגאַר־עקאָנאָמיע! זי בייט אויס אַן עקאָ־נאָמישע קאַטעגאָריע אויף אַ צבו'יאַצקע פראַזע. מעהר גאָר נישט.

„ווען דער ווילדער", לערנט אונז סיניאָר, „פאַבריצירט פייל־עך־בויגענס, פערנעהמט ער זיך מיט אַן אינדוסטריע, אָבער ער פּראַקטיצירט ניט קיין אַבסטינענץ". דאָס דערקלערט אונז ווי אַזוי און פאַרוואָס ארבייטס־מיטלען זיינען פאַבריצירט געוואָרן אין די פריהערדיגע צושטענדען פון דער געזעלשאַפט „אָהן דער אַבסטינענץ" פון דעם קאַפּיטאַליסט. „וואָס מעהר פאָרטשריט די געזעלשאַפט מאַכט, אַלץ מעהר אַבסטינענץ פאָדערט זי"[42] — ד. ה. פון די, וועלכע פערנעהמען זיך מיט דער מלאכה אוועקצונעהמען פאַר זיך די פרעמדע אינדוסטריע און איהר פּראָדוקט. פון איצט אָן פערוואַנדלען זיך אַלע בעדינגונגען פון דעם ארבייט־פּראָצעס אין אַזויפיעל בעזונדערע אַבסטינענץ־אַקטען פון דעם קאַפּיטאַליסט. דאָס, וואָס תבואה ווערט ניט נאָר געגעסען, נאָר אויך געזייעט — אַ דאַנק דער אַבסטינענץ פון דעם קאַפּיטאַליסט! וואָס מען האַלט אויס דעם וויין די צייט וואָס ער דאַרף איבעראַירן — ווידער די אַבסטינענץ פון דעם קאַפּיטאַליסט![43] דער קאַפּיטאַליסט בע־רויבט זיין אייגענעם אָדם, ווען ער „לייהט דעם ארבייטער די אינסטרומענטען פון דער פּראָדוקציאָן"(!) מיט אַנדערע ווערטער, ער פערווערטעט זיי אַלס קאַפּיטאַל פערקעפּערענדיג אין זיי די ארבייט־קראַפט, אַנשטאַט אויפצועסען די דאַמף־מאַשינען, באַוועל, אייזענבאַהנען, בעמיסטיגונג־מאַטעריאַלען, ארבייטס־פערד אַ. אַז. וו., אָדער ווי דער וואולגאַר־עקאָנאָם שטעלט זיך קינדיש פאָר, אַז ער וואָלט געקאָנט פערשלינגען „זייער ווערטה" אין לוקסוס

---

דאַזיגע הערין וואָלטען אַמאָל נאָכגעדענקט וועגען שפּינאָזאַ'ס כלל: „דעטער־מינאַציאָ עסט נעגאַציאָ". [בעשטימען בעשטעהט אין פערניינען.]

[42] סיניאָר, דאָרט גופא, ז. 342.

[43] „קיינער . . . וועט צום ביישפּיעל ניט אויסזייען זיין ווייץ און לאָזען עם ליגען 12 מאָנאַט אין דער ערד, אָדער לאָזען ליגען זיין וויין יאָהרענלאַנג אין קעלער, אַנשטאַט באַלד צו פערצעהרען די דאַזיגע זאַכען אָדער זייער עק־וויוואַלענט — ווען ער וואָלט ניט דערוואַרט צו בעקומען דורכדעם אַ פער־גרעסערטען ווערטה. (סקראָפּ, „פּאָליטיקאַל עקאָנאָמי", ניו יאָרק אויסגאַבע 1841, ז. 133 און 134.)

און אנדערע קאנזומציאנס־מיטלען.[44] ווי אזוי דער קאפיטאליס־טישער קלאס וואלט געקאנט בעווייזען אזא קונץ, איז א סוד, וואס די וואולגאר־עקאנאמיע האט ביז איצט בעהאלטען מיט גרויס עקשנות. עס איז גענוג צו וויסען, אז די וועלט לעבט נאך נאר א דאנק דעם, וואס דער קאפיטאליסט, אט דער בעל־תשובה צום אינדישען גאט ווישנו, פאסט תעניתים. ניט נאר די אקומולא־ציע, נאר די איינפאכע „אויפהאלטונג פון קאפיטאל פאדערט א שטענדיגע קראפט־אנשטרענגונג, כדי בייצושטעהן דעם נסיון איהם אויפצועסען."[45] די פשוט'ע געפיהלען פון הומאניטעט פאדערן קלאר צו דערלעזען דעם קאפיטאליסט פון דעם מארטירערטום און נסיון, אויף דעמזעלביגען אופן ווי דער שקלאווען־האלטער פון דזשרדזשיא איז דורך דער אבשאפונג פון שקלאווערייי אונלענגסט דערלעזט געווארן פון די שמערצליכע ליידען אויסצוקלייבען זיך, צי ער זאל דעם מעהר־פראדוקט, וואס ער האט ארויסגעשמיסען פון דעם נעגער־שקלאף, איינגאנצען פער'שכור'ן מיט שאמפאניער, אדער ער זאל א טייל דערפון צוריקפערוואנדלען אין מעהר נעגערס און מעהר לאנד.

אין די פערשיידענסטע עקאנאמישע געזעלשאפטס־פארמען (פארמאציאנען) קומט פאר ניט נאר אן איינפאכע פראדוקציאן, נאר אויך א רעפראדוקציאן אויף אן אויסגעברייטערטען גראד, ווען אפילו אויף א פערשיידענעם מאסשטאב. וואס ווייטער ווערט אלץ מעהר פראדוצירט און מעהר קאנזומירט, פאלגליך ווערט אויך א גרעסערער פראדוקט פערוואנדעלט אין פראדוקציאנס־מיטלען. דער דאזיגער פראצעס אבער ערשיינט ניט אלס אקומולאציע פון

---

[44] „דאס אברייסען פון זיך, וואס דער קאפיטאליסט בעגעהט, דורכדעם וואס ער לייהט אוים זיינע פראדוקציאנס־מיטלען צו דעם ארבייטער (אט די צוגעפוצטע פראזע ווערט געברויכט, כדי גלייכצושטעלען, לויט דער אנגענו־מענער וואולגאר־עקאנאמישער מאניערע, דעם לוין־ארבייטער, וואס ווערט עקס־פלואטירט פון דעם אינדוסטריעלען קאפיטאליסט, מיט דעם אינדוסטריעלען קא־פיטאליסט גופא, וועלכער ציהט יניקה פון דעם געלד־פערלייהענדען קאפיטא־ליסט!) אנשטאט צו האלטען עם פאר זיין איינענעם קאנזום, דורכדעם וואס ער וואלט זיי פערוואנדעלט אין געברויך־ אדער לוקסוס־זאכען." (ג. מאלינארי, „עטיוד עקאנאמיק", פאריז 1846, ז. 49.)

[45] Courcelle Seneuil, "Traite Theorique etc," Paris, 1807, page 57.]

קאַפּיטאַל, און בכן אויך ניט אַלס פונקציע פון דעם קאַפּיטאַליסט, אַזוי לאַנג ווי דעם ארבייטער'ס פּראָדוקציאָנס־מיטלען און ממילא אויך זיין פּראָדוקט און זיינע לעבענס מיטלען שטעהען נאָך ניט אַנטקעגען איהם אין דער פאָרם פון קאַפּיטאַל.[46] דער ניט־לאַנג פערשטאָרבענער [1855] ריטשאַרד דזשאָנס, מאַלטוס'עס נאָכפאָלגער אויף דעם פּראָפעסאָר־שטוהל פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין דעם אָסט־אינדישען קאָללעדזש אין העילבורי, האָט גוט בעלויכטען דעם פּונקט דורך צוויי וויכטיגע פאַקטען. אַזוי ווי דער גרעסטער טייל פון דעם אינדישען פאָלק זיינען פּויערים, וואָס בעאַרבייטען זייער אייגען לאַנד, נעהמען דעריבער זייערע פּראָדוקטען, זייערע ארבייט־ און לעבענס־מיטלען קיינמאָל ניט אָן „די פאָרם פון אַ פאָנד, וואָס ווערט אָבגעשפּאָרט פון הכנסה, און וואָס האָט פריהער דורכגעמאַכט אַ פּראָצעס פון אַקומולאַציע."[47] פון דער אַנדער זייט ווערן די ניט־אַגריקולטורעלע ארבייטער אין יענע פּראָווינצען, וואו די ענגלישע הערשאַפט האָט וועניג־וואָס צושטערט דעם אַלטען סיסטעם, דירעקט בעשעפטיגט פון די מאַגנאַטען, וועלכע בעקומען אַ טייל פון דעם אַגריקולטורעלען מעהר־פּראָדוקט אַלס שטייער אָדער גרונד־רענטע. אַ טייל פון דעם דאָזיגען מעהר־פּראָדוקט ווערט פערצעהרט פון אָט די מאַגנאַטען אין נאַטוראַל־פאָרם, אַנאַנדער טייל ווערט פערוואַנדעלט פאַר זייער געברויך דורך די ארבייטער אין לוקסוס־און אַנדערע קאָנזומציאָנס־מיטלען, בעת דאָס איבעריגע מאַכט אויס דעם לוין פון די אר־

[46] „די בעזונדערע קלאַסען הכנסה, וועלכע ברענגען דעם רייכסטען ביי־טראַג צום פאָרטשריט פון נאַציאָנאַלען קאַפּיטאַל, ענדערן זיך אויף די פערשיידענע שטופען פון זייער פאָרטשריט און זיינען דעריבער גאַנץ פערשיידען ביי פעלקער, וועלכע פערנעהמען פערשיידענע פּאָזיציעס אין דעם דאָזיגען פאָרטשריט. . . . פּראָפיט . . אַ ניט־וויכטיגער קוואַל פון אַקומולאַציע אין פערגלייך צו לוין און רענטע אויף די ערשטע שטופען פון דער געזעלשאַפט. ווען די קרעפטען פון דער נאַציאָנאַלער אינדוסטריע זיינען שוין אַ רעכט ביסעל אויסגעוואַקסען, שטייגט די פערהעלטניסמעסיגע וויכטיגקייט פון פּראָפיט אַלס אַ קוואַל פון דער אַקומולאַציע." (ריטשאַרד דזשאָנס, „טעקסטבוך עטצ." ז. 16, 21.)

[47] דאָרט גופא, ז. 36. [אין דער פאָררעדע צו דער 4טער אויפלאַגע בעמערקט ענגעלס, אַז אָט די ציטאַטע פון דזשאָנס געפינט זיך ניט אין דעם אָנגעגעבענעם פּלאַץ און אויך ניט אַנדערשוואו.]

בייטער, וועלכע בעזיצען זייערע אייגענע ארבייט־אינסטרומענטען. פראָדוקציאָן און רעפּראָדוקציאָן אויף א וואס־ווייטער גרעסערן מאסשטאב געהען דאָ אָן זייער גאנג אָהן וועלכער עס איז אריינמישונג פון יענעם וואונדערליכען הייליגען, דעם ריטער מיט׳ן טרויעריגען פּנים — דעם קאפּיטאליסטישען „נזיר."

4. אומשטענדען, וועלכע בעשטימען דעם אומפאנג פון דער אקומולאציע, אונאבהענגיג פון דער פּראָפּאָרציאָנעלער איינטיילונג אין קאפּיטאל און הכנסה: דער גראד עקספּלואטאציע פון דער ארבייט־קראפט. — די פּראָדוקטיוו־קראפט פון דער ארבייט. — דער וואקסענדער חלוק צווישען בעשעפטיגטען און קאָנזומירטען קאפּיטאל. — די גרויס פון דעם אויסגעלעגטען קאפּיטאל.

ביזאהער האָבען מיר בעטראכט די גרויס פון דעם מעהרווערטה ווי א בעשטימטע גרויס. זיין איינטיילונג אין הכנסה און צוגעקומענעם קאפּיטאל בעשטימט אין דעם דאָזיגען פאל דעם אומפאנג פון דער אקומולאציע. די אקומולאציע בייט זיך אָבער אונאבהענגיג פון יענער איינטיילונג מיט דער ענדערונג אין דער גרויס פון דעם מעהרווערטה גופא. אָנגענומען אז 80 פּראָצענט ווערן קאפּיטאליזירט און 20 פּראָצענט ווערן אויפגעגעסען, וועט דער אקומולירטער קאפּיטאל זיין 2400 פונט סט. אויב דער גאנצער מעהרווערטה האָט בעטראָפען 3000 פונט סט., אָדער ער וועט זיין 1200 פונט סט. אויב דער מעהרווערט האָט בעטראָפען 1500 פונט סט. לויט דעם נאָך ווירקען־מיט ביי דער בעשטימונג פון דער גרויס פון דער אקומולאציע אלע יענע אומשטענדען, וועלכע בעשטימען די מאסע פון׳ם מעהרווערטה. די דאָזיגע אומשטענדען זייגען אויספיהרליך ענטוויקעלט געוואָרן אין די קאפּיטלען וועגען דער פּראָדוקציאָן פון מעהרווערטה. מיר קעהרן זיך דאָ אום צוריק צו זיי נאָר אויף אזוי ווייט, ווי זיי ברענגען ארויס נייע פונקטען בנוגע דער אקומולאציע.

מיר געדענקען, אַז די ראַטע פון מעהרווערטה הענגט אָב אין ערשטער ליניע פון דעם גראַד עקספּלואַטאַציע פון דער ארבייט־קראַפט. די פּאָליטישע עקאָנאָמיע האַלט אָט דעם פאַקט פאַר אַזויפיעל וויכטיג, אַז זי אידענטיפיצירט אָפטמאָל די פערגרעסערונג פון דער אַקומולאַציע דורך אַ העכערער פּראָדוקטיווער קראַפט פון דער אַרבייט מיט אַ פּערגרעסערונג פון דער אַקומולאַציע דורך אַ שטאַרקערער עקספּלואַטאַציע פון דעם אַרבייטער.[48] אין די אָבטיילען וועגען דער פּראָדוקציאָן פון מעהרווערטה איז שטענדיג אָנגענומען געוואָרן, אַז דער אַרבייטס־לוין איז ווענינסטענס גלייך מיט דעם ווערטה פון דער אַרבייט־קראַפט. די אַראָבזעצונג פון דעם אַרבייטס־לוין על פּי געוואַלט אונטער דעם דאָזיגען ווערטה שפּיעלט אָבער אין דער פּראַקטישער בעוועגונג אַ צו־וויכטיגע ראָליע, אַז מיר זאָלען אַ ווייַלע זיך ניט אָבשטעלען דערביי. זי פּערוואַנדעלט פּאַקטיש, אין געוויסע גרעניצען, דעם אַרבייטער׳ס נויטווענדיגען קאָנזומציאָנס־פּאָנד אין אַן אַקומולאַציאָנס־פּאָנד פון קאַפּיטאַל.

„אַרבייטס־לוינען — זאָגט דזש. סט. מילל — האָבען ניט קיין פּראָדוקטיוו־קראַפט; זיי זיינען דער פּרייז פון אַ פּראָדוקטיוו־קראַפט. אַרבייטס־לוינען גיבען גאָרנישט צו, נעבען דער אַרבייט, צו דער פּראָדוקציאָן פון סחורות, פּונקט ווי דער פּרייז פון געצייג גיט גאָרנישט צו נעבען די געצייג גופא. ווען מען וואָלט געקאָנט האָבען אַרבייט ניט קויפענדיג זי, וואָלטען די אַרבייטס־לוינען גע־

[48] „ריקאַרדאָ זאָגט: „אויף פערשיידענע שטופען פון דער געזעלשאַפט איז די אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל אָדער פון די מיטלען צו בעשעפטיגען אַרבייט (ד. ה. צו עקספּלואַטירן אַרבייט) מעהר אָדער ווענינער שנעל און מוז אין אַלע פאַלען אָבהענגען פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען פון דער אַרבייט. בכלל זיינען די פּראָדוקטיוו־קרעפטען פון דער אַרבייט די גרעסטע, וואו עס איז פאַראַן אַן איבערפלוס פון פרוכטבאַרן באָדען." אויב די פּראָדוקטיוו־קרעפטען פון דער אַרבייט אין אָט דעם זאַץ בעדייטען די קליינקייט פון יענעם טייל פון יעדען פּראָדוקט, וואָס קומט אויס אויפ׳ן חלק פון די, וועלכע האָבען איהם פּראָדוצירט דורך זייער האַנד־אַרבייט, דאַן איז דער זאַץ טאַוטאָלאָגיש, ווארום דער איבערגעבליבענער טייל איז דער פאָנד, פון וואַנען קאַפּיטאַל קאַן אַקומולירט ווערן, אויב דער אייגענטימער וויל דאָס טהאָן. אָבער דאָס איז דער פאַל על פּי רוב ניט דאָרטען, וואו דאָס לאַנד איז אַם פרוכטבאַרסטען." **Observations on certain verbal dispuites ." p. 74, 75.**

ווען איבערפליסיג."[49] ווען די ארבייטער אבער וואלטען געקאנט לעבען אויף לופט, דאן וואלט מען זיי גאר פאר קיין פרייז ניט געקאנט קויפען. זייער גארנישט קאסטען איז דעריבער א גרעניץ אין דעם מאטעמאטישען זין, א פונקט וואס מען קאן קיינמאל ניט דערגרייכען, הגם מען קאן שטענדיג זיך דערנעהנטערן צו איהם. די שטענדיגע טענדענץ פון קאפיטאל איז ארונטערצודריקען די ארבייט־קאסטען ביז צו אט דעם ניהיליסטישען שטאנדפונקט.

א שרייבער פון 18טען י. ה. וועלכען איך האב אפט ציטירט, דער פערפאסער פון דער „עססעי אן טרייד אנד קאמערס", זאגט נאר אוים דעם טיעפסטען סוד פון הארצען פון'ם ענגלישען קאפיטאל, ווען ער דערקלערט, אז עס איז ענגלאנד'ס היסטארישע לעבענס־אויפגאבע ארונטערצודריקען דעם ענגלישען ארבייט־לוין ביז צו דעם פראנצויזישען און האלענדישען גראד.[50] צווישען אנדערעס זאגט ער נאאיוו: „ווען אבער אונזערע ארימע (דער טעכנישער אויסדרוק פאר ארבייטער) ווילען לעבען אין לוקסוס. . . מוז נאטירליך זייער ארבייט זיין טייערער. . . בעטראכט נאר די גרויסע מאסע איבערפליסיגקייטען, וואס אונזערע מאנופאקטור־ארבייטער פערצעהרען, ווי צ. ב. ש. קאניאק, [אזא שנאפס], טהעע, צוקער, אימפארטירטע פרוכט, שטארקע ביער, געדרוקטע לייוועגט, שמעק־טאבאק און טאבאק צום רויכערן א. אז. וו."[51]

ער ציטירט די שריפט פון א פאבריקאנט פון נארטהאמפטאנשיר, וועלכער קלאגט מיט פערגלאצטע אויגען צום הימעל: „ארבייט איז אויף א גאנצען דריטעל וועלוועלער אין פראנקרייך איי־

---

[49] J. St. Mill, "Essays on some Unsettled Questions of Poitiical Eocnomy," London 1$44, page 90.

[50] „עססעי אן טרייד אנד קאמערס", לאנדאן 1770, ז. 44. אזוי אויך האט די „טיימז" פון דעצעמבער 1866 און יאנואר 1867 געבראכט הערצליכע קלאגען פון ענגלישע מינען־בעזיצער, וואו זיי שילדערן דעם גליקליכען צושטאנד פון די בעלגישע מינען־ארבייטער, וועלכע פערלאנגען ניט און קריגען ניט מעהר וויפיעל עס איז פונקט גענוג צו לעבען פאר זייערע „מאסטערס." די בעלגישע ארבייטער פערליידען א סך, אבער די „טיימז" זאל זיי האלטען פאר מוסטער־ארבייטער! אנהויב פעברואר 1867 איז געקומען דער ענטפער: דער סטרייק פון די בעלגישע מינען־ארבייטער (ביי מארשיענע) האט געמוזט אונטערדריקט ווערן מיט פולווער און בליי.

[51] דארט גופא, ז. 44, 46.

דער אין ענגלאַנד, וואָרים די פראַנצויזישע אָרימע ארבייטען שווער און לעבען אין דחקות בנוגע שפּייז און קליידונג. זייער הויפּט דיעטע איז ברויט, פּרוכט, קרייטיכער, וואָרצלען און געטריקענטע פיש; וואָרים זיי עסען פלייש זעהר זעלטען, און ווען ווייץ איז טייער — אויך זעהר ווענינ ברויט.[52] „דערצו, זאָגט ווייטער דער עססעיסט, קאָן מען נאָך מוסיף זיין, אז זייער געטראַנק בעשטעהט פון וואַסער אָדער פון עהנליכע שוואַכע פליסיגקייטען; אזוי אז זיי גיבען פּאַקטיש אויס זעהר ווענינ געלד. . . אזא צושטאַנד איז גאַנץ געוויס שווער איינצופיהרן, אָבער ער איז ניט אונדער־גרייכבאַר, והראיה ער איז דורכגעפיהרט געוואָרן אין פראַנקרייך און אין האָלאַנד.״[53]

היינט [1873] שטעהען מיר א היבש ביסעל ווייטער — א דאַנק דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, צו וועלכער די אר־בייטער פון גאַנצען ערד־קוגעל זיינען אונטערוואָרפען דורך דער ענטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן. היינט האַנדעלט זיך שוין ניט מעהר וועגען ארונטערדריקען די ענגלישע לוינען צו דעם גראַד פון די ארבייטער אויפ'ן קאָנטינענט, נאָר דעם אייראָפּעאישען גראַד ארונטערזעצען, אין א נעהענטערער אָדער ווייטערער צוקונפט צו דעם כינעזישען גראַד. דאָס איז די פּערספּעקטיווע, וואָס הער סטאַפּלטאָן, א מיטגליעד פון ענגלישען פּאַרלאַמענט, האָט ענטוויקעלט פאַר זיינע וועהלער, אין א רעדע איבער דעם פּרייז פון דער ארבייט אין דער צוקונפט. „ווען כינא, זאָגט ער, ווערט א גרויס אינדוסטריע־לאַנד, זעה איך ניט איין, ווי אזוי די אינדוסטריעלע בעפעלקערונג פון אייראָפּאַ וועט קאָ־נען אויסהאַלטען דעם קאַמף ניט ארונטערצופאַלען צו דעם גראַד פון איהרע קאָנקורענטען.״ („טיימז״, 3טען סעפּט. 1873.) צוואַנציג יאָהר שפּעטער נאָך דער אויבען־ציטירטער עססעי פון

[52] דער פאַבריקאַנט פון נאָרטהאַמפּטאָנשיר בעגעהט א פרומען בעטרוג, פאַר וועלכען זיין פערקלעמט הארץ קאָן דיענען אלס ענטשולדיגונג. ער פער־גלייכט כלומר'שט דאָס לעבען פון ענגלישע און פראַנצויזישע מאַנופאַקטור־ארבייטער, ער שילדערט אבער, ווי ער איז שפּעטער אליין מודה אויף א מטושטש'ן אופן, מיט די אויבען־ציטירטע ווערטער, די פראַנצויזישע אגרי־קולטור־ארבייטער!

[53] דאָרט גופא, ז. 70, 71.

1770 האט אן אמעריקאנער האמבאג, דער בארעניזירטער יאנקי בענדזשאמין טהאמסאן (אליאס גראף רומפארד), פערפאלגט דיזעלביגע מענשענפריינדליכע ריכטונג צום גרויסען נחת רוח פון גאט און די מענשען. זיינע עססעים זיינען א קאך־בוך מיט אלערליי רעצעפטען, ווי אזוי יוצא צו זיין מיט „במקום׳ס״ אנשטאט דעם ארבייטער׳ס טייערע נארמאל־שפייזען. איין ספּעציעל געלונגענער רעצעפט פון אט דעם וואונדערליכען „פילאסאף״ איז דער פאלגענדער: „5 פונט גערשטען, 5 פונט טערקישען ווייץ, פאר 3 פענס הערינג, 1 פעני זאלץ, 1 פעני עסיג, 2 פענס פעפער און קרייטיכער — סך הכל 20¾ פענס מאכט א זופ פאר 64 מענשען; און לויט דעם דורכשניטפרייז פון די דאזיגע תבואות קאנען די קאסטען ארונטערגעדריקט ווערן ביז צו ¼ פעני (נאך ניט קיין 3 פעניג) פער קאפ.״[54] מיט דעם פארטשריט פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן האט די סחורה־פעלשונג געמאכט טהאמסאנ׳ס אידעאלען גאר איבערפליסיג.[55]

[54] Benj. Thomson, "Essays Political, Economical and Philosophical etc." 3 בענדער, לאנדאן 1796-1802, באנד I, ז. 288. סער פ. מ. עדען אין זיין בוך „דהי סטייט אוו דהי פור עטצ.״ רעקאמענדירט רומפארד׳ס בעטעל־זופּ בעסטענס פאר די אויפזעהער פון די „ווארקהויזעס״ און דערמאהנט די ענגלישע ארבייטער מיט תרעומות, אז „עס זיינען פאראן אין שאטלאנד פיעלע פאמיליען, וועלכע אנשטאט צו געברויכען ווייצענס, קארן און פלייש, לעבען גאנץ בעקוועם אויף האבער־גריץ און גערשטען־מעהל, געמישט בלויז מיט זאלץ און וואסער״. (בוך II, קאפּיטעל 2, ז. 503.) נאך אזוינע אנווייזונגען אין 19טען י. ה. — אין א ווערק: "The Question of the Necessity of the Existing Corn Laws Considered." London 1816, page 69, by Chas. H. Parry, M. D. געפינען מיר צום ביישפּיעל, אז די ענגלישע אקערבוי־ארבייטער ווילען ניט עסען קיין מאכלים צוזויפגעמישט פון ניעדעריגערע סארטען תבואות. „אין שאטלאנד, וואו די ערציהונג איז בעסער, איז אט דער פאראורטייל וואהרשיינליך אונבעקאנט.״ דערזעלביגער פּאררי קלאגט זיך אבער, אז דער ענגלישער ארבייטער איז איצטער (אין יאהר 1815) אין א פיעל ערגערן פיזישען צושטאנד איידער ער איז געווען אין עדען׳ס צייט (1797).

[55] מען זעהט פון די בעריכטען פון דער לעצטער פארלאמענטארישער אונטערזוכונגס־קאמיסיע וועגען די פעלשונגען פון לעבענסמיטלען, אז אפילו די פעלשונג פון מעדיצינען איז אין ענגלאנד ניט די אויסנאהם, נאר דער רעגעל. צום ביישפּיעל די אונטערזוכונג פון 34 פּראבעס פון אפּיום, וואס מען האט צונויפגעקויפט אין פונקט אזויפיעל פערשיידענע לאנדאנער אפּטעקען, האט

סוף דעם 18טען און אין די ערשטע 10 יאהר פון 19טען יאהרהונדערט האבען די ענגלישע פערמערס [ארענדאטארס] און לאנדלארדס איינגעפיהרט דעם אבסאלוטען מינימאל־לוין, צאה־לענדיג די אקערבוי־טאג־ארבייטער וועניגער איידער דעם מיני־מום אין דער פארם פון ארבייטס־לוין און דאס איבעריגע אין דער פארם פון אונטערשטיצונג דורך דער צדקה־קאסע פון קירכען־בעצירק. אין יענער שעהנער צייט האבען די יונקערס נאך גע־האט דאס רעכט פעסטצושטעלען „געזעצליכע" לוין־טאריפען פאר דער בעלוינונג פון דער לאנד־ארבייט. איין ביישפיעל פון דעם שפאסיגען אופן, אויף וועלכען זיי האבען דערביי געהאנדעלט: „בעת די „סקווירס" [די לאנד־יונקערס] האבען פעסטגעשטעלט די ארבייטס־לוינען פאר שפינהאמלאנד אין יאהר 1795 זיינען זיי געזעסען ביים טיש צו מיטאג, עס זעהט אבער קלאר אויס, אז זיי האבען געטראכט, די ארבייטער האבען אזא זאך ניט נויטיג. . . זיי האבען בעשטימט, אז דער וואכען־לוין זאל זיין 3 שילינג פאר יעדען מאן, ווען דער פרייז פון א לאבען ברויט פון 8 פונט 11 אונצען האלט 1 שילינג, און זאל רעגעלמעסיג וואקסען ביז דער לאבען ברויט קאסט א שילינג מיט 5 פענס. אזוי באלד ווי ער שטייגט אריבער דעם פרייז, זאל דער לוין ווערן פראפאר־ציאנעל קלענער, ביז דער פרייז פון לאבען ברויט דערגרייכט 2 שילינג, און דאן זאל די נאהרונג פון א מאן זיין $1/5$ וועניגער ווי פריהער.[56]

דער אונטערזוכונגס־קאמיטעט פון דעם הויז אוו לארדס, אין יאהר 1814, האט א געוויסען א. בעננעט — א גרויסען ארענדא־טאר, פריעדענס־ריכטער, פערוואלטער פון אן ארמען־הויז און א לוין־רעגולירער — געשטעלט די פראגע: „צי איז געווען א וועלכע עס איז פראפארציע צווישען דעם ווערטה פון דער טאג־ארבייט און דער אונטערשטיצונג, וואס די ארבייטער האבען בעקומען פון

געגעבען דעם רעזולטאט, אז 81 זיינען געווען געפעלשט מיט מאהן־קאפסלען, ווייצען־מעהל, גומי־שליים, קליי, זאמד א. אז. וו. פיעלע פון זיי האבען ניט ענטהאלטען קיין אטאם מארפיין.

[56] G. B. Newnham (barrister at law) "A Review of the Evidence before the Committees of the two houses of Parliament ou the Corn Laws," London 1815, page 28n.

דער קצבה לעניים?" ענטפער: „יא. די וועכענטליכע הכנסה פון יעדער פאמיליע איבער איהר נאמינעלע, לוין ווערט גוט גע־מאכט ביז צו א גאלאן־לאבען ברויט (8 פונט 11 אונצען) און 3 פענס פער קאפ. . . מיר האבען בעטראכט, אז דער גאלאן־לאבען איז גענוג צום לעבען פאר יעדער פערזאן אין דער פאמיליע אין משך פון א וואך, און די 3 פענס זיינען פאר קליידער; אויב די קירך־פערוואלטונג געפינט פאר נויטיג אליין זיי צושטעלען די קליידער, ווערן די 3 פענס ארונטערגעצויגען. דאס ווערט פראק־טיצירט ניט נאר אין דעם גאנצען מערב־טייל פון ווילטשיר, נאר, ווי איך גלויב, אין גאנצען לאנד."[57] „אט אזוי — רופט אויס א בורזשואזער שרייבער פון יענער צייט — האבען די ארענדא־טארס יאהרענלאנג דעגראדירט א בכבוד'ן קלאס פון זייערע לאנדס־לייט, דורכדעם וואס זיי האבען געצוואונגען אנצוקומען צום ווארקהויז. . . דער ארענדאטאר האט פערגרעסערט זיינע ריוחים, ניט דערלאזענדיג די ארבייטער אנצוקלייבען דעם סאמע־נויט־ווענדיגסטען קאנזום־פאנד."[58]

די ראליע, וואס די דירעקטע בערויבונג פון דעם ארבייטער'ס נויטווענדיגען קאנזומציאנס־פאנד שפיעלט היינטיגען טאג אין דער פארמירונג פון'ם מעהרווערטה און ממילא אין דעם אקומו־לאציאנס־פאנד פון קאפיטאל, האט די אזויגערופענע הויז־ארבייט (זעה דעם דרייצעהנטען קאפיטאל, 8, ד) געצייגט מיט ביישפיעלען. ווייטערע פאקטען וועלען גגעבען ווערן אין פערלויף פון דעם אב־טייל.

הגם דער טייל פון קאנסטאנטען קאפיטאל, וואס בעשטעהט אין אלע אינדוסטריע־צווייגען פון ארבייטס־מיטלען (מאשינען, ווערקצייג, אפאראטען, טראנספארט־מיטלען, געבייען א. אז. וו.), מוז זיין גענוג גרויס לויט דער גרויס פון דער אונטערנעהמונג,

---

[57] דארט גופא, ז. 19, 20.

[58] טש. ה. פאררי, אין זיין אויבען דערמאנטען ווערק, ז. 69, 77. די הערען לאנדלארדס פון זייער זייט האבען ניט נאר זיך געלאזט בעצאהלען פאר דעם אנטי־יאקאבינער קריעג, וואס זיי האבען געפיהרט איז נאמען פון ענג־לאנד, נאר זיי זיינען אונגעהויער נתעשר געווארן. „זייערע רענטען האבען זיך פערטאפעלט, פערדרייפאכט; אין איין פאל האט זיך די רענטע פער־גרעסערט 6 מאל אזויפיעל אין 18 יאהר." (דארט גופא, ז. 100, 101.)

פאַר אַ בעשטימטער צאָהל אַרבייטער, מוז ער אָבער בשום אופן ניט וואַקסען אַלעמאָל אין דערזעלביגער פּראָפּאָרציע ווי די צאָהל בעשעפטיגטע אַרבייטער. אין אַ פאַבריק, למשל, פון 100 אַר־בייטער ווערן געליפערט, ביי אַן 8 שטונדיגען אַרבייטס־טאָג, 800 אַרבייט־שטונדען. ווען דער קאַפּיטאַליסט וויל פערגרעסערן אָט די סומע אויף אַ העלפט, קאָן ער אָנשטעלען 50 נייע אַרבייטער; ער מוז אָבער דאַן אַריינלעגען אַ נייעם קאַפּיטאַל, ניט נאָר פאַר לוינען, נאָר אויך פאַר אַרבייט־מיטלען. ער קאָן אָבער די אַלטע 100 אַרבייטער מאַכען אַרבייטען 12 שטונדען אַ טאָג, אָנשטאָט 8, און דאַן זיינען שוין גענוג די פאַראַנענע אַרבייטס־מיטלען, נישט מעהר וואָס זיי נוצען זיך שנעלער אָב. אָט אַזוי קאָן די צוגעקומענע אַרבייט, וואָס ווערט געשאַפען דורך דער גרע־סערער שפּאַנונג פון דער אַרבייט־קראַפט, פערגרעסערן דעם מעהר־פּראָדוקט און דעם מעהרווערטה — די סובסטאַנץ פון דער אַקו־מולאַציע — אָהן אַ פריהערדיגער און פערהעלטניסמעסיגער פּער־גרעסערונג פון דעם קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל־טייל.

אין דער עקסטראַקטיווער אינדוסטריע [די אַרבייט אַרויס־צוציהען די רויה־שטאָפען פון דער ערד], די מינען צום ביישפּיעל, מאַכען די רויה־שטאָפען ניט אויס קיין בעשטאַנד־טייל פון דעם קאַפּיטאַל־אויסלעג. דער אַרבייט־געגענשטאַנד איז דאָ ניט קיין פּראָדוקט פון פריהערדיגער אַרבייט, נאָר אַ זאַך, וואָס די נאַטור שענקט גראַטיס, ווי די מעטאַלען, מינעראַלען, שטיין־קויהלען, שטיינער א. אז. וו. דער קאָנסטאַנטער קאַפּיטאַל בעשטעהט דאָ כמעט אויסשליסליך פון אַרבייטס־מיטלען, וועלכע קאָנען זעהר גוט פערטראָגען אַ פערגרעסערטען סכום אַרבייט (דהינו טאָג־ און נאַכט־שיכטען פון אַרבייטער). ווען אַלע אַנדערע אומשטענדען זיינען גלייך, וועט די מאַסע [סכום] און דער ווערטה פון פּראָדוקט שטיי־גען אין אַ דירעקטער פּראָפּאָרציע צו דער אָנגעווענדטער אַרבייט. ווי אין דעם ערשטען טאָג פון דער פּראָדוקציאָן, אַזוי געהען אויך דאָ צוזאַמען די אורשפּרינגליכע בויער פון דער פּראָדוקציאָן, און פאָלגליך אויך די בויער פון די מאַטעריעלע עלעמענטען פון קאַ־פּיטאַל — דער מענש און די נאַטור. אַ דאַנק דער עלאַסטיציטעט פון דער אַרבייט־קראַפט, האָט זיך אויסגעשפּרייט דער געביט פון

דער אַקומולאַציע אָהן אַ פריהערדיגער פערגרעסערונג פון'ם קאָנ־סטאַנטען קאַפּיטאַל.

אין דער אַגריקולטור שפּיעלען זריעה און בעמיסטיגונג די־זעלביגע ראָלע ווי דער רויה־מאַטעריאַל אין דער אינדוסטריע, און מען קאָן ניט פערזעען מעהר ערד, אויב מען האָט ניט אַ פריהער מעהר זריעה. איינמאָל אָבער איז דער דאָזיגער רויה־מאַטעריאַל און די אַרבייטס־מיטלען געגעבען, ווייס מען וואָס פאַר אַ וואונדער־באַרע ווירקונג די ריין־מעכאַנישע בעאַרבייטונג פון באָדען גופא איבט אויס אויף דער מאַססענהאַפטיגקייט פון'ם פּראָדוקט. אַ גרע־סערע סומע אַרבייט, וואָס ווערט געלייסטעט פון דיזעלביגע אַרביי־טער ווי פריהער, פערגרעסערט אויף דעם אופן די פרוכטבאַרקייט, ניט פאָדערנדיג קיין נייעם אויסלעג פון אַרבייט־מיטלען. אויך דאָ איז עס ווידער אַמאָל די דירעקטע ווירקונג פון דעם מענשען אויף דער נאַטור, וועלכע ווערט אַ דירעקטער קוואַל פון אַ פערגרעסער־טער אַקומולאַציע, ניט אַריינברענגענדיג אינצווישען קיין נייעם קאַ־פּיטאַל.

און ענדליך, אין דער ריכטיגער אינדוסטריע איז יעדע צוגע־קומענע אויסגאַבע אויף אַרבייט משער אַ צוגעפּאַסטע מעהר־אויס־גאַבע אויף רויה־מאַטעריאַלען, אָבער ניט נויטיגערווייז אויך אויף אַרבייטס־מיטלען. און אַזוי ווי די עקסטראַקטיווע אינדוסטריע און די אַגריקולטור שטעלען צו דער פאַבריצירענדער אינדוסטריע איהרע אייגענע רויה־מאַטעריאַלען און די מאַטעריאַלען פון איהרע אַר־בייטס־מיטלען, פּראָפּיטירט זי אויך פון די צוגעקומענע פּראָדוק־טען, וואָס יענע שאַפען אָהן אַ צוגעקומענעם קאַפּיטאַל־אַריינלעג.

דערפון קומען מיר צו דעם אַלגעמיינעם רעזולטאַט: דורכדעם וואָס דער קאַפּיטאַל פערקערפּערט אין זיך די ביידע ערשטע שאַפער פון רייכטום, אַרבייט־קראַפט און ערד, בעקומט ער אַ שפּאַנונגס־קראַפט, וועלכע ערלויבט איהם אויסצושפּרייטען די עלעמענטען פון זיין אַקומולאַציע אַריבער די גרעניצען, וואָס זיינען אין פלוק בע־שטימט דורך זיין אייגענער גרויס, ד. ה. דורך דעם ווערטה און דער מאַסע פון די שוין־פּראָדוצירטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אין וועלכע עס רעאַליזירט זיך זיין עקזיסטענץ.

נאָך אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין דער אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל איז דער גראַד פּראָדוקטיוויטעט פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט.

מיט דעם וואוקס פון דער פראָדוקטיוו־קראפט פון דער אַר־בייט וואַקסט די פּראָדוקטען־מאַסע, אין וועלכער אַ בעשטימטער ווערטה, און במילא אַ מעהרווערטה פון אַ געוויסער גרויס איז פערקערפּערט. וואָס מעהר די פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער אַר־בייט וואַקסט, אַלץ מעהר מיטלען פון געברויכען און אַקומולירן נעהמט אַרום דעם מעהרווערטה. ווען די ראַטע פון מעהרווערטה בלייבט דיזעלביגע אָדער אפילו ביי אַ פאַלענדער ראַטע, אַזוי לאַנג ווי זי פאַלט נאָר לאַנגזאַמער איידער די פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער אַרבייט שטייגט, וואַקסט די מאַסע פון דעם מעהר־פּראָדוקט. ווען די איינטיילונג פון דעם דאָזיגען מעהר־פּראָדוקט אין הכנסה און צוגעגעבענעם קאַפּיטאַל בלייבט דיזעלביגע, קאָן ממילא וואַק־סען די קאָנזומציאָן פון דעם קאַפּיטאַליסט אָהן אַ פערקלענערונג פון דעם אַקומולאַציאָנס־פאָנד. די פּראָפּאָרציאָנעלע גרויס פון דעם אַקומולאַציאָנס־פאָנד קאָן אפילו וואַקסען אויפ'ן חשבון פון דעם קאָנזומציאָנס־פאָנד, בעת דאָס וועלוועלער ווערן פון סחורות שטעלט אין רשות פון דעם קאַפּיטאַליסט פונקט אַזוויפיעל אָדער נאָך מעהר גענוס־מיטלען ווי פריהער. ווי מיר האָבען אָבער געזעהן, געהט צו־זאַמען מיט דער וואַקסענדער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט אַ פערביליגונג פון דעם אַרבייטער, ממילא אַ וואַקסענדע ראַטע פון מעהרווערטה, אפילו ווען דערווירקליכער (רעעלער) אַרבייטס־לוין שטייגט. ער שטייגט קיינמאָל ניט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער פּראָ־דוקטיוויטעט פון דער אַרבייט. דערזעלביגער וואַריאַבלער קאַפּי־טאַל־ווערטה ברענגט אויף דעם אופן מעהר אַרבייט־קראַפט און פאָלגליך מעהר אַרבייט אין בעוועגונג. דערזעלביגער קאָנסטאַנ־טער קאַפּיטאַל־ווערטה שטעלט זיך פאַר אין מעהר פּראָדוקציאָנס־מיטלען, דאָס הייסט אין מעהר אַרבייטס־מיטלען, אַרבייט־מאַטע־ריאַלען און הילף־שטאָפען; ער ליפערט אַלזאָ מעהר עלעמענטען, וואָס בילדען פּראָדוקטען און ווערטה, אָדער וואָס זויגען איין אַר־בייט. ווען דער ווערטה פון דעם צוגעגעבענעם קאַפּיטאַל בלייבט דערזעלביגער אָדער ווערט אפילו קלענער, קומט אויף דעם אופן פאַר אַ שנעלע אַקומולאַציע. ניט נאָר פערברייטערט זיך דער מאַסשטאַב פון דער רעפּראָדוקציאָן מאַטעריעל נאָר די פּראָדוק־ציאָן פון מעהרווערטה וואַקסט שנעלער איידער דער ווערטה פון דעם צוגעגעבענעם קאַפּיטאַל.

די ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער אַר־
בייט ווירקט אויך צוריק אויף דעם אָריגינאַל־קאַפּיטאַל, ד. ה. אויף
דעם קאַפּיטאַל, וואָס געפינט זיך שוין אין דעם פּראָדוקציאָנס־
פּראָצעס. אַ טייל פון דעם פונקציאָנירענדען קאָנסטאַנטען קאַפּי־
טאַל בעשטעהט פון ארבייט־מיטלען, ווי מאַשינעריע א. ז. וו.,
וועלכע ווערן פערברויכט, און פאָלגליך רעפּראָדוצירט אָדער פער־
ביטען דורך נייע עקזעמפּלארען פון דעמזעלביגען סאָרט, נאָר אין
לענגערע פעריאָדען. יעדעס יאָהר אָבער שטאַרבט אָב אַ טייל
פון אָט די ארבייט־מיטלען אָדער ער דערגרייכט דאָס ענד־ציעל
פון זיין פּראָדוקטיווער פונקציע. ער געפינט זיך דעריבער יעדען
יאָהר אין דעם שטאַדיום פון זיין פעריאָדישער רעפּראָדוקציאָן
אָדער פון זיין אויסבייט דורך נייע עקזעמפּלארען פון דעמזעלביגען
סאָרט. אויב די פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער ארבייט האָט זיך
פערגרעסערט אין די צווייגען וואו די דאָזיגע ארבייט־מיטלען
ווערן געשאַפען — און זי ענטוויקעלט זיך נאָכאַנאַנד מיט דעם
אונאויפהערליכען פלוס פון דער וויסענשאַפט און דער טעכניק —
קומען ארויס מעהר ווירקונגפולע און (בעטראַכטענדיג זיי לויט דעם
אומפאַנג פון זייער לייסטונג) וועלוועלערע מאַשינען, ווערקצייג,
אַפּאַראַטען א. אז. וו. אויף דעם אָרט פון די אַלטע. דער אַלטער
קאַפּיטאַל ווערט רעפּראָדוצירט אין אַ מעהר פּראָדוקטיווער פאָרם,
אַ חוץ וואָס עס קומט פאָר אַ שטענדיגע פערענדערונג, אין פער־
שיידענע פּרטים פון די עקזיסטירענדע ארבייט־מיטלען.

דער אַנדער טייל פון קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל, דער רויה־מאַטע־
ריאַל און די הילף־שטאָפען, ווערט נאָכאַנאַנד רעפּראָדוצירט דורכ'ן
יאָהר; די, וואָס שטאַמען אָב פון דער אַגריקולטור ,ווערן דאָס רוב
רעפּראָדוצירט יעהרליך. יעדע איינפיהרונג פון בעסערע מעטאָדען
א. אז. וו. ווירקט, הייסט עס, דאָ אין דערזעלביגער צייט אויף דעם
צוגעקומענעם קאַפּיטאַל און אויף דעם, וואָס איז שוין אריין אין זיין
פונקציע. יעדער פאָרטשריט פון דער כעמיע פערפיעלפאַכט ניט נאָר
אַליין די צאָהל ניצליכע שטאָפען און די מעהר־ניצליכע אָנווענדונגען
פון די שוין־בעקאַנטע שטאָפען, דורך וואָס קאַפּיטאַל שפּרייט אויס
מיט זיין וואוקס די ספערען וואו ער קאָן אריינגעלעגט ווערן. ער
לערנט אין דערזעלביגער צייט ווי אַזוי אריינצו־וואַרפען די אָב־
פאַלען פון דעם פּראָדוקציאָנס־ און קאָנזומציאָנס־פּראָצעס צוריק

אין דעם קרייז־לויף פון׳ם רעפּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, און שאַפט אויף דעם אופן אַ נייעם קאַפּיטאַל־שטאָף אָהן אַ פריהערדיגען אויסלעג פון קאַפּיטאַל. פּונקט ווי די עקספּלואַטאַציע פון די נאַטור־רייכטימער ווערט פערגרעסערט דורך בלויז אַ העכערער שפּאַנונג פון דער אַרבייט־קראַפט, אַזוי גיבען די וויסענשאַפט און די טעכניק דעם קאַפּיטאַל אַ כח פון אויסשפּרייטונג, וועלכער הענגט ניט אָב פון דער געגעבענער גרויס פון דעם בפועל־פונקציאָנירענדען קאַפּיטאַל. דער דאָזיגער כח ווירקט אין דערזעלביגער צייט צוריק אויף דעם טייל אָריגינאַל־קאַפּיטאַל, וואָס טרעט אַריין אין זיין בענייאונג־שטופע. דער דאָזיגער טייל אין זיין נייער פאָרם פערקערפּערט גראַטיס דעם געזעלשאַפטליכען פאָרטשריט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן [אַזוי צו זאָגען] הינטער׳ן רוקען פון זיין אַלטער פאָרם. עס פערשטעהט זיך, אָט די ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיוו־קראַפט איז בעגלייט פון אַ טיילווייזער ענטווערטונג פון די פונקציאָנירענדע קאַפּיטאַלען. דער קאַפּיטאַל וואָס שטעקט צוםביישפּיעל אין אַ מאַשין, פערלירט זיין ווערטה, ווען עס קומען אַרויס בעסערע מאַשינען פון דעמזעלביגען סאָרט. אַזוי ווייט ווי אָט די ענטווערטונג לאָזט זיך שאַרף פיהלען דורך דער קאָנקורענץ, פאַלט די הויפּט לאַסט אויף דעם אַרבייטער, וועמען דער קאַפּיטאַליסט זוכט שטאַרקער צו עקספּלואַטירן, כדי גוט צו מאַכען זיין שאָדען.

די אַרבייט טראָגט אַריבער אויפ׳ן פּראָדוקט דעם ווערטה פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס ווערן פון איהר פערצעהרט. פון דער אַנדער זייט וואַקסט דער ווערטה און די מאַסע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס ווערן געטריבען אין בעוועגונג דורך אַ געגעבענעם סכום אַרבייט, אין דעם ערך וואָס די אַרבייט ווערט מעהר פּראָדוקטיוו. איז הגם דערזעלביגער סכום אַרבייט איז אַלעמאָל מוסיף צו איהרע פּראָדוקטען נישט מעהר ווי דיזעלביגע סומע נייעם ווערטה, פונדעסטוועגען וואַקסט דאָך דער אַלטער קאַפּיטאַל־ווערטה, וועלכען די אַרבייט טראָגט אַריבער אויף די פּראָדוקטען, וואָס מעהר עס וואַקסט די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט.

אַן ענגלישער און אַן אינדישער שפּינער צום ביישפּיעל, קאָנען אַרבייטען דיזעלביגע צאָהל שטונדען מיט דערזעלביגער אינטענסיוויטעט און וועלעןביידע אויף דעם אופן שאַפען אין אַ וואָך גלייכע ווערטהען. טראָץ אָט דער גלייכהייט אָבער בעשטעהט אַן

אונגעהויער אונטערשייד צווישען דעם ווערטה פון דעם יואכען־פראדוקט פון דעם ענגלענדער, וועלכער ארבייט מיט א מעכאנישען אויטאמאט, און דעם ווערטה פון דעם אינדיער, וועלכער האט נאר א שפין־ראד. דער ענגלישער שפינער פערוואנדעלט אין איין טאג פיעל הונדערט מאל גרעסערע מאסען באוועל, שפין־אינסטרומענטען א. אז. וו. אין פעדים. ער בעקומט ממילא אויך פיעל הונדערט מאל א גרעסערן קאפיטאל־ווערטה אין זיין פראדוקט. ווען אפילו דער ווערטה־פראדוקט פון זיין טאג־ארבייט, ד. ה. דער נייער ווערטה, וואס ווערט דורך איהר צוגעגעבען צו די פראדוקציאנס־מיטלען, וואלט נאר געווען גלייך צו דעם אינדיער׳ס ווערטה־פראדוקט, שטעלט זיך פונדעסטוועגען זיין טאג־ארבייט פאר ניט נאר אין א גרעסערן סכום פראדוקטען, נאר אין אן אונענדליך־גרעסערן פראדוקטען־ווערטה — אלטען ווערטה — וועלכען ער טראגט אריבער אויף דעם נייעם פראדוקט, און וועלכער קאן פון דאס ניי פונקציאנירן אלס קאפיטאל.

„אין יאהר 1782 — ווי פ. ענגעלס ערקלעהרט אונז — איז די גאנצע וואל־ערנטע אין ענגלאנד פון די פערגאנגענע דריי יאהר געלעגען ניט־בעארבייט, און וואלט געמוזט בלייבען אזוי ליגען, ווען די ניי־ערפונדענע מאשינעריע וואלט ניט געקומען צו הילף און דאס אלץ אויסגעשפונען.„59 די ארבייט, וואס איז מאטעריאליזירט געווארן אין דער פארם פון מאשינעריע, האט, פערשטעהט זיך, דירעקט פון דער ערד ניט ארויסגערופען אין לעבען קיין איינציגען מענשען, זי האט אבער געמאכט מעגליך פאר א קלענערער צאהל ארבייטער, דורך דעם צולעג פון רעלאטיוו וועניגער־לעבעדיגער ארבייט, ניט נאר צו קאנזומירן די וואל פראדוקטיוו און צוגעבען צו איהם א נייעם ווערטה, נאר אויך אויפצוהאלטען אין דער פארם פון פעדים, א. אז. וו. איהר אלטען ווערטה. זי האט דערמיט געליפערט אין דערזעלביגער צייט די מיטלען און דעם סטימול צו א פערגרעסערטער רעפראדוקציאן פון וואל. עס איז א נאטור־אייגענשאפט פון דער לעבעדיגער ארבייט אויפצוהאלטען דעם אלטען ווערטה בעת זי שאפט א נייען ווערטה. מיט דער פערגרעסערונג פון דער

59) פ. ענגעלס, „לאגע דער ארבייטענדען קלאסע אין ענגלאנד״, (שטוטגארט אויסגאבע 1892, ז. 9).

ווירקזאמקייט, דעם אומפאנג און ווערטה פון איהרע פראדוקציאנס־מיטלען, פאלגליך מיט דער אקומולאציע, וואס בעגלייט די ענטוויקלונג פון איהר פראדוקציאנס־קראפט, האלט די ארבייט אויף און פעראייביגט אין א שטענדיג־נייער פארם א שטענדיג־וואקסענדען קאפיטאל־ווערטה.60 אונטער דעם סיסטעם פון לוין־ארבייט אבער ערשיינט אט די נאטור־קראפט פון דער ארבייט ווי

---

60) די קלאסישע עקאנאמיע האט צוליעב א ניט־גענוגענדער אנאליז פון דעם ארבייט־ און פערווערטונגס־פראצעס קיינמאל ניט געהעריג בעגריפען אט דעם וויכטיגען מאמענט פון דער רעפראדוקציאן, ווי מען קאן עס צום ביישפיעל זעהן ביי ריקארדא. ער זאגט צום ביישפיעל: ווי די פראדוקטיוו־קראפט זאל זיך ניט ענדערן, „א מיליאן מענשען פראדוצירן אין די פאבריקען אלעמאל דעמזעלבען ווערטה". דאס איז ריכטיג, ווען די אויסשפרייטונג און די אינטענסיוויטעט פון זייער ארבייט זיינען בעשטימט. דאס שטערט אבער ניט — און ריקארדא פערזעהט דאס אין געוויסע שלוסען, וואס ער ציהט — אז א מיליאן מענשען מיט א פערשיעדענער פראדוקטיוו־קראפט פון זייער ארבייט זאלען פערוואנדלען זעהר פערשיעדענע מאסען פראדוקציאנס־מיטלען אין פראדוקטען, פאלגליך אויפהאלטען זעהר פערשיעדענע ווערטה־מאסען אין זייער פראדוקט, און אויף דעם אופן זאלען די ווערטהען פון די פראדוקטען, וואס זיי ליפערן, זיין זעהר פערשיעדען. אגב אורחא בעמערקט, האט ריקארדא אומזיסט פרובירט מיט יענעם ביישפיעל צו מאכען קלאר פאר זש. ב. סעי דעם אונטערשייד צווישען געברויך־ווערטה (וואס ער רופט דא אן „וועלטה", מאטעריעלען רייכטום) און טויש ווערטה. סעי ענטפערט: „וואס איז שייך דער שוועריגקייט אויף וועלכער ריקארדא ווייזט אן, דערמיט וואס ער זאגט, אז אנווענדענדיג מעהר פאלקאממענע ארבייטס־אופנים קענען א מיליאן מענשען שאפען צוויי אדער דריי מאל אזויפיעל רייכטימער, ניט שאפענדיג דערמיט מעהר ווערטה, איז דאס גאר קיין קשיה ניט, ווען מען בעטראכט — ווי מען מוז טאקע בעטראכטען — די פראדוקציע ווי א טויש, אין וועלכען איינער גיט אוועק די פראדוקטיווע לייסטונגען פון זיין ארבייט, זיין באדען און זיינע קאפיטאלען, כדי צו בעקומען פראדוקטען. אט די פראדוקטיווע לייסטונגען דיינען די מיטלען, דורך וועלכע מיר בעקומען אלע פראדוקטען, וואס געפינען זיך אויף דער וועלט. איז דעריבער... זייען מיר אויף אזויפיעל רייכער, אונזערע פראדוקטיווע לייסטונגען האבען אויף אזויפיעל מעהר ווערטה, וואס גרעסער עס איז די סומע ניצליכע זאכען, וועלכע זיי ברייכען אין דעם טויש, וואס ווערט גערופען פראדוקציאן." (זש. ב. סעי, „בריעף צו הערן מאלטוס", פאריז 1820, ז. 168, 169) די שוועריגקייט — זי עקזיסטירט פאר איהם, ניט פאר ריקארדא — וואס סעי דארף דערקלערן, איז די: פארוואס פערמעהרט זיך ניט דער ווערטה פון די געברויך־ווערטהען, וואס ווערען געשאפען

# אַ זעלבסטערהאַלטונג־קראַפט פון קאַפּיטאַל, אין וועלכען זי איז פערקערפערט — פונקט אַזוי ווי איהרע געזעלשאַפטליכע פּראָדוק־

פון אַ בעשטימטער סומע אַרבייט, ווען עס וואַקסט זייער קוואַנטיטעט מחמת דער גרעסערער פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער אַרבייט? זיין ענטפער איז: די שוועריגקייט ווערט געלעזט דורכדעם, וואָס דעם געברויך־ווערטה רופען מיר געשעפטליכסט אַן טוישווערטה. טוישווערטה איז אַ זאַך, וואָס איז אויף איין אופן אָדער אַנאַנדערן פערבונדען מיטן אויסטויש. לאָמיר אַלזאָ אָנרופען די פּראָדוקציאָן אַן „אויסטויש" פון אַרבייט און פּראָדוקציאָנס־מיטלען אויף דעם פּראָדוקט, און עס איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז וואָס מעהר געברויך־ווערטהען די פּראָדוקציאָן גיט אונז, אַלץ מעהר טוישווערטה בעקומען מיר. מיט אַנ־דערע ווערטער: וואָס מעהר געברויך־ווערטהען, צ. ב. ש. זאַקען, אַן אַרבייטס־טאָג ליפערט דעם זאַקען־פאַבריקאַנט, אַלץ רייכער איז ער אין זאַקען. פּלוצ־לונג פאַלט אָבער סעי"ן איין, אַז „מיט דער גרעסערער קוואַנטיטעט" זאַקען פאַלט זייער „פּרייז" (וועלכער האָט נאַטירליך גאַרנישט צו טהאָן מיט דעם טוישווערטה), „ווייל די קאָנקורענץ צווינגט זיי (די פּראָדוצירער) אָבצו־געבען די פּראָדוקטען פאַר זויפיעל זיי קאָסטען זיי." פון וואַנען קומט אָבער דער פּראָפיט אויב דער קאַפּיטאַליסט פערקויפט די סחורות אויף דעם פּרייז, וואָס זיי קאָסטען איהם? מיר וועלען אָבער דאָס לאָזען אַן אַ זייט. סעי־דערקלערט, אַז מחמת דער געשטיגענער פּראָדוקטיוויטעט בעקומט איצט יע־דערער אַר דעמזעלביגן עקוויוואַלענט צוויי פּאָר זאַקען אַנשטאָט וואָס ער האָט בעקומען פריהער איין פּאָר א. אַז. וו. דער רעזולטאַט, צו וועלכען ער קומט, איז פונקט ריקאַרדאָ'ס זאַץ, וועלכען ער האָט געוואָלט אָבשלאָגען. נאָך אַט דער געוואַלטיגער אַנשטרענגונג פון דענקען, ווענדעט ער זיך אין טריאומף צו מאַלטוס'ן מיט די ווערטער: „דאָס איז, מיין הערר, די וואוילגעבויטע לעהרע, אָהן וועלכער, איך ערקלער, אַז עס איז אונמעגליך צו פערשטעהן די גרעסטע שוועריגקייטען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און ספּעציעל די פראַ־גע, ווי אַזוי אַ פאָלק קאָן ווערן רייכער בעת איהרע פּראָדוקטען ווערן קלענער אין ווערטה, אָבוואָהל דער רייכטום בעשטעהט דאָך פון ווערטהען." (דאָרט גופא, ז. 170). אַן ענגלישער עקאָנאָם בעמערקט וועגען אַט אַזויגע קונצשטיקער אין סעי"ס „לעטטערס" ווי פאָלגט: „אַט די אַפעקטירטע מאַניערען פון שוואַ־צען שטעלט איבערהויפּט צונויף דאָס, וואָס דעם העררן סעי געפעלט אָנצורופען זיין דאָקטרין, און וועלכע ער רעקאָמענדירט מאַלטוס'ען צו לערנען מיט זיינע שילער אין הערטפאָרד, ווי דאָס ווערט שוין געטאָן „אין פערשיעדענע טיילען פון איראָפּאַ". ער זאָגט: „אויב איהר וועט אין אַט די אַלע זאַצען געפינען עפּעס וואָס קלינגט ווי אַ פּאַראַדאָקס, דאַן טראַכט זיך אַריין אין די זאַכען, וואָס זיי דריקען אויס, און איך מעג דערוואַרטען, אַז זיי וועלען אייך פאָר־קומען זעהר איינפאַך און זעהר פערנינפטיג". קיין ספק ניט — נאָר דאָס, וואָס מיר וועלען דערהאַלטען אַלס רעזולטאַט פון אַט דעם פּראָצעס, וועט זיין ניט אָרי־גינעל און ניט וויכטיג." "An inquiry into those Principals respecting the Nature of Demaud etc." pages 110, 116.

טיוו־קרעפטען ערשיינען אַלס זיינע אייגענשאַפטען, און פונקט ווי די שטענדיגע אַנאייגענונג פון דער מעהר־אַרבייט דורך דעם קאַפיטאַליסט ערשיינט אַלס אַ שטענדיגע זעלבסט־פערווערטונג פון קאַפיטאַל. אַלע קרעפטען פון דער אַרבייט שטעלען זיך פאָר ווי קרעפטען פון קאַפיטאַל, פונקט ווי אַלע ווערטה־פאָרמען פון סחורה שטעלען זיך פאָר אַלס פאָרמען פון'ם געלד.

יענער טייל פון קאָנסטאַנטען קאַפיטאַל, וועלכען אַדאַם סמיטה רופט אָן דער פעסטער טייל — די אַרבייט־מיטלען, ווי געביידען, מאַשינען און דערגלייכען — פונקציאָנירט אַלעמאָל פאָלשטענדיג אין דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, ער ווערט אָבער פערניצט נאָר ביסלעכווייז און טראָגט אַריבער זיין ווערטה נאָר אַביסעל אויף אַ מאָל אויף די סחורות, וועלכע ער העלפט כסדר צו שאַפען. ער איז אַ ריכטיגער מאָסשטאַב פון דעם פאָרטשריט פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען. מיט זיין וואוקס וואַקסט אויך דער אונטערשייד אין גרויס צווישען דער גאַנצער סומע פון אָנגעווענדעטען קאַפיטאַל און יענעם ברוך־טייל פון דער דאָזיגער סומע, וועלכער ווערט פערצעהרט אין יעדען מאָמענט. מיט אַנדערע ווערטער: עס וואַקסט דער ווערטה און די מאַטעריעלע מאַסע פון די אַרבייט־מיטלען, ווי געביידען, מאַשינעריע, דרענירונג־רעהרען, אַרבייט־פיה, אַפּאַראַטען פון יעדען סאָרט, וועלכע פונקציאָנירן אין משך פון אַ לענגערער אָדער קירצערער פעריאָדע, אין שטענדיג־ווידערהאָלטע פּראָדוקציאָנס־פּראָצעסען, לויט זייער גאַנצען אומפאַנג אָדער דיענען צו גרייכען בעשטימטע ניצליכע ווירקונגען, בעת זיי נוצען זיך אָב נאָר אַביסעל אויף אַמאָל, פאָלגליך פערלירן זיי זייער ווערטה נאָר שטיקלעכוויז, און ממילא טראָגען זיי אַריבער דעם ווערטה אויף די פּראָדוקטען אויך נאָר שטיקלעכוויז. אין דעם ערך, וואָס אָט די אַרבייט־מיטלען דיענען אַלס פאָרמירער פון פּראָדוקטען, ניט צוגעבענדיג דעם פּראָדוקט קיין ווערטה; אין דעם ערך, הייסט עס, וואָס זיי ווערן אינגאַנצען אָנגעווענדעט אָבער נאָר טיילווייז קאָנזומירט, לייסטען זיי, ווי עס איז שוין פריהער דערמאָנט געוואָרן, דיזעלבע אומזיסטע דיענסטען ווי נאַטור־קרעפטען, וואַסער, דאַמף, לופט, עלעקטריציטעט א. אַז. וו. אָט די אומזיסטע דיענסט־לייסטונג פון פערגאַנגענער אַרבייט, ווען זי

ווערט אויפגעכאפט און בעזעעלט פון דער לעבעדיגער ארבייט, אקומולירט זיך מיט די וואקסענדע שטופען פון דער אקומולאציע.

אזוי ווי די פערגאנגענע ארבייט פערקליידט זיך אלע מאל אין קאפיטאל, דאס הייסט דער פאסיוו פון דער ארבייט פון א, ב, ג, א. אז. וו. פערוואנדעלט זיך אין דעם אקטיוו פון דעם ניט־ארבייטער X קאנען זיך די בורזשוא און די פאליטישע עקאנאמען ניט אבלויבען פון די פערדיענסטען פון דער פערגאנגענער ארבייט, וועלכע דארף אפילו ציהען, לויט דעם שאטלענדישען זשעניע מעקקולאך, אן אייגענעם שכר (ציגז, פראפיט א. אז. וו.).[61] די שטענדיג־וואקסענדע וויכטיגקייט פון דער פערגאנגענער ארבייט, וואס ווירקט־מיט אין דעם לעבעדיגען ארבייט־פראצעס אין דער פארם פון פראדוקציאנס־מיטלען, ווערט אויף דעם אופן צוגעשריבען ניט צו דעם ארבייטער גופא, ועמעס פערגאנגענע און ניט־בעצאהלטע ארבייט זי איז, נאר צו איהר פערפרעמדעטער געשטאלט, צו איהר קאפיטאל־געשטאלט. די פראקטישע אגענטען פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן און זייערע אידעאלאגישע פראזיארען זיינען פונקט אזוי אונפעהיג צו דענקען וועגען די פראדוקציאנס־מיטלען, אבגעזונדערט פון דער אנטאגאניסטישער געזעלשאפטליכער מאסקע, וועלכע איז היינטיגען טאג אנגעקלעבט אויף זיי, ווי דער שקלאווען־האלטער קאן ניט אבזונדערן דעם ארבייטער גופא פון זיין כאראקטער אלס שקלאף.

צווישען די אומשטענדען, וועלכע האבען אין א גרויסער מאס אן איינפלוס אויף דער אויסשפרייטונג פון דער אקומולאציע, אונאבהענגיג פון דער איינטיילונג פון'ם מעהרווערטה אין הכנסה און קאפיטאל, מוז מען ענדליך נאך דערמאנען די גרויס פון דעם אויסגעלעגטען קאפיטאל.

ביי א בעשטימטען גראד עקספלואטאציע פון דער ארבייט־קראפט ווערט די מאסע פון'ם מעהרווערטה בעשטימט דורך דער צאהל פון די גלייכצייטיג עקספלואטירטע ארבייטער, און אט די צאהל פאסט זיך צו, ווען אפילו ניט אלעמאל אין דערזעלביגער

[61] מאקקולאך האט ארויסגענומען זיין פאטענט אויף דעם „לוין פון פערגאנגענער ארבייט" א צייט פריהער איידער סיניאר האט ארויסגענומען זיין פאטענט אויף דעם „לוין פאר אבסטינענץ."

פראפארציע, צו דער גרויס פון קאפיטאל. צוזאמען מיט דעם גאנ־צען קאפיטאל וואקסט אויך זיין וואריאבלער בעשטאנד־טייל, הגם ניט אין דערזעלבינער מאס. וואס גרעסער דער מאסשטאב איז, אויף וועלכען דער איינצעלנער קאפיטאליסט פראדוצירט, אלץ גרעסער איז די צאהל ארבייטער, וואס ער עקספלואטירט אין איין צייט, אדער אלץ גרעסער איז די מאסע אונבעצאהלטע ארבייט, וואס ער אייגענט זיך אן.[62] וואס מעהר דעריבער דער קאפיטאל וואקסט דורך די כסדר'דיגע אקומולאציעס, אלץ מעהר וואקסט אויך די ווערטה־סומע, וועלכע שפאלט זיך אין א קאנזומציאנס־פאנד און אן אקומולאציאנס־פאנד. דער קאפיטאליסט קאן לעבען מעהר ברייטלעך און צו דערזעלבינער צייט ארויסווייזען מעהר „אבסטינענץ.” און שליסליך, אלע פרוזשינעס פון דער פראדוק־ציאן ארבייטען אלץ מעהר ענערגיש, וואס מעהר איהר מאסשטאב ברייטערט זיך אויס מיט דער מאסע פון דעם אויסגעלעגטען קא־פיטאל.

## 5. דער אזוי־גערופענער ארבייטס־פאנד.

די קאפיטאליסטען אזוי ווי די אנדערע, וואס נעהמען א חלק פון דעם מעהרווערטה, צום ביישפיעל די גרונד־בעזיצער, זייערע נאכשלעפער און זייערע רעגירונגען, פערשווענדען יעדען יאהר אן אנגעזעהענעם טייל פון דעם יעהרליכען מעהר־פראדוקט. א חוץ דעם האלטען זיי צוריק א מענגע זאכען אין זייערע קאנ־זומציאנס־פאנדען, וועלכע ווערן לאנגזאם פערברויכט, וואס פאס־סען זיך אנגעווענדעט צו ווערן פאר דער רעפראדוקציאן; דערצו פערברויכען זיי א מאסע ארבייט־קרעפטען פאר זייער פערזענלי־כער בעדיענונג און מאכען זיי דורכדעם אונפרוכטבאר פאר דער פראדוקציאן.

---

[62] מען וועט זעהן אין דעם דריטען בוך, אז די דורכשניטליכע פראפיט־ראטע פון פערשיידענע פראדוקציאנס־ספערען ווערט ניט בעריהרט פון דער איינטיילונג פון'ם קאפיטאל אין א קאנסטאנטען און וואריאבלען עלעמענט, וואס איז אייגענטימליך פאר יעדערער פון די דאזיגע ספערען; אויך אז אט דער פענאמען ווידערשפרעכט נאר לפנים די ענטוויקעלטע געזעצען וועגען דער נאטור און פראדוקציאן פון דעם מעהרווערטה

דער טייל פון דעם רייכטום, וואס ווערט קאפיטאליזירט, איז דעריבער קיינמאל ניט אזוי גרויס, ווי ער האט געקאנט זיין. זיין גרויס איז פראפארציע צו דעם סך הכל פון געזעלשאפטליכען רייכ־טום ענדערט זיך מיט יעדער ענדערונג אין דער איינטיילונג פון דעם מעהרווערטה אין פערזענליכער הכנסה און אין צונאב־קא־פיטאל; און די פראפארציע גופא, אין וועלכער די דאזיגע טיי־לונג קומט פאר, ענדערט זיך אהן אויפהער אונטער דעם איינ־פלוס פון סיטואציעס, מיט וועלכע מיר קאנען זיך דא ניט פערנעה־מען. עס איז גענוג דא צו קאנסטאטירן, אז דער קאפיטאל איז ניט קיין פעסטע (פיקסע) גרויס, נאר אן עלאסטישער טייל פון געזעלשאפטליכען רייכטום, וואס שוואנקט און וועקסעלט זיך שטענ־דיגט מיט דער איינטיילונג פון'ם מעהרווערטה אין הכנסה און צו־גאב־קאפיטאל.

מיר האבען ווייטער געזעהן, אז אפילו ביי א בעשטימטער גרויס פון'ם פונקציאנירענדען קאפיטאל פארמירן די אין איהם פערקערפערטע ארבייט־קראפט, וויסענשאפט און ערד (אונטער וועלכע מען דארף פערשטעהן, אין אן עקאנאמישען זין, אלע אר־בייטס־געגענשטאנדען, וואס די נאטור שטעלט־צו אונאבהענגיג פון מענשען) עלאסטישע כחות (פאטענצען), וועלכע גיבען איהם אין געוויסע גרעניצען א פעלד פאר טהעטיגקייט, וואס איז אונאב־הענגיק פון זיין אייגענער גרויס. מיר האבען דערביי ניט גע־נומען אין בעטראכט קיינע פון די פערהעלטענישען פון דעם צירקו־לאציאנס־פראצעס, וועלכע פעראורזאכען זעהר פערשיידענע וויר־קונגס־גראדען פון דערזעלביגער קאפיטאל־מאסע. און אזוי ווי מיר האבען אנגענומען אין פאראויס די בעגרעניצונגען פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן, ד. ה. מיר האבען אנגענומען א ריין־נאטורגעוואקסענע געשטאלט פון דעם געזעלשאפטליכען פרא־דוקציאנס־פראצעס, האבען מיר ניט גענומען אין בעטראכט א וועלכע עס איז מעהר ראציאנעלע קאמבינאציע, וואס לאזט זיך דורכפיהרן דירעקט און פלאנמעסיג מיט די פראדוקציאנס־מיט־לען און ארבייט־קרעפטען, וואס זיינען איצט פאראנען. די קלא־סישע עקאנאמיע האט פון אייביג־אן ליעב געהאט אויפצופאסען דעם געזעלשאפטליכען קאפיטאל אלס א פעסטע (פיקסע) גרויס פון א פעסטען (פיקסען) ווירקונגס־גראד. דער פאראורטייל איז

אָבער ערשט בעפעסטיגט געוואָרן ווי אַ דאָגמע דורך דעם אור־פילִיסטער דזשערעמי בענטהאַם — אַט דעם פאַרעוועז, פּעדאַנ־טישען, שוואַרץ־לִעדערנעם אָראַקעל פון דעם פּשוט'ן בורזשואַ־פער־שטאַנד פון דעם 19טען יאָהרהונדערט.[63] בענטהאַם איז צווישען די פילאָזאָפען, וואָס מאַרטין טופּפּער איז צווישען די פּאָעטען. ביידע האָבען נאָר אין ענגלאַנד געקאָנט פאַבריצירט ווערן.[64]

מיט דער דאָגמע, אַז דער געזעלשאַפטליכער קאַפּיטאַל איז אין יעדען געגעבענעם צייט־פּונקט אַ פיקסע גרויס, ווערן די גע־וועהנליכסטע ערשיינונגען פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, ווי

---

[63] זעה צווישען אנדערע זש. בענטהאַם "Theories des Peines et des Recompeses." איבערזעצט פון עט. דומאָן, פּאַריז 1826, ב. II., בוך 4, קאַפּ. 2.

[64] דזשערעמי בענטהאַם איז אַ ריין־ענגלישער פענאָמען. ניט מאַכענדיג קיין אויסנאַהם אפילו פון אונזער [דעם דייטשען] פילאָזאָף קריסטיאַן וואָלף, האָט אין קיין צייט און אין קיין לאַנד דער באַלעבאַטישער „שכל הישר" זיך ניט צוּלִעגט אַזוי ברייטליך און מיט אַזאַ זעלבסט־צופריעדענהיים. דער ניצ־ליכקייט־פּרינציפּ איז ניט געווען בענטהאַם'ס אַן ערפינדונג. ער האָט נאָר רעפּראָדוצירט אָהן טעם, וואָס העלוועטיוס און אַנדערע פראַנצויזען פון 18טען י. ה. האָבען געזאָגט אַזוי גייסטרייך. ווען מען וויל צום ביישפּיעל וויסען, וואָס איז ניצליך פאַר אַ הונט? מוז מען אויספאָרשען דעם הונט'ס נאַטור. מען קאָן ניט זאָגען וואָס זיין נאַטור איז דורך דעם ניצליכקייט פּרינציפּ. ווענ־דעט מען אָן דעם פּרינציפּ אויפ'ן מענשען, איז אויב מען וויל אורטיילען וועגען אַלע מענשליכע טהאַטען, בעוועגונגען, שייכות'ן א. אַז. וו., מוז מען אַפריהער אויספאָרשען די מענשליכע נאַטור בכלל און דערנאָך די מענשליכע נאַטור ווי זי איז היסטאָריש מאָדיפיצירט אין יעדער עפּאָכע. בענטהאַם פּטר'ט עס אָב קורץ. מיט דער נאַאיווסטער טרוקענקייט נעהמט ער אָן דעם מאָדערנעם שפּיזבירגער, און ספּעציעל דעם ענגלישען שפּיזבירגער, אַלס דעם נאָרמאַל־מענשען. וואָס עס איז ניצליך פאַר אָט דעם פּשוט'ן בשר ודם און פאַר זיין וועלט, דאָס איז ניצליך אַן און פאַר זיך. לויט אָט דעם מאַסשטאַב אורטיילט ער דאָן די פערגאַנגענהייט, גענענוואַרט און צוקונפט. צום ביישפּיעל, די קריסטליכע רעליגיאָן איז „ניצליך", ווייל זי פערבאָט דיזעלביגע שלעכטע מעשים, וואָס דער שטראָף־קאָדעקס פערדאַמט אין נאָמען פון געזעץ. קונסט־קריטיק איז „שעדליך", ווייל זי שטערט רעספּעקטאַבעלע מענשען הנאה צו האָבען פון מאַרטין טופּפּער א. אַז. וו. מיט אַזאַ מין שונד האָט דער בראַ־ווער מאַן, וואָס זיין דעוויז איז געווען „נוללאַ דיעס סינע לינעאַ" [קיין טאָג אָהן אַ שטריך] אַנגעפילט בערג מיט ביכער. ווען איך וואָלט געהאַט דעם קוראַזש פון מיין פריינד הענריך היינע, וואָלט איך דעם הערה דזשערעמיאַס אָנגערופען אַ זשעניע פון בירגערליכער דומהיים.

צ. ב. ש. זיינע פּלוצליכע אויסשפּרייטונגען און צוזאַמענציהונגען, און אַפילו די אַקומולאַציע גופא, אינגאַנצען אונבעגרייפבאַר.[65] די דאָגמע איז בענוצט געוואָרן פון בענטהאַם גופא, אַזוי גוט ווי פון מאַלטוס, דזשיימס מילל, מאַקקולאָך א. אַ. פאַר אַפּאָלאָגעטישע צוועקען, ספּעציעל כדי פאָרצושטעלען איין טייל פון קאַפּיטאַל, דעם וואַריאַבלען אָדער דעם טייל, וואָס לאָזט זיך פערוואַנדלען אין ארבייט־קראַפט, אַלס א פעסטע גרויס. די מאַטעריעלע עקזיס־טענץ פון דעם וואַריאַבלען קאַפּיטאַל, ד. ה. די מאַסע לעבענס־מיטלען, וואָס ער רעפּרעזענטירט פאַר דעם ארבייטער, אָדער דער אַזויגערופענער ארבייטס־פאָנד, איז אויסגעפאַנטאַזירט געוואָרן אַלס א בעזונדער טייל ; ; געזעלשאַפטליכען רייכטום, וועלכער איז אָב־געגרעניצט דורך נאַטור־קעטען און קאָן ניט אריבערגעטראָגען ווערן.

כדי צו ברענגען אין בעוועגונג דעם טייל פון געזעלשאַפטלי־כען רייכטום, וואָס דאַרף פונקציאָנירן אַלס קאָנסטאַנטער קאַפּי־טאַל, אָדער אין א מאַטעריעלער פאָרם אויסגעדריקט, אַלס פּראָ־דוקציאָנס־מיטלען, פאָדערט זיך א בעשטימטע מאַסע פון לעבעדי־גער ארבייט. די מאַסע איז טעכנאָלאָגיש א בעשטימטע. אָבער ניט די צאָהל ארבייטער, וואָס פאָדערט זיך פליסיג צו מאַכען די דאָזיגע ארבייט־מאַסע, איז א בעשטימטע, וואָרים דאָס ענדערט זיך מיט דעם גראַד־עקספּלואַטאַציע פון דער אינדיווידועלער אַר־בייט־קראַפט, און ניט איז דער פּרייז פון דער דאָזיגער ארבייט־

[65] „פּאָליטישע עקאָנאָמען זיינען צופיעל גענייגט צו בעטראַכטען א בע־שטימטען סכום קאַפּיטאַל און א בעשטימטע צאָהל ארבייטער אַלס פּראָדוק־ציאָנס־אינסטרומענטען פון א גלייכפאָרמיגער קראַפט און ווי עפּעס וואָס ווירקט מיט א געוויסער גלייכפאָרמיגער אינטענסיוויטעט. . . . די וועלכע בעהויפּטען, אַז סחורות זיינען די איינציגע ווירקענדע מיטלען פון דער פּראָדוקציאָן, בע־ווייזען אַז די פּראָדוקציאָן קאָן איבערהויפּט ניט אויסגעברייטערט ווערן, וואָרים פאַר אַזאַ אויסברייטערונג וואָלטען אַפריהער געמוזט פערמעהרט ווערן לעבענס־מיטלען, רויה־מאַטעריאַלען און ווערקצייג, וואָס עס מיינט פאַקטיש, אַז עס קאָן ניט פאָרקומען קיין וואוקס פון דער פּראָדוקציאָן אָהן איהר פריה־ערדיגען וואוקס, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, אַז יעדער וואוקס איז אונמעג־ליך.“ (ס. בעילי, „מאַני ענד איטס וויסיסיטיודס“, ז. 26, 70.) בעילי קריטי־זירט די דאָגמע הויפּטזעכליך פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם צירקולאַציאָנס־פּראָצעס.

קראפט א בעשטימטער, א חוץ נאר זיין מינימאלער גרענעץ, און דער איז אויך זעהר עלאסטיש. די פאקטען, וואס ליעגען אין גרונד פון דער דאגמע, זיינען אט די: פון איין זייט האט דער ארבייטער קיין דעה ניט מכח דער איינטיילונג פון דעם געזעלשאפטליכען רייכטום אין גענוס-מיטלען פאר די ניט־ארבייטער און אין פראדוקציאנס-מיטלען. פון דער אנדער זייט קאן ער נאר אין גינסטיגע אויסנאהם-פאלען גרעסער מאכען דעם אזויגערופענעם „ארבייטס-פאנד" אויף'ן חשבון פון דער „הכנסה" פון דעם רייכען. „דער ווילען פון דעם רייכען, זאגט זיסמאנדי, ווערט בעשטימענד פאר די ארימע. . . ווארים ער אליין פיהרט דורך די חלוקה פון דעם יעהרליכען פראדוקט. אלץ וואס ער רופט אן הכנסה, האלט ער פאר זיך, כדי דאס אליין צו קאנזומירן. וואס ער רופט אן קאפיטאל, גיט ער אב די ארימע, כדי זיי זאלען דערמיט שאפען זיין הכנסה (ריכטיגער געזאגט, כדי זיי זאלען דערמיט שאפען פאר איהם נאך א צוגעגעבענע הכנסה)."[66]

צו וואס פאר אן אונזיניגער טאוטאלאגיע עס פיהרט, ווען מען פלפול'ט אוים פון דער קאפיטאליסטישער בעגרעניצונג א געזעלשאפטליכע נאטור־בעגרעניצונג פון דעם ארבייט-פאנד, בעווייזט צווישען אנדערע פראפעסאר פאסעט. „דער צירקולירענדער קא־

[66] זיסמאנדי, „נייע פרינציפען פון פאליט. עקאנאמיע (פראנצ.) ב. I, ז. 107, 108. — דזש. סט. מילל אין זיין „פרינסיפלס אוו פאליטיקאל עקאנאמיע, בוך II, קאפיט. 1, § 3 זאגט: „דער פראדוקט פון דער ארבייט ווערט היינטיגען טאג פערטיילט כמעט אין אן אומגעקעהרטער פראפארציע צו דער ארבייט — דער גרעסטער טייל קומט אן צו די, וואס ארבייטען קיינמאל ניט, דער נעקסט-גרעסטער צו די, וואס זייער ארבייט איז כמעט נאר נאמינעל, און אזוי ווערט די בעלוינונג וואס ווייטער אלץ קלענער, אין דעם ערך וואס די ארבייט ווערט שווערער און אונאנגענעהמער, ביז די גאר שווערסטע און אויסמאטערענדע קערפערליכע ארבייט קאן אפילו ניט רעכענען מיט זיכערקייט אויף די נויטיגסטע מיטלען צום לעבען." כדי אויסצומיידען מיספערשטענדעניסען וויל איך בעמערקען, אז ווען עס קומט אוים צו צו טאדלען אזעלכע מענער ווי דזשאהן סטוארט מילל און אנדערע פאר דעם ווידערשפרוך צווישען זייערע אלט־עקאנאמישע דאגמען און זייערע מאדערנע טענדענצען, וואלט עס אבער געווען איננאנצען אן אומרעכט צוזאמען צו מישען זיי מיט דעם גאנצען פאק פון די ווולגאר־עקאנאמישע אפאלאגעטען.

פיטאל[67] פון א לאנד — זאָגט ער — איז זיין אַרבייט־פאָנד. כדי דעריבער צו בערעכענען דעם דורכשניטליכען געלד־לוין, וואָס יע־דער אַרבייטער בעקומט, דאַרפען מיר איינפאך צוטיילען אָט דעם קאַפּיטאַל אויף דער צאָהל פון דער אַרבייטער־בעפעלקערונג."[68] דאָס הייסט, אלזא, אפריהער רעכענען מיר צוזאמען דיווירקליך־אָבגעצאָהלטע אינדיווידועלע אַרבייט־לוינען אין איין סומע, דער־נאָך בעהויפּטען מיר, אז אָט דער חבור מאכט אויס די ווערטה־סומע פונם „אַרבייט־פאָנד", וואָס איז פעסטגעזעצט געוואָרן פון גאָט און דער נאַטור. לסוף צוטיילען מיר די סומע, וואָס האָט זיך אויף דעם אופן בעקומען, אויף דער צאָהל אַרבייטער, כדי ווידער אמאָל צו ענטדעקען וויפיל עס קאָן אין דורכשניט אויספאַלן אויף יעדען אַרבייטער אינדיווידועל. א זעלטען־חכמה'דיגע מעטאָדע איז דאָס. זי שטערט ניט דעם הערן פאָסעט צו זאָגען מיט דעמ־זעלביגען אָטהעם: „דער יעהרליך־אקומולירטער קאָלעקטיוו־רייכ־טום אין ענגלאַנד ווערט איינגעטיילט אין צוויי טיילען. איין טייל ווערט אין ענגלאַנד פערווענדט אויפצוהאַלטען אונזער אייגענע אינדוסטריע. אַנאַנדער טייל ווערט עקספּאָרטירט אין אַנדערע לענדער... דער טייל, וואָס ווערט אָנגעווענדעט אין אונזער אינ־דוסטריע, שטעלט ניט צוזאמען קיין בעדייטענדען טייל פון דעם רייכטום, וואָס ווערט יעהרליך אקומולירט דאָ אין לאַנד."[69] דער גרעסערער טייל פון דעם יעהרליך־צוגעקומענעם מעהר־פּראָדוקט, וואָס ווערט אָבגעצויגען פון דעם ענגלישען אַרבייטער אָהן אן עק־וויוואַלענט, ווערט, הייסט עס, פערקאַפּיטאַליזירט ניט אין ענג־לאַנד, נאָר אין פרעמדע לענדער. אָבער מיט דעם, אויף דעם אופן

---

67 איך וויל דא דערמאנען דעם לעזער, אז איך האב דער ערשטער גע־ברויכט די קאטעגאריען קאנסטאנטער און וואריאבלער קאפיטאל. די פאלי־טישע עקאנאמיע זינט אדאם סמיטה ווארפט צוזאמען די בעשטימונגען, וואס זיינען ענטהאלטען: אין דעם, מיט די פארם־אונטערשיידען פון פיקסען און צירקולירענדען קאפיטאל, וואס נעהמען זיך פון דעם צירקולאציאנס־פּראצעס, אין איין מיש־מאש. גענויערעס וועגען דעם וועט מען געפינען אין צווייטען בוך צווייטען אבטייל.

68 ד. נ. ז. 122, 126.

48 H. Fawcet, Professor of Political Economy of Cambridge: "The Economie Position of the British Labourer." 1865, page 120.

עקספּאָרטירטען צוגאָב־קאַפּיטאַל, ווערט דאָך אויך עקספּאָרטירט א טייל „ארבייט־פאָנד“, וואָס איז ערפונדען געוואָרן פון גאָט און בענטהאם.[70]

---

70 מען וואלט געקאָנט זאגען, אז ניט נאר קאפּיטאל, נאר אויך ארביי־טער ווערן אין דער פארם פון אויסוואנדערונג יעהרליך עקספּארטירט פון ענגלאנד. אין טעקסט איז אבער גאר ניט קיין רעד וועגען דעם מיטגענומענעם פערמעגען פון די אויסוואנדערער, וועלכע זיינען אין א גרויסען טייל ניט קיין ארבייטער. די זיהן פון די ארענדאטארם ליפערן א גרויסען טייל דער־פון. דער ענגלישער צוגאב־קאפּיטאל, וואס ווערט יעהרליך אוועקגעשיקט אין אויסלאנד צו טראגען פּראצענטען, שטעהט אין א פיעל גרעסערער פּראפּאר־ציע צו דער יעהרליכער אקומולאציע, איידער די יעהרליכע אויסוואנדערונג שטעהט אין פּראפּארציע צו דעם יעהרליכען צו־וואוקס פון דער בעפעלקערונג.

דריי און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

# דאָס אַלגעמיינע געזעץ פון דער קאַפּיטאַליס־טישער אַקומולאַציע.

## 1. די וואַקסענדע נאָכפראַגע אויף אַר־בייט־קראַפט, וואָס קומט מיט דער אַקומולאַציע, בעת די צוזאַמענ־שטעלונג פון קאַפּיטאַל בלייבט דיזעלביגע.

מיר וועלען בעהאַנדלען אין אָט דעם קאַפּיטעל דעם איינ־פלוס, וואָס דער וואוקס פון קאַפּיטאַל איבט אוים אויף דעם גורל פון דעם אַרבייטער־קלאַס. די וויכטיגסטע פאַקטאָרען אין אָט דער אונטערזוכונג זיינען די צוזאַמענשטעלונג פון'ם קאַפּיטאַל און די ענדערונגען, וואָס זי מאַכט דורך אין דעם פערלויף פון דעם אַקומולאַציאָנס־פּראָצעס.

די צוזאַמענשטעלונג פון'ם קאַפּיטאַל דאַרף מען אויפפאַסען אין אַ צווייפאַכיגען זין. אויף דער זייט פון ווערטה בע־שטימט זי זיך דורך דער פּראָפּאָרציע, אין וועלכער קאַפּיטאַל טיילט זיך איין אין קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל אָדער ווערטה פון די פּראָ־דוקציאָנס־מיטלען, און אין וואַריאַבלען קאַפּיטאַל אָדער ווערטה פון דער אַרבייט־קראַפט, דער סך הכל פון די אַרבייט־לוינען. אויף דער זייט פון'ם מאַטעריאַל, ווי ער פונקציאָנירט אין דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, טיילט זיך איין יעדער קאַפּיטאַל אין פּראָ־דוקציאָנס־מיטלען און לעבעדיגע אַרבייט־קראַפט. אָט די לעצטע צוזאַמענשטעלונג בעשטימט זיך דורך דער פּראָפּאָרציע צווישען דער מאַסע פון די אָנגעווענדעטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון איין זייט און דער אַרבייט־מאַסע, וואָס פאָדערט זיך פאַר זייער אָנווענ־

דונג פון דער אנדער זייט. די ערשטע רוף איך אָן די וו ע ר ט ה־ צ ו ז א מ ע נ ש ט ע ל ו נ ג, די צווייטע — די ט ע כ נ י ש ע צ ו ז א מ ע נ ש ט ע ל ו נ ג פון'ם קאפיטאל. צווישען דיביידע געפינט זיך אַן ענגע געגענזייטיגע שייכות. כדי אויסצודריקען אָט די שייכות, רוף איך אָן די ווערטה־צוזאמענשטעלונג פון קאפיטאל, אויף ווי ווייט זי ווערט בעשטימט דורך זיין טעכנישער צוזאמענ־שטעלונג און שפּיגעלט אָב איהרע ענדערונגען — די אָרגאַנישע צוזאמענשטעלונג פון'ם קאפיטאל. אומעטום, וואו עס רעדט זיך בקיצור וועגען דער צוזאמענשטעלונג פון קאפּיטאל, דארף מען אַלע־מאָל פערשטעהן זיין אָרגאַנישע צוזאמענשטעלונג.

די צאָהלרייכע איינצעל־קאפיטאלען, וועלכע זיינען אריינ־געלעגט אין א בעשטימטען פראָדוקציאָנס־צווייג און פונקציאָניר: אין די הענד פון צאָהלרייכע איינע פון די אנדערע אונאָבהענגיגע קאפיטאליסטען, אונטערשיידען זיך מעהר אָדער ווייניגער אין זייער צוזאמענשטעלונג. דער דורכשניט פון זייערע איינצעל־צוזאמענ־שטעלונגען גיט אונז די צוזאמענשטעלונג פון דעם גאנצען קאַ־פּיטאל פון דעם דאָזיגען פראָדוקציאָנס־צווייג. ענדליך גיט אונז דער כלל־דורכשניט פון די דורכשניט־צוזאמענשטעלונגען פון אַלע פּראָדוקציאָנס־צווייגען די צוזאמענשטעלונג פון דעם געזעלשאפט־ליכען קאפּיטאל פון א לאנד, און פון אָט דער אַליין אין לעצטער ליניע וועט זיין די רייד אין דער וויטערדיגער אונטערזוכונג.

נאָך אָט די איינלייטענדע בעמערקונגען, לאָמיר זיך ווידער ווענדען צו דער אקומולאציע פון קאפּיטאל.

דער וואוקס פון קאפּיטאל שליסט איין דעם וואוקס פון זיין וואריאבלען אָדער אין ארבייט־קראפט פערוואנדעלטען בעשטאנד־טייל. איין טייל פון דעם מעהרווערטה, וואָס ווערט פערוואנדעלט אין צוגאָב־קאפּיטאל, מוז שטענדיג צוריק פערוואנדעלט ווערן אין וואריאבלען קאפיטאל אָדער אין צוגעקומענעם ארבייט־פאָנד. נעהמען מיר אָן, אַז מיט אַלע אנדערע גלייך־בלייבענדע אומשטענ־דען בלייבט אויך די צוזאמענשטעלונג פון קאפּיטאל אומפערענ־דערט; ד. ה. אַז א בעשטימטע מאסע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אָדער קאָנסטאנטער קאפּיטאל פאָדערט שטענדיג דיזעלביגע מאסע ארבייט־קראפט כדי געבראכט צו ווערן אין בעוועגונג, דאַן איז קלאָר, אַז די נאָכפראגע אויף ארבייט און דער פאָנד פון די צו

ביטער׳ס לעבענס־מיטלען וואקסט פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם קאַפּיטאַל און אַלץ שנעלער, וואָס שנעלער דער קאַפּיטאַל וואקסט. אַזוי ווי דער קאַפּיטאַל פּראָדוצירט יעהרליך אַ מעהרווערטה, פון וועלכען איין טייל ווערט יעהרליך צוגעגעבען צום אָריגינאַל־קאַפּיטאַל; אַזוי ווי אָט דער צו־וואוקס גופא וואַקסט יעהרליך מיט דעם גרעסערן אומפאַנג פון דעם קאַפּיטאַל, וואָס האַלט שוין אין פונקציאָנירן; און אַזוי ווי, ענדליך, אונטער דעם ספּעציעלען סטימול פון דער שטרעבונג רייך צו ווערן, ווי צום ביישפּיעל די עפענונג פון נייע מערק, נייע ספערען פון קאַפּיטאַל־איינלאַגען אלס רעזולטאַט פון ניי־ענטוויקעלטע געזעלשאַפטליכע בעדערפעניסען א. אַז.וו., לאָזט זיך פלוצלינג אויסברייטערן דער מאָסשטאַב פון דער אַקומולאַציע בלויז דורך אַ געענדערטער איינטיילונג פון דעם מעהרווערטה אָדער דעם מעהר־פּראָדוקט אין קאַפּיטאַל און הכנסה — קאָנען די אַקומולאַציאָנס־פאָדערונגען פון׳ם קאַפּיטאַל אַריבעריאָגען דעם וואוקס פון דער אַרבייט־קראַפט אָדער פון דער אַרבייטער־צאָהל, די נאָכפראַגע אויף אַרבייטער קאָן אַריבעריאָגען זייער צושטעל און פאָלגליך קאָנען די אַרבייט־לוינען שטייגען.

דאָס מוז גאָר אפילו זיין דער פאַל, אויב אונזער פריהערדיגע השערה האַלט אָן ווייטער אומפערענדערט. אַזוי ווי עס ווערן יעדעס יאָהר בעשעפטיגט מעהר אַרבייטער איידער אין דעם פריהערדיגען יאָהר, מוז פריהער אָדער שפּעטער אַריינטרעטען דער פונקט, ווען די בעדערפעניסען פון דער אַקומולאַציע הויבען אָן אַריבערצו־וואַקסען דעם געוועהנליכען צושטעל פון אַרבייט, ווען עס טרעט אַריין פאָלגליך אַ לוין־העכערונג. אַ וועה־געשריי וועגען דעם האָט זיך געלאָזט הערן אין ענגלאַנד אין משך פון גאַנצען 15טען און פון דער ערשטער העלפט פון 18טער יאָהרהונדערט. די מעהר אָדער וועניגער גינסטיגע אומשטענדען, אין וועלכע די לוין־אַרבייטער לעבען און פערמעהרן זיך, מאַכען אָבער קיין ענדערונג ניט אין דעם גרונד־כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. אַזוי ווי די איינפאַכע רעפּראָדוקציאָן רעפּראָדוצירט נאָכאַנאַנד די קאַפּיטאַל־שייכות גופא: קאַפּיטאַליסטען אויף איין זייט, לוין־אַרבייטער אויף דער אַנדער זייט, אַזוי רעפּראָדוצירט די רעפּראָדוקציאָן אויף אַ ברייטערן מאָסשטאַב אָדער די אַקומולאַציע, די קאַפּיטאַל־שייכות אויף אַ ברייטערן מאָסשטאַב:

מעהר קאַפּיטאַליסטען אָדער גרעסערע קאַפּיטאַליסטען אויף דעם פּאָליוס, מעהר לוין־אַרבייטער אויף יענעם פּאָליוס. מיר האָבען שוין פריהער געזעהן, אַז די רעפּראָדוקציאָן פון דער אַרבייט־קראַפט, וועלכע מוז זיך אונאויפהערליך פערקערפּערן אַלס פערווערטונגס־מיטעל אין׳ם קאַפּיטאַל, וועלכע קאָן זיך ניט לויזרייסען פון איהם, און וואָס איהר פערקנעכטונג צום קאַפּיטאַל ווערט נאָר פערדעקט דורך דעם איבערבייט פון די אינדיווידועלע קאַפּיטאַליסטען, צו וועלכע זי פערקויפט זיך — איז פאַקטיש איין מאָמענט פון דער רעפּראָדוקציאָן פון׳ם קאַפּיטאַל גופא. די אַקומולאַציע פון קאַ־פּיטאַל איז דעריבער די פערמעהרונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט.[71]

די קלאַסישע עקאָנאָמיע האָט אַזוי גוט בעגריפען אָט דעם זאַץ, אַז אַדאַם סמיטה, ריקאַרדאָ א. אַ., ווי מיר האָבען פריהער דער־מאָנט, האָבען אַפילו די אַקומולאַציע גלייכגעשטעלט על פּי טעות מיט דעם קאָנזום פון גאַנצען קאַפּיטאַליזירטען טייל פון מעהר־פּראָדוקט דורך די פּראָדוקטיווע אַרבייטער, אָדער מיט דער פער־וואַנדלונג פון דעם דאָזיגען טייל אין צוגעקומענע לוין־אַרבייטער.

שוין אין יאָהר 1696 האָט דזשאָהן בעללערס געזאָגט: „ווען איינער האָט 100,000 אַקער לאַנד און פונקט אַזויפיעל פונט סטער־

[71] קאַרל מאַרקס, „לוין־אַרבייט און קאַפּיטאַל“ [בערלין אויסגאַבע 1907, ז. 28.] — „אונטער דערזעלביגער אונטערדריקונג פון די מאַסען איז א לאַנד אויף אַזויפיעל רייכער, אויף וויפיעל עס האָט מעהר פּראָלעטאַריער“. (קאָלין׳ס „ל׳עקאָנאָמיע פּאָליטיק עצט.“, פּאַריז 1857, באַנד III, ז. 331.) אונטער דעם נאָמען „פּראָלעטאַריער“ מוז מען עקאָנאָמיש פערשטעהן דעם לוין־אַרבייטער, וועלכער פּראָדוצירט און פערווערטעט „קאַפּיטאַל“, און ווערט אַרויסגעוואָרפען אויפ׳ן גאַס, אַזויבאַלד ווי ער ווערט איבערפליסיג פאַר די פערווערטונגס־בעדערפעַנישען פון דעם „מאָנסיע קאַפּיטאַל“, ווי פּעקעור רופט אַן די דאָזיגע פּערזאָן. „דער קרענקליכער פּראָלעטאַריער פון פּרימיטיווען וואַלד“ איז ראָשער׳ס א פיינע פאַנטאַזיע. דער פּרימיטיווער וואַלד־מענש איז דער איי־גענטימער פון׳ם וואַלד און בעהאַנדעלט איהם אַלס זיין אייגענטום אָהן צערע־מאָניעס ווי דער אָראַנג־אוטאַן. ער איז אַלזאָ ניט קיין פּראָלעטאַריער. דאָס וואָלט געוועזן דער פאַל, ווען דער פּרימיטיווער וואַלד וואָלט איהם עקספּלואַ־טירט, אַנשטאָט ער דעם וואַלד. וואָס איז נוגע דעם צושטאַנד פון זיין גע־זונד, קאָן ער גאַנץ גוט זיך אויסגלייכען ניט נאָר מיט דעם מאָדערנעם פּראָ־לעטאַריער, נאָר אַפילו אויך מיט די סיפיליטישע און סקראָפולעזע „העכערע קלאַסען“. הערר ווילהעלם ראָשער אָבער פערשטעהט מסתמא אונטער דעם פּרימיטיווען וואַלד זיינע געבירטיגע לינעבורגער בלאַטעס.

לינג געלד און פונקט אזויפיעל פיה, וואס וואלט אזא רייכער מאן געווען אהן דעם ארבייטער א חוץ אליין אן ארבייטער? און אזוי ווי די ארבייטער מאכען לייטען רייך, איז וואס מעהר ארבייטער, אלץ מעהר רייכע. . . דעם ארימאן'ס ארבייט איז דעם רייכען'ס גאלד־מינע."[72]

אזוי זאגט אויך בערנארד דע מאנדעוויל אין אנפאנג פון 18טען י. ה.: „דארט, וואו דאס אייגענטום ווערט גענוג בעשיצט, וואלט געווען לייכטער צו לעבען אהן געלד איידער אהן ארימע לייט, ווארים ווער וואלט געטאן די ארבייט? . . . אזוי ווי מען דארף פערהיטען די ארבייטער, זיי זאלען ניט פערהונגערן, אזוי זאלען זיי אויך גאר נישט בעקומען, וואס איז ווערטה אבצושפארן. ווען עס מאכט זיך ווען־ניט־ווען, אז איינער פון דעם אונטערשטען קלאס הויבט זיך ארויס, דורך אונגעוועהנליכער פלייסיגקייט און אבנארן די קישקע, פון דער לאגע, אין וועלכער ער איז אויפגע־וואקסען געווארן, טאר איהם קיינער אין דעריין ניט שטערן: אדרבא, עס איז בלי ספק דער קליגסטער פלאן פאר יעדער פריוואט־פערזאן און יעדער פריוואט־פאמיליע אין דער געזעלשאפט צו זיין עקאנאמיש; עס איז אבער אין די אינטערעסען פון אלע רייכע פעלקער, אז דער גרעסטער טייל פון די ארימע זאל קיינמאל ניט געהן לעדיג און דאך זאלען זיי אלעמאל אויסגעבען אלץ וואס זיי קריגען. . . די וואס פערדיענען אויף זייער לעבען דורך זייער טעג־ליכער ארבייט, האבען קיין זאך ניט, וואס זאל זיי טרייבען צו זיין ארבייטזאם, א חוץ זייערע בעדערפענישען, וועלכע עס איז קלוג צו לינדערן אבער נאריש צו קורירן. די איינציגע זאך, וואס קאן דעם ארבייטענדען מענשען מאכען פלייסיג, איז א מעסיגער ארבייטס־לוין. א צו־קליינער לוין מאכט איהם, ווי נאך זיין טעמ־פעראמענט נאך, אדער מוטהלאז אדער געפעהרליך, א צו־גרויסער לוין מאכט איהם פרעך און פויל. . . . עס איז קלאר פון דאס, וואס מיר האבען געזאגט, אז אין א פרייען פאלק, וואו שקלאווען זיינען ניט ערלויבט, בעשטעהט דער זיכערסטער רייכטום אין א גרויסער מענגע צרימע לייט. אויסער דעם, אזוי ווי זיי זיינען דער קוואל,

---

[72] John Bellers, "Ppropsals for raising a Colledge of Industry," London, 1696, p. 2.

וואָס הערט קיינמאָל ניט אויף צוצושטעלען מענשען פאַר דעם פלאָט און דער אַרמעע, וואָלט אָהן זיי ניט געקאָנט זיין קיין גענוס און די פּראָדוקטען פון קיין לאַנד וואָלטען ניט געקאָנט זיין ווערטה־פול. כדי צו מאַכען די געזעלשאַפט (וועלכע בעשטעהט נאַטיר־ליך פון ניט־אַרבייטער) זאָל זיין גליקליך און דאָס פאָלק זאָל אַפילו אין טרויעריגע אומשטענדען זיין צופריעדען, איז נויטיג, אַז די גרויסע מאַיאָריטעט זאָל בלייבען אונוויסענד אַזוי גוט ווי אָרים. קענטעניש ברייטערט אויס און פערפיעלפאַכט אונזערע פערלאַנ־גען, און וואָס ווייניגער אַ מענש פערלאַנגט, אַלץ גרינגער קאָנען זיינע בעדערפענישען בעפריעדיגט ווערן.״[78]

וואָס מאַנדעוויל, אַן עהרליכער מאַן און קלאָרער קאָפּ, האָט נאָך ניט בעגריפען, איז, אַז דער מעכאַניזם פון דעם אַקומולאַ־ציאָנס־פּראָצעס גופא פערמעהרט צוזאַמען מיט דעם קאַפּיטאַל די מאַסע פון די „אַרבייטזאַמע אָרימע״, דאָס הייסט פון די לוין־אַרבייטער, וועלכע פערוואַנדלען זייער אַרבייט קראַפט אין אַ וואַק־סענדע פערווערטונגס־קראַפט פון דעם וואַקסענדען קאַפּיטאַל, און טאַקע דורכדעם מוזען זיי פעראייביגען זייער אָבהענגיגקייט פון זייער אייגענעם פּראָדוקט, וועלכער ווערט פּערזאָניפיצירט אין דעם קאַפּיטאַליסט. בנוגע צו אָט דער שייכות פון אָבהענגיגקייט בע־מערקט סער פ. מ. עדען אין זיין ווערק: „די לאַגע פון די אָרימע, אָדער די געשיכטע פון ענגלאַנד׳ס אַרבייטער־קלאַס״, ווי פאָלגט: „דער נאַטירליכער פּראָדוקט פון אונזער באָדען איז זיכער ניט גע־ניגענד אונז פאָלשטענדיג אויסצוהאַלטען; מיר וואָלטען ניט גע־קאָנט פערזאָרגט ווערן מיט קליידונג, וואוינונג און נאַהרונג אָהן וועלכער עס איז פריהערדיגער אַרבייט. ווייניגסטענס איין טייל פון דער געזעלשאַפט מוז דעריבער אַרבייטען אָהן אַן אויפהער. . . אַנדערע, וועלכע „זעען ניט און שפּינען ניט״, האָבען פונדעסט־

[78] ב. דע מאַנדעוויל, "The Fable of the Bees" 5טע אויפלאַגע, לאָנדאָן 1728, בעמערקונגען ז. 212, 213, 328. — „אַ מעסיג לעבען און בעשטענדיגע אַרבייט זיינען פאַר די אָרימע דער וועג צום מאַטעריעלען גליק (אונטער וועל־כען ער פערשטעהט אַ וואָס לענגערן אַרבייטס־טאָג און וואָס ווייניגער לעבענס־מיטלען) און צום רייכטום פאַר׳ן שטאַאַט (ד. ה. פאַר די גרונד־אייגענטימער, קאַפּיטאַליסטען און זייערע פּאָליטישע גרויסע לייט און אַגענטען).״ („אַן עססעי אַז טרייד ענד קאַמערס״, לאָנדאָן 1770, ז. 54.)

וועגען אין זייער רשות די פּראָדוקטען פון דער אַרבייטזאַמקייט. אָט די בעפרייאונג פון דער אַרבייט אָבער פערדאַנקען זיי נאָר דער ציוויליזאַציע און דער אָרדנונג; זיי זיינען אייגענטימליכע בע־שעפענישען פון די בירגערליכע אינסטיטוציעס, 74 וועלכע האָבען אָנערקענט, אַז מען קאָן זיך אָנאייגענען די פרוכט פון דער אַרבייט אויך אויף אַנדערע אופנים ווי דורך אַרבייט. די לייט, וואָס בע־זיצען אַן אונאָבהענגיגען פערמעגען, פערדאַנקען זייער פערמעגען כמעט אינגאַנצען דער אַרבייט פון אַנדערע מענשען, ניט זייער איי־גענער פעהיגקייט, וועלכע איז דורכאויס ניט גרעסער איידער די פעהיגקייט פון אַנדערע. ניט דער בעזיץ פון לאַנד און געלד, נאָר די קאָמאַנדע איבער אַרבייט („the command of labour“) אונ־טערשיידט די רייכע פון דעם אַרבייטענדען טייל פון דער געמיינ־דע... דער דאָזיגער [פון עדען רעקאָמענדירטער] פּלאַן וואָלט געגעבען די בעזיצענדע געניגענד פיעל, אָבער בשום אופן ניט צו־פיעל איינפלוס און מאַכט איבער יענע... וועלכע אַרבייטען פאַר זיי, און ער וואָלט ניט געשטעלט די אַרבייטער אין אַן עלענדער אָדער קנעכטישער לאַגע, נאָר אין אַ צושטאַנד פון בעקוועמליכקייט און לויזער אָבהענגיקייט... אַזאַ אָבהענגיקייט איז נויטווענדיג, ווי יעדער קענער פון דער מענשליכער נאַטור און איהר געשיכטע ווייס, פאַר דעם וואוילזיין פון די אַרבייטער גופא.″75 סער פ. מ. עדען, מעג מען פערבייגעהענדיג בעמערקען, איז דער איינציגער שילער אַדאַם סמיטה׳ס, וועלכער האָט אין פערלויף פון 18טען יאָהרהונדערט געלייסטעט עטוואָס בעדייטענדעס.76

---

74 עדען האָט זיך געדאַרפט שטעלען די פראַגע, און וועמעס בעשעפעני־שען זיינען די „בירגערליכע אינסטיטוציעס″? פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער יוריסטישער אילוזיע בעטראַכט ער ניט דאָס געזעץ ווי אַ פּראָדוקט פון די מאַטעריעלע פערהעלטענישען פון דער פּראָדוקציאָן, נאָר פערקעהרט, די פער־העלטענישען פון דער פּראָדוקציאָן האַלט ער פאַר אַ פּראָדוקט פון׳ם געזעץ. לינגע האָט איינגעוואָרפען מאָנטעסקיו׳ס פאַנטאַסטישען בנין דעם „עספּרי דע לוא″ (דער גייסט פון די געזעצען) מיט דעם איינציגען וואָרט: „דער גייסט פון די געזעצען איז דאָס אייגענטום″.

75 עדען, דאָרט גופא, ז. 1, 2, X X.

76 זאָל דער לעזער וועלען דערמאָנען מאַלטוס׳ן, וועמעס „עססעי און באָפּולײשאָן″ איז ערשיענען אין 1798, וויל איך איהם דערמאָנען, אַז די דאָ־זיגע שריפט, אין איהר ערשטער פאָרם, איז נישט מעהר ווי אַ שוהל־איינגעל׳ס

## אונטער די בעדינגונגען פון דער אקומולאציע, וואס מיר האבען אנגענומען ביז אהער, וועלכע זיינען די גינסטיגסטע פאר די אר־

---

איבערפלעכליכער און גלח'יש־דעקלאמירטער פלאגיאט פון דע פאו, סער דזשיימס סטוארט, טאונסענד, פראנקלין, וואליים א. אז. וו., און ענטהאלט ניט קיין איינציגען אליין־אויסגעדעקטען זאץ. די גרויסע סענזאציע, וואס די דאזיגע שריפט האט ארויסגערופען, האט זיך גענומען איינגאנצען פון פארטייאינטערעסען. די פראנצויזישע רעוואלוציע האט געפונען אין בריטישען קיניגרייך ליידענשאפטליכע פערטיידיגער. דער „בעפעלקערונג־פרינציפ", וואס האט זיך לאנגזאם ארויסגעארבייט אין 18טען יאהרהונדערט און איז פערקינדיגט געווארן מיט פויקען און טרומייטען אינמיטען פון א גרויסען סאציאלען קריזיס אלס א זיכערער געגענגיפט אנטקעגען די לעהרען פון קאנדארסע און אנדערע, איז מיט פרייד בעגריסט געווארן פון דער ענגלישער אליגארכיע אלס דער גרויסער פערטיליגער פון אלע געלוסטען צו א מענשליכער פראגרעסיווער ענטוויקלונג. מאלטוס, וועלכער איז שטארק ערשטוינט געווארן פון זיין ערפאלג, האט זיך גענומען פאר דער ארבייט ארייננצושטופען אין די אלטע ראהמען אן איבערפלעכליך־צוזאמענגעשלעפטען מאטעריאל און צולעגען נייעם מאטעריאל, וועלכען אבער ער האט ניט ענטדעקט, נאר איבערגענומען פון אנדערע. — אגב אורחא בעמערקט: אבוואויל מאלטוס איז געוועזן א גלח פון דער ענגלישער הויך־קירך, האט ער אנגענומען דעם מאנאכען־נדר פון פרישות (צעליבאט). דאס איז נעמליך געוועזן איינער פון די בעדינגונגען צו האלטען א „פעלאושיפ" [מיטגליעדשאפט] אין דער פראטעסטאנטישער אוניווערזיטעט פון קאמברידזש. „מיר דערלאזען ניט, אז פערהייראטע זאלען זיין קאלעגיען־מיטגליעדער. ווער עס הייראט, זאל גלייך אויפהערן צו זיין א מיטגליעד." („רעפארטס און קאמברידזש יוניווערסיטי קאמישאן", ז. 172.) אט דער אומשטאנד טיילט גינסטיג אב מאלטוס'ן פון די אנדערע פראטעסטאנטישע גלחים, וועלכע האבען פון זיך אליין אראבגעווארפען דעם קאטוילישען געבאט פון פריסטער־צעליבאט, און האבען אזוי שטארק גענומען אין אנשפרוך דעם „פרו ורבו" אלס זייער ספעציפיש ביבלישע מיסיאן, אז זיי האבען אומעטום, אין א זעהר ניט־אנשטענדיגען גראד, בייגעטראגען צו דער פערמעהרונג פון דער בעפעלקערונג, בעת פאר די ארבייטער האבען זיי אין דערזעלביגער צייט געפרעדיגט דעם „בעפעלקערונגס־פרינציפ". עס איז כאראקטעריסטיש, אז דער עקאנאמיש־פערקליידעטער „זינדען־פאל", אדם'ס עפעל, די „שטארקע תאוה", די „שטערונגען, וואס זוכען אבצושטומפען קופיד'ס פייל'ען", ווי דער גלח טאונסענד דריקט עס לעבעדיג אויס, אז אט דער קיצלדיגער פונקט איז געוועזן און איז מאנאפאליזירט פון די העררן פון דער פראטעסטאנטישער טעאלאגיע אדער ריכטיגער פון דער פראטעסטאנטישער קירך. מיט דער אויסנאהם פון דעם ווענעציאנער מאנאך ארטעס, אן אריגינעלער און גייסטרייכער שרייבער, זיינען די מעהרסטע בעפעלקערונגס־לעהרער פראטעסטאנטישע גלחים. אזוי האבען מיר ברוקנער: „טהעאריע די סיסטעם אנימאל", לעידען, 1767, וואו עס

ביטער, פערקליידט זיך זייער אָבהענגיגקייט־שייכות פון׳ם קאַפּי־
טאַל אין דערטרעגליכע, אָדער ווי עדען זאָגט, אין „בעקוועמע און

---

ווערט אויסגעשעפּט די גאַנצע מאָרערנע בעפעלקערונגס-טעאָריע און וועמען דער
קורצער ויכוח צווישען קענעי און זיין שילער מיראַבאַ דעם עלטערן האָט געגעבען
אידעען אויף דער טעמאַ; דאַן דעם גלח וואָלליס, דעם גלח טאַונסענד, דעם גלח
מאַלטהוס און זיין שילער דעם הויפּט=גלח טה. טשאַלמערס — שוין ניט צו רעדען
פון די קלענערע גלח׳ישע שרייבערס אויף אָט דעם געביט.

נאָר אין אָנהויב איז די פּאָליטישע עקאָנאָמיע אָנגעפיהרט געוואָרן פון
פילאָזאָפען, ווי האָבבס, לאָק, און יוהם; פון געשעפטס=מענשען און שטאַאַטס,
לייט ווי טאָמאַס מאָר, טעמפּל, סוללי, דעוויטט, נאָרטה, לאָו, וואַנדערליגט,
קאַנטילאָן, פראַנקלין; טעאָרעטיש, ספּעציעל און מיט דעם גרעסטען ערפאָלג,
פון מעדיצינער ווי פּעטטי, באַרבאָן, מאַנדעווויל, קענעי. נאָך אין מיטען פון
18טען י. ה. האָט זיך דער גייסטליכער דזשאָסיאַ טאָקער, אַ בעדייטענדער עקאָ-
נאָם פאַר זיין צייט, ענטשולדיגט, וואָס ער בעשעפטיגט זיך מיט מאַמאָן׳ס
עסקים. שפּעטער, דערהויפּט מיט דעם אַרויסטריט פון דעם „בעפעלקערונגס-
פּרינציפּ״, האָט געשלאָגען די שטונדע פאַר די פּראָטעסטאַנטישע גלחים. פּעטטי,
וועלכער האָט בעטראַכט די בעפעלקערונג אַלס דעם באַזיס פון׳ם רייכטום, און
איז געווען, אַזוי ווי אַדאַם סמיטה, אַן אויסגעשפּראָכענער פייַנד פון די גלחים
זאָגט, פּונקט ווי ער וואָלט געהאַט אַ פאָר-געפיל, אַז זיי וועלען פערפּושע
דעם עסק: „די רעליגיאָן בליהט אַם בעסטען, ווען די גלחים זיינען וואָס
מעהר אָבגעטויט, אַזוי ווי דאָס געזעץ בליהט אַם בעסטען, וואו די אַדוואָ-
קאַטען האָבען ניט וואָס צו טהאָן.״ ער ראָטהט דעריבער די פּראָטעסטאַנטישע
גלחים, היבאַלד זיי פאָלגען ניט דעם אַפּאָסטאָל פּאָול און ווילען זיך ניט
„אויסטויטען״ דורך דעם צעליבאַט, „זיי זאָלען יעדענפאַלס ניט אָנפּרוכפּער
מעהר גלחים איידער די פאַראַנענע שטעלען (בענעפיסעס) קאָנען זיי איינ-
נעהמען; דאָס הייסט, ווען אין גאַנץ ענגלאַנד און וועלס זיינען פאַראַן נאָר
12000 שטעלען, איז עס ניט קלוג אָנצופּרוכפּערן 24,000 גלחים, ווארים ד
12,000 ניט-פאַרזאָרגטע וועלען שטענדיג זוכען מיטלען צו קריגען אַ פּלאַץ
פאַר חיונה ן וואָס קאָן זיין לייכטער ווי אַרומגעהן און איבעררעדען די
מענשען, אַז די צוועלף טויזענד אָנגעשטעלטע פער׳כמ׳ן און הונגערן אויס
זייערע נשמות און פיהרען זיי ניט אויפ׳ן ריכטיגען וועג צום הימעל?״ (פּעטטי
„אַ טריטיז אָן טאַקסעס אַנד קאָנטריביושאָנס״, לאָנדאָן 1667, ז. 57.) אַדאַם סמיטהס
שטעלונג צום פּראָטעסטאַנטישען פּאַפּענטום פון זיין צייט צייגט זיך אַרויס פון דאָס
פאָלגענדע. אין אַ שריפט אונטערן נאָמען:

“A Letter to A.: Smith, L. L. D. On the Life, Death, and Philosophy of his Friend, Dawid Hume. By one of the People called Christians. 4th Edition, Oxford, 1784.“

מוסר׳ט דר. האָרן, דער הויך-קירך בישאָפּ פון נאָריטש אַדאַם סמיטה׳ן, פאַר
וואָס ער האָט אין אַן אָפענעם בריעף צו מר. סטראַהאָן, „איינגעבאַלזאַמירט
אַן פריינד דייוויד (ד. ה יוהם׳ען)״, פאַר וואָס ער האָט דערצעהלט פאַר דער

לויזע" פארמען. אנשטאט צו ווערן אינטענסיווער מיט דעם וואוקס פון דעם קאפיטאל, ווערט זי נאר עקסטענסיווער, ד. ה.

---

וועלט, ווי יוהם האט זיך אויף זיין טויטען־בעט אמוזירט מיט לוסיאן און וויסט", און האט נאך דערצו געהאט די העזה צו שרייבען: „איך האב איהם [יוהם'ען] אלעמאל געהאלטען, סיי פאר זיין לעבען, סיי נאך זיין טוידט, פאר א מענשען, וואס איז אזוי נאהענט צוגעקומען צו דער אידעע פון א פאלקאם קלוגען און טוגענדהאפטיגען מאן, אויף וויפיעל די שוואכקייט פון דער מענשליכער נאטור קאן דאס ערלויבען". דער בישאף שרייט אויס מיט גרימצארן: „איז דאס רעכט פון אייך, מיין העהר, צו שילדערן פאר אונז אלס פאלקאמען קלוג און טוגענדהאפטיג דעם כאראקטער און לעבען פון א מענשען, וועלכער האט געליטען פון א אונקורירבארער אנטיפאטיע צו אלעם וואס האט געהייסען רעליגיאן, און וועלכער האט אנגעשטרענגט יעדען נערוו, כדי אויף וויפיעל ער האט געהאט בכח אויסצולעשען אפילו איהר נאמען פון דעם געדעכטעניש פון מענשען?" (ד. ג. ז. 8.) אבער לאזט זיך ניט ענטמוטיגען, איהר ליעבהאבער פון ווארהייט: דער אטעאיזם האט קורצע יאהרען. (ד. ג. ז. 17.) אדאם סמיטה „איז בעגאנגען די שוידערליכע גאטלאזיגקייט צו פראפאגאנדירן דעם אטעאיזם איבערן גאנצען לאנד (נעמליך דורך זיין ווערק „טהעארי אוו מאראל סענטימענטס"). . . איינגאנצען גענומען, דאקטאר, מיינט איהר גוט, איך דענק אבער, אז איהר וועט דאס מאל גאר נישט אויספיהרען. איהר ווילט אונז איינרעדען דורך דעם ביישפיעל פון דייוויד יוהם, עסקווייר, אז דער אטעאיזם איז דער איינציגער געטראנק, וואס קאן דערקוויקען א נידערגעשלאגענעם געמיטה און דער ריכטיגער געגען־גיפט אנטקעגען דער מורא פאר'ן טויט. . . איהר מעגט לאכען פון בבל אין רואינען און איהר מעגט גראטולירן דעם הארטהערציגען פרעה, וואס איז דערטרונקען געווארן אין ים סוף!" (ד. ג. 21, 22.) אן ארטאדאקסישער קאפ צווישען אדאם סמיטה'ס קאלעגיען־פריינד שרייבט נאך זיין טויט: „סמיטה'ס פריינדשאפט פאר יוהם האט איהם געשטערט צו זיין א גוטער קריסט. . . האט ער בעגעגענט עהרליכע מענשען, וואס זיינען איהם געווען געפעלען. . . וואלט ער געגלויבט כמעט יעדע זאך, וואס זיי האבען איהם געזאגט. וואלט ער געווען א פריינד פון דעם ווירדיגען און גייסטרייכען הארראקס, וואלט ער געגלויבט, אז די לבנה קאן אמאל פערשווינדען אינמיטען קלארן הימעל, ווען קיין ברעקעל וואלקען פערשטעלט זי ניט. . . אין זיינע פאליטישע פרינציפען איז ער געקומען גאנץ נאהענט צום רעפובליקאניזם." "The Bee" פון דזשיימס אנדערסאן, 18 בענדער, עדינבורג 1791־93, 3טער באנד, ז. 164, 165.) דער גלח טה. טשאלמערס האט חושד געווען אדאם סמיטה'ן, אז ער האט פון פשוט'ער רשעת ערפונדען די קאטעגאריע פון „אונפראדוקטיווע ארבייטער" אייגענס פאר די פראטעסטאנטישע גלחים, טראץ דעם וואס זיי טהוען געבענשטע ארבייט אין דעם „כרם אלהים" [גאט'ס וויינגארטען].

די ספערע פון קאַפּיטאַל'ס עקספּלואַטאַציע און הערשאַפט שפּרייט זיך נאָר אויס מיט זיין אייגענער גרויס און מיט דער צאָהל פון זיינע לוין־אַרבייטער. אַ גרעסערער טייל פון זייער אייגענעם מעהר־פּראָדוקט, וואָס ווערט שטענדיג פערמעהרט און נאָכאַנאַנד פערוואַנדעלט אין צוגאָב־קאַפּיטאַל, קומט אָן צו זיי צוריק אין דער פאָרם פון צאָהלונג־מיטלען, אַזוי אַז זיי קאָנען אויסברייטערן דעם קרייז פון זייערע גענוסען; זיי קאָנען בעסער אויסשטאַטען זייער קאָנזומציאָנס־פאָנד פון קליידער, מעבעל א. אַז. וו. און קאָנען אָבלעגען קליינע רעזערוו־פאָנדען פון געלד. אָבער פונקט אַזוי ווענינ ווי בעסערע קליידונג, נאַהרונג, בעהאַנדלונג און אַ גרעסערער פּעקוליום* שאַפען אָב די שייכות פון אָבהענגיקייט און די עקספּלואַטאַציע פון דעם שקלאַף, אַזוי ווענינ שאַפען זיי אָב די עקספּלואַטאַציע פון דעם לוין־אַרבייטער. אַ שטייגענדער פּרייז פון דער אַרבייט אַלס רעזולטאַט פון דער אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל בעטייט נאָר אין דער ווירקליכקייט, אַז די לענג און דאָס געוויכט פון דער גאָלדענער קעט, וואָס דער לוין־אַרבייטער האָט שוין אויסגעשמידט פאַר זיך אַליין, ערלויבען אַביסעל לויזער מאַכען איהר שפּאַנונג. אין די ויכוחים וועגען דעם ענין האָט מען דאָס רוב פערזעהן די הויפּטזאַך, די דיפערענציא ספעציפיקא [דעם סמן מובהק אָדער כאַראַקטעריסטישען צייכען] פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. די אַרבייט־קראַפט ווערט דאָ געקויפט, ניט כדי צו בעפריעדיגען דורך איהר דיענסט אָדער פּראָדוקט די פּערזענליכע בעדערפענישן פון דעם קויפער. זיין צוועק איז די פערווערטונג פון זיין קאַפּיטאַל, די פּראָדוקציאָן פון סחורות, וועלכע ענטהאַלטען מעהר אַרבייט ווי פאַר וויפיעל ער האָט בעצאָהלט, וואָס ענטהאַלטען, הייסט עס, אַ טייל ווערטה, וועלכער קאָסט איהם גאָרנישט און ווערט פונדעסטוועגען רעאַליזירט ביים פערקויף פון דער סחורה. פּראָדוקציאָן פון מעהרווערטה, אָדער פּליוס־מאַכעריי [דאָס מאַכען מעהר] איז דאָס אַבסאָלוטע געזעץ

---

* „פּעקוליום" האָט בעטייט אין רוימישען געזעץ דער אינדיווידועלער פערמעגען, וואָס ניט־זעלבסטשטענדיגע פּערזאָנען, דהיינו שקלאַווען, וועלכע האָבען ניט געקאָנט ערווערבען קיין אייגענטום, זיינען געווען ערלויבט צו האַלטען אין זייער רשות.

פון אָט דעם פּראָדוקציאָנס־אופן. די אַרבייט־קראַפט איז פערקויפ־באַר נאָר אויף ווי ווייט זי דערהאַלט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען אַלס קאַפּיטאַל, רעפּראָדוצירט איהר אייגענעם ווערטה אַלס קאַפּיטאַל און ליפערט אין ניט־בעצאָהלטער אַרבייט אַ קוואַל פון צונעקו־מענעם קאַפּיטאַל.

די בעדינגונגען פון דעם פערקויף פון דער אַרבייט, סיי זיי זיינען מעהר, סיי ווייניגער גינסטיג פאַר דעם אַרבייטער, שליסען פאַלגליך איין די נויטווענדיגקייט פון איהר שטענדיגען ווידער־פערקויף און די שטענדיג־פערגרעסערטע רעפּראָדוקציאָן פון רייכ־טום אַלס קאַפּיטאַל. דער אַרבייט־לוין, ווי מיר האָבען געזעהן, איז מחייב לויט זיין נאַטור נאָך אַ שטענדיגע ליפערונג מצד דעם אַרבייטער פון אַ בעשטימטען סכום אונבעצאָהלטער אַרבייט. ניט רעדענדיג וועגען דעם פאַל, ווען דער אַרבייט־לוין שטייגט ביי אַ געפאַלענעם פּרייז פון דער אַרבייט א. אז. וו., בעטייט זיין שטייגען אין בעסטען פאַל נאָר אַ קוואַנטיטאַטיווע פערקלענערונג פון דער אונבעצאָהלטער אַרבייט, וואָס דער אַרבייטער מוז לייסטען. אָט די פערקלענערונג קאָן קיינמאָל ניט געהן אַזוי ווייט ביז צו דעם פּונקט, ווען זי וואָלט געשטעלט אין געפאַהר דעם קאַפּיטאַליסטי־שען סיסטעם גופא; דאָס הייסט דעם קאַפּיטאַליסטישען כאַראַק־טער פון׳ם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס און די רעפּראָדוקציאָן פון זיינע אייגענע בעדינגונגען: פּראָדוקציאָנס־ און לעבענס־מיטלען אַלס קאַפּיטאַל פון איין זייט, די אַרבייט־קראַפט אַלס סחורה פון דער אַנדער זייט, אויף איין פּאָליוס דעם קאַפּיטאַליסט, אויף דעם אַנ־דערן דעם לוין־אַרבייטער. אָבגעזעהן פון געוואַלטיגע קאָנפליק־טען וועגען דער ראַטע פון׳ם אַרבייט־לוין — און אַדאַם סמיטה האָט שוין געצייגט, אַז בכלל גענומען בלייבט אין אַזוינע קאָנ־פליקטען דער מייסטער אַלעמאָל דער מייסטער — איז דאָס שטיי־גען פון׳ם אַרבייט־פּרייז, וואָס שטאַמט פון דער אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל, משער די פאָלגענדע אַלטערנאַטיווען:

ענטוועדער דער פּרייז פון דער אַרבייט שטייגט אַלץ מעהר, ווייל זיין שטייגען שטערט ניט דעם פאָרטשריט פון דער אַקומו־לאַציע. עס שטעקט אין דעם ניט קיין וואונדערבאַרער צופאַל, וואָרים „אַפילו ביי אַ געפאַלענעם פּראָפיט", זאָגט אַדאַם סמיטה, „קאָן דער קאַפּיטאַל ניט נאָר אָנגעהן מיט זיין וואוקס, נאָר זאָגאַ־

נאך פיעל שנעלער וואקסען. . . א גרויסער קאפיטאל וואקסט אין אלגעמיין שנעלער אפילו ביי א קלענערן פראפיט, איידער א קליינער קאפיטאל ביי א גרויסען פראפיט." („וועלטה אוו ניי־שאנס", II, ז. 189.) עס איז קלאר אין דעם פאל, אז א פער־מינערונג פון דער אונבעצאהלטער ארבייט פערקלענערט בשום אופן ניט די אויסשפרייטונג פון דער קאפיטאל־הערשאפט. אט די בעוועגונג [פאסירונג] געוועהנט גאר אדרבא צו דעם ארבייטער צו זעהן זיין אייגענע מזל־ברכה אין דער בעווייכערונג פון זיין בעל הבית.

אדער — און דאס איז די אנדער זייט פון דער אלטערנאטיוו — די אקומולאציע ווערט אבגעשוואכט אלס רעזולטאט פון דעם שטייגענדען ארבייט־פרייז, ווייל דער סטימול פון ריוח ווערט אב־געשטומפט. די אקומולאציע ווערט קלענער. אבער מיט דעם, וואס זי ווערט פערקלענערט, פערשווינדט די אורזאך פון איהר פערקלענערונג, ד. ה. די מיס־פראפארציע צווישען קאפיטאל און דער ארבייט־קראפט, וואס קאן עקספלואטירט ווערן, די איבער־מאס פון קאפיטאל אנטקעגען דעם אנבאט פון ארבייט־קראפט. דער מעכאניזם פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־פראצעס בע־זייטיגט אליין אויף דעם אופן די שטערונגען, וואס ער שאפט פערבייגעהענדיג. דער ארבייט־פרייז פאלט ווידער ארונטער צו דעם גראד, וואס שטימט מיט די פערוווערטונג־בעדערפענישען פון קאפיטאל, סיי אט דער גראד איז איצטער נידעריגער, העכער אדער גלייך מיט דעם גראד, וואס האט געגאלטען אלס נארמאל איידער עס איז פארגעקומען דער צו־וואוקס פון'ם לוין.

מיר זעהען אלזא: אין דעם ערשטען פאל איז עס ניט די פערקלענערונג אין דעם אבסאלוטען אדער פראפארציאנעלען וואוקס פון דער ארבייט־קראפט אדער ארבייטער־בעפעלקערונג, וואס מאכט אן איבערפלוס פון קאפיטאל, נאר פערקעהרט, דער איבער־פלוס פון קאפיטאל מאכט דעם דוחק אין עקספלואטירבארער אר־בייט־קראפט. אין צווייטען פאל איז עס ניט די פערגרעסערונג אין'ם אבסאלוטען אדער פראפארציאנעלען וואוקס פון דער אר־בייט־קראפט אדער פון דער ארבייטער־בעפעלקערונג, וואס מאכט עס זאל ניט זיין גענוג קאפיטאל, נאר פערקעהרט, די פערקלענע־רונג פון'ם קאפיטאל מאכט די עקספלואטירבארע ארבייט־קראפט

איבערפליסיג און דריקט אַרונטער איהר פּרייז. אָט די אַבסאָלוטע בעוועגונגען אין דער אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל שפּיעגלען זיך אָב אַלס רעלאַטיווע בעוועגונגען אין דער מאַסע פון דער עקספּלואַטירבאַרער אַרבייט־קראַפט און זעהען דעריבער אויס, ווי זיי וואָלטען זיך גענומען פון איהר אייגענער בעוועגונג. צו געברויכעט א מאַטעמאַטישען אויסדרוק: די גרויס פון דער אַקומולאַציע איז די אונאָבהענגיגע וואַריאַבלע צאָהל, די גרויס פון לוין איז די אָבהענגיגע וואַריאַבלע צאָהל, ניט פערקעהרט. אַזוי דריקט זיך אויס אין דער קריזיס־פאַזע פון דעם אינדוסטריעלען קרייזלויף דאָס אַלגעמיינע פאַלען פון די סחורה־פרייזען אַלס א שטייגען פון דעם רעלאַטיווען געלד־ווערטה, און דאָס אַלגעמיינע שטייגען פון די סחורה־פרייזען אין דער פאַזע פון פּראָספּעריטעט אַלס א פאַלען פון דעם רעלאַטיווען געלד־ווערטה. די אַזויגערופענע „קוירענסי״־שוהלע שליסט דערפון, אז ביי הויכע פּרייזען צירקולירט צו־וועניג געלד און ביי נידעריגע פּרייזען צו־פיעל געלד. זייער אונוויסענהייט און פאַלשטענדיגע אונפערשטענדעניש פון די פאַקטען[77] געפינען פאַר זיך ווירדיגע פּאַראַלעלען אין יענע עקאָנאָמען, וועלכע טייטשען אויס די דאָזיגע ערשיינונגען פון דער אַקומולאַציע, אַזוי ווי איינמאָל וואָלטען עקזיסטירט צו־וועניג לוין־אַרבייטער און דאָס אַנדערע מאָל צופיעל.

דאָס געזעץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן, וואָס ליעגט אין גרונד פון דעם כלומר׳שטען „נאַטירליכען בעפעלקערונג־געזעץ״, לאָזט זיך איינפאַך רעדוצירן צו דעם: די שייכות צווישען קאַפּיטאַל, אַקומולאַציע און ראַטע פון׳ם לוין איז נישט מעהר ווי די שייכות צווישען דער ניט־בעצאָהלטער אַרבייט, וואָס ווערט פערוואַנדעלט אין קאַפּיטאַל, און דער צוגעגעבענער אַרבייט, וואָס פאָדערט זיך צו ברענגען אין בעוועגונג דעם צוגעקומענעם קאַפּיטאַל. עס איז דעריבער בשום אופן ניט א שייכות צווישען צוויי איינע פון די אַנדערע אונאָבהענגיגע גרויסען — פון איין זייט די גרויס פון קאַפּיטאַל, פון דער אַנדער זייט די צאָהל פון דער אַרבייטער־בעפעלקערונג —, נאָר עס איז ריכטיגער, אין דער לעצ־

[77] זעה קאַרל מאַרקס, „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע״, ז. 166 און ווייטער.

טער ליניע, בלויז די שייכות צווישען דער אונבעצאהלטער און בעצאהלטער ארבייט פון דערזעלבינער ארבייטער־בעפעלקערונג. אויב די סומע פון נים־בעצאהלטער ארבייט, וואס דער ארבייטער־קלאס שטעלט־צו און דער קאפיטאליסטישער קלאס אקומולירט, וואקסט אזוי שנעל, אז זי קאן זיך פערוואנדלען אין קאפיטאל נאר דורך אן אויסערגעוועהנליכען צופלוס פון בעצאהלטער ארבייט, דאן שטייגט דער לוין און, ווען אלע אנדערע אומשטענדען בלייבען די זעלבינע, ווערט די אונבעצאהלטע ארבייט פראפארציאנעל ווע־ניגער. אזוי באלד אבער ווי אט די פערקלענערונג גרייכט דעם פונקט, ווען די מעהר־ארבייט, וואס דערנעהרט דעם קאפיטאל, ווערט ניט צוגעשטעלט אין דער נארמאלער סומע, טרעט אריין א רעאקציע: א קלענערער טייל פון דער הכנסה ווערט קאפיטאלי־זירט, די אקומולאציע שלעפט זיך לאנגזאם און די בעוועגונג פון דעם לוין, וואס האלט אין שטייגען, קריגט א צוריק־שטויס. די העכערונג פון דעם ארבייט־פרייז בלייבט אלזא איינגעצוימט אין גרעניצען, וועלכע ניט נאר וואס זיי לאזען איבער די יסודות פון דעם קאפיטאליסטישען סיסטעם ניט אנגעריהרט, נאר זיי פערזי־כערן אפילו זיין רעפראדוקציאן אויף אלץ א גרעסערן מאסשטאב. דאס געזעץ פון דער קאפיטאליסטישער אקומולאציע, וואס איז מיסטיפיצירט געווארן אלס א נאטור־געזעץ, דריקט דעריבער נאר אויס פאקטיש, אז איהר עצם נאטור שליסט אויס יעדע פערקלע־נערונג פון'ם גראד־עקספלואטאציע פון דער ארבייט אדער יעדע העכערונג פון'ם ארבייט־פרייז, וועלכע וואלט אויף אן ערנסטען אופן געקאנט שטעלען אין געפאהר די שטענדיגע רעפראדוקציאן פון דער קאפיטאל־בעציהונג און זיין רעפראדוקציאן אויף א שטענ־דיג־ברייטערן מאסשטאב.*⁷⁷ עס קאן ניט זיין אנדערש אין א

*⁷⁷ נאטע צו דער צווייטער אויסגאבע. „דער גרעניץ אבער פון דער בעשעפטיגונג פון אינדוסטריעלע און ערד־ארבייטער איז דערזעלבינער: נעמ־ליך די מעגליכקייט פאר'ן אונטערנעהמער ארויסצושלאגען א פראפיט פון זייער ארבייט־פראדוקט. . . אויב די ראטע פון ארבייטס־לוין שטייגט אזוי הויך, אז דעם מייסטער'ס ריוח פאלט אונטער דעם דורכשנימס־פראפיט, הערט ער זיי אויף צו בעשעפטיגען, אדער בעשעפטיגט זיי מיט דעם תנאי, זיי זא־לען איינגעהן אויף א פערקלענערונג פון'ם ארבייטסלוין." John Wade, "History of the Middle and Working Classes," London, 1835, 3rd Edition, page 241.

פּראָדוקציאָנס־אופן, אין וועלכען דער ארבייטער עקזיסטירט פאַר די נויטען פון פערמעהרן די עקזיסטירענדע ווערטהען, אַנשטאָט דער מאַטעריעלער רייכטום זאָל פערקעהרט עקזיסטירן פאַר די ענט־וויקלונגס־נויטען פון דעם ארבייטער. אַזוי ווי אין דער רעליגיאָן ווערט דער מענש בעהערשט פון דעם פּראָדוקט פון זיין אייגענעם קאָפּ, אזוי ווערט ער בעהערשט אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָ־דוקציאָן פון דעם פּראָדוקט פון זיין אייגענער האַנד.**77

## 2. רעלאַטיווע פערקלענערונג פון וואַ־ריאַבלען קאַפּיטאַל־טייל אין ווייטער־דיגען גאַנג פון דער אקומולאַציע און פון דער צענטראַליזאַציע, וואָס בעגלייט זי.

לויט דער מיינונג פון די עקאָנאָמען אַליין פיהרן ניט צו א העכערונג פון לוין, ניט דערווירקליכער אומפאַנג פון געזעלשאַפט־ליכען רייכטום און ניט די גרויס פון דעם שוין־ערוואָרבענעם קאַ־פּיטאַל, נאָר בלויז דאָס שטענדיגע וואַקסען פון דער אַקומולאַציע און דער גראַד געשווינדקייט פון איהר וואוקס. אָט די השערה פּי־גורירט אין אַדאַם סמיטה׳ס אונטערזוכונג וועגען דער אַקומולאַציע ווי א זעלבסטפערשטענדליכער גרונד־זאַץ. (אַדאַם סמיטה, „וועלטה און ניישאַנס״, בוך I, קאַפּיטעל 8.) ביזאהער האָבען מיר נאָר

---

**77* „ווען מיר גענען אבער איצטער צוריק צו אונזער ערשטער השערה, וואו עס איז בעוויזען געווארען . . . אז דער קאַפּיטאַל גופא איז נאר דאָס בעשעפעניש פון מענשליכער ארבייט . . . קומט עס אויס גאר אונבעגרייפליך, וואס דער מענש איז געפאלען אונטער דער הערשאפט פון זיין אייגענעם פּראָ־דוקט — דעם קאפּיטאל — און ווי אזוי ער האט געקאַנט פערקנעכטעט ווערן צו איהם. אזוי ווי דאס איז דאך אבער אין דער ווירקליכקייט לכל הדעות דער פאל, שפּארט זיך ניט ווילענדיג ארויס די פראגע: ווי אזוי האט דער ארבייטער געקאַנט ווערן פון דעם בעהערשער פון קאַפּיטאל — זייענדיג זיין בעשעפער — דער שקלאוו פון קאַפּיטאל?“ (פאן טהונען, „דער איזאלירטער שטאאט“, 2טער טייל, צווייטע אבטיילונג, באסטאן 1863, ז. 5, 6.) עס איז טהונען׳ס פערדיענסט, וואס ער האט די פראגע געשטעלט. זיין ענטפער איז איינפאך קינדיש.

בעטראַכט איין בעזונדערע פאַזע פון דעם דאָזיגען פּראָצעס — די פאַזע, אין וועלכער דער קאַפּיטאַל־צו־וואוקס קומט פאָר, ווען די טעכנישע צוזאַמענשטעלונג פון קאַפּיטאַל בלייבט דיזעלביגע. דער פּראָצעס אָבער געהט אוועק ווייטער איידער אָט די פאַזע.

האָבען מיר איינמאָל די אַלגעמיינע גרונדלאַגען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם, ווערט יעדעס מאָל אין פערלויף פון דער אַקומולאַציע געגרייכט אַ פּונקט, ווען די ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט ווערט דער מעכטיגסטער הויב־שטאַנג פון דער אַקומולאַציע. „דיזעלביגע אורזאַך", זאָגט אַדאַם סמיטה (אין דעם נאָר־וואָס ציטירטען קאַפּיטעל), „וועלכע העכערט די לוינען, נעמליך דער צו־וואוקס פון קאַפּיטאַל, טרייבט צו אַ פערגרעסערונג פון די פּראָדוקטיווע פעהיגקייטען פון דער אַרבייט און מאַכט, אַז אַ קלענערער סכום אַרבייט זאָל זיין אימשטאַנד אַרויסצוברענגען אַ גרעסערן סכום פּראָדוקטען."

ניט רעכענענדיג די נאַטור־בעדינגונגען, ווי די פרוכטבאַרקייט פון באָדען א. אַז. וו. און די פעהיגקייט פון אומאָבהענגיקע און איזאָלירט־אַרבייטענדע פּראָדוצירער (וועלכע ציינט זיך מעהר אַרוים קוואַליטאַטיוו אין דער גוטסקייט פון זייערע פּראָדוקטען, איידער קוואַנטיטאַטיוו אין דער מאַסע פון זייער פּראָדוקט), דריקט זיך אוים דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקטיוו־גראַד פון דער אַרבייט אין דעם רעלאַטיווען אומפאַנג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וועלכע איין אַרבייטער, אין משך פון אַ געגעבענער צייט, און מיט דערזעלביגער שפּאַנונג פון דער אַרבייט־קראַפט פערוואַנדעלט אין אַ פּראָדוקט. די מאַסע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, מיט וועלכער ער פונקציאָנירט, וואַקסט צוזאַמען מיט דער פּראָדוקטיוויטעט פון זיין אַרבייט. די דאָזיגע פּראָדוקציאָנס־מיטלען שפּיעלען דערביי אַ טאָפּעלטע ראָליע. דער וואוקס פון איין טייל איז אַ *פאָלגע*, דער וואוקס פון דעם אַנדער טייל איז אַ *בעדינג* פון דער וואַקסענדער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט. צום ביישפּיעל, מיט דער מאַנופאַקטורמעסיגער צוטיילונג פון דער אַרבייט און דער אַנווענדונג פון מאַשינעריע ווערט אין דערזעלביגער צייט אויסגעאַרבייט מעהר רויה־מאַטעריאַל, עס טרעט אַריין, הייסט עס, אין דעם אַרבייט־פּראָצעס אַ גרעסערע מאַסע רויה־מאַטעריאַלען און הילף־שטאָפען. דאָס איז אַ פאָלגע פון דער

וואַקסענדער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט. פון דער אַנדער זייט איז די מאַסע פון די אָנגעווענדעטע מאַשינעריע, די אַרבייט־פיה, מינעראַלישע בעמיסטיגונג־מיטלען, דרענירונג־רעהרען א. אַז. וו. אַ בעדינג פון דער וואַקסענדער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט. אַזוי אויך די מאַסע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס איז קאָנצענטרירט אין געביידען, ריעזען־אויווענס, טראַנספּאָרט־מיטלען א. אַז. וו. אָבער סיי עס איז אַ בעדינג, סיי עס איז אַ פאָלגע, דער וואַקסענדער אומפאַנג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אין פערגלייך צו דער אַרבייט־קראַפט, וואָס איז פערקערפּערט אין זיי, דריקט אויס די וואַקסענדע פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט.

אין דער צייט, ווען די גרויס־אינדוסטריע איז ענטשטאַנען, האָט מען אין ענגלאַנד ענטדעקט אַ מעטאָדע ווי צו פערוואַנדלען רויח־אייזען מיט קאָק אין שמיעדבאַרעס אייזען. אָט די מעטאָדע, וואָס מען רופט אָן „פּודעלן" און וואָס איז בעגרינדעט אויף אַן ענטקויהלונג [אָבריינינגונג פון'ם קויהלען־שטאָף] פון דעם גוס־אייזען אין אויווענס פון אַ בעשטימטער קאָנסטרוקציע, האָט געפיהרט צו אַן אונגעהויערער פערגרעסערונג פון די הויך־אויוועגס, אָנצו־ווענדען איינריכטונגען אויף צו שאַפען הייסע לופט א. אַז. וו.; קורץ, עס האָט געפיהרט צו אַזאַ פערמעהרונג פון די אַרבייטס־מיטלען און פון די אויסגעאַרבייטע מאַטעריאַלען, וועלכע זיינען פערברויכט געוואָרן פון דעמזעלביגען סכום אַרבייט, אַז אייזען האָט באַלד געקאָנט צוגעשטעלט ווערן אין גענוג־גרויסע מאַסען און גענוג ביליג, אַרויסצושטופען שטיינער און האָלץ פון איין רייה אַרבייטען, וואו זיי זיינען פריהער אָנגעווענדעט געוואָרן.

אָט דער „פּודלער" אָבער, דער אַרבייטער, וואָס איז בעשעפ־טיגט צו ענטקויהלען דאָס רויה־אייזען, האָט דורכגעפיהרט דער־ביי אַזאַ סאָרט האַנד־אַרבייט, און די גרויס פון די אויוועגס, וואָס ער איז אימשטאַנד צו בעזאָרגען, איז דעריבער בעשרענקט דורך זיינע פּערזענליכע פעהיגקייטען. אָט די בעשרענקונג האַלט אָב אין דער איצטיגער צייט [1874] דעם געוואַלטיגען אויפשוואונג, וואָס די מעטאַל־אינדוסטריע האָט דורכגעמאַכט זינט 1780, די צייט ווען דאָס פּודלען איז ערפונדען געוואָרן.

„עס איז אַ פאַקט", קלאָגט „דהי אינזשינירינג", (13טען יוני 1874) דער אָרגאַן פון די ענגלישע אינזשינירען, „אַז די אַלטע מע־

טאָדע פון האנד־פודלען איז ניט פיעל בעסער ווי א שטיק באַרבאַ־ריי. . . דאָס שטרעבען פון אונזער אינדוסטריע בעשטעהט אין דעם, אויסצואַרבייטען וואָס גרעסערע מאַסען מאַטעריאַל אויף די פערשיידענע שטופען פון דער פאַבריקאַציע. דעריבער זעהען מיר יעדעס יאָהר ווי עס שטעהען־אויף אַלץ ריעזענהאַפטיגערע הויך־אויוועגס, אַלץ שווערערע דאַמף־האַמערס, אַלץ געוואַלטיגערע וואַלץ־ווערקען, אַלץ גיגאַנטישערע ווערקצייג אין אַלע פערשיידענע צווייגען פון דער מעטאַל־אינדוסטריע. אינמיטען פון אָט דעם אַל־געמיינעם וואוקס — א וואוקס פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען לפי ערך צו דער בעשעפטיגטער ארבייט — איז דער אופן פון פודלען געבליבען כמעט אומפערענדערט און שטעלט הייגטיגען טאָג לגמרי־אונדערטרעגליכע גרעניצען צו דער אינדוסטריעלער בעוועגונג. . . אין אַלע גרויסע בעטריבען האַלט מען דעריבער איצט אין זוכען צו פערבייטען דאָס פודלען אויף אויוועגס מיט אַן אויטאָמאַטישער דרעהונג, וועלכע וועלען קאָנען בייקומען אַזוינע קאָלאָסאַלע אויי־וועו־לאַדונגען, וואָס קיין האנד־ארבייט קאָן זיך דערמיט ניט פער־מעסטען."

נאָכדעם, הייסט עס, ווי די פודעל־מעטאָדע האָט רעוואָלו־ציאָנירט די אייזען־אינדוסטריע און האָט ארויסגערופען א גרוי־סע אויסברייטונג פון די ארבייט־מיטלען און פון דער מאַסע רויה־מאַטעריאַלען, וואָס ווערן אויסגעאַרבייט פון א בעשטימטען סכום ארבייט, איז זי, אין ווייטערן גאַנג פון דער אַקומולאַציע, געוואָרן אַן עקאָנאָמישע הינדערניש, פון וועלכער מען זוכט איצט זיך צו בעפרייען דורך א נייער מעטאָדע, וועלכע איז אימשטאַנד אָבצור־רוקען די גרעניצען, וואָס שטעהען אין וועג פון א ווייטערדיגען אָנוואַקסען פון די מאַטעריעלע מיטלען פון דער פּראָדוקציאָן לפי ערך צו דער בעשעפטיגטער ארבייט. דאָס איז די געשיכטע פון אַלע ענטדעקונגען און ערפינדונגען, וועלכע קומען ארויף אַלס רע־זולטאַט פון דער אַקומולאַציע, ווי מיר האָבען דאָס שוין בעוויזען, ווען מיר האָבען נאָכגעפאָרשט דעם גאַנג פון דער מאָדערנער פּראָ־דוקציאָן זינט איהר אורשפּרונג ביז צו דער היינטיגער צייט.*

---

* זעה דעם פערטען אבטייל, איבער דער פּראָדוקציאָן פון רעלאַטיווען מעהרווערטה.

אין דעם ווייטערן גאַנג פון דער אַקומולאַציע געפינען מיר פאַלגליך ניט נאָר א קוואַנטיטאַטיווען און גלייכצייטיגען וואוקס פון די פערשיידענע מאַטעריעלע עלעמענטען פון קאַפּיטאַל: די ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט, וואָס יענער פאָרטשריט ברענגט מיט זיך מיט, דריקט זיך אויס אין קוואַליטאַטיווע ענדערונגען, אין אַלעמאָליגע פערענדערונגען פון דער טעכנישער צוזאַמענשטעלונג פון קאַפּיטאַל. דער אָביעקטיווער, זאַכליכער, פאַקטאָר פון דעם אַרבייט־פּראָצעס וואַקסט לפי ערך צו דעם סוביעקטיווען, פּערזענליכען, פאַקטאָר; דאָס הייסט די מאַסע פון די אַרבייט־מיטלען און רויה־מאַטעריאַלען וואַקסט אין פּראָפּאָרציע צו דער סומע אַרבייט־קרעפטען, וועלכע זיי האָבען צו געברויכען. אין דער מאָס, אין וועלכער דער קאַפּיטאַל מאַכט די אַרבייט מעהר פּראָדוקטיוו, פערמינערט זיך זיין נאָכפראַגע אויף אַרבייט לפי ערך צו זיין גרויס.

אָט די פערענדערונג אין דער טעכנישער צוזאַמענשטעלונג פון׳ם קאַפּיטאַל, אָט דער וואוקס אין דער מאַסע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אין פערגלייך מיט דער מאַסע פון דער אַרבייט־קראַפט, וואָס בעלעבט זי, שפּיגעלט זיך אָב אין זיין ווערטה־צוזאַמענשטעלונג, אין דער פערגרעסערונג פון דעם קאָנסטאַנטען בעשטאַנדטייל פון׳ם קאַפּיטאַל־ווערטה אויפ׳ן חשבון פון זיין וואַריאַבלען בעשטאַנדטייל. אויף א פּראָצענט־אופן בערעכענט, ווערן צום ביישפּיעל אורשפּרינגליך אויסגעלעגט פון א קאַפּיטאַל 50 פּראָצענט אויף פּראָדוקציאָנס־מיטלען און 50 פּראָצענט אויף אַרבייט־קראַפט; שפּעטער, מיט דער ענטוויקלונג פון דעם פּראָדוקטיוו־גראַד פון דער אַרבייט, ווערן אויסגעלעגט 80 פּראָצענט אין פּראָדוקציאָנס־מיטלען און 20 פּראָצענט אין אַרבייט־קראַפט א. אז. וו.

אָט דאָס געזעץ פון דעם גרעסערן וואוקס פון קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל לפי ערך צו דעם וואַריאַבלען, ווערט בעשטעטיגט אויף יעדען שריט (ווי עס איז שוין אויבען ענטוויקעלט געוואָרן) דורך דער פערגלייכענדער אונטערזוכונג פון די סחורה־פּרייזען — אַלץ איינס צי מיר פערגלייכען פערשיידענע עקאָנאָמישע עפּאָכען ביי איין־איינציגער נאַציאָן, אָדער פערשיידענע נאַציאָנען אין דערזעלביגער עפּאָכע. די רעלאַטיווע גרויס פון יענעם פּרייז־עלעמענט,

וואס פערטרעט נאר דעם ווערטה פון די פערצעהרטע פראדוק־
ציאנס־מיטלען אדער פון דעם קאנסטאנטען קאפיטאל־טייל, ווערט
שטעהן אין א דירעקטער פראפארציע צו דעם פארטשריט פון דער
אקומולאציע; די רעלאטיווע גרויס פון דעם אנדער פרייז־עלע־
מענט, וואס פערטרעט דעם ארבייט־בעצאהלענדען אדער דעם וואַ־
ריאבלען קאפיטאל־טייל, ווערט בכלל שטעהן אין א פערקעהרטער
פראפארציע צו דעם פארטשריט פון דער אקומולאציע.

אָט די פערקלענערונג פון דעם וואריאבלען קאפיטאל־טייל
לגבי דעם קאנסטאנטען טייל, אדער אט די פערענדערטע צוזאמענ־
שטעלונג פון דעם קאפיטאל־ווערטה צייגט אבער בלויז אומגעפעהר
די ענדערונג אין דער צוזאמענשטעלונג פון זיינע מאטעריעלע בע־
שטאנד־טיילען. ווען צום ביישפיעל היינט איז דער אריינגעלעג־
טער קאפיטאל־ווערטה אין דער שפינערייא איינגעטיילט אין ⅞ קאנ־
סטאנט און ⅛ וואריאבעל, בעת אין אנפאנג פון 18טען י. ה. איז
ער געווען ½ קאנסטאנט און ½ וואריאבעל, איז דערפאר אבער
די מאסע רויה־שטאפען, ארבייט־מיטלען א. אז. וו., וואס א בע־
שטימטער סכום שפין־ארבייט קאנזומירט היינט פראדוקטיוו, פיעל
הונדערטעל מאל גרעסער איידער אין אנפאנג פון 18טען יאהר־
הונדערט. דער גרונד דערפון איז איינפאך דאס, וואס מיט דער
וואקסענדער פראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט שטייגט ניט נאר
דער אומפאנג פון די פראדוקציאנס־מיטלען, וואס זי פערנוצט, נאר
וואס זייער ווערטה, אין פערגלייך מיט זייער אומפאנג, איז גע־
פאלען. זייער ווערטה שטייגט, הייסט עס, אבסאלוט, אבער ניט
פראפארציאנעל מיט זייער אומפאנג. דער וואוקס פון דעם חילוק
צווישען דעם קאנסטאנטען און וואריאבלען קאפיטאל־טייל איז דע־
ריבער פיעל קלענער איידער דער וואוקס פון דעם חילוק צווישען
דער מאסע פון די פראדוקציאנס־מיטלען, אין וועלכע דער קאנ־
סטאנטער קאפיטאל ווערט אריינגעטאן, און דער מאסע ארבייט
קראפט, אין וועלכער דער וואריאבלער קאפיטאל ווערט אריינגע־
טאן. דער ערשטער חילוק וואקסט צוזאמען מיט דעם לעצטען,
אבער אין א קלענערן גראד.

איבריגענס דארף מען בעמערקען, כדי אויסצומיידען מיס־
פערשטענדענישען, אז ווען דער פארטשריט פון דער אקומולאציע
פערקלענערט די רעלאטיווע גרויס פון'ם וואריאבלען קאפיטאל־

טייל, שליסט ער דערמיט בשום אופן נית אויס דאָס שטייגען פון איהר אבסאָלוטער גרויס. אָנגענומען, אז א קאפּיטאל־ווערטה צע־פאלט אין אָנפאנג אין 50 פּראָצענט קאָנסטאַנטען און 50 פּראָ־צענט וואריאבלען קאפּיטאל, און שפּעטער אין 80 פּראָצ. קאָנ־סטאנטען און 20 פּראָצ. וואריאבלען. אויב אין צווישען־צייט איז דער אורשפּרינגליכער קאפּיטאל, לאָמיר זאגען 6000 פונט סט., געוואקסען אויף 18,000 פונט סט., איז אויך זיין וואריאבלער בע־שטאנדטייל געוואקסען אויף $^1/_5$. ער איז געווען 3000 פונט סט., איצט בעטרעפט ער 3600 פונט סט. בעת אָבער פריהער וואָלט א קאפּיטאל־צו־וואוקס פון 20 פּראָצענט געווען גענוג צו העכערן די נאָכפראַגע אויף ארבייט אום 20 פּראָצענט, פאָדערט זיך איצטער א פערדרייפאכונג פון דעם אורשפּרינגליכען קאפּיטאל.

אין פערטען אָבטייל איז בעוויזען געוואָרן, ווי די ענטוויק־לונג פון דער געזעלשאפטליכער פּראָדוקטיוו־קראפט פון דער אר־בייט מוז האָבען אלס א תנאי־קודם קאָאָפּעראציע אויף א גרויסען מאָסשטאב; אז נאָר אונטער דעם תנאי קאָנען אָרגאניזירט ווערן די טיילונג און די קאָמבינאציע פון דער ארבייט, קאָנען די פּראָ־דוקציאָנס־מיטלען עקאָנאָמיזירט ווערן דורך א מאסענהאפטיגער קאָנצענטראציע, קאָנען ארויסגערופען ווערן אין לעבען די אר־בייט־מיטלען, וועלכע בטבע לאָזען זיך אָנווענדען נאָר געמיינ־שאפטליך, ווי צום ביישפּיעל א סיסטעם פון מאשינעריע א. אז. וו., קאָנען אונגעהויערע נאטור־קרעפטען געשטעלט ווערן אין דיענסט פון דער פּראָדוקציאָן און עס קאָן דורכגעפיהרט ווערן די פער־וואנדלונג פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס אין א טעכנאָלאָגישער אָנווענדונג פון דער וויסענשאפט. אויפן יסוד פון סחורה־פּראָ־דוקציאָן, וואו די פּראָדוקציאָנס־מיטלען זיינען דאָס אייגענטום פון פּריוואט־פּערזאָנען, וואו דער האנד־ארבייטער קאָן דעריבער ענטוועדער פּעראיינצעלט און זעלבסטשטענדיג פּראָדוצירן סחורות, אָדער מוז זיין ארבייט־קראפט פערקויפען אלס סחורה, ווייל עס פעהלען איהם די מיטלען אליין אָנצופיהרן זיין פּראָדוקציאָן — רעאליזירט זיך יענער תנאי נאָר דורך דעם וואוקס פון אינדי־ווידועלע קאפּיטאלען, אָדער אין דעם ערך, אין וועלכען די גע־זעלשאפטליכע פּראָדוקציאָן־ און לעבענס־מיטלען ווערן פערוואנ־דעלט אין פּריוואט־אייגענטום פון קאפּיטאליסטען. דער באָדען

פון סחורה־פראדוקציאן קאן טראגן אויף זיך די פראדוקציאן אויף א גרויסען מאסשטאב נאר אין דער קאפיטאליסטישער פארם. א געוויסע אקומולאציע פון קאפיטאל אין די הענד פון אינדיווידועלע סחורה־פראדוצירער איז דעריבער דער תנאי קודם פון דער מאדערנער אינדוסטריע — פון דער דאזיגער צוזאמענווירקונג פון געזעלשאפטליכע פערבינדונגען און טעכנישע מעטאדען, וועלכע מיר רופען אן דער ספעציעלער קאפיטאליסטישער שטייגער פון פראדוקציאן אדער דער ספעציפיש קאפיטאליסטישער פראדוקציאנס אופן.*** מיר האבען דעריבער געמוזט משער זיין די דאזיגע אקומולאציע ביי דעם איבערגאנג פון האנדווערק אין דעם קאפיטאליסטישען בעטרייב. זי קאן הייסען די אורשפרינגליכע אקומולאציע, ווארים אנשטאט א היסטארישען רעזולטאט איז זי די היסטארישע גרונדלאגע פון דער ספעציפיש קאפיטאליסטישער פראדוקציאן. ווי אזוי זי אליין ענטשטעהט, האבען מיר דא דערווייל נאך ניט נויטיג צו אונטערזוכען. עס איז גענוג צו וויסען, אז זי מאכט אויס דעם אנהויב־פונקט. אבער אלע מעטאדען פאר דער פערגרעסערונג פון דער געזעלשאפטליכער פראדוקטיוו־קראפט פון דער ארבייט, וועלכע וואקסען אויס אויף אט דער גרונדלאגע, זיינען אין דערזעלביגער צייט מעטאדען פון דער פערגרעסערטער פראדוקציאן פון מעהרווערטה אדער פון מעהר־פראדוקט, וועלכער איז פון זיין זייט דער עלעמענט, וואס פארמירט די אקומולאציע. זיי זיינען, הייסט עס, אין דערזעלביגער צייט מעטאדען פון דער פראדוקציאן פון קאפיטאל דורך קאפיטאל, אדער מעטאדען פון זיין פערשנעלערטער אקומולאציע. די נאכאנאנדיגע צוריקפערוואנדלונג פון מעהרווערטה אין קאפיטאל שטעלט זיך ארויס ווי א וואקסענדע גרויס פון דעם קאפיטאל, וואס געהט אריין אין דעם פראדוקציאנס־פראצעס. אט די וואקסענדע גרויס ווערט פון איהר זייט די גרונדלאגע פון אן אויסגעברייטערטען מאסשטאב פון דער פראדוקציאן, פון די

***77 „א פריהערדיגע אקומולאציע פון קאפיטאל איז אונבעדינגט נויטיג, כדי אז די גרויסע פערמעהרונג פון די פראדוקטיוו־קרעפטען פון דער ארבייט זאל קאנען ווייטער אנגעהן.“ (אדאם סמיטה, „וועלטה או נײשאנס“, בוך II, איינלייטונג.)

מעטאָדען צו העכערן די פּראָדוקטיוו־קראפט פון דער ארבייט, וואס בעגלייטען די פּראָדוקציאָן, און פון דער געשטיגענער פּראָדוקציאָן פון מעהרווערטה. מיט דער אקומולאציע פון קאפּיטאל ענטוויקעלט זיך דעריבער דער ספּעציפיש־קאפּיטאליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן, און מיט דעם ספּעציפיש־קאפּיטאליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן — די אקומולאציע פון קאפּיטאל. אָט די ביידע עקאָנאָמישע פאקטאָרען ברענגען ארויס, לויט דער צונויפגעזעצטער פּראָפּאָרציע פון די אימפּולסען, וואס זיי גיבען געגענזייטיג איינע די אנדערע, יענע ענדערונג אין דער טעכנישער צוזאמענשטעלונג פון דעם קאפּיטאל, דורך וועלכער דער וואריאבלער בעשטאנדטייל ווערט אלץ קלענער און קלענער אין פערגלייך מיט דעם קאָנסטאנטען בעשטאנדטייל.

יעדער אינדיווידועלער קאפּיטאל איז א גרעסערע אָדער קלענערע קאָנצענטראציע פון פּראָדוקציאָנס־מיטלען מיט דער קאָמאנדע איבער א גרעסערער אָדער קלענערער ארבייטער־ארמעע, וואס געהט דערמיט. יעדע אקומולאציע ווערט א מיטעל פון א נייער אקומולאציע. מיט דער פערגרעסערטער מאסע פון רייכטום, וואס פונקציאָנירט אלס קאפּיטאל, פערגרעסערט זי די קאָנצענטראציע פון דעם דאָזיגען רייכטום אין די הענד פון אינדיווידועלע קאפּיטאליסטען, ממילא אויך די גרונדלאגע פון דער פּראָדוקציאָן אויף א גרויסען מאשטאב און די ספּעציפיש־קאפּיטאליסטישע פּראָדוקציאָנס־מעטאָדען. דער וואוקס פון געזעלשאפטליכען קאפּיטאל פיהרט זיך דורך אין דעם וואוקס פון א סך אינדיווידועלע קאפּיטאלען. אָנגענומען, אז אלע אנדערע אומשטענדען בלייבען דיזעלביגע, וואקסען די אינדיווידועלע קאפּיטאלען, און מיט זיי די קאָנצענטראציע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אין דעם ערך וואס זיי מאכען אויס אלעקוואטע טיילען פון דעם סך הכל פון געזעלשאפטליכען קאפּיטאל. אין דערזעלביגער צייט רייסען זיך אָב טיילען פון די אָריגינאל־קאפּיטאלען און פונקציאָנירן אלס נייע זעלבשטענדיגע קאפּיטאלען. צווישען אנדערע שפּיעלט דערביי א גרויסע ראָליע די צוטיילונג פון פערמעגען אין קאפּיטאליסטישע פאמיליען. צוזאמען מיט דער אקומולאציע פון קאפּיטאל וואקסט דעריבער אויך מעהר אָדער ווייניגער די צאָהל קאפּיטאליסטען. צוויי פּונקטען כאראקטעריזירן אָט דעם סאָרט קאָנצענטראציע,

וועלכע איז דירעקט געבויט אויף דער אקומולאציע אדער, ריכ־טיגער געזאגט, וועלכע איז אידענטיש מיט איהר. ערשטענס: די וואקסענדע קאנצענטראציע פון די געזעלשאפטליכע פראדוקציאנס־מיטלען אין די הענד פון אינדיווידועלע קאפיטאליסטען איז בע־גרעניצט, ווען אלע אנדערע אומשטענדען בלייבען דיזעלביגע, דורך דעם גראד פון׳ם וואוקס פון דעם געזעלשאפטליכען רייכטום. צוויי־טענס: דער טייל פון געזעלשאפטליכען קאפיטאל, וואס איז איינ־געפונדעוועט אין יעדער בעזונדערער פראדוקציאנס־ספערע, איז פערטיילט צווישען פיעלע קאפיטאליסטען, וועלכע שטעהען איי־נע אנטקעגען די אנדערע ווי אונאבהענגיקע סחורה־פראדוצירער, וואס קאנקורירען איינע מיט די אנדערע. די אקומולאציע און די קאנצענטראציע, וואס בעגלייט זי, זיינען דעריבער ניט נאר צו־שפליטערט אויף א סך פונקטען, נאר דער וואוקס פון אלע פונק־ציאנירענדע קאפיטאלען איז געשטערט דורך דער פארמירונג פון נייע און דער צושפאלטונג פון אלטע קאפיטאלען. אויב די אקו־מולאציע שטעלט זיך דעריבער פאר פון איין זייט אלס א וואק־סענדע קאנצענטראציע פון די פראדוקציאנס־מיטלען און פון דער קאמאנדע איבער דער ארבייט, איז זי פארגעשטעלט פון דער אנ־דער זייט אלס אן אבשטויסונג פון פיעלע קאפיטאליסטען איינע פון די אנדערע.

אנטקעגען אט דער צושפליטערונג פון דעם גאנצען געזעל־שאפטליכען קאפיטאל אין פיעלע אינדיווידועלע קאפיטאלען, אדער אנטקעגען דער אבשטויסונג פון זיינע טיילען איינע פון די אנדערע, ווירקט זייער צוציהונג־קראפט. דאס מיינט ניט מעהר די איינ־פאכע קאנצענטראציע פון פראדוקציאנס־מיטלען און קאמאנדע איבער דער ארבייט, וואס איז אידענטיש מיט דער אקומולאציע. דאס איז די קאנצענטראציע פון שוין־פארמירטע קאפיטאלען, די אב־שאפונג פון זייער אינדיווידועלער זעלבסטשטענדיגקייט, די עקס־פראפריאציע פון איין קאפיטאליסט דורך דעם אנדערן, די פער־וואנדלונג פון פיעלע קלענערע קאפיטאלען אין ווייניגע גרעסערע. אט דער פראצעס אונטערשיידט זיך פון דעם ערשטען דורכדעם, וואס ער איז נאר משער אפריהער א פערענדערטע פערטיילונג פון שוין־פארהאנענע און פונקציאנירענדע קאפיטאלען; זיין ספערע פון טהעטיגקייט איז דעריבער ניט בעגרעניצט דורך דעם אבסא־

לוטען וואוקס פון געזעלשאפטליכען רייכטום, אדער דורך די אבסאלוטע גרעניצען פון דער אקומולאציע. דער קאפיטאל וואקסט אין איין פלאץ אן זעהר גרויס אין איין האנד, ווייל אין אנאנדער פלאץ איז ער פערלארן געגאנגען אין פיעלע הענד. דאס איז די אייגענטליכע *צענטראליזאציע* אין אונטערשייד פון *אקומולאציע* און *צענטראליזאציע*.

די געזעצען פון אט דער צענטראליזאציע פון די קאפיטאלען אדער פון דער צוציהונג פון קאפיטאל דורך קאפיטאל קאנען דא ניט ענטוויקעלט ווערן. א קורצע אנדייטונג פון איינינע פאקטען מוז דא זיין גענוג. דער קאנקורענץ-קאמף ווערט געפיהרט דורך א פערביליגערונג פון די סחורות. די ביליגקייט פון די סחורות הענגט אב, ביי זאנסט גלייכע אומשטענדען, פון דער פראדוקטי־וויטעט פון דער ארבייט, די פראדוקטיוויטעט אבער הענגט אב פון דעם מאסשטאב פון דער פראדוקציאן. די גרעסערע קאפיטאלען שלאגען דעריבער די קלענערע. מיר מוזען געדענקען ווייטער, אז מיט דער ענטוויקלונג פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן וואקסט דער מינימאל-אומפאנג פון דעם אינדיווידועלען קא־פיטאל, וואס פאדערט זיך צו בעטרייבען א געשעפט אונטער זיינע נארמאלע בעדינגונגען. די קלענערע קאפיטאלען שטופען זיך דע־ריבער אין אזוינע פראדוקציאנס-ספערען, וועלכע די גרויס-אינ־דוסטריע האט נאר אין איינצעל-פאלען אדער ניט פאלקאמען פער־כאפט. די קאנקורענץ שפיעלט זיך דא פאנאנדער אין א דירעקט־טער פראפארציע צו דער צאהל און אין אן אומגעקעהרטער פרא־פארציע צו דער גרויס פון די קאנקורירענדע קאפיטאלען. זי ענ־דיגט זיך שטענדיג מיט דער פערניכטונג פון פיעלע קלענערע קא־פיטאליסטען, וועמעס קאפיטאלען געהען טיילווייז אריבער אין די הענד פון דעם זיעגער און טיילווייז ווערן פערלארן.

א חוץ דעם בילדעט זיך אויס מיט דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן א גאנץ נייע מאכט — דער קרעדיט-סיסטעם. אין אנפאנג גנב'עט ער זיך שטילערהייט אריין אלס א בעשיידענער צו-העלפער פון דער אקומולאציע; שפעטער ציהט ער מיט אונ־

זיכטבאַרע פעדים די געלד־מיטלען, וואָס זיינען צושפּליטערט אין גרעסערע אָדער קלענערע מאָסען איבער דער אויבערפלעך פון דער געזעלשאַפט, אין די הענד פון אינדיווידועלע אָדער אַסאָציאיר־טע קאַפּיטאַליסטען, און ווערט באַלד אַ נייע און שרעקליכע וואָפע אין דעם קאָנקורענץ־קאַמף; ענדליך ווערט ער פערוואַנדעלט אין אַן אונגעהויערן סאָציאַלען מעכאַניזם פאַר דער צענטראַליזאַציע פון די קאַפּיטאַלען.

אין דער מאָס ווי די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן און אַקו־מולאַציע ענטוויקלען זיך, אין דערזעלביגער מאָס ענטוויקלען זיך קאָנקורענץ און קרעדיט, די צוויי מעכטיגסטע הויב־שטאַנגען פון דער צענטראַליזאַציע. דער פאָרטשריט פון דער אַקומולאַציע פער־מעהרט דערביי דעם צענטראַליזירבאַרען מאַטעריאַל, דאָס הייסט די איינצעל־קאַפּיטאַלען, בעת די אויסברייטערונג פון דער קאַפּי־טאַליסטישער פּראָדוקציאָן שאַפט דאָ דאָס געזעלשאַפטליכע בע־דערפעניש, דאָרט די טעכנישע מיטלען פון יענע געוואַלטיגע אינ־דוסטריעלע אונטערנעהמונגען, וואָס זייער דורכפיהרונג הענגט אָב פון אַ פריהערדיגער צענטראַליזאַציע פון קאַפּיטאַל. היינטיגע צייט איז דעריבער די געגענזייטיגע צוציהונג־קראַפט פון די איינצעל־קאַפּיטאַלען און די טענדענץ צו צענטראַליזאַציע שטאַרקער ווי ווען עס איז פריהער. אָבער אויב אַפילו די רעלאַטיווע אויס־שפּרייטונג און די ענערגיע פון דער צענטראַליזירענדער בעוועגונג ווערט אין אַ געוויסען גראַד בעשטימט דורך דער שוין־געגרייכטער גרויס פון דעם קאַפּיטאַליסטישען רייכטום און דעם הויכען צו־שטאַנד פון דעם עקאָנאָמישען מעכאַניזם, הענגט פערקעהרט דער פאָרטשריט פון דער צענטראַליזאַציע בשום אופן ניט אָב פון דעם פּאָזיטיווען וואוקס פון דער גרויס פון דעם געזעלשאַפטליכען קאַ־פּיטאַל. און אָט דאָס ספּעציעל אונטערשיידט די צענטראַליזאַ־ציע פון דער קאָנצענטראַציע, וועלכע איז נאָר אַנאַנדער אויס־דרוק פאַר דער רעפּראָדוקציאָן אויף אַ ברייטערן מאָסשטאַב. די צענטראַליזאַציע קאָן אַרויסקומען דורך אַ בלויז־געענדערטע פער־טיילונג פון שוין־בעשטעהענדע קאַפּיטאַלען, דורך אַן איינפאַכער פערענדערונג פון דער קוואַנטיטאַטיווער גרופּירונג פון די בע־שטאַנדטיילען פון דעם געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל. דער קאַפּי־טאַל קאָן אין איין פּלאַץ אָנוואַקסען אין געוואַלטיגע מאַסען אין

איין האנד, ווייל ער איז אין אנאנדער פלאץ אבגעצויגען געווארן פון פיעלע איינצעלנע הענט. די צענטראליזאציע וואלט אין איין בעשטימטען געשעפט־צווייג דערגרייכט איהר אויסערסטען גרעניץ, ווען אלע קאפיטאלען, וואס זיינען אריינגעלעגט אין דעם צווייג וואלטען צונויפגעשמאלצען געווארן אין איין איינצעל־קאפיטאל. דער דאזיגער גרעניץ וואלט אין א געוויסער געזעלשאפט ערשט דאן דערגרייכט געווארן, ווען דער גאנצער געזעלשאפטליכער קאפיטאל וואלט געווען פעראייניגט אין דער האנד סיי פון איין איינצעלנעם קאפיטאליסט, סיי פון איין איינציגער קאפיטאליסטישער אסאציאציע.*

די צענטראליזאציע איז ממלא (ערגענצט) די ארבייט פון דער אקומולאציע, דורכדעם וואס זי גיט די אינדוסטריעלע קאפיטאליסטען די מעגליכקייט אויסצושפרייטען דעם מאסשטאב פון זייערע אפעראציעס. סיי אט דער לעצטער רעזולטאט איז איצט א פאלגע פון דער אקומולאציע אדער פון דער צענטראליזאציע; סיי די צענטראליזאציע ווערט דורכגעפיהרט אויף דעם וועג פון א געוואלטזאמער פערקערפערונג — וואו געוויסע קאפיטאלען ווערען אזעלכע איבערוועגענדע צוציהונגס־צענטערס פאר אנדערע קאפיטאלען, אז זיי ברעכען זייער אינדיווידועלען צוזאמענהאלט און ציהען צו דערנאך די פעראיינצעלטע ברוך־שטיקער צו זיך —, סיי די פערשמעלצונג פון א סך שוין־פארמירטע, ד. ה. וואס האלטען זיך אין פארמירען, קאפיטאלען קומט פאר אויף א גלאטערן אופן, דורך דער פארמירונג פון אקציען־געזעלשאפטען — די עקאנאמישע ווירקונג בלייבט דיזעלביגע. די געוואקסענע אויס־

* אויף אט דעם בליק פאראויס, וואס איז אנגעשריבען געווארן מיט 40 יאהר צוריק (1874. דאס איז גענומען פון דער פראנצויזישער אויסגאבע) האט ענגעלס שוין אין 1890 געקאנט בעמערקען: „די נייעסטע ענגלישע און אמעריקאנישע „טראסטס” שטרעבען שוין צו דערגרייכען אט דעם ציעל, פרובירענדיג צו פעראייניגען וועניגסטענס געוויסע גרויס־בעטריעבען פון איין געשעפטס־צווייג אין איין גרויסער אקציען־געזעלשאפט מיט א פראקטישען מאנאפאל.” — זינט יעמאלט האט זיך אט די קארטעל־ווירשאפט איינגעבירגערט אין גאנץ אייראפא, און אין אמעריקא איז אט די פארם פון דעם „טראסט” שוין געווארן די פארם פון גרויס־קאפיטאל איבערהויפט. K.

שפּרייטונג פון די אינדוסטריעלע געשעפטען גיט אומעטום דעם אנהויב־פּונקט פאר א מעהר־אומפאסענדער אָרגאניזאציע פון דער קאָלעקטיווער־ארבייט פון פיעלע מענשען, פאר א ברייטערער ענט־וויקלונג פון זייערע מאטעריעלע טרייב־קרעפטען, דאָס הייסט פאַר דער אַלץ ווייטערגעהענדער אומוואנדלונג פון פעראיינצעלטע און אויף א טראדיציאָנעלען אופן אָנגעפיהרטע פּראָדוקציאָנס־פּראָ־צעסען אין געזעלשאפטליך־קאָמבינירטע און וויסענשאפטליך רע־גולירטע פּראָדוקציאָנס־פּראָצעסען.

עס איז אָבער קלאָר, אז די אקומולאציע — די אַלעמאָליגע פערמעהרונג פון קאפּיטאל דורך דער רעפּראָדוקציאָן, וואָס געהט אריבער פון דער קרייז־פאָרם אין דער ספּיראַלער פאָרם — איז א גאנץ לאנגזאמע מעטאָדע אין פערגלייך מיט דער צענטראַליזאַ־ציע, וועלכע דאַרף נאָר ענדערן די קוואנטיטאטיווע גרופּירונג פון די איינצעלנע, איינע די אנדערע ערגענצענדע טיילען פון דעם גע־זעלשאפטליכען קאפּיטאל. די וועלט וואָלט נאָך ניט געהאט קיין אייזענבאהנען, ווען זי וואָלט געדארפט ווארטען אזוי לאנג, ביז די אקומולאציע וואָלט געבראכט איינציגע איינצעל־קאפּיטאלען צו אזא שטופע, ווען זיי זאָלען האָבען בכח צו אונטערנעהמען דעם בוי פון אן אייזענבאהן. פערקעהרט די צענטראַליזאציע האָט דאָס דורך די אקציען־געזעלשאפטען פּועל געווען איינס־און־צוויי. און בעת די צענטראַליזאציע פערגרעסערט און פערשנעלערט אויף דעם אופן די ווירקונגען פון דער אקומולאציע, ברייטערט זי אויס און פערשנעלערט אין דערזעלביגער צייט די איבערקעהרענישען אין דער טעכנישער צוזאמענשטעלונג פון'ם קאפּיטאל, וועלכע פער־מעהרן זיין קאָנסטאנטען טייל אויף'ן חשבון פון זיין וואריאבלען טייל און פערמינערן דערמיט די רעלאטיווע נאָכפראגע אויף אר־בייט.

די קאפּיטאל־מאסען, וועלכע זיינען דורך דער נאכט צונויפ־געשמידט געוואָרן דורך דער צענטראַליזאציע, רעפּראָדוצירן און פערמעהרן זיך ווי די אנדערע, נאָר שנעלער, און זיי ווערן דערמיט נייע מעכטיגע הויבשטאנגען פון דער געזעלשאפטליכער אקומו־לאציע. ווען מען רעדט דעריבער וועגען דעם פאָרטשריט פון דער געזעלשאפטליכער אקומולאציע, איז עס — היינטיגען טאָג — כּולל בּשתיקה די ווירקונגען פון דער צענטראַליזאציע.

דער וואַקסענדער אומפאַנג פון די אינדיווידועלע קאַפּיטאַלמאַסען ווערט דער מאַטעריעלער יסוד פון אַ בעשטענדיגער איבערקעהרעניש פון דעם פּראָדוקציאָנס־אופן גופא. דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן עראָבערט נאָכאַנאַנד ארבייט־צווייגען, וועלכע זיינען נאָך גאָרניט אונטערוואָרפען צו איהם, אָדער זיינען נאָר טיילווייז אָדער נאָר פאָרמעל אונטערוואָרפען צו איהם. צוזאַמען מיט די דאָזיגע וואַקסען אויס אויף זיין באָדען נייע ארבייט־צווייגען, וואָס געהערן לכתחילה צו איהם. ענדליך, אין די ארבייט־צווייגען, וואָס ווערן שוין בעטריבען קאַפּיטאַליסטיש, ווערט די פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער ארבייט אַזוי שנעל צייטיג ווי אין אַ טרייב־הויז [אָראַנזשערעע]. אין אַט די אַלע פאַלען פאַלט ארונטער די ארבייטער־צאָהל פּראָפּאָרציאָנעל צו דער מאַסע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס זי ארבייט אויס. אַ שטענדיג־גרעסערער טייל פון קאַפּיטאַל ווערט פערוואַנדעלט אין פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אַ שטענדיג־קלענערער טייל אין ארבייט־קראַפט. צוזאַמען מיט דעם אומפאַנג פון דער קאָנצענטראַציע און פון דער טעכנישער ווירקזאַמקייט פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פערמינערט זיך אַלץ מעהר דער גראַד, אין וועלכען זיי זיינען בעשעפטיגונגס־מיטלען פון ארבייטער. אַ דאַמף־פלוג איז אַ ניט־פערגלייכליך־ווירקזאַמער פּראָדוקציאָנס־מיטעל איידער דער געוועהנליכער פלוג, אָבער דער קאַפּיטאַל־ווערטה, וואָס איז אין איהם ארייננעלעגט איז אַ ניט־פערגלייכליך־קלענערער בעשעפטיגונגס־מיטעל, איידער ווען ער וואָלט רעאַליזירט געוואָרן אין געוועהנליכע פלוגען. אין אָנהויב איז עס טאַקע דער צוגאָב פון דעם נייעם קאַפּיטאַל צו דעם אַלטען, וואָס מאַכט מעגליך אויסצוברייטערן און טעכניש צו רעוואָלוציאָנירן די מאַטעריעלע בעדינגונגען פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. באַלד אָבער פערכאַפּט די געענדערטע צוזאַמענשטעלונג און די טעכנישע איבערגעשטאַלטונג מעהר אָדער ווייניגער דעם גאַנצען אַלטען קאַפּיטאַל, וועלכער האָט דערגרייכט דעם טערמין פון זיין רעפּראָדוקציאָן און ווערט פערביטען דורך אַ נייעם. אַט די אומוואַנדלונג פון דעם אַלטען קאַפּיטאַל איז אין אַ געוויסען זין אונאָבהענגיק פון דעם אַבסאָלוטען וואוקס פון'ם געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל, פּונקט ווי די צענטראַליזאַציע איז אונאָבהענגיק פון איהם. די צענטראַליזאַציע אָבער, וועלכע פערטיילט נאָר אָנ־

דערש דעם פאַרנומענעם געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל און שמעלצט צוזאַמען פיעלע אַלטע קאַפּיטאַלען אין איינעם, ווירקט ווידער פון איהר זייט ווי אַ מעכטיגע טרייב־קראַפט אין דער דאָזיגער אומוואַנדלונג פון דעם אַלטען קאַפּיטאַל.

פון איין זייט, דעריבער, ציהט צו דער צוגאַב־קאַפּיטאַל, וואָס האָט זיך פאַרמירט אין דעם גאַנג פון דער אַקומולאַציע, אַלץ וועניגער און וועניגער אַרבייטער פּראָפּאָרציאָנעל צו זיין גרויס. פון דער אַנדער זייט שטויסט אָב דער אַלטער קאַפּיטאַל, וואָס ווערט פּעריאָדיש רעפּראָדוצירט אין אַ נייער צוזאַמענשטעלונג, אַלץ מעהר און מעהר אַרבייטער, וועלכע ער האָט פריהער בעשעפטיגט.

## 3. די אַלץ־גרעסערע פּראָדוקציאָן פון אַ רעלאַטיווער איבער־בעפעלקערונג אָדער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמעע.

די אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל, וועלכע האָט זיך לכתחילה בעוויזען נאָר אַלס אַ קוואַנטיטאַטיווע אויסברייטונג, פיהרט זיך דורך, ווי מיר האָבען געזעהן, אין אַ נאָכאַנאַנדיגער קוואַליטאַטיווער ענדערונג פון זיין צוזאַמענשטעלונג, אין אַ שטענדיגער פערגרעס. ונג פון זיין קאָנסטאַנטען בעשטאַנדטייל אויפ׳ן חשבון פון זיין וואַריאַבלען טייל*, און פערמינערט אויף דעם אופן די רעלאַטיווע נאָכפראַגע אויף אַרבייט. איז וואָס פאַר אַ ווירקונג האָט אָט די בעוועגונג אויף דער לאַגע פון דעם קלאַס לוין־אַרבייטער?

דער ספּעציפיש־קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן, די ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער אַרבייט, וואָס קומט מיט איהם, און די ענדערונג, וואָס ווערט דורכדעם פעראורזאַכט אין דער אָרגאַנישער צוזאַמענשטעלונג פון קאַפּיטאַל, געהען ניט בלויז טריט אין טריט מיט דעם פאָרטשריט פון דער אַקומולאַ־

*איז מאַרקס׳עס האַנד־עקזעמפּלאַר געפינט זיך דאָ די גליון־בעמערקונג: „דאָ דאַרף מען בעמערקען אויף שפּעטער: אויב די אויסברייטונג איז נאָר קוואַנטיטאַטיוו, דאַן פערהאַלטען זיך די פּראָפיטען ביי אַ גרעסערן אָדער קלע־נערן קאַפּיטאַל אין דעמזעלביגען געשעפט־צווייג לויט דער גרויס פון די אויסגע־לעגטע קאַפּיטאַלען. אויב די קוואַנטיטאַטיווע אויסברייטונג ברענגט מיט קוואַליטאַטיווע ענדערונגען, דאַן שטייגט אין דערזעלביגער צייט די ראַטע פון פּראָפיט אויף דעם גרעסערן קאַפּיטאַל.” **K**

ציע אָדער דעם וואוקס פון געזעלשאַפטליכען רייכטום. זיי טרעטען
ניט־פערגלייכליך שנעלער, ווייל די איינפאַכע אַקומולאַציע אָדער
די אַבסאָלוטע אויסברייטערונג פון דעם טאָטאַלען קאַפּיטאַל איז
בעגלייט פון דער צענטראַליזאַציע פון זיינע אינדיווידועלע עלע־
מענטען, און ווייל די טעכנישע ענדערונג פון דעם צוגאַב־קאַפּיטאַל
געהט צוזאַמען מיט אַ טעכנישער ענדערונג פון דעם אָריגינאַל־קאַ־
פּיטאַל. מיט דעם ווייטערדיגען גאַנג פון דער אַקומולאַציע ענ־
דערט זיך דעריבער די פּראָפּאָרציע פון דעם קאָנסטאַנטען צו דעם
וואַריאַבלען קאַפּיטאַל. אויב עס איז אורשפּרינגליך געווען 1:1,
ווערט עס איצט כסדר 1:2, 1:3, 1:4, 1:5, 1:7 א. אז. וו., אזוי
אַז ווי דער קאַפּיטאַל וואַקסט, ווערט אָנשטאָט ½ פון זיין טאָטאַלען
ווערטה שפּעטער אריינגעטאָן אין אַרבייט־קראַפט בלויז ⅓, ¼, 1/5,
1/6, ⅛ א. אז. וו. און פערקעהרט ⅔, ¾, 4/5, 5/6, ⅞ אין פּראָ־
דוקציאָנס־מיטלען. אַזוי ווי די נאָכפראַגע אויף אַרבייט ווערט
בעשטימט ניט דורך דעם אומפאַנג פון גאַנצען קאַפּיטאַל, נאָר דורך
דעם אומפאַנג פון זיין וואַריאַבלען בעשטאַנדטייל, פאַלט זי דערי־
בער אַלץ מעהר, וואָס גרעסער דער וואוקס איז פון דעם טאָטאַלען
קאַפּיטאַל, אָנשטאָט ווי מען האָט פריהער משער געווען, אַז זי
וואַקסט אין דערזעלביגער פּראָפּאָרציע מיט איהם. זי פאַלט רע־
לאַטיוו צו דער גרויס פון גאַנצען קאַפּיטאַל און אַלץ שנעלער, וואָס
מעהר זיין גרויס וואַקסט.

צוזאַמען מיט דעם וואוקס פון גאַנצען קאַפּיטאַל וואַקסט טאַקע
אויך זיין וואַריאַבלער בעשטאַנדטייל, אָדער די אַרבייט־קראַפט,
וואָס איז אין איהם פערקערפּערט, אָבער אין אַ שטענדיג קלענערער
פּראָגרעסיאָן ווערט נויטיג, ניט נאָר כדי אריינצוציהען אַ צוגעקומע־
נער אַרבייטער־צאָהל פון אַ בעשטימטער גרויס אָדער, אזוי ווי דער
אַלטער קאַפּיטאַל מאַכט דורך אַ שטענדיגע מעטאַמאָרפאָזע, אפילו
כדי צו בעשעפטיגען די צאָהל אַרבייטער, וואָס פונקציאָנירט שוין.
אָט די וואַקסענדע אַקומולאַציע און קאָנצענטראַציע ווערט פון איהר
זייט ווידער אַ קוואַל פון נייע ענדערונגען אין דער צוזאַמענשטע־

לונג פון קאפיטאל, אדער פון א ווידער־אמאל שנעלער פערקלענערונג פון זיין וואריאבלען בעשטאנדטייל אין פערגלייך מיט דעם קאנסטאנטען. די דאזיגע שנעלע רעלאטיווע פערקלענערונג פון זיין וואריאבלען בעשטאנדטייל, וואס קומט אינאיינעם מיט דער שנעלער פערגרעסערונג פון דעם גאנצען קאפיטאל און וואס קומט פאר ראשינער איידער זיין פערגרעסערונג, נעהמט פערקעהרט אן די פארם אויף דער אנדער זייט פון א שטענדיג־שנעלערן אבסאלוטען וואוקס פון דער ארבייטער־בעפעלקערונג איידער פון דעם וואריאבלען קאפיטאל אדער פון די מיטלען, וואס בעשעפטיגען איהר. אין דער אמת'ן פראדוצירט שטענדיג די קאפיטאליסטישע אקומולאציע, לפי ערך פון איהר ענערגיע און איהר אומפאנג, א רעלאטיוו־איבעריגע בעפעלקערונג פון ארבייטער, ד. ה. א גרעסערע בעפעלקערונג איידער עס איז נויטיג פאר די דורכשניטליכע פערווערטונג־בעדערפענישען פון קאפיטאל, און פאלגליך אן איבער־בעפעלקערונג.

בעטראכטענדיג דעם געזעלשאפטליכען קאפיטאל אין גאנצען, זעהען מיר אז די בעוועגונג פון זיין אקומולאציע רופט איין מאל ארויס פעריאדישע ענדערונגען, און אנאנדערשטמאל פערטיילען זיך איהרע בעזונדערע פאזען גלייכצייטיג אויף די פערשיידענע פראדוקציאן־ספערען. אין איינינע ספערען קומט פאר אן ענדערונג אין דער צוזאמענשטעלונג פון'ם קאפיטאל אהן א וואוקס פון זיין אבסאלוטער גרויס, בלויז אלס רעזולטאט פון צענטראליזאציע; אין אנדערע ספערען איז דער אבסאלוטער וואוקס פון'ם קאפיטאל פערבונדען מיט אן אבסאלוטער פערקלענערונג פון זיין וואריאבלען בעשטאנדטייל אדער פון דער ארבייט־קראפט, וואס ער זויגט אריין; נאך אין אנדערע וואקסט אמאל דער קאפיטאל ווייטער אויף זיין געגעבענעם טעכנישען באזיס און ציהט־צו נאך ארבייט־קראפט לפי ערך פון זיין וואוקס, און אמאל קומט פאר אן ארגאנישע ענדערונג און זיין וואריאבלער בעשטאנדטייל פערקלענערט זיך; אין אלע ספערען איז דער וואוקס פון דעם וואריאבלען קאפיטאל־טייל, און ממילא פון דער בעשעפטיגטער צאהל ארבייטער, שטענדיג פערבונדען מיט געוואלטיגע שוואנקונגען און א צייטווייליגער פראדוקציאן פון אן איבער־בעפעלקערונג, סיי זי נעהמט אן די מעהר אויפפאלענדע פארם פון ארויסשטויסען

שוין־בעשעפטיגטע ארבייטער, פוי די מעהר־פערשטעלטע אבער ניט ווייניגער ווירקזאמע פארם פון א שווערערן אריינציהען פון דער צוגעקומענער ארבייטער־בעפעלקערונג דורך די געוועהנליכע קאנאלען.[78] מיט דער גרויס פון דעם שוין־פונקציאנירענדען געזעלשאפטס־קאפיטאל און דעם גראד פון זיין וואוקס, מיט דער אויסשפרייטונג פון דעם מאסשטאב פון דער פראדוקציאן און פון דער מאסע אין בעוועגונג געבראכטע ארבייטער, מיט דער ענטוויקלונג פון דער פראדוקטיוו־קראפט פון זייער ארבייט, מיט דעם ברייטערן און פולערן שטראם פון אלע קוואלען פון רייכטום — שפרייט זיך אויך אויס דער מאסשטאב, אויף וועלכען א גרעסערע צוציהונג פון ארבייטער דורך קאפיטאל איז פערבונדען מיט זייער גרעסערער אבשטויסונג, ווערט גרעסער די געשווינדקייט פון די ענדערונגען אין דער ארגאנישער צוזאמענשטעלונג פון קאפיטאל

[78] דער צענזוס פאר ענגלאנד און וועלס צייגט צווישען אנדערעס: אלע בעשעפטיגטע פערזאנען אין דער אגריקולטער (אייגענטימער, ארענדאטארס, גערטנער, פאסטוכער א. אז. וו. איינגעשלאסען) האבען בעטראפען אין 1851 — 2,011,447, אין 1861 — 1,924,110, א פערמינערונג פון 87,337; וואוסטעט מאנופאקטור: — 8151 — 102,714, 1861 — 79,242; זיידענס פאבריק: 1851 — 111,940, 1861 — 101,678; קאטון־דרוקער: 1851 — 12,098, 1861 — 12,556, א קליינע פערגרעסערונג, וועלכע איז אין אנבעטראכט פון דעם אונגעהויער אויסגעברייטערטען געשעפט א פראפארציאנעל־גרויסע פערקלענערונג אין דער צאהל בעשעפטיגטע ארבייטער. הוטמאכער: 1851 — 15,957, 1861 — 13,814; שטרוי־היט און פרויען־היט מאכער: 1851 — 20,393, 1861 — 18,176; מעלצער: 1851 — 10,566, 1861 — 10,677; ליכט־גיסער: 1851 — 4,949, 1861 — 4,686 (אט די פערקלענערונג נעהמט זיך פון דער פערמעהרונג פון גאז־בעלייכטונג); קאמען־מאכער: 1851 — 2,038, 1861 — 1,478; האלץ־זעגער: 1851 — 30,552, 1861 — 31,647 (א קליינער וואוקס אלס רעזולטאט פון דער גרעסערער פערשפרייטונג פון זעג־מאשינען); נעגעל־מאכער: 1851 — 26,940, 1861 — 26,130 (א פערקלענערונג מחמת דער מאשין־קאנקורענץ); ארבייטער אין צין און קופער־מינען: 1851 — 31,360, 1861 — 32,041. פערקעהרט ביי באוועל־שפינערייען און וועבערייען: 1851 — 371,777, 1861 — 456,646; קויהלען־מינען: 1851 — 183,389, 1861 — 246,613. „דער וואוקס פון ארבייטער איז אין אלגעמיין זינט 1851 אם גרעסטען אין אזעלכע צווייגען, אין וועלכע די מאשינעריע איז ביזאהער נאך ניט אנגעווענדט געווארן מיט ערפאלג.“ (Census for England and Wales for 1861, Vol, I, p. 36.)

און אין זיין טעכנישער פארם, און עס ווערט גרעסער דער קרייז פון פראדוקציאן־ספערען, וועלכע ווערן אנגעגריפען דערפון אמאל גלייכצייטיג און אמאל איינציגווייז זיך בייטענדיג. די ארבייטער־בעפעלקערונג שאפט אויף דעם אופן, צוזאמען מיט דער אקומולאציע פון קאפיטאל, וואס זי אליין פראדוצירט, אין אלץ א גרעסערן אומפאנג די מיטלען, וואס מאכען איהר רעלאטיוו איבערפליסיג, איבעריג אין צאהל.[פז] דאס איז א בעפעלקערונגס־געזעץ,

---

[פז] איינינע אויסגעצייכענטע עקאנאמען פון דער קלאסישער שוהלע האבען געהאט עפעס א פארשטעלונג אבער האבען ניט אינגאנצען בעגריפען דאס געזעץ פון דער כסדר'דיגער פערקלענערונג פון דער רעלאטיווער גרויס פון דעם וואריאבלען קאפיטאל, צוזאמען מיט זיינע ווירקונגען אויף דער לאגע פון דעם לוין־ארבייטער קלאס. דאס גרעסטע פערדיענסט אין דעם פרט געהערט דזשאהן בארטאן, הגם ער אויך, ווי אלע אנדערע מישט צוזאמען דעם קאנסטאנטען קאפיטאל מיט דעם פיקסירטען און דעם וואריאבלען קאפיטאל מיט דעם צירקולירענדען. ער זאגט: „די נאכפראגע אויף ארבייט העננט אב פון דעם וואוקס פון דעם צירקולירענדען און ניט פון דעם פיקסירטען קאפיטאל. ווען עס וואלט געווען ריכטיג, אז די פראפארציע צווישען אט די ביידע סארטען קאפיטאל איז א גלייכע אין אלע צייטען און אונטער אלע אומשטענדען, דאן וואלט דערפון פאקטיש געפאלגט, אז די צאהל בעשעפטיגטע ארבייטער שטעהט פראפארציאנעל צום רייכטום פון שטאאט. אזא השערה אבער זעהט אויס ניט זעהר וואהרשיינליך. וואס מעהר מלאכות ווערן קולטיווירט און ציוויליזאציע ווערט פערשפרייט, אלץ מעהר וועגט אריבער דער פיקסירטער קאפיטאל דעם צירקולירענדען. די סומע פיקסירטער קאפיטאל, וואס איז פערווענדעט אין דער פראדוקציאן פון א שטיק בריטישען מוסלין איז מינדסטענס א הונדערט מאל און וואהרשיינליך א טויזענד מאל גרעסער איידער דער פיקסירטער קאפיטאל, וואס איז פערווענדעט אין דער פראדוקציאן פון א עהנליכען שטיק אינדישען מוסלין. און פראפארציאנעל איז דער צירקולירענדער קאפיטאל הונדערט אדער טויזענד מאל קלענער. . . . ווען דער גאנצער בעטרעף פון דאס, וואס ווערט יעהרליך אבגעשפארט וואלט צוגעלעגט געווארן צום פיקסירטען קאפיטאל, וואלט ער קיין איינפלוס ניט אויסגעאיבט אויף דער נאכפראגע אויף ארבייט."! John Barton "Observations on the Circumstances which influence the Condion of the Labouring Classes of Society," London 1871, p. 16, 17. ריקארדא שטימט בכלל איין מיט אט די אויספיהרונגען פון בארטאן, דאך בעמערקט ער, ווען ער ציטירט זיי: „עס איז ניט לייכט זיך פארצושטעלען, עס זאל קאנען פארקומען אזוינע פערהעלטנישען, ווען א פערגרעסערונג פון קאפיטאל זאל ניט זיין בעגלייט אויך פון א גרעסערער נאכפראגע אויף ארבייט." (ריקארדא, „פרינסיפלס או פאליטיקאל עקאנאמיע", 3טע אויס־

וואס איז אייגענטימליך פאר דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן, און אין דער אמת'ן האט יעדער בעזונדערער היסטארישער פראדוקציאנס־אופן זיינע בעזונדערע, היסטאריש־גילטיגע בעפעלקערונגס־געזעצען. א בעפעלקערונגס־געזעץ אין אבסטראקט עקזיסטירט נאר פאר פלאנצען און חיות, און דאס אויך אויף וויפיעל דער מענש מישט זיך אין דעם היסטאריש ניט אריין.

אויב אבער אן איבערבעפעלקערונג פון ארבייטער איז א נויטוועגדיגער פראדוקט פון דער אקומולאציע אדער פון דער ענטוויקלונג פון רייכטום אויף א קאפיטאליסטישען יסוד, ווערט פערקעהרט די דאזיגע איבער־בעפעלקערונג א הויב־שטאנג פון דער קאפיטאליסטישער אקומולאציע אדער נאך מעהר, אן עקזיסטענץ־בעדינג פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן. זי שטעלט צוזאמען א קאנטראלירבארע *אינדוסטריעלע רעזערוו־ארמעע*, וועלכע געהערט איינגאנצען דעם קאפיטאל אזוי אבסאלוט, אזוי ווי ער וואלט זי אויסגעהאדעוועט אויף זיינע אייגענע קאסטען. זי שאפט פאר זיינע זיך־בייטענדע פערוווערטונגס־בע־

---

גאבע, לאנדאן 1821, קאפיטעל 31 וועגען דעם סיסטעם פון מאשינען, ז. 480, נאטע.) אין אנאנדער ארט, אין אנהויב פון 31טען קאפיטעל שרייבט ער אבער: „דער פאנד, פון וועלכען די גרונדבעזיצער און די קאפיטאליסטען ציהען זייער הכנסה, קאן וואקסען, און אין דערזעלבער צייט קאן דער אנדער פאנד, פון וועלכען דער ארבייטער קלאס העננגט הויפטזעכליך אב, ווערן קלענער. אויב דאס איז ריכטיג, דאן קומט דערפון ארויס, אז דיזעלבינע אורזאך, וואס פערמעהרט די ריינע הכנסה פון לאנד, קאן אין דערזעלביגער צייט שאפען אן איבערבעפעלקערונג און פערערגערן די לאגע פון די ארבייטער.” (ד. ג. ז. 469.) „דער בעטרעף פון קאפיטאל וואס איז בעשטימט אויפצוהאלטען די ארבייט, קאן זיך ענדערן אונאבהענגיג פון וועלכע עס איז שוואנקונגען אין דעם גאנצען בעטרעף פון קאפיטאל. . . . גרויסע שוואנקונגען אין גראד פון בעשעפטיגונג און גרויסער עלענד קאנען ווערן אלץ אפטער, אין דערזעלביגער צייט וואס דער קאפיטאל אליין ווערט אלץ רייכער.” Richard Jones, "An Intoductory Lecture on Political Economy," 1833, p. 13 „די נאכפראגע (אויף ארבייט) וועט שטייגען. . . ניט לפי ערך צו דער אקומולאציע פון קאפיטאל אין אלגעמיין. . . . יעדע פערמעהרונג פון דעם נאציאנאלען קאפיטאל, וואס איז בעשטימט פאר דער רעפראדוקציאן, וועט דעריבער אין לויף פון געזעלשאפטליכען פראגרעס האבען אלץ וועניגער איינפלוס אויף דער לאגע פון די ארבייטער.” S. Ramsay, "An Essay on the Distribution of Wealth." Edinburgh 1836, p. 90, 91.

דערפעגישען א מענשען־מאטעריאל, וואס איז תמיד גרייט עקס־פלואטירט צו ווערן, אונאבהענגיג פון די גרעניצען פון דער ווירק־ליכער פערגרעסערונג פון דער בעפעלקערונג.

צוזאמען מיט דער אקומולאציע און מיט דער ענטוויקלונג פון דער פראדוקטיוו־קראפט פון דער ארבייט, וואס בעגלייט זי, וואקסט די פלוצלינגדיגע אויסשפרייטונג־קראפט פון קאפיטאל, ניט נאר דערפאר, ווייל עס וואקסט די עלאסטיציטעט פון דעם פונק־ציאנירענדען קאפיטאל און עס וואקסט דער אבסאלוטער רייכטום, פון וועלכען דער קאפיטאל מאכט אוים נאר איין עלאסטישען טייל; ניט נאר דערפאר, ווייל דער קרעדיט שטעלט אין איין רגע, אונטער יעדען בעזונדער סטימול, אן אונגעוועהנליכען טייל פון דעם דאזיגען רייכטום אין רשות פון דער פראדוקציאן אלס צוגאב־קאפיטאל. די טעכנישע בעדינגונגען פון דעם פראדוקציאנס־פראצעס גופא, מאשינעריע, טראנספארט־מיטלען א. אז. וו. מאכען מעגליך אויפ'ן גרעסטען מאסשטאב די ראשיגסטע פערוואנדלונג פון דעם מעהר־פראדוקט אין צוגעגעבענע פראדוקציאנס־מיטלען. די מאסע פון געזעלשאפטליכען רייכטום, וואס צעוואקסט זיך מיט דעם פארטשריט פון דער אקומולאציע און לאזט זיך פערוואנדלען אין צוגאב־קאפיטאל, שטופט זיך מיט אימפעט אין די אלטע פראָ־דוקציאנס־צווייגען, וואס זייער מארק איז פלוצלונג ברייטער גע־ווארן, אדער אין ניי־געעפענטע צווייגען, ווי אייזענבאהנען א. אז. וו., וואס זייער נויטיגקייט נעהמט זיך פון דער ענטוויקלונג פון די אלטע צווייגען. אין אלע אזוינע פאלען מוז זיין די מעג־ליכקייט צו קאנען אריינווארפען מיט איין מאל גרויסע מאסען מענשען אין די וויכטיגסטע פונקטען, ניט אבשטעלענדיג דעם פראדוקציאנס־מאסשטאב אין אנדערע ספערען. די איבער־בעפעל־קערונג שטעלט זיי צו. דער כאראקטעריסטישער לעבענס־לויף פון דער מאדערנער אינדוסטריע — די פארם פון א צעהניאהריגען קרייז (ציקל), אונטערבראכען פון קלענערע שוואנקונגען, פון מי־טעלמעסיגער לעבעדיגקייט, פראדוקציאן אונטער א הויכען דרוק, קריזיסען און שטילשטאנד — הענגט אב פון דער שטענדיגער פאר־מירונג, פון דעם גרעסערן אדער קלענערן פערברויך און פון דער וויעדער־פארמירונג פון דער אינדוסטריעלער רעזערוו־ארמעע אדער פון א איבער־בעפעלקערונג. די פערשיידענע פאזען פון דעם

אינדוסטריעלען ציקל פון זייער זייט רופען ארויס (רעקרוטירען) די איבערבעפעלקערונג און ווערן איינע פון די העכסט-ענערגישע אורזאכען פון איהר רעפּראָדוקציאָן.

אָט דער אייגענטימליכער לעבענס-לויף פון דער מאָדערנער אינדוסטריע, וועלכען מיר בעגעגענען ניט אין קיין פריהערדיגער פּעריאָדע פון דער מענשליכער געשיכטע, איז אויך געווען אונמעג־ליך אין דער קינדהייט-פּעריאָדע פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָ־דוקציאָן. דער פאָרטשריט פון דער טעכניק איז געגאַנגען לאַנגזאַם און האָט זיך פערברייטערט נאָך לאַנגזאַמער. די צוזאַמענשטע־לונג פון'ם קאַפּיטאַל האָט זיך געענדערט נאָר זעהר פּאַמעלאַך. מיט זיין אַקומולאַציע איז בכלל פאָרגעקומען א לפי ערך'דיגער וואוקס פון דער נאָכפראַגע אויף אַרבייט. לאַנגזאַם ווי דער פאָרט־שריט פון זיין אַקומולאַציע איז אָנגעגאַנגען, אין פערגלייך מיט דער מאָדערנער עפּאָכע, האָט ער זיך אָנגעשטויסען אויף נאַ־טירליכע גרעניצען פון דער אַרבייטער-בעפעלקערונג, וואָס האָט געדאַרפט עקספּלואַטירט ווערן, און אָט די גרעניצען, ווי מיר ווע־לען דערמאָנען שפּעטער, האָבען נאָר געקאָנט אָבגערוימט ווערן דורך געוואַלט-מיטלען. די פּלוצלונגדיגע און קאָנוואולסיווע אויס־ציהונג פון דעם פּראָדוקציאָנס-מאָסשטאַב איז דער תנאי קודם פון זיין פּלוצלונגדיגער צונויפציהונג; די לעצטע רופט וויעדער ארויס די ערשטע, אָבער די ערשטע איז אונמעגליך אָהן א גרייט־שטעהענדען מענשען-מאַטעריאַל, אָהן א פערמעהרונג פון אַרביי־טער, וואָס הענגט ניט אָב פון דעם אַבסאָלוטען וואוקס פון דער בעפעלקערונג. זי ווערט געשאַפען דורך דעם איינפאַכען פּראָ־צעס, וועלכער „בעפרייט" שטענדיג איין טייל פון די אַרבייטער, דורך די מעטאָדען, וועלכע פערקלענערן די צאָהל בעשעפטיגטע אַרבייטער אין פּראָפּאָרציע צו דער פערגרעסערטער פּראָדוקציאָן. די גאַנצע בעוועגונג-פאָרם פון דער מאָדערנער אינדוסטריע וואַקסט אָט אזוי אַרויס פון דעם, וואָס איין טייל פון דער אַרבייטער-בע־פעלקערונג ווערט שטענדיג פערוואַנדעלט אין אונבעשעפטיגטע אָדער האַלב-בעשעפטיגטע הענד. די אויבערפלעכליכקייט פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע צייגט זיך ארויס צווישען אַנדערעס אין דערין, וואָס זי נעהמט די אויסשפּרייטונג און איינשרענקונג פון

פרעדיט — דעם בלויזען סימפטאם פון די ענדערונג־פעריאדען פון'ם אינדוסטריעלען ציקל — און מאכט זיי פאר די אורזאכען פון די דאזיגע ענדערונג־פעריאדען. פונקט ווי די הימעלשע קערפער, וועלכע ווידערהאלען שטענדיג דיזעלביגע בעוועגונג, ווי־באלד זיי ווערן איינמאל ארייגעוואָרפען אין דער דא־זיגער בעשטימטער בעוועגונג, אזוי געהט אויך די געזעלשאפטליכע פראָדוקציאן, אזויבאלד ווי זי איז איינמאל ארייגעוואָרפען געוואָרן אין יענער בעוועגונג פון זיך־בייטענדער אויסציהונג און צונויפציהונג. ווירקונגען ווערן פון זייער זייט אורזאכען, און די ענדערונג־פאזען פון דעם גאנצען פראָצעס, וועלכער רעפראָדוצירט שטענדיג זיינע אייגענע בעדינגונגען, נעהמען אן די פאָרם פון פעריאָדיציטעט. ערשט אין דער צייט, ווען די מעכאנישע אינדוסטריע האָט געשלאָגען אזוינע טיעפע וואָרצלען, אז זי האָט אויסגעאיבט אן אריבערוועגענדען איינפלוס אויף דער נאציאָנאלער פראָדוקציאָן; ווען דער האנדעל מיט אויסלאנד האָט דורך איהר אָנגעפאנגען אריבערצויאָגען דעם אינ־לאנד־האנדעל; ווען דער וועלט־מארק האָט אויפגעעפענט פאר זיך אונגעהויערע געביטען אין אמעריקא, אזיע, אויסטראליע; ווען ענדליך די אינדוסטריעלע נאציאָנען, וואָס זיינען ארייגעטראָטען אין א וועט־קאמף איינע מיט די אנדערע, זיינען געוואָרן גענוג צאָהלרייך — ערשט פון דער צייט אָן זיינען ארויסגעטראָטען יענע אלעמאָל־צוריקקעהרענדע ציקלען, וואָס זייערע פאזען, וועלכע קו־מען כסדר איינע נאָך די אנדערע, פאסען אום יאָהרען און פיהרן תמיד צו אן אלגעמיינעם קריזיס, מיט וועלכען איין ציקל פער־ענדיגט זיך און א נייער פאנגט זיך אָן. ביז אהער האָט אזא ציקל אומגעפאסט בדרך כלל פון צעהן ביז עלף יאָהר. מיר האָבען אָבער קיין אורזאך ניט צו האלטען, אז אָט די צאָהל קאָן זיך ניט ענדערן. די געזעצען פון קאפיטאליזם, וואָס זיינען דאָ ענטוויקעלט געוואָרן, גיבען אונז פערקעהרט א גרונד אָנצונעהמען, אז די דאָזיגע צאָהל לאָזט זיך טאקע פערענדערן און וועט ביסלעכווייז זיך פערקלענערן.

ווען די פעריאָדיציטעט פון דעם קריזיסען־ציקל איז איינמאָל פעסט בעגרינדעט, דאן בעגרייפט אפילו די פאָליטישע עקאָנאָמיע, אז די ארויסרופונג פון אן איבער־בעפעלקערונג — ד. ה. אן איבער־פלוס בנוגע די דורכשניטליכע בעדערפענישען פון דער פערווער־

טונג פון קאַפּיטאַל — איז די לעבענס־בעדינגונג פון דער מאָדער־נער אינדוסטריע.

„ווען מיר זאָלען אָננעהמען", זאָגט ה. מעריוואַל, דער פריה־ערדיגער פּראָפעסאָר פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין אָקספאָרד, און שפּעטער א בעאַמטער פון ד'ים ענגלישען קאָלאָניאַל־מיניסטעריום, „אַז דאָס פאָלק, אין צייט פון א קריזיס, זאָל מאַכען אַן אָנשטרענ־גונג און זוכען לויז צו ווערן דורך אויסוואַנדערונג פון אייניגע הונדערט טויזענדער איבערפליסיגע ארבייטער־הענד, וואָס וואָלט געווען דער רעזולטאַט? גלייך ווי עס וואָלט צוריק געקומען א נאָכפראַגע אויף ארבייט, וואָלט געווען א דוחק אין ארבייטער. ווי שנעל די רעפּראָדוקציאָן פון מענשען זאָל ניט זיין, נעהמט עס אויף יעדען פאַל א גאַנצען דור צייט צו רעפּראָדוצירן דערוואַק־סענע ארבייטער. די פּראָפיטען אָבער פון אונזערע פאַבריקאַנטען הענגען הויפּטזעכליך אָב פון דער מאַכט אויסצונוצען דעם גינס־טיגען מאָמענט, ווען די נאָכפראַגע איז גרויס, כדי צו פערזאָרגען זיך אויף דעם אופן אַנטקעגען דער צייט, ווען עס ווערט שטיל. די דאָזיגע מאַכט איז זיי געזיכערט נאָר דורך דער קאָמאַנדע, וואָס זיי קאָנען אויסאיבען אויף דער מאַשינעריע און דער ארבייט פון די הענט. זיי מוזען האָבען הענט, וואָס זאָלען שטעהן גרייט פאַר זיי; זיי מוזען האָבען בכח צו פערגרעסערן די טהעטיגקייט פון זייערע אָפּעראַציעס, ווען עס איז נויטיג, און נאָכצולאָזען וויעדער לויט דעם צושטאַנד פון מארק, אַז ניט וועלען זיי באַין אופן ניט קאָנען אָנהאַלטען דאָס איבערגעוויכט אין דעם גאַנג פון דער קאָנ־קורענץ, אויף וועלכער דאָס רייכטום פון אָט דעם לאַנד איז גע־גרינדעט."[80]

אָפּילו מאַלטהוס זעהט אין דער איבער־בעפעלקערונג א נויט־ווענדיגקייט פון דער מאָדערנער אינדוסטריע — הגם ער דערקלערט אויף זיין נארישען אופן, אַז זי נעהמט זיך פון דעם אבסאָלוטען איבערוואוקס פון דער ארבייטער־בעפעלקערונג, און ניט פון דעם, וואָס זי ווערט רעלאַטיוו איבעריג אין צאָהל. ער זאָגט: „אויס־גערעכענטע פיהרונגען בנוגע דעב פערהייראַטען לעבען, אויב זיי

[80] H. Merivale. "Lectures on Colonization and Colonies." London, 1831 and 1832, Vol. I, p. 146, 80.

ווערן געטריבען ביז א נעוויסער הויך צווישען דעם ארבייטער־קלאס פון א לאנד, וואס הענגט אב הויפטזעכליך פון מאנופאקטור און האנדעל, קאנען זיין שעדליך פאר'ן לאנד. . . לויט דער נאטור פון דער בעפעלקערונג קאן א צו־וואוקס פון ארבייטער ניט צוגע־שטעלט ווערן אויפ'ן מארק, צוליעב א ספעציעלער נאכפראגע, אפריהער פאר א משך פון 16 ביז 18 יאהר, אבער די פערוואנד־לונג פון הכנסה אין קאפיטאל דורך שפארונג קאן פארקומען זעהר פיעל שנעלער; א לאנד איז שטענדיג עלול צו גרייכען א פער־גרעסערונג אין איהרע ארבייט־פאנדען שנעלער איידער א פערגרע־סערונג אין דער בעפעלקערונג."[81]

נאכדעם ווי די פאליטישע עקאנאמיע האט אויף דעם אופן דערקלערט, אז די שטענדיגע פראדוקציאן פון א רעלאטיווער אי־בער־בעפעלקערונג פון ארבייטער איז א נויטווענדיגקייט פאר דער קאפיטאליסטישער אקומולאציע, לעגט זי, אין דער פיגור פון אן אל־טער מויד, זעהר פאסענד אריין אין מויל פון דעם „הערליכען אי־דעאל" פון איהר קאפיטאליסט די פאלגענדע ווערטער, אדרעסירט צו יענע איבעריג געווארענע, וואס זיינען ארויסגעווארפען געווארן אויפ'ן גאס דורך זייער אייגענער שעפפונג פון צוגאב־קאפיטאל: — „מיר פאבריקאנטען טהוען פאר אייך אלץ וואס מיר קאנען, דערמיט וואס מיר פערמעהרן דעם קאפיטאל, פון וועלכען איהר מוזט לעבען; און איהר מוזט טהאן דאס איבעריגע, דערמיט וואס איהר וועט צופאסען אייער צאהל צו די לעבענס־מיטלען."[82]

די קאפיטאליסטישע פראדוקציאן קאן זיך בשום אופן ניט בענוגענען מיט דעם סכום געברויכבארע ארבייט־קראפט, וואס דער

---

[81] מאלטהוס, „פרינסיפלס אוו פאליטיקאל עקאנאמי", ז. 254, 319 און 320. אין אט דעם ווערק ענטדעקט מאלטהוס ענדליך, מיט דער הילף פון זיסמאנדי די שעהנע דריי אייניגקייט פון דער קאפיטאליסטישער פראדוק־ציאן: איבער־פראדוקציאן, איבער־בעפעלקערונג, איבער־קאנזומציאן — דריי זעהר ליעבענסווירדיגע פערזעהענישען באמנות! זעה פ. ענגעלס: „אומריסע צו איינער קריטיק דער נאציאנאל־עקאנאמיע" און די דייטש־פראנצויזישע יאהר־ביכער, ארויסגעגעבען פון ארנאלד רוגע און קארל מארקס, פאריז 1844, ז. 107 און ווייטער. [זעה אויך „געזאמעלטע שריפטען פון קארל מארקס און פריעדריך ענגעלס", שטוטגארט 1902, ב. I, ז. 453 א. וו.]

[82] Harieet Martineau. "The Manchester Strike," 1842, p. 101, 82.

נאַטירליכער וואוקס פון דער בעפעלקערונג שטעלט־צו. זי בעדאַרף צו האָבען פאַר איהר פרייען שפּיעל אַ אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמעע, וואָס הענגט ניט אָב פון דעם דאָזיגען נאַטור־גרעניץ.

ביזאהער איז אָנגענומען געוואָרען, אַז צו דער פערגרעסערונג אָדער פערקלענערונג פון וואַריאַבלען קאַפּיטאַל איז גענוי צוגע־פּאַסט די פערגרעסערונג אָדער פערקלענערונג פון דער בעשעפטיג־טער צאָהל אַרבייטער.

די צאָהל אַרבייטער, וואָס קאַפּיטאַל קאָמאַנדירט, קאָן בליי־בען דיזעלביגע, אָדער אפילו קלענער ווערן, בעת דער וואַריאַבלער קאַפּיטאַל ווערט גרעסער. דאָס איז דער פאַל, ווען דער אינדיווי־דועלער אַרבייטער ליפערט מעהר אַרבייט און עס וואַקסט דעריבער זיין אַרבייטס־לוין — הגם דער פּרייז פון דער אַרבייט בלייבט דערזעלביגער, אָדער פאַלט אפילו אַרונטער, אויב נאָר ער פאַלט לאַנגזאַמער ווי די אַרבייט־מאַסע שטייגט. דער וואוקס פון דעם וואַריאַבלען קאַפּיטאַל ווערט דאַן אַ אָנצייגער פון מעהר אַרבייט, אָבער ניט פון מעהר בעשעפטיגטע אַרבייטער. יעדער קאַפּיטאַ־ליסט האָט אַן אַבסאָלוטען אינטערעס אַרויסצופּרעסען אַ בעשטימ־טען סכום אַרבייט פון אַ קלענערער צאָהל אַרבייטער, אָנשטאָט אַרויסצוקריגען דעמזעלביגען סכום פּונקט אַזוי וואָלוועל אָדער אפילו נאָך וואָלוועלער פון אַ גרעסערער צאָהל אַרבייטער. אין דעם לעצטען פאַל וואַקסט דער אויסלעג פון קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל פּראָפּאָרציאָנעל צו דער מאַסע אַרבייט, וואָס ווערט געלאָזט אין גאַנג; אין דעם ערשטען פאַל וואַקסט ער פיעל לאַנגזאַמער. וואָס גרעסער עס איז דער מאָסשטאַב פון דער פּראָדוקציאָן, אַלץ שטאַר־קער איז אָט דער מאָטיוו. זיין וואָגיגקייט וואַקסט צוזאַמען מיט דער אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל.

מיר האָבען געזעהן, אַז די ענטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליס־טישען פּראָדוקציאָנס־אופן און פון דער פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער אַרבייט — וואָס איז אין דערזעלביגער צייט אי אַן אורזאַך, אי אַ ווירקונג פון דער אַקומולאַציע — גיט דעם קאַפּיטאַליסט די מעגליכקייט מיט דעמזעלביגען אויסלעג פון וואַריאַבלען קאַפּיטאַל צו מאַכען פליסיג מעהר אַרבייט דורך אַ גרעסערער עקסטענסיווער אָדער אינטענסיווער עקספּלואַטאַציע פון די אינדיווידועלע אַרבייט־קרעפטען. מיר האָבען ווייטער געזעהן, אַז דער קאַפּיטאַליסט

קויפט מיט דעמזעלביגען קאפיטאל־ווערטה מעהר ארבייט־קרעפ־
טען, דורכדעם וואס ער פערבייט אלעמאל מעהר געשיקטע ארביי־
טער אויף וועניגער געשיקטע, רייפע ארבייט אויף אונרייפע, מענ־
ליכע ארבייט אויף פרויען־ארבייט, דערוואקסענע ארבייט־קראפט
אויף יוגענדליכער אדער קינדערשער ארבייט־קראפט.

פון איין זייט, הייסט עס, מיט דעם פארטשריט פון דער
אקומולאציע, מאכט א גרעסערער וואריאבלער קאפיטאל פליסיג
מעהר ארבייט, ניט אנשטעלענדיג מעהר ארבייטער; פון דער
אנדער זייט מאכט א וואריאבלער קאפיטאל פון דערזעלביגער גרויס
פליסיג מעהר ארבייט מיט דערזעלביגער מאסע ארבייט־קראפט;
און ענדליך ברענגט ער איין טהעטיגקייט א גרעסערע צאהל נידע־
ריגע ארבייט־קרעפטען, ארויסשטופענדיג די העכערע.

די פראדוקטען פון א רעלאטיווער איבער־בעפעלקערונג, אדער
די ארויסזעצונג פון ארבייטער, געהט דעריבער אן נאך שנעלער
איידער די טעכנישע רעוואלוציע פון דעם פראדוקציאנס־פראצעס,
וואס ווערט סיי־ווי געטריבען מיט דעם פארטשריט פון דער אקו־
מולאציע, און שנעלער איידער די פראפארציאנעלע פערקלענע־
רונג פון וואריאבלען קאפיטאל־טייל לגבי דעם קאנסטאנטען, וואס
קומט דערמיט. אויב די פראדוקציאנס־מיטלען, ווערענדיג גרע־
סער אין אומפאנג און ווירקונגס־קראפט, ווערן אין א קלענערן
גראד בעשעפטיגונגס־מיטלען פון ארבייטער, ווערט אט דער צו־
שטאנד גופא וויעדער מאדיפיצירט דורכדעם, וואס אין דעם ערך
ווי עס וואקסט די פראדוקטיוו־קראפט פון דער ארבייט, פערגרע־
סערט דער קאפיטאל שנעלער זיין צושטעל פון ארבייט איידער
זיין נאכפראגע אויף ארבייטער. די איבער־ארבייט פון דעם בע־
שעפטיגטען טייל פון דעם ארבייטער־קלאס פערמעהרט די רייהען
פון זיין רעזערוו, בעת פערקעהרט, דער גרעסערער דרוק, וואס דער
רעזערוו איבט אוים דורך זיין קאנקורענץ אויף דעם בעשעפטיגטען
טייל, צווינגט איהם צו דער איבער־ארבייט און צו אונטערוואַרפען
זיך אונטער די געבאטען פון קאפיטאל. די פערטהיילונג פון
איין טייל פון דעם ארבייטער־קלאס צו א געצוואונגענעם לעדיג־
געהן דורך דער איבער־ארבייט פון דעם אנדער טייל, און פער־
קעהרט, ווערט א מיטעל רייכער צו מאכען דעם איינצעלנעם קא־

פּיטאַליסט״ און עס פערשנעלערט אין דערזעלביגער צייט די שאַ־פונג פון אַ אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמעע אויף אַ מאַסשטאַב, וואָס איז אָנגעמאָסטען פאַר דעם פאָרטשריט פון דער געזעלשאַפטלי־כער אַקומולאַציע.

ווי וויכטיג אָט דער מאָמענט איז אין דער פאָרמירונג פון

---

[83] אַפילו בעת דער באַוועל־נויט פון 1863 געפינט מען אין אַ בראַשור פון די באַוועל־שפּינער אין בלאַקבורן שטאַרקע אַנקלאַגען אַנטקעגען דער איבער־אַרבייט, וועלכע האָט אַלס רעזולטאַט פון דעם פאַבריק־געזעץ נאַטירליך נאָר אָנגעגריפען דערוואַקסענע מענער־אַרבייטער. „די דערוואַקסענע אַרבייטער אין אַט דער פאַבריק האָבען פערלאַנגט אַ 12 ביז 13־שטונדיגע אַרבייט־צייט טעג־ליך, בעת הונדערטע אַרבייטער זיינען געצוואונגען אַרומצוגעהן לעדיג און זיינען גרייט צו אַרבייטען האַלבע טעג, כדי צו דערהאַלטען זייערע פאַמיליען ביים לעבען און פערהיטען זייערע חברים פון אַ פריה־צייטיגען טויט צוליעב דער איבער־אַרבייט. מיר וואָלטען געוואָלט פרעגען — שטעהט דאָרטען ווייי־טער — צי אַט די פּראַקסיס פון אַרבייטען איבער־צייט קאָן שאַפען גוטע בעציהונגען צווישען די מייסטערס און „דיענער״? די וואָס אַרבייטען אי־בער־צייט פיהלען די אונגערעכטיגקייט דערפון פונקט אַזויפיעל ווי יענע, וועלכע זיינען פערורטיילט צו אַ געצוואונגענעם לעדיג־געהן. אין אַט דעם דיסטריקט איז פאַראַן כמעט גענוג אַרבייט צו קאָנען טיילווייז אַלעמען בע־שעפטיגען, ווען די אַרבייט זאָל אויסגעטיילט ווערן אויף אַ גערעכטען אופן. מיר פערלאַנגען נאָר וואָס איז רעכט, ווען מיר בעטען די מייסטערס איינ־צופיהרן אין אַלגעמיין אַ סיסטעם פון קורצע שטונדען, ווענינסטענס אַזוי לאַנג ווי דער איצטיגער צושטאַנד האַלט אָן, אַנשטאָט איין טייל איבערצואַר־בייטען, בעת דער אַנדער טייל ווערט געצוואונגען דורך אַרבייטלאָזיגקייט צו דערהאַלטען זיין לעבען דורך צדקה.״ („רעפּאָרטס אינספּעקטאָר אָוו פאַק־טאָרים״ 31טען אָקטאָבער 1863, ז. 8.) — די ווירקונג פון אַ „רעלאַטיווער איבערבעפעלקערונג אויף די בעשעפטיגטע אַרבייטער בעגרייפט דער פער־פאַסער פון דער „עססעי אָן טרייד אַנד קאָמערס״ מיט זיין געוועהנליכען אונ־פעהלבאַרען בורזשואַזיע־אינסטינקט. „נאָך אַן אורזאַך פון פוילענצעריי אין אונזער קיניגרייך איז דער דוחק אין אַ גענוגענדער צאָהל אַרבייט־הענט. . . . יעדעס מאָל, ווען צוליעב אַן אונגעוועהנליכער נאָכפראַגע אויף פאַבריצירטע אַרטיקלען, פעהלט אויס אַרבייט, פיהלען די אַרבייטער זייער איינענע וויכ־טיגקייט און מאַכען, אַז זייערע מייסטערס זאָלען עס אויך שטאַרק פיהלען; עס איז נשתומם צו ווערן. אָבער די געזינונג פון אַט די קערלען איז אַזוי פערדאָרבען, אַז גרופען אַרבייטער האָבען אין אַזוינע פאַלען זיך פעראייניגט, כדי צו שטעלען זייערע מייסטערס אין פערלעגענהייט, דורכדעם וואָס זיי האָבען אַ גאַנצען טאָג געפוילענצט.״ (דאָרט גופא, ז. 27, 28.) די דאָזיגע קערלען האָבען אין דער ווירקליכקייט פערלאַנגט אַ העכערונג אין לוין.

א רעלאטיווער איבער־בעפעלקערונג, בעווייזט צום ביישפיעל ענג־לאנד. איהרע טעכנישע מיטלען „איינצושפארן" ארבייט זיינען קאלאסאל. פונדעסטוועגען, ווען מארגען זאל די ארבייט בע־שרענקט ווערן אין אלגעמיין אויף א ראציאנאלער מאס און זאל איינגעטיילט ווערן פאר די פערשיידענע שיכטען פון דעם ארביי־טער־קלאס לויט דעם עלטער און געשלעכט, וואלט די ארבייטער־בעפעלקערונג, וואס געפינט זיך היינטיגען טאג, אבסאלוט ניט געווען גענוג אנצופיהרן די נאציאנאלע פראדוקציאן אויף איהר איצטיגען מאסשטאב. די גרויסע מעהרהייט פון די איצטיגע „אונפראדוק־טיווע" ארבייטער וואלט געמוזט פערוואנדעלט ווערן אין „פרא־דוקטיווע" ארבייטער.

אינגאנצען גענומען זיינען די אלגעמיינע בעוועגונגען פון דעם ארבייט־לוין אויסשליסליך רעגולירט דורך דער אויסברייטונג און צונויפציהונג פון דער אינדוסטריעלער רעזערוו־ארמעע, וועלכע גע־העז צוזאמען מיט די פעריאדישע ענדערונגען פון דעם אינדוסטריע־לען ציקל. זיי זיינען דעריבער ניט בעשטימט דורך דער בעוועגונג [די ענדערונגען] פון דער אבסאלוטער צאהל פון דער ארבייטער־בעפעלקערונג, זאנדערן דורך די וועקסלענדע פראפארציעס, אין וועלכע דער ארבייטער־קלאס איז צוטיילט אויף אן אקטיווער אר־מעע און א רעזערוו־ארמעע, דורך דער פערגרעסערונג און פערקלע־נערונג פון דעם רעלאטיווען פערנעהם פון דער איבער־בעפעלקערונג, און דורך דעם גראד, אין וועלכען זי ווערט איינמאל פערברויכט און אנאנדערשטמאל ארויסגעזועצט פריי. פאר דער מאדערנער אינדוסטריע מיט איהר צעהניאהריגען ציקל און זיינע פעריאדישע פאזען, וועלכע זיינען נאך א הויז דעם קאמפליצירט, אין גאנג פון דער אקומולאציע, דורך אונרעגעלמעסיגע שוואנקונגען, וואס קו־מען אלץ שנעלער איינער נאך די אנדערע, וואלט עס ווירקליך געווען א שעהן געזעץ, וואס מאכט די בעוועגונג פון קאפיטאל אב־הענגיג פון דער אבסאלוטער בעוועגונג פון דער בעפעלקערונג־מא־סע, אנשטאט צו רעגולירן די נאכפראגע און אנבאט פון ארבייט דורך דער אויסשפרייטונג און צונויפציהונג פון קאפיטאל, ד. ה. דורך זיינע יעדעסמאליגע פערווערטונג־בעדערפעגישען, דורך וועל־כע דער ארבייט־מארק איז איינמאל רעלאטיוו ניט גענוג פול, ווייל דער קאפיטאל האט זיך אויסגעשפרייט, און איינמאל ווי[e]דער

איבערפול, ווייל ער האָט זיך צונויפגעצויגען. און דאָך איז אָט אזא געזעץ א דאָגמא פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. לויט אָט דעם געזעץ שטייגט דער ארבייט־לוין אלס רעזולטאט פון דער קאַפּיטאַל־אקומולאַציע. דער געהעכערטער ארבייט־לוין סטימולירט א שנעלערע פערמעהרונג פון דער ארבייטער־בעפעלקערונג, און דאָס דויערט אזוי לאַנג ביז דער ארבייטס־מארק ווערט איבערפילט, און קאַפּיטאַל איז פּאָלגליך געוואָרן, רעלאַטיוו צו דעם צושטעל פון ארבייטער, ניט גענוגענד. דער ארבייט־לוין פאלט ארונטער, און דאַן האָבען מיר די אומגעקעהרטע זייט פון מעדאַל. דורך דעם פּאַלענדען ארבייט־לוין ווערט די ארבייטער־בעפעלקערונג ביסלעכ־ווייז אַליץ שיטערער, אזוי אַז דער קאַפּיטאַל ווערט רעלאַטיוו צו איהר ווידער אין איבערפלוס, אָדער ווי אנדערע דערקלערן דאָס: דער פּאַלענדער ארבייט־לוין און די פערגרעסערטע עקספּלואַטאַ־ציע פון דעם ארבייטער, וואָס קומט דערמיט, פערמעהרט ווידער די אקומולאַציע, בעת דער ניעדעריגער לוין האַלט אין דערזעלבי־גער צייט אָב דעם וואוקס פון דעם ארבייטער־קלאַס. אזוי טרעט וועלכער דער אינדוסטריעלער פעלד־צוג מוז געפיהרט ווערן, די דעריגער איידער די ארבייט־נאָכפראַגע, דער לוין שטייגט און אזוי ווייטער. א שעהנע מעטאָדע פון בעוועגונג פאַר דער ענטוויקעל־טער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן! איידער עס וואָלט געקאָנט פּאָרקומען א וועלכער עס איז פּאָזיטיווער וואוקס פון א לוין־העכע־רונג, וואָלט דערווייל מעהרערע מאָל אוועקגעגאַנגען די צייט, אין וועלכער דער אינדוסטריעלער פעלד־צוג מוז געפּהרט ווערן, די שלאַכט מוז געקעמפּט און ענטשיעדען ווערן.

צווישען 1849 און 1859 איז פּאָרגעקומען צוגלייך מיט גע־פּאַלענע פּרייזען אויף תבואה א פּראַקטיש בלויז נאָמינעלע לוין־העכערונג אין די ענגלישע אגריקולטור־דיסטריקטען. אין ווילטשיר צום ביישפּיעל איז דער וואָכען־לוין געשטיגען פון 7 אויף 8 שילינג, אין דאָרסעטשיר — פון 7 אָדער 8 אויף 9 שילינג א. אז. וו. דאָס איז געווען א רעזולטאט פון אַן אויסערגעוועהנליכען אָבפלוס פון דער ערד־ארבייטענדער איבער־בעפעלקערונג, וואָס איז פּעראור־זאכט געוואָרן דורך די פּאָדערונגען פון דער מלחמה, דורך א מאַ־סענהאַפטיגער אויסשפּרייטונג פון די אייזענבאַהנען, פּאַבריקען,

מינען א. אז. וו. וואָס נידעריגער דער אַרבייטס־לוין איז, אַלץ העכער דריקט זיך אויס זײַן מינדעסטע פאַרגרעסערונג אין חשבון פון פּראָצענטען. אויב דער וואָכן־לוין איז צום בײַשפּיל 20 שילינג און ער שטײַגט אויף 22, הייסט עס אויף 10 פּראָצענט; אויב אָבער ער איז נאָר 7 שילינג און שטײַגט אויף 9, איז ער געוואַקסען אויף 28/7 פּראָצ., וואָס קלינגט זעהר שעהן. יעדענפאַלס האָבען די אַרענדאַטאָרס געקלאָגט און אפילו דער „לאָנדאָן עקאָנאָמיסט" האָט גאַנץ ערנסט געבאַלבעט וועגען „אַן אַלגעמיינעם און גאַנץ היבשען שטײַגען פון׳ם לוין"84 בנוגע צו אָט די הונגער־לוינען. וואָס האָבען געטאָן די אַרענדאַטאָרס? האָבען זיי געוואַרט ביז די ערד־אַרבייטער האָבען זיך אַלס רעזולטאַט פון אָט די בריליאַנטענע שכירות אַזויפיעל פאַרמעהרט, אַז זייער לוין האָט ווידער געמוזט פאַלען, ווי דער דאָגמאַטישער עקאָנאָמישער מוח שטעלט זיך די זאַך פאָר? זיי האָבען אײַנגעפיהרט מעהר מאַשינעריע, און די אַרבייטער זײַנען אין איין ווײַלע ווידער געוואָרן צופיעל אין צאָהל — אין אַ פּראָפּאָרציע, וואָס איז אפילו פאַר די אַרענדאַטאָרס געווען צופריעדענשטעלענד. עס איז איצטער אַרײַנגעלעגט געוואָרן אין דער אַגריקולטור „מעהר קאַפּיטאַל" איידער פריהער און אין אַ מעהר פּראָדוקטיווער פאָרם. דערמיט איז די נאָכפראַגע אויף אַרבייט אַרונטערגעפאַלען נית נאָר רעלאַטיוו, נאָר טאַקע אַבסאָלוט.

יענע עקאָנאָמישע השערה פאַרבײַט די געזעצען, וועלכע רעגולירען די אַלגעמיינע בעוועגונג פון׳ם אַרבייטס־לוין אָדער דאָס פאַרהעלטניס צווישען דעם אַרבייטער־קלאַס — ד. ה. די גאַנצע אַרבייט־קראַפט און דעם געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל —, מיט די געזעצען, וועלכע פאַרטיילען די אַרבייטער־בעפעלקערונג צווישען די בעזונדערע פּראָדוקציאָנס־ספערען. ווען צום בײַשפּיל צוליעב אַ גינסטיגער קאָניונקטור [צופעליגע לאַגע] איז די אַקומולאַציע אין אַ בעשטימטער פּראָדוקציאָנס־ספערע בעזונדערס לעבעדיג, די פּראָפיטען זײַנען גרעסער איידער די דורכשניט־פּראָפיטען און עס שטראָמט אַהין צונאַב־קאַפּיטאַל, דאַן שטײַגט נאַטירליך די נאָכפראַגע אויף אַרבייט און דער אַרבייט־לוין. דער העכערער אַר־

84 „עקאָנאָמיסט", 21טען יאַנואַר 1860.

בייט־לוין ציהט־צו א גרעסערן טייל פון דער ארבייטער־בעפעלקע־רונג אין דער בעגינסטיגטער ספערע, ביז זי ווערט געזעטיגט מיט ארבייט־קראַפט און דער לוין פאַלט מיט דער צייט ווידער צו זיין פריהערדיגען דורכשניט, אָדער אונטער דעם דורכשניט, אין פאַל דער צופלוס פון ארבייטער איז געווען צו־גרויס. ניט נאָר הערט דאַמאָלסט אויף די איינוואַנדערונג פון ארבייטער אין דעם בעטרעפענדען געשעפט־צווייג, נאָר עס קומט אפילו פאָר אַן אויס־וואַנדערונג פון ארבייטער. אָט דאָ דוכט זיך דעם פאָליטישען עקאָנאָם, אז ער זעהט דעם „פארוואָס און ווי אזוי" מיט דער פערגרעסערונג פון'ם לוין קומט אַן אבסאָלוטע פערמעהרונג פון ארבייטער און מיט דער אבסאָלוטער פערמעהרונג פון ארבייטער קומט א פערקלענערונג פון'ם לוין; אין דער ווירקליכקייט אָבער זעהט ער נאָר די לאָקאַלע שוואַנקונג פון דעם ארבייט־מארק אין א בעזונדער פראָדוקציאָנס־ספערע — ער זעהט נאָר ערשיינונגען, וואָס בעגלייטען די פערטיילונג פון דער ארבייטער־בעפעלקערונג אין די פערשיידענע ספערען וואו קאַפּיטאַל ווערט אריינגעלעגט לויט זיינע פערשיידענע בעדערפעניסען.

די אינדוסטריעלע רעזערוו־ארמעע אָדער רעלאַטיווע איבער־בעפעלקערונג דריקט אויף דער אקטיווער ארבייטער־ארמעע אין די פעריאָדען פון שטיל־שטאַנד און מיטעלמעסיגער פראָספּערי־טעט; אין דער פעריאָדע פון איבער־פראָדוקציאָן און פאַראָקסיזם [פיעבערהאַפטע טהעטיגקייט] האַלט זי אין צוים די תביעות פון דער אַקטיווער ארמעע. די רעלאַטיווע איבער־בעפעלקערונג איז דעריבער דער הינטערגרונד, אויף וועלכען דאָס געזעץ פון דער נאָכ־פראַגע און אָנבאָט פון ארבייט בעוועגט זיך. זי צוימט איין דעם שפּיעל־רוים פון דעם דאָזיגען געזעץ אין די גרעניצען, וואָס זיינען אבסאָלוט גינסטיג פאַר דער עקספּלואַטאַציע און הערשזוכט פון קאַפּיטאַל.

דאָ איז דער פּלאַץ זיך אומצוקעהרען צו איינעם פון די גרוי־סע אויפטהוען פון דער עקאָנאָמישער אַפּאָלאָגעטיק. מען קאָן זיך דערמאָנען, אז אויב איינפיהרענדיג נייע מאַשינעריע אָדער פער־שפּרייטענדיג די אַלטע ווערט פערוואַנדעלט א שטיק פון דעם וואַ־ריאַבלען קאַפּיטאַל אין קאָנסטאַנטען, טייטשט אויס דער עקאָנאָ־מישער אַפּאָלאָגעט די דאָזיגע אָפּעראַציע, וועלכע „בינדט" דעם

קאפיטאל און „זעצט ארוים פריי" טאקע דורכדעם אליין דעם ארבייטער, פונקט פערקעהרט ווי זי וואלט דערמיט פריי געמאכט קאפיטאל פאר דעם ארבייטער. [זעה דרייצעהנטען קאפיטעל, 6: די קאמפענזאציאנס-טעאריע.] ערשט איצטער קאן מען פאל־שטענדיג אבשאצען די אונפערשעהמטקייט פון דעם אפאלאגעט. עס ווערן ארויסגעשטעלט פריי ניט נאר די ארבייטער, וועלכע ווערן דירעקט ארויסגעשטופט דורך דער מאשין, נאר אויך די וואס וואלטען מיט דער צייט פערנומען זייער פלאץ, און דער צוגעקומענער קאנטינגענט, וואס וואלט אויפגענומען ווערן ביי דער געוועהנליכער אויסשפרייטונג פון'ם געשעפט אויף זיין אלטען באזיס. איצט זיינען זיי אלע „ארויסגעזעצט פריי", און יעדער נייער קאפיטאל, וואס וויל אנהויבען פונקציאנירן, קאן זיי האבען אין זיין רשות. צי ער וועט זיי צוציהען, צי אנדערע, די ווירקונג אויף דער אלגעמיינער ארבייט־נאכפראגע וועט זיין גלייך נול, כל זמן דער דאזיגער קאפיטאל קלעקט נאר פונקט אזויפיעל ארביי־טער ארויסצונעהמען פון מארק, וויפיעל די מאשינען האבען אין איהם אריינגעווארפען. בעשעפטיגט ער א קלענערע צאהל, וואקסט די מאסע איבערצאהליגע; בעשעפטיגט ער א גרעסערע צאהל, וואקסט די אלגעמיינע נאכפראגע אויף ארבייט נאר אין דעם ערך, וואס די בעשעפטיגטע זיינען מעהר איידער די ארויסגעזעצטע. דער אויפשוואונג, וועלכען די צוגאב־קאפיטאלען, וואס זוכען א פערווענדונג, וואלטען זאנסט געגעבען דער אלגעמיינער ארבייט־נאכפראגע, ווערט אויף דעם אופן אין יעדען פאל נייטראליזירט, לפי ערך פון דער צאהל ארבייטער, וואס די מאשין האט ארויסגע־ווארפען אויפ'ן גאס.

דער מעכאניזם פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן, הייסט עס, זארגט זיך שוין דערפאר, אז דער אבסאלוטער צו־וואוקס פון קאפיטאל זאל ניט זיין בעגלייט פון א גלייכער פער־גרעסערונג פון דער אלגעמיינער נאכפראגע אויף ארבייט. און אט דאס רופט אן דער אפאלאגעט אן אויסגלייך [קאמפענזאציע] פאר דעם עלענד, די ליידען און דעם מעגליכען אונטערגאנג פון די ארבייטער, וואס זיינען ארויסגעווארפען געווארן פון זייער בע־שעפטיגונג אין דער צייט פון דער איבערגאנג־פעריאדע, וועלכע פעריאגט זיי אין דער אינדוסטריעלער רעזערוו־ארמעע!

די נאָכפראגע אויף ארבייט איז ניט דיזעלבינע זאך וואס דער וואוקס פון קאפיטאל, דער אָנבאָט פון ארבייט איז ניט אלץ איינס וואס דער וואוקס פון דעם ארבייטער־קלאס: זיי זיינען ניט ווי צוויי אונאָבהענגיגע כחות (פּאָטענצען), וואס האָבען א ווירקונג איינע אויף די אנדערע. די קאָרטען זיינען פאלש געטאשט. קאַ־פּיטאל ווירקט אויף ביידע זייטען אין דערזעלבינער צייט. ווען זיין אקומולאציע פערמעהרט פון איין זייט די נאָכפראגע אויף ארבייט, פערמעהרט זי פון דער אנדער זייט דעם אָנבאָט פון אר־בייטער, דורכדעם וואס זיי זיינען ארויסגעזעצט געוואָרן פון אר־בייט, בעת דער דרוק פון די אונבעשעפטיגטע צווינגט אין דערזעל־בינער צייט די בעשעפטיגטע ארויסצוגעבען מעהר ארבייט און מאכט דעריבער ביז א געוויסען גראד דעם צושטעל פון ארבייט אונאָבהענגיק פון דעם צושטעל פון ארבייטער. די ווירקונג פון דעם געזעץ פון נאָכפראגע און אָנבאָט אויף אָט דעם באזיס מאכט די דעספּאָטיע פון קאפיטאל פאָלשטענדיג.

אזויבאלד דעריבער ווי די ארבייטער געפינען אויס דעם סעקרעט, ווי אזוי דאס קומט פאָר, אז וואס מעהר זיי ארבייטען, וואס מעהר זיי פּראָדוצירן רייכטום פאר אנדערע און וואס מעהר די פּראָדוקטיוו־קראפט פון זייער ארבייט וואקסט, אלץ ווייניגער זיכער זיינען זיי אפילו מיט זייער פונקציע צו דיענען ווי א פער־ווערטונג־מיטעל פון קאפיטאל; אזויבאלד ווי זיי ענטדעקען, אז דער אינטענזיטעט־גראד פון דער קאָנקורענץ צווישען זיך גופא הענגט אינגאנצען אָב פון דעם דרוק פון דער רעלאטיווער איבער־בעפעלקערונג; אזויבאלד ווי זיי זוכען דעריבער צו אָרגאניזירן דורך טרייד־יוניאָנס א. אז. וו. א פּלאנמעסיגע צוזאמענווירקונג צווישען די בעשעפטיגטע און ניט־בעשעפטיגטע, כדי צו ברעכען אָדער אָבשוואכען די רואינירענדע פאָלגען פון דעם דאָזיגען נאַ־טור־געזעץ פון דער קאפּיטאליסטישער פּראָדוקציאָן אויף זייער קלאס — הויבען אָן קאפיטאל און זיין אדוואָקאט, דער פּאָליטישער עקאָנאָם, צו געוואלטעוען וועגען דער פערלעצונג פון דעם „אייבי־גען" און אזויצוזאָגען „היילינגען" געזעץ פון נאָכפראגע און אָנ־באָט. יעדער צוזאמענהאלט צווישען די בעשעפטיגטע און ניט־בעשעפטיגטע שטערט, הייסט עס, דעם „ריינעם" שפּיעל פון יע־נעם געזעץ. פון דער אנדער זייט אָבער, אזוי באלד ווי פערקעהר־

טע אומשטענדען, אין די קאָלאָניעס צום ביישפּיעל, שטערן די בעשאפונג פון א אינדוסטריעלער רעזערוו־ארמעע און ממילא דעם ארבייטער־קלאס׳ אָבסאָלוטע אָבהענגיגקייט פון דעם קאפּיטאליס־טישען קלאס, רעבעלירט דאן דער קאפּיטאל צוזאמען מיט זיין גראָשענעם סאנטשא־פאנזא אנטקעגען דעם „הייליגען" געזעץ פון נאָכפראגע און אָנבאָט, און זוכט איהם אונטערצוהאקען די פיס דורך צוואנגס־מיטלען.

## 4. פערשיידענע עקזיסטענץ־פאָרמען פון דער רעלאטיווער איבערבעפעלקערונג. דאָס אלגעמיינע געזעץ פון דער קאפּיטאליסטישער אקומולאציע.

די רעלאטיווע איבער־בעפעלקערונג עקזיסטירט אין אלע מעג־ליכע שאטירונגען. יעדער ארבייטער געהערט צו איהר בעת ער איז נאָר האלב בעשעפטיגט אָדער גאָרניט בעשעפטיגט. אויסלאָ־זענדיג די גרויסע פּעריאָדיש־ווידערקומענדע פאָרמען, וואָס די געענדערטע פאזען פון דעם אינדוסטריעלען ציקל דריקען איין אין איהר, אזוי אז אמאָל ווייזען זיי זיך ארויס שארף (אין־אן אקוטער פאָרם) אין די קריזיס־צייטען, און אמאָל כראָניש אין די צייטען פון שוואכע געשעפטען — האָט זי אלעמאָל דריי פאָרמען: די פלי־סיגע, די בעהאלטענע און די שטיל־שטעהענדע.

אין די צענטערס פון דער מאָדערנער אינדוסטריע — די פאבריקען, מאנופעקטורען, הוטעס און מינען — ווערן די אר־בייטער אמאָל אָבגעשטויסען און אמאָל ווידער צוגעצויגען אין א גרעסערן אומפאנג, אזוי אז אינגאנצען גענומען וואקסט די צאָהל בעשעפטיגטע, וועון אפילו שטענדיג אין א קלענערער פּראָפּאָרציע לויט דעם מאָסשטאב פון דער פּראָדוקציאָן. די איבער־בעפעלקע־רונג עקזיסטירט דאָ אין א פליסענדער פאָרם.

אין די ריכטיגע פאבריקען, אזוי גוט ווי אין אלע גרויסע ווערקשטאטען, וואו מאשינעריע שפּיעלט א ראָליע, אָדער וואו עס ווערט נאָר דורכגעפיהרט די מאָדערנע צוטיילונג פון דער ארבייט, ווערן מאסענהאפט בעשעפטיגט יונגע אינגלעך. וועון זיי גריי־כען א מאן׳ס עלטער, בלייבט פון זיי בלויז א קליינע צאָהל בע־

שעפטיגט אין דיזעלבינע געשעפט־צווייגען, בעת די מעהר צאהל ווערט כסדר ארויסגעווארפען. די ארויסגעווארפענע שטעלען צו־זאמען אן עלעמענט פון דער פליסענדער איבערבעפעלקערונג, וועל־כער וואקסט מיט דעם אומפאנג פון דער אינדוסטריע. א טייל פון זיי וואנדערט אויס און פאלגט נאר פאקטיש נאך דעם אויס־געוואנדערטען קאפיטאל. איינע פון די פאלגען איז, וואס די ווייבליכע בעפעלקערונג וואקסט שנעלער איידער די מענליכע, ווי ענגלאנד בעווייזט עס. דער ווידערשפרוך, וואס דער נאטירליכער צו־וואוקס פון דער ארבייטער־בעפעלקערונג זעטיגט ניט די אקו־מולאציאנס־בעדערפענישען פון'ם קאפיטאל און פונדעסטוועגען שטייגט ער זיי אין דערזעלבינער צייט אריבער, איז א ווידער־שפרוך, וואס ליעגט אין זיין בעוועגונג גופא. קאפיטאל דארף האבען גרעסערע מאסען ארבייטער אין יוגענדליכען עלטער, קלע־נערע מאסען אין מענליכען עלטער. דער ווידערשפרוך איז ניט שרייענדער איידער דער אנדער ווידערשפרוך, וואס מען קלאגט זיך איבער א דוחק אין ארבייט־הענט אין דערזעלבינער צייט ווען פיעלע טויזענדער ליעגען אויפ'ן גאס, ווייל די צוטיילונג פון דער ארבייט בינדט זיי צו איין בעשטימטען געשעפט־צווייג.[85] די פער־צעהרונג פון דער ארבייט־קראפט דורך דעם קאפיטאל איז א חוץ דעם אזוי ראשיג, אז אן ארבייטער פון מיטעלען עלטער האט זיך שוין דאס רוב מעהר אדער ווענינער אויסגעלעבט. ער פאלט אריין אין די רייהען פון די איבעריג געווארענע, אדער ער ווערט אראב־געשטופט פון א העכערן אויף א נידעריגערן שטאפעל, בעת זיין פלאץ ווערט פערנומען פון א פרישערער ארבייט־קראפט. גראד ביי די ארבייטער פון דער גרויס־אינדוסטריע טרעפען מיר אן דעם קירצעסטען לעבענס־דויער.

---

[85] בעת אין די לעצטע 6 מאנאט פונ'ם יאהר 1866 זיינען פון 80 ביז 90 טויזענד ארבייטער געווען אויסער ארבייט, געפינען מיר אין דעם פאבריק־בעריכט איבער דעמזעלבינען האלב־יאהר: „עס זעהט אויס, אז עס איז ניט אבסאלוט ריכטיג צו בעהויפטען, אז די נאכפראגע וועט אלעמאל ארויסרופען דעם אנבאט, פונקט צום מאמענט ווען ער איז נויטיג. דאס איז ניט געווען דער פאל בנוגע ארבייט, ווארים פיעלע מאשינען האבען לעצטען יאהר געמוזט שטילשטעהן צוליעב דעם דוחק אין הענט." („רעפארטס או אינספ. או פאק־טארים", 31טען אקטאבער 1866, ז. 81.)

„דר. ליע, דער געזונדהייט־בעאַמטער פון מאַנטשעסטער, האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין יענער שטאָדט איז דער דורכשניט־ליכער לעבענס־דויער פון דעם וואוילהאָבענדען קלאַס 38 יאָהר, און פון דעם ארבייטער־קלאַס איז נאָר 17 יאָהר. אין ליווערפּול בעטרעפט דער לעבענס־דויער פאַר דעם ערשטען קלאַס 35 יאָהר, פאַר דעם צווייטען — 15 יאָהר. מען זעהט דערפון, אַז דער פּריווילעגירטער קלאַס האָט מעהר ווי נאָכאַמאָל אַזוי גרויס אַן אָנ־ווייזונג אויפ'ן לעבען איידער זיינע ווענינער בעגינסטיגטע מיט־בירגער.*[85]

אונטער אָט די אומשטענדען פאָדערט דער אבסאָלוטער וואוקס פון אָט דעם טייל פון פּראָלעטאַריאַט אַזאַ פאָרם, וועלכע פערגרע־סערט זיין צאָהל, אבוואויל זיינע עלעמענטען ווערן שנעל אָבגע־נוצט. פאָלגליך מוזען די ארבייטער־גענעראַציעס זיך שנעל בע־נייען. (דאָס דאָזיגע געזעץ גילט ניט פאַר די איבעריגע קלאַסען פון דער בעפעלקערונג.) אָט די געזעלשאַפטליכע בעדערפעניש ווערט בעפריעדיגט דורך פריהע הייראַטען — א נויטווענדיגע פאָלגע פון די אומשטענדען, אין וועלכע די ארבייטער פון דער גרויס־אינדוסטריע לעבען, ווי אויך מחמת דער פּרעמיע, וואָס די עקספּלואַטאַציע פון ארבייטער־קינדער באָט אָן פאַר פּראָדוצירן זיי.

אַזויבאַלד ווי די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן נעהמט אריין די אַגריקולטור, אָדער אין דעם ערד, וואָס זי נעהמט זי אריין אין איהר מאַכט, ווערט די נאָכפראַגע אויף דער אגריקולטורעלער אר־בייטער־בעפעלקערונג אבסאָלוט קלענער, וואָס גרעסער עס איז די אַקומולאַציע פון דעם קאַפּיטאַל, וואָס פונקציאָנירט דאָ, און אָט די אָבשטויסונג פון ארבייטער ווערט ניט פערגיטיגט, ווי אין דער ניט־אַגריקולטורעלער אינדוסטריע, דורך א גרעסערער צוציהונג. איין טייל פון דער דאָרף־בעפעלקערונג געפינט זיך דעריבער שטענ־דיג אויפ'ן פּונקט אריבערצוגעהן צו דעם שטאָדטישען אָדער מאַ־נופאַקטור־פּראָלעטאַריאַט, און לויערט שטענדיג אויף דער גינסטי־גער געלעגענהייט דורכצומאַכען די דאָזיגע פערוואַנדלונג. (מאַנו־פאַקטור ווערט דאָ געברויכט אין דעם זין פון אַלע אנדערע א חוץ

*[85] ערעפנונגס־רעדע פאַר סאַניטאַרער רעפאָרם, בירמינגהאַם, 15טען יאַ־נואַר 1875, פון דזש. טשאַמבערליין, דעם מעיאָר פון שטאָדט.

אגריקולטורעלע אינדוסטריען.)[86] אַט דער קוואַל פון דער רעלאַ־טיווער איבער־בעפעלקערונג פליסט, הייסט עס, שטענדיג. אָבער איהר בעשטענדיגער פלוס אין די שטעדט אריין איז משער אַלס אַ פריהערדיגען תנאי אַ שטענדיגע בעהאַלטענע איבער־בעפעלקע־רונג אין די דערפער גופא, און איהר אומפאַנג ווייזט זיך ארויס נאָר אַזויבאַלד ווי די אָבציה־קאַנאַלען עפענען זיך אויסנאַהמסווייז ווייט אויף. דער ערד־ארבייטער ווערט דעריבער אראָבגעדריקט ביז צו דעם מינימום פון ארבייט־לוין און שטעהט שטענדיג מיט איין פוס אין זומפּ פון דעם פּאַופּעריזם.

די דריטע קאַטעגאָריע פון דער רעלאַטיווער איבערבעפעל־קערונג, די שטיל־שטעהענדע, מאַכט אויס אַ טייל פון דער אַקטי־ווער ארבייטער־אַרמעע, אָבער אַזוינעם וואָס האָט אַ זעהר אונרע־געלמעסיגע בעשעפטיגונג, אַזוי אַז אַט די קאַטעגאָריע שטעלט־צו דעם קאַפּיטאַל אַ אונערשעפּליכען רעזערוואואַר פון בענוצבאַרער ארבייט־קראַפט. איהר לעבענס־לאַגע זינקט ארונטער נידעריגער איידער די דורכשניטליכע נאָרמאַלע לאַגע פון דעם ארבייטענדען קלאַס, און דאָס מאַכט איהר טאַקע פאַר דעם ברייטען באַזיס פון ספּעציעלע צווייגען פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע. זי ווערט כאַראַקטעריזירט דורך אַ מאַקסימום פון ארבייט־צייט און אַ מינימום פון ארבייט־לוין. מיר האָבען זיך שוין בעקענט מיט איהר הויפּטגעשטאַלט אונטער דער רובריק פון דער הויז־ארבייט. זי ווערט נאָכאַנאַנד צונויפגענומען פון די איבעריג־געוואָרענע אין דער גרויס־אינדוסטריע און אַגריקולטור, און ספּעציעל אויך פון

[86] אין צענזוס פון 1861 פאַר ענגלאַנד און וועלס ווערן אָנגעגעבען „781 שטעדט מיט 10,960,998 איינוואוינער, בעת די דערפער צעהלען נאָר 9,105,226 איינוואוינער. . . . אין יאָהר 1851 האָט דער צענזוס אויסגערעכענט 580 שטעדט מיט אַ בעפעלקערונג, וואָס איז געווען אומגעפעהר גלייך צו דער בע־פעלקערונג פון די ארומיגע דאָרף־דיסטריקטען. בעת אָבער אין די פאָלגענדע 10 יאָהר איז די בעפעלקערונג אין די דערפער נאָר געוואַקסען אויף אַ האַלבען מיליאָן, איז זי אין די 580 שטעדט געוואַקסען אויף 1,554,067. דער וואוקס אין די דערפער איז 6.5 פּצט., אין די שטעדט — 17.3 פּראָצענט. דער אונטערשייד אין דער ראַטע פונ'ם וואוקס נעהמט זיך פון דער אויסוואַנדע־רונג, וואָס געהט אָן פון די דערפער אין די שטעדט. דריי פערטעל פון דעם גאַנצען וואוקס פון דער בעפעלקערונג געהערט צו די שטעדט.‟ („צענזוס, עצט.‟, באַנד III, ז. 11, 12.)

די אונטערגעהענדע אינדוסטריע־צווייגען, וואו דער האנדווערק־בעטריב גיט זיך אונטער צו דעם מאנופאקטור־בעטריב און דער לעצטער צו דעם מאשין־בעטריב. איהר אומפאנג ווערט גרעסער אין דעם ערך, ווי די בעשאפונג פון א איבער־בעפעלקערונג געהט פארווערטס מיט דעם אומפאנג און דער ענערגיע פון דער אקומו־לאציע. זי מאכט אבער אויס אין דערזעלביגער צייט אן עלעמענט פון דעם ארבייטער־קלאס, וואס רעפראדוצירט און פעראייביגט זיך אליין, און פערנעהמט א פראפארציאנעל־גרעסערן טייל אין זיין וואוקס איידער די איבעריגע עלעמענטען. אין דער ווירקליכקייט שטעהט ניט נאר די מאסע פון געבורטען און טויט־פאלען, נאר אויך די אבסאלוטע גרויס פון די פאמיליען אין אן אומגעקעהרטער פראפארציע צו דער הויך פון דעם ארבייט־לוין, דאס הייסט צו דער מאסע לעבענס־מיטלען, וואס די פערשיידענע ארבייטער־קאטעגא־ריען האבען פאר זייער געברויך. אט דאס געזעץ פון דער קאפי־טאליסטישער געזעלשאפט וואלט געקלונגען ווי אן אונזין צווישען ווילדע אדער אפילו ביי ציוויליזירטע קאלאניסטען. ער דערמאנט אן דער גרויסער רעפראדוקציאן פון די מינים חיות, וועלכע זיינען אינדיווידועל שוואך אדער ווערן שטארק פערפאלגט פון פיינד.[87]

דער נידעריגסטער אבזעץ פון דער רעלאטיווער איבער־בעפעל־קערונג געפינט זיך ענדליך אין דער ספערע פון פאופעריזם. ניט־רעכענענדיג וואגאבונדען [בראדיאגעס], פערברעכער, פראסטיטו־טען, מיט איין ווארט דעם ריכטיגען לומפען־פראלעטאריאט, בע־שטעהט אט די געזעלשאפט־שיכט פון דריי קאטעגאריען. 1. אר־

[87] „ארימקייט שיינט צו בעגינסטיגען די פארטפלאנצונג״ (אדאם סמיטה, „וועלטה אוו ניישאנס״, בוך I, קאפיטעל 8.) לויט דער מיינונג פון דעם גאלאנטען און גייסטרייכען גלח גאליאני איז דאס אפילו א ספעציעל קלוגע איינריכטונג פון גאט. ער זאגט: „גאט האט אזוי איינגעארדענט, אז די מענשען, וואס זייער ארבייט איז פון דער גרעסטער ניצליכקייט, זאלען גע־בוירן ווערן אין גרויסע צאהלען.״ (גאליאני, אין קוסטאדי׳ס זאמלונג, פארטע מאדערנא, מילאן 1801, ז. 78.) „עלענד ביז צום אויסערסטען פונקט פון הונ־גער־נויט און מגיפות שטעלט ניט אב דעם וואוקס פון דער בעפעלקערונג, נאר האט ניכער די טענדענץ זי צו פערגרעסערן.״ (ס. לאינג, „נעשיאנאל דיסטרעס״ ז. 69.) נאכדעם ווי לאינג אילוסטרירט עס דורך סטאטיסטיק, זעצט ער פארט: „ווען אלע מענשען וואלטען געלעבט אין וואוילשטאנד, וואלט די וועלט שנעל ענטפעלקערט געווארן.״

בייט־פעהיגע. מען דאַרף נאָר אויבערפלעכליך אריינקוקען אין די סטאַטיסטיקס פון דעם ענגלישען פּאָופּעריזם אויסצוגעפינען, אַז זיין צאָהל ווערט גרעסער מיט יעדען קריזיס און ווערט ווידער קלענער, ווען די געשעפטען לעבען אויף. 2. יתומים און קינדער פון פּאָופּערס. זיי זיינען קאַנדידאַטען פאַר דער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמעע און אין צייטען פון גרויסער פּראָספּעריטעט, ווי אין יאָהר 1860 צום ביישפּיעל, ווערן זיי שנעל און אין גרויסע מאַסען אריינגעצויגען אין דער אַקטיווער אַרבייטער־אַרמעע. 3. דעמאָראַליזירטע, פערלומפּטע, וואָס זיינען ניט פעהיג צו אַרבייטען. דאָס זיינען אינדיווידומען, וועלכע געהען אונטער, ווייל די צוטיילונג פון דער אַרבייט האָט אוועקגענומען ביי זיי די בעוועגליכקייט, די פעהיגקייט צוצופּאַסען זיך צו אַנדערע אַרבייט; אַזעלכע, וואָס זיינען שוין אַריבער דעם נאָרמאַלען עלטער פון אַן אַרבייטער; ענדליך די קרבנות פון דער אינדוסטריע, וואָס זייער צאָהל וואַקסט מיט דעם וואוקס פון געפעהרליכער מאַשינעריע, מינען־אַרבייט, כעמישע פאַבריקען א. אַז. וו., צוקאַליעטשעטע, קרענקליכע, אַלמנות א. אַז. וו. דער פּאָופּעריזם איז דאָס אינוואַלידען־הויז פון דער אַקטיווער אַרבייטער־אַרמעע און דאָס טויטע געוויכט פון דער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמעע. זיין פּראָדוקציאָן איז איינגעשלאָסען אין דער פּראָדוקציאָן פון דער רעלאַטיווער איבער־בעפעלקערונג, זיין נויטווענדיגקייט איז איינגעשלאָסען אין איהר נויטווענדיגקייט; צוזאַמען מיט איהר איז ער אַן עקזיסטענץ־בעדינגונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן און פון דער ענטוויקלונג פון רייכטום. ער געהערט צו די „הוצאות קטנות” (Faux frais) פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן, וועלכע קאַפּיטאַל ווייס אָבער ווי אַזוי אין גרעסטען טייל אַראָבצוּוואַרפען פון זיינע אייגענע שולטערס און אַרויפוואַרפען זיי אויף די שולטערס פון דעם אַרבייטער־קלאַס און פון דעם קליינעם מיטעל־קלאַס.

וואָס גרעסער עס איז דער געזעלשאַפטליכער רייכטום, דער פונקציאָנירענדער קאַפּיטאַל, דער אומפאַנג און די ענערגיע פון זיין וואוקס, פאָלגליך אויך די אַבסאָלוטע גרויס פון פּראָלעטאַריאַט און די פּראָדוקטיוויטעט פון זיין אַרבייט, אַלץ גרעסער איז די רעלאַטיווע איבער־בעפעלקערונג אָדער די אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמעע. דיזעלביגע אורזאַכען, וואָס ענטוויקלען די עקספּאַנסיוו־קראַפט פון

קאַפּיטאַל, ענטוויקלען אויך די אַרבייט־קראַפט, וואָס שטעהט אין זיין רשות. די פערהעלטניסמעסיגע גרויס פון דער אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמעע וואַקסט דעריבער צוזאַמען מיט די פּאָטענצען [כחות] פון רייכטום. וואָס גרעסער אָבער די רעזערוו־אַרמעע איז פּראָפּאָרציאָנעל צו דער אַקטיווער אַרבייטער־אַרמעע, אַלץ מאַסענהאַפטיגער איז די שטענדיגע איבער־בעפעלקערונג, וועמעס עלענד שטעהט אין אַן אומגעקעהרטער פּראָפּאָרציע צו איהרע ליידען פון דער אַרבייט. ענדליך, וואָס גרעסער עס איז די קבצנישע שיכט פון דעם אַרבייטער־קלאַס און די אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמעע, אַלץ גרעסער איז דער אָפּיציעלער, פון דער רעגירונג אָנדערקענטער פּאַופּעריזם. *דאָס איז דאָס אַבסאָלוטע, אַלגעמיינע געזעץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַקומולאַציע.* ווי אַלע אַנדערע געזעצען ווערט עס מאָדיפיצירט אין זיין פערווירקליכונג דורך פיעלע פערשיידענע אומשטענדען, דער אַנאַליז פון דעם געהערט אָבער ניט דאָ.

מען קאָן איצט בעגרייפען די שטות'עריי פון דער עקאָנאָמישער חכמה, וועלכע פּרעדיגט צו די אַרבייטער, זיי זאָלען צופּאַסען זייער צאָהל צו די פערווערטונג־בעדערפענישען פון קאַפּיטאַל. אַזוי ווי דער מעכאַניזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן און אַקומולאַציע וואָלט ניט אַליין שטענדיג דורכגעפיהרט דעם דאָזיגען אָנפּאַסונגס־פּראָצעס! דאָס ערשטע וואָרט פון דער געפאָדערטער אָנפּאַסונג איז די בעשאַפונג פון אַ רעלאַטיווער איבער־בעפעלקערונג אָדער אַ אינדוסטריעלער רעזערוו־אַרמעע; דאָס לעצטע וואָרט איז דער עלענד פון שטענדיג־וואַקסענדע שיכטען פון דער אַקטיווער אַרבייטער־אַרמעע און דאָס טויטע געוויכט פון דעם פּאַופּעריזם.

דאָס געזעץ, לויט וועלכען אַ שטענדיג־וואַקסענדע מאַסע פון פּראָדוקציאָנס־מיטלען קאָן געבראַכט ווערן אין בעוועגונג, אַ דאַנק דעם פאָרטשריט אין דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט, מיט אַ שטענדיג־קלענערער אויסגאַבע פון מענשענקראַפט — דאָס דאָזיגע געזעץ אויפ'ן קאַפּיטאַליסטישען באַזיס, וואו ניט דער אַרבייטער געברויכט די אַרבייטס־מיטלען, נאָר די אַרבייטס־מיטלען געברויכען דעם אַרבייטער, דריקט זיך אויס דעביין, אַז וואָס העכער עס איז די פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער אַר־

בּייט, אַלץ גרעסער איז דער דרוק פון די אַרבּייטער אויף זייערע בּעשעפטיגונגס־מיטלען, און פאָלגליך איז אַלץ מעחר אונזיכער די בעדינגונג פון זייער עקזיסטענץ: דער פערקויף פון דער אייגענער קראַפט פאַר דער פערמעהרונג פון דעם פרעמדען רייכטום אָדער פאַר דער זעלבּסט־פערוועטונג פון קאַפּיטאַל. דער שנעלערער וואוקס פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און פון דער פּראָדוקטיווי־טעט פון דער אַרבּייט איידער פון דער פּראָדוקטיווער בּעפעלקע־רונג דריקט זיך, הייסט עס, קאַפּיטאַליסטיש אויס פערקעהרט אין דעם, וואָס די אַרבּייטער־בּעפעלקערונג וואַקסט שטענדיג שנעלער, איידער די פערוועטונג־בּעדערפעניש פון׳ם קאַפּיטאַל.

אין פערטען אָבטייל, בּיי דער אונטערזוכונג פון דער פּראָדוק־ציאָן פון רעלאַטיווען מעהרווערטה, האָבּען מיר געזעהן, אַז אין דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם ווערן דורכגעפיהרט אַלע מעטאָ־דען צו פערגרעסערן די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער אַרבּייט אויפ׳ן חשבּון פון דעם אינדיווידועלען אַרבּייטער; אַלע מיטלען פאַר דער ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקציאָן פער־וואַנדלען זיך אין מיטלען פון בּעהערשונג און עקספּלואַטאַציע פון׳ם פּראָדוצירער; זיי צוקאַליעטשען דעם אַרבּייטער און מאַכען פון איהם איין טייל פון אַ מענשען, דערנידעריגען איהם צו שפּיעלען די ראָליע פון אַ צוגאָב צו אַ מאַשין, פערניכטען יעדען אינהאַלט פון דער אַרבּייט מיט די ליידען פון זיין אַרבּייט, פערפרעמדען פון איהם די גייסטיגע פּאָטענצען פון דעם אַרבּייט־פּראָצעס אין דעמזעלבּיגען ערך, וואָס די וויסענשאַפט ווערט פערקערפּערט אין דעם אַרבּייט־פּראָצעס אַלס אַ זעלבּסטשטענדיגע פּאָטענץ; זיי פערדאַרבּען די בּעדינגונגען, אונטער וועלכע ער אַרבּייט, אונטער־וואַרפען איהם בּעת דעם אַרבּייט־פּראָצעס אונטער דער קליינ־ליכסטער העסליכער דעספּאָטיע, פערוואַנדלען זיין לעבּענס־צייט אין אַרבּייט־צייט, שליידערן זיין ווייב און קינד אונטער די רעדער פון דעם „דזשוגערנאָט" פון קאַפּיטאַל. אָבּער אַלע מעטאָדען פאַר דער פּראָדוקציאָן פון מעהרווערטה זיינען אין דערזעלבּיגער צייט מעטאָדען פון דער אַקומולאַציע, און יעדע אויסשפּרייטונג פון דער אַקומולאַציע ווערט פערקעהרט אַ מיטעל פאַר דער ענטוויקלונג פון יענע מעטאָדען. עס פאָלגט דעריבּער פון דעם, אַז אין דעם ערך, וואָס קאַפּיטאַל ווערט אַקומולירט, מוז די לאַגע פון דעם

אַרבייטער, וואָס זיינען שבירות זאָל ניט זיין, הויך אָדער נידעריג, ווערן אַלץ ערגער. ענדליך, דאָס געזעץ, וואָס האַלט די רעלאַטיווע איבערבעפעלקערונג אָדער אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמעע שטענדיג אין גלייכגעוויכט מיט דעם אומפאַנג און דער ענערגיע פון דער אַקומולאַציע, שמידט דעם אַרבייטער צו דעם קאַפּיטאַל פעסטער איידער דער האַמער פון העפעסטאָס האָט צוגעשמידט פּראָמעטעאוס'ן צו דעם פעלזען. דאָס געזעץ שטעלט אוועק ווי אַ בעדינג אַן אַקומולאַציע פון עלענד, וואָס איז צוגעפּאַסט צו דער אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל. די אַקומולאַציע פון רייכטום אויף איין פּאָליוס איז פּאָלגליך אין דערזעלביגער צייט אַן אַקומולאַציע פון עלענד, פון אַרבייט־מאַטערניש, שקלאַווערייַ, אונוויסענהייט, ברוטאַליזירונג און מאָראַלישער דעגראַדאַציע אויף דעם גענען־פּאָליוס, דאָס הייסט אויף דער זייט פון דעם קלאַס, וועלכער פּראָדוצירט זיין אייגענעם פּראָדוקט אין דער פאָרם פון קאַפּיטאַל.

אָט דער אַנטאַגאָניסטישער כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַקומולאַציע[88] ווערט אַרומגערעדט פון פּאָליטישע עקאָנאָמען אין פערשיידענע פאָרמען, הגם זיי מישען צוזאַמען זאַכען, וועלכע זיינען טיילווייז ענליכע, אָבער דאָך בעצם גאַנץ פערשיידענע ערשיינונגען פון פאַר־קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָנס־אופנים.

דער ווענעציאַנער מאָנאַך אָרטעס, איינער פון די גרעסטע עקאָנאָמישע שרייבער פון 18טען יאָהרהונדערט, פאַסט אויף דעם אַנטאַגאָניזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן ווי אַן אַל־

[88] „פון טאָג צו טאָג ווערט דערכיט קלערער, אַז די פּראָדוקציאָן־פערהעלטניסען, אין וועלכע די בורזשואַזיע בעוועגט זיך, האָבען ניט קיין איינהייטליכען, איינפאַכען כאַראַקטער, זאָנדערן אַ צוויי־סאָרטיגען; אַז אין די זעלביגע פערהעלטניסען, אין וועלכע דער רייכטום ווערט פּראָדוצירט, ווערט אויך פּראָדוצירט דער עלענד; אַז אין דיזעלביגע פערהעלטניסען, אין וועלכע די ענטוויקלונג פון די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען געהט פאָרווערטס, ענטוויקעלט זיך אַן אונטערדריקונגס־קראַפט; אַז אָט די פערהעלטניסען שאַפען דעם בירגערליכען רייכטום, ד. ה. דעם רייכטום פון דעם בורזשואַזיע־קלאַס, נאָר אונטער אַ נאָכאַנאַנדיגער פערניכטונג פון דעם רייכטום פון איינצעלנע גליעדער פון דעם דאָזיגען קלאַס און אונטער דער בעשאַפונג פון אַ שטענדיג־וואַקסענדען פּראָלעטאַריאַט. (קאַרל מאַרקס, „מיזער דע לאַ פילאָסאָפיע", ז. 116.) [דייטשע איבערזעצונג, 2טע אויפלאַגע, שטוטגאַרט 1892, ז. 106.]

נעמיין נאַטור־געזעץ פון געזעלשאַפטליכען רייכטום. „דאָס עקאָ־נאָמיש גוטע און עקאָנאָמיש שלעכטע אין אַ פאַלק האַלטען זיך שטענדיג אין אַ גלייכגעוויכט: די שפע פון גיטער פאַר איינינע איז אַלעמאָל גלייך צו דעם מאַנגעל פון די דאָזיגע גיטער פאַר אַנדערע. דער גרויסער רייכטום פון איינינע איז שטענדיג בע־גלייט פון אַן אַבסאָלוטער בערויבונג פון דאָס נויטווענדיגע ביי פיעל מעהר אַנדערע.״ דער רייכטום פון אַ נאַציאָן גלייכט זיך צו איהר בעפעלקערונג, און איהר עלענד גלייכט זיך צו איהר רייכ־טום. די אַרבייטזאַמקייט פון איינינע רופט בהכרח אַרויס פויל־קייט אין אַנדערע. די אָרימע און לעדיג־געהער זיינען אַ נויט־ווענדיגע פרוכט פון די רייכע און טהעטיגע א. ז. וו.[89]

אַן ערך 10 יאָהר נאָך אָרטעס האָט דער פּראָטעסטאַנטישער גלח טאַונסענד פון דער ענגלישער הויך־קירך אויף אַ גאַנץ גראָ־בען אופן פערהערליכט די אָרימקייט אַלס אַ נויטווענדיגער בע־דינג פון דעם רייכטום. „צווינגען צו אַרבייטען דורך געזעצען איז פערבונדען מיט צופיעל מיה, געוואַלטזאַמקייט און גערויש, בעת דער הונגער איבט אויס ניט נאָר אַ פריעדליכען, שטילען, אונ־אויפהערליכען דרוק, נאָר ער רופט אַרויס, אַלס אַ העכסט נאַטיר־ליכער מאָטיוו פון פלייסיגקייט און אַרבייט, די מעכטיגסטע אָנ־שטרענגונגען.״ אַלץ פיהרט דעריבער דערצו, מען זאָל מאַכען, אַז דער הונגער זאָל בעשטענדיג הערשען צווישען דעם אַרבייטער־קלאַס, און פאַר דעם זאָרגט שוין, לויט טאַונסענד'ס מיינונג, דער בעפעלקערונג־פּרינציפּ, וועלכער איז ספּעציעל טהעטיג צווישען די אָרימע. „עס זעהט אויס ווי אַ נאַטור־געזעץ, אַז די אָרימע זאָלען ביז אַ געוויסען גראַד זיין לייכטזיניג (ד. ה. אַזוי לייכטזיניג, אַז עס איז ביי זיי רעכט געבוירן צו ווערן אָהן אַ גאָלדענעם לעפעל אין מויל), כדי עס זאָלען שטענדיג זיין איינינע צו ערפילען די נידע־ריגסטע, שמוציגסטע און געמיינסטע פונקציעס אין דער געמיינדע. די סומע פון מענשליכען גליק ווערט דורכדעם פיעל פערגרעסערט,

[89] ג. אָרטעס, „דעללאַ עקאָנאָמיאַ נאַציאָנאַלע עצט.״ אין קוסטאָדי'ס זאַמ־לונג, פּאַרטאַ מאָדערנאַ, באַנד II ז. 6, 9, 22, 25. דאָרט גופא ז. 32 זאָגט אָרטעס: אַנשטאַט צו מאַכען פּלענער פון אומניצליכע סיסטעמען פאַר דעם גליק פון די פעלקער, וויל איך זיך בעשרענקען אויסצופאָרשען די אורזאַכען פון זייער אומגליק.״

בעת די איידעלערע ווערן בעפרייט פון נודנע ארבייט און קאָנען אומגעשטערט זיך אָבגעבען צו זייער העכערן בערוף א. אַז. וו. . . דאָס געזעץ פאַר אָרימע האָט די טענדענץ צו צערשטערן די האַרמאָניע און שעהנקייט, די סימעטריע און אָרדנונג פון אָט דעם סיסטעם, וועלכען גאָט און די נאַטור האָבען איינגעפיהרט אויף דער וועלט."[90]

אויב דער ווענעציאַנער מאָנאַך האָט געפונען אין דעם פאַטאַלען גורל, וואָס פעראייביגט דעם עלענד, די עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג פון קריסטליכער וואוילטהעטיגקייט, פון פּרישות (צעליבאַט), פון קלויסטערס און פרומע אינסטיטוציעס, געפינט אין דעם דער פּראָטעסטאַנטישער קעסטניק אַן אויסרייד צו פערדאַמען די ענגלישע געזעצען פאַר אָרימע, אין קראַפט פון וועלכע דער אָרימאַן האָט געקריגען אַ רעכט אויף אַ מיזעראַבלער קהל'שער אונטערשטיצונג.

„דער פּאָרטשריט פון געזעלשאַפטליכען רייכטום — זאָגט שטאָרך — שאַפט יענעם ניצליכען קלאַס פון דער געזעלשאַפט. . . וועלכער טהוט אָב די לאַנגווייליגסטע, נידעריגסטע און עקעלהאַפטיגסטע בעשעפטיגונגען, וועלכער טראָגט, מיט איין וואָרט, אויף זיינע פּלייצעס אַלץ, וואָס איז אונאַנגענעהם און פערשקלאַפענד

---

[90] "A Dissertation on the Poor Laws. By a Wellwisher of Mankind, The Revere: l Mr. J. 'Townsend," 1876, republished London 1786, p. 15, 39, 41.

אַט דער „דעליקאַטער" גלח, וואָס פון זיין אויבען־ציטירטען ווערק, ווי אויך פון זיין בוך „אַ רייזע דורך שפּאַניען", מאַלטהוס האָט פּשוט איבערגעשריבען גאַנצע זייטען, האָט אַליין געבאָרגט דעם גרעסטען טייל פון זיין לעהרע ביי סער דזש. סטואַרט און דערצו פערדרעהט דעם זין פון דאָס, וואָס ער האָט גענומען. ווען סטואַרט זאָגט: „דאָ, אין דער שקלאַווערייִ, עקזיסטירט אַ געוואַלטיגע מעטאָדע צו מאַכען די מענשען ארבייטזאַם (פאַר די ניט־ארבייטער). . . . די מענשען זיינען דאַמאַלסט געצוואונגען געוואָרן צו ארבייטען (ד. ה. צו ארבייטען אומזיסט פאַר אַנדערע), ווייל זיי זיינען געווען שקלאַווען ביי אַנדערע מענשען; זיי ווערן איצט געצוואונגען צו ארבייטען ד(. ה. צו טאָן אומזיסטע ארבייט פאַר די ניט־ארבייטער), ווייל זיי זיינען שקלאַפען צו זייערע אייגענע בעדערפעני שען" — קומט ער פונדעסטוועגען ניט צום שלום, ווי טאַונסענד, דער פעטער מקבל פון הכנסות, אַז די לוין־ארבייטער מוזען שטענדיג ליידען הונגער. ער וויל, פערקעהרט, פערמעהרן זייערע בעדערפנישען, כדי דאָס גופא זאָל זיי סטימולירן צו אָרבייטען פאַר די „מעהרדעליקאַטע."

אין לעבען, און פערשאפט דורכדעם פאר די אנדערע קלאסען די צייט, דעם געהויבענעם גייסט און די קאָנוועגציאָנעלע (דאָס איז גוט!) כאראקטער־ווירדע א. אז. וו.״91 שטאָרך שטעלט די פראגע, וואָס פאר א פאָרצוג האָט אייגענטליך אָט די קאפיטאליסטישע ציוויליזאציע מיט איהר עלענד און איהר דעגראדאציע פון די מאַ־סען איבער דער בארבאריי? און ער געפינט נאָר איין ענטפער — די זיכערקייט!

דורך דעם פאָרטשריט פון דער אינדוסטריע און דער וויי־סענשאפט, זאָגט זיסמאָנדי, קאָן יעדער ארבייטער פראָדוצירן יעדען טאָג פיעל מעהר איידער ער דארף האָבען פאר זיין פערברויך. אין דערזעלביגער צייט אָבער, וואָס זיין ארבייט פראָדוצירט רייכטום, אויב ער וואָלט געדארפט איהם אליין פערברויכען, וואָלט דער דאָ־זיגער רייכטום איהם געמאכט ווענינער פעהיג צו ארבייטען. לויט זיין מיינונג וואָלטען די מענשען (ד. ה. די ניט־ארבייטענדע מענ־שען) מוחל געווען אלע פערפאָלקאָמונגען פון דער קונסט, ווי אויך אלע געניסען, וואָס די אינדוסטריע פערשאפט אונז, ווען זיי וואָל־טען געמוזט צאָהלען פאר זיי מיט דער אָנהאַלטענדער ארבייט, וואָס דער ארבייטער מוז שטענדיג טהאָן... די אָנשטרענגונגען זיינען היינט אָבגעטיילט פון זייערע בעלוינונגען; עס איז ניט דערזעלביגער מענש, וועלכער האָט פריהער געארבייט און דערנאָך זיך אויסגערוהט: אין געגענטייל, ווייל איינער ארבייט, מוז דער אנדערער זיך אויסרוהען... די אָהן א שיעור'דיגע פערפיעלפאכונג פון די פראָדוקטיווע־קרעפטען פון דער ארבייט קאָן דעריבער ניט האָבען קיין אנדער רעזולטאט, ווי נאָר די פערמעהרונג פון דעם לוקסוס און די געניסען פון די לעדיג־געהענדע רייכע.״92 שער־בוליע, זיסמאָנדי'ס א תלמיד, ערגענצט איהם דערמיט, וואָס ער לעגט צו: „די ארבייטער גופא... דורכדעם וואָס זיי ווירקען מיט אין דער אקומולאציע פון די פראָדוקטיווע קאפיטאלען, העל־פען זיי ברענגען יענעם צושטאנד, וועלכער בערויבט זיי פריהער אָדער שפעטער פון א טייל פון זייער ארבייט־לוין.״*92

91) שטאָרך, „קור ד'עקאָנאָמיע פאָליטיק“, 1815, באנד III, ז. 223.

92) זיסמאָנדי, „די נייע פרינציפען פון דער פאָליטישער עקאָנאָמיע“ (פראנצ.), באנד I, ז. 85,80.

*92) שערבוליע, „ארים אָדער רייך“, ז. 146.

דעסטוטט דע טראסי, דער קאלט־בלוטיגער דאקטרינער פון דער בורזשואזיע, זאגט זיך ארויס ברוטאל: „די ארימע נאציאנען זיינען די, וואו דעם פאלק לעבט זיך גוט, און די רייכע נאציאנען זיינען די, וואו דאס פאלק איז געוועהנליך ארים.“93

## 5. אילוסטראציעס פון דעם אלגעמיינעם געזעץ פון דער קאפיטאליסטישע אקומולאציע.

### א) ענגלאנד פון 1846 ביז 1866.

קיין פעריאדע פון דער מאדערנער געזעלשאפט איז נים אזוי גינסטיג פאר דעם שטודיום פון דער קאפיטאליסטישער אקומולאציע, ווי די פעריאדע פון די לעצטע 20 יאהר (דאס איז געשריבען אין מערץ 1867). עס קומט אויס, אזוי ווי די דאזיגע פעריאדע וואלט געהאט געפונען פארטונאטוס'עס בייטעל. פון אלע לענדער אבער איז עס ווידער ענגלאנד, וואס שטעלט אונז צו דעם קלאסישען ביישפיעל, ווייל זי האלט דעם ערשטען ראנג אויפ'ן וועלט־מארק, ווייל דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאנס־אופן איז דא אליין פאלשטענדיג ענטוויקעלט, און ענדליך, ווייל די איינפיהרונג פון דעם פריי־האנדעל מילעניום זינט 1846 האט אבגעשניטען פון דער וואולגאר־עקאנאמיע איהר לעצטען רעטונג־פלאץ. דער טיטאנישער פארטשריט פון דער פראדוקציאן — די לעצטע העלפט פון דער צוואנציגיאהריגער פעריאדע האט ווידער ווייט אריבערגעיאגט די ערשטע העלפט — איז שוין גענוגענד אנגעדייטעט געווארן אין דעם פערטען אבטייל.

הגם דער אבסאלוטער וואוקס פון דער ענגלישער בעפעלקערונג איז אין לעצטען האלבען יאהרהונדערט געווען זעהר גרויס, איז אבער דער פערהעלטניסמעסיגער וואוקס אדער די ראטע פון דעם צו־וואוקס נאכאנאנד געפאלען, ווי עס בעווייזט די פאלגענדע טאבעלע, וואס איז גענומען פון דעם אפיציעלען צענזוס:

---

93 „אבהאנדלונג וועגען דעם ווילען און זיינעווירקונגען“ (פראנצ.), פאריז 1826, ז. 231.

דער יעהרליכער פראצענט־מעסיגער צוװ אוקס פון דער בעפעלקערונג פון ענגלאנד און װעלס אין דעצימאל־צאהלען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1811 | ביז | 1821 | 1,533 פראצענט |
| 1821 | „ | 1831 | 1,446 „ |
| 1831 | „ | 1841 | 1,326 „ |
| 1841 | „ | 1851 | 1,216 „ |
| 1851 | „ | 1861 | 1,141 „ |

לאָמיר איצט בעטראַכטען פון דער אַנדער זייט דעם װאוקס פון דעם רייכטום. דעם זיכערסטען באזיס גיט אונז דאָ די בעװעגונג פון פּראָפיטען, גרונד־רענטע א. אז. װ., װאָס זיינען אונטערװאָרפען דעם איינקונפט־שטייער. דער צו־װאוקס פון די פּראָפיטען, װאָס דארפען צאָהלען שטייער (די קאַטעגאָריען ארענדאַטאָרם און איינינע אַנדערע זיינען ניט איינגעשלאָסען) האָט בעטראָפען פאר גרויס־בריטאַניען פון 1853 ביז 1864 50.47 פּראָצענט (אָדער 4.58 פּראָצ. אין יעהרליכען דורכשניט),94 דער װאוקס פון דער בעפעלקערונג האָט בעטראָפען אין משך פון דערזעלביגער פּעריאָדע אומגעפעהר 12 פּראָצענט. דער װאוקס פון די לאַנד־רענטען, װאָס דארפען צאָהלען שטייערן (הייזער, אייזענבאַהנען, מינען, פישערייען א. אז. װ. איינגעשלאָסען), האָט פון 1853 ביז 1864 בעטראָפען 38% אָדער 5|12 3 פּראָצ. יעהרליך, פון װעלכע די פאָלגענדע קאַטעגאָריען צייגען דעם גרעסטען װאוקס:95

בערגרעסערונג פון דער יעהרליכער הכנסה פון 1853 ביז 1864

| | | װאוקס פון יאָהר |
|---|---|---|
| פון הייזער | 38,60 פּראָצ. | 3.50 פּראָצ. |
| „ שטיין־ברעכערייען | „ 84,76 | „ 7.70 |
| „ מינען | „ 68.85 | „ 6.26 |
| „ אייזען־גיסערייען | „ 39.92 | „ 3.63 |
| „ פישערייען | „ 57.37 | „ 5.21 |
| „ גאַזװערק | „ 126.02 | „ |
| „ אייזענבאַהנען | „ 83.29 | „ 7.57 |

װען מיר פערגלייכען יעדע 4 יאָהר פון דער פעריאָדע 1853

94 "Tenth Report of the Commissioners of Inland Revenuo," Londo.i 1ↄ66 p. 38.

94 דאָרט גופא,

ביז 1864, וואקסט דער גראד פון דער פערמעהרונג פון די הכנסות נאכאנאנד. צום ביישפיעל דער גראד פון די הכנסות, וואס שטאמען פון פראפיט פון 1853 ביז 1857 איז יעהרליך 1.73 פראצענט, פון 1857 ביז 1861, יעהרליך 2.74 פראצ. און פון 1861 ביז 1864 איז ער יעהרליך 9.30 פראצ. די גאנצע סומע הכנסה פאר דעם פעראייניגטען קיניגרייך פון אלע הכנסות, וואס זיינען אונטערווארפען דעם איינקונפט־שטייער, האט בעטראפען: 1856 — 307,068,898 פונט סט., 1859 — 328,127,416 פונט סט., 1862 — 351,745,241 פונט סט., 1863 — 359,142,897 פונט סט., 1864 — 362,462,279 פונט. סט., 1865 — 385,530,020 פונט סט.[°°]

די אקומולאציע פון קאפיטאל איז אין דערזעלביגער צייט געווען בעגלייט פון זיין קאנצענטראציע און צענטראליזאציע. הגם קיין אפיציעלע אגריקולטור־סטאטיסטיק פאר ענגלאנד עקזיסטירט ניט (פאר אירלאנד איז יא פאראן), זיינען פון 10 גראפשאפטען [קאונטיעס] פאראן פרייוויליג געליפערטע סטאטיסטיקס. זיי גיבען דעם רעזולטאט, אז פון 1851 ביז 1861 זיינען די פאכטען פון ווייניגער ווי 100 אקער פערקלענערט געווארען פון 31,583 אויף 26,567, דאס הייסט 5016 פאכטען זיינען קאנסאלידירט געווארן מיט גרעסערע פאכטען.[ז°] פון 1815 ביז 1825 איז קיין איינציג פערמעגען פון בעוועגליכע גיטער, וואס זאל האבען אויס־

---

[°°] אט די צאהלען זיינען גוט גענוג פאר דער פערגלייכונג, אין אן אבסאלוטען זין אבער זיינען זיי פאלש, ווארים אפשר 100 מיליאנען פונט סט. הכנסה יעהרליך ווערן „פערשוויגען." דאס בעקלאגען זיך פון די „קאמישאנערס און אינלאנד רעוועניו" וועגען דעם סיסטעמאטישען בעטרוג, דערהויפט פון דער קאמערציעלער און אינדוסטריעלער זייט, ווידערהאלט זיך אין זייער יעדען בעריכט. אזוי געפינען מיר צום ביישפיעל: „איין אקציען־געזעלשאפט האט אנגעגעבען איהרע פראפיטען, פאר וועלכע זי דארף צאהלען שטייער, אויף 6000 פונט סט., דער טאקסאטאר האט איהר בעשטייערט אויף 88,000 פונט סט. און זי האט ענדליך בעצאהלט פאר דער סומע. אן אנדער קאמפאניע האט אנגעגעבען 190,000 פונט סט., זי איז געצוואונגען געווארן מודה צו זיין, אז דערווירקליכער בעטראג איז געווען 250,000 פונט סט." (דארט גופא, ז. 42.)

[ז°] „צענזוס עצט." באנד 111, ז. 29. דזשאהן ברייט'ס בעהויפטונג, אז 150 גרונד־אייגענטימער בעזיצען א העלפט פון ענגלישען באדען און 12 א העלפט פון דעם שאטלענדישען באדען, איז ניט אבגעלייקענט געווארן.

נעמאכט איבער 1 מיליאן פונט סט., ניט אונטערגעפאלען אונטער דעם ירושה־שטייער; פון 1825 ביז 1855 אבער זיינען שוין געווען 8, פון 1856 ביז אין 1859, ד. ה. אין 4½ יאהר, זיינען גע־ ווען 4.* אם בעסטען קאן מען אבער זעהן די צענטראליזאציע דורך א קורצען אנאליז פון דעם איינקונפט־שטייער פאר רובריק D (פראפיטען א חוץ פון פארמס א. אז. וו.) אין די יאהרען 1864 און 1865. איך וויל לכתחילה בעמערקען, אז הכנסות פון דעם קוואל צאהלען אן איינקונפט־שטייער אויף אלץ וואס בעטרעפט אריבער 60 פונט סט. אט די שטייער־פליכטיגע הכנסות האָ־ בען אין יאהר 1864 בעטראפען אין ענגלאנד, וועלס און שאָט־ לאנד 95,84,222 פונט סט. און אין 1865 — 105,435,579 פונט סט.** די צאהל שטייערן־צאהלער אין 1864 זיינען געווען 308,416 פערזאנען אויף א סך הכל בעפעלקערונג פון 23,891,009, אין 1865 — 332,431 פערזאנען אויף א סך הכל בעפעלקערונג פון 24,127,003. די פאלגענדע טאבעלע ציינט די פערטיילונג פון די הכנסות אין די צוויי יאהר.

| דער יאהר, וואס ענדיגט זיך 5טען אפריל 1864. | | | דער יאהר, וואס ענדיגט זיך 5טען אפריל 1865. | | |
|---|---|---|---|---|---|
| | הכנסות פון פראפיטען פונט סט. | פער־זאנען | | הכנסות פון פראפיטען פונט סט. | פער־זאנען |
| ס"ה הכנסה: | 95,844,222 | 308,416 | ס"ה הכנסה: | 105,435,738 | 332,431 |
| דערפון | 57,028,289 | 23,334 | דערפון | 64,554,297 | 24,265 |
| דערפון | 36,415,225 | 3,619 | דערפון | 42,535,576 | 4,021 |
| דערפון | 22,809,781 | 832 | דערפון | 27,555,313 | 973 |
| דערפון | 8,744,762 | 91 | דערפון | 11,077,238 | 107 |

אין 1855 זיינען אין דעם פעראייניגטען קיניגרייך פראָ־ דוצירט געוואָרן 61,453,079 טאָנען קויהלען אין ווערטה פון 16,113,167 פונט. סט., אין 1864 — 92,787,873 טאָנען אין ווערטה פון 23,197,968 פונט סט; אין 1855 — 3,218,154 טאָ־ נען רויה־אייזען אין ווערטה פון 8,045,385 פונט סט., אין 1864 —

* "Fourth Report etc, of Inland Revenue," London 1860, p. 17.

** דאס זיינען די נעטא־הכנסות, ד. ה. נאך געוויסע געזעצליך־גילטיגע אראָפּרעכענונגען.

4,767,951 טאָנען אין ווערטה פון 11,919,877 פונט סט. אין 1854 האָט בעטראָפען די לענג פון די אייזענבאַהנען אין פעראייניגטען קיניגרייך 8054 מייל, מיט אַן איינגעצאָהלטען קאַפּיטאַל פון 286,068,794 פונט סט., אין 1864 איז די לענג געווען 12,798 מייל מיט אַן איינגעצאָהלטען קאַפּיטאַל פון 425,719,618 פונט סט. אין 1854 האָט בעטראָפען דער סך הכל עקספּאָרט און אימפּאָרט פון דעם פעראייניגטען קיניגרייך 268,210,145 פונט סט., אין 1865 — 489,923,285 פונט סט. די פאָלגענדע טאַבעלע בעווייזט די בעוועגונג פון דעם עקספּאָרט:[100]

| | | |
|---|---|---|
| 1846 | 58,842,377 | פונט סט. |
| 1849 | 63,596,052 | " |
| 1856 | 115,826,948 | " |
| 1860 | 135,842,817 | " |
| 1865 | 165,862,402 | " |
| 1866 | 188,917,563 | " |

נאָך די איינינע ביישפּיעלען קאָן מען בעגרייפען דעם טריאומף־געשריי פון דעם גענעראַל־רעגיסטראַטאָר פון דעם בריטישען פאָלק: „שנעל ווי די בעפעלקערונג איז געוואַקסען, האָט זי ניט געהאַלטען קיין טריט מיט דעם פאָרטשריט פון דער אינדוסטריע און דעם רייכטום."[101]

לאָמיר איצט זיך ווענדען צו די דירעקטע ווירקענדע קרעפטען פון דער דאָזיגער אינדוסטריע, צו די פּראָדוצירער פון דעם דאָזיגען רייכטום — צו דעם ארבייטער־קלאַס. „עס איז איינער פון די העכסט טרויעריגע כאַראַקטער־שטריכען אין דעם סאָציאַלען צושטאַנד פון לאַנד — זאָגט גלאַדסטאָן — וואָס עס קומט איצט פאָר בלי שום ספק אַ פערקלענערונג אין דער קאָנזומציאָנס־

---

[100] אין אַט דעם אויגענבליק, מערץ 1867, איז דער אינדיש־כינעזישער מאַרק ווידער איבערפילט דורך די אנגעשיקטע סחורות פון די בריטישע באַוועל־פאַבריקאַנטען. אין 1866 האָט זיך אנגעהויבען אַן ארונטעררוקונג פון דעם לוין אויף 5 פּראָצענט צווישען די באַוועל־ארבייטער. אין 1867 האָט צוליעב ענליכע אָפּעראַציעס אויסגעבראָכען אַ סטרייק פון 20,000 ארבייטער אין פּרעסטאָן. [ענגעלס בעמערקט דערצו, אַז „דאָס איז געווען אַ פאָרשפּיעל פון דעם קריזיס, וואָס איז גלייך נאָכדעם אריינגעטראָטען." K .]

[101] „צענזוס עטצ." באַנד III., ז. 11.

קראפט פון פאלק און א פערגרעסערונג אין דעם רחקות און עלענד פון דעם ארבייטענדען קלאס. אין דערזעלביגער צייט קומט פאר א שטענדיגע אקומולאציע פון רייכטום אין די העכערע קלאסען, א פערגרעסערטער לוקסוס אין זייער לעבענספיהרונג און אין זייערע געניסען.״[102]

אזוי האט גערעדט דער דאזיגער גענאלבטער מיניסטער אין „האוז אוו קאממאנס״ דעם 13טען פעברואר 1843. צוואנציג יאהר שפעטער, דעם 16טען אפריל 1863, האט ער געזאגט אין דער רעדע, אין וועלכער ער האט פארגעלעגט זיין בודזשעט: „פון 1842 ביז 1852 איז די הכנסה פון לאנד, וואס איז מחויב צו צאהלען שטייער, געוואקסען אויף 6 פראצענט. . . . אין די 8 יאהר פון 1853 ביז 1861 איז עס געוואקסען, ווען מיר רעכענען אויף דעם באזיס פון 1853, אויף 20 פראצענט. דער פאקט איז אזוי ערשטוינענד, אז ער איז כמעט אונגלויבליך. . . . אט די בערוישענדע פערמעהרונג פון רייכטום און מאכט . . . איז אינגאנצען אויסגעפאלען אויפ׳ן חלק פון די בעזיצענדע קלאסען, אבער . . אבער זי מוז אינדירעקט אויך זיין א טובה פאר דער ארבייטער־בעפעלקערונג, ווייל זי מאכט ביליגער די ארטיקלען פון אלגעמיינעם געברויך. בעת די רייכע זיינען רייכער געווארן, זיינען די ארימע יעדענפאלס וועניגער ארים געווארן. אז די עקסטרעמען פון ארימקייט האבען זיך געענדערט, נעהם איך זיך ניט אונטער צו זאגען.״[103]

וואס פאר א הינקעדיגער אנטיקלימאקס! אויב דער ארבייטער־קלאס איז געבליבען „ארים,״ נאר „וועניגער ארים״ לפי ערך, וואס ער פראדוצירט פאר דעם בעזיצענדען קלאס „א בערוישענדע פערמעהרונג פון רייכטום און מאכט,״ דאן איז ער געבליבען רעלאטיוו פונקט אזוי ארים. אויב די עקסטרעמען פון ארימקייט האבען זיך ניט פערקלענערט, האבען זיי זיך פערגרעסערט, ווארים די עקסטרעמען פון רייכטום האבען זיך פערגרעסערט. וואס איז

[102] גלאדסטאן אין האוז אוו קאממענס, 13טען פעברואר 1843. („טיימז״, 14טען פעבר. 1843.)

[103] גלאדסטאן אין האוז אוו קאממאנס, 16טען אפריל 1863. („מארנינג סטאר״, 17טען אפריל.)

שייך דער פערבילליגערונג פון די לעבענס-מיטלען, צייגט די אפי-ציעלע סטאטיסטיק, צום ביישפיעל די בעריכטען פון דעם לאנ-דאנער ווייזען-הויז, א פערגרעסערונג אין די פרייזען אויף 20 פראצענט פאר דעם דורכשניט פון די 3 יאהר, פון 1860 ביז 1862, אין פערגלייך מיט די יאהרען פון 1851 ביז 1853. אין די שפע-טיגערע 3 יאהר, פון 1863 ביז 1865, איז אלץ מעהר געשטיגען דער פרייז אויף פלייש, פוטער, מילך, צוקער, זאלץ, קויהלען און א גאנצע מאסע אנדערע נויטווענדיגע לעבענס-מיטלען.[104] גלאד-סטאן'ס נעקסטע בודזשעט-רעדע, דעם 7טען אפריל 1864, איז א פינדארישער לויב-געזאנג אויף דעם פארטשריט פון מעהרווערטה-מאכעריי און אויף דעם פאלק'ס גליק, וואס איז געמעסיגט דורך „ארמוטה." ער רעדט וועגען די מאסען, וואס געפינען זיך „ביים ראנד פון פאפעריזם", וועגען די געשעפט-צווייגען, אין וועלכע דער לוין איז ניט געשטיגען, און פאסט צוזאמען ביים סוף דאס גליק פון דעם ארבייטער-קלאס אין די ווערטער: „דאס מענשליכע לע-בען איז אין ניין פאלען פון צעהן בלויז א קאמף פאר דער עקזיס-טענץ."[105]

[104] זעה די אפיציעלע בעריכטען אין דעם בלוי-בוך: "Miscellaneous Statistics of the United Kingdom" טייל :VI, לאנדאן 1866, ז. 273-260 און ווייטער. אנשטאט דער סטאטיסטיק פון די יתומים-אנשטאלטען א. אז. וו. קאנען דיענען אויך די דעקלאמאציעס פון די מיניסטערשע זשורנאלען אויף צו פערטיידיגען דעם אויסשטייער פון די קינדער פון דעם קעניגליכען הויז. זיי פערגעסען דארט קיינמאל ניט צו דערצעהלען וועגען דעם, וואס די לע-בענס-מיטלען ווערן טייערער.

[105] גלאדסטאן אין האוז אוו קאממאנס, 7טען אפריל 1864. — די שטענ-דיגע שרייענדיגע ווידערשפרוכען אין גלאדסטאן'ס בודזשעט-רעדען פון 1863 און 1864 כאראקטעריזירט אן ענגלישער שריפטשטעלער דורך דער פאלגענדער ציטאטע פון מאליער:

"Voila l'home en effet. Il va du blanc au noir.
Il condamne au matin ses sentiments du noir.
Importun a tout autre, a soi meme incommode,
Il change a touts moments d'esprit comme de mode."

[דאס איז דעם מאן'ס כאראקטער. ער ווארפט זיך פון ווייס אויף שווארץ.
ער פערדאמט אין דער פריה זיינע געפיהלען פון ביינאכט.
איז צו-ווידער יעדען אנדערן און זיך אליין צו-לאסט,
ביים יעדע רגע זיין געדאנק, ווי די קליידער.]

פראפעסאר פאסעט, וועלכער איז ניט געבונדען אזוי ווי גלאדר־סטאן דורך אפיציעלע אויסרעכענונגען, זאגט פשוט ארוים: „איך לייקען נאטירליך ניט, אז דער געלד־לוין איז געשטיגען צוזאמען מיט דער פערגרעסערונג פון קאפיטאל (אין די לעצטע צעהן יאהר), אבער אט דער לפנים'דיגער פארטייל ווערט אין א גרויסען ערך ווידער פערלארן, דערפאר ווייל א סך לעבענס־בעדערפענישען ווערן נאכאנאנד טייערער (ער מיינט, אז דאס איז דערפאר, ווייל דער ווערטה פון די עדעלע מעטאלען איז געפאלען) . . . די רייכע ווערן שנעל רייכער, בעת עס זעהט זיך ניט אן קיין פארטשריט אין דעם וואוילשטאנד פון די ארבייטער־קלאסען. . . . די ארבייטער ווערן כמעט שקלאווען ביי די קרעמער, וועמעס בעלי חובות זיי זיינען."[106]

אין דער אבטיילונג וועגען דעם ארבייטס־טאג און די מאשינעריע זיינען אויפגעדעקט געווארן די אומשטענדען, אונטער וועלכע דער בריטישער ארבייטער־קלאס. האט אין משך פון די לעצטע צעהן יאהר געשאפען „א בערוישענדע פערמעהרונג פון רייכטום און מאכט" פאר די בעזיצענדע קלאסען. דאמאלסט אבער האט אונז דער ארבייטער הויפטזעכליך אינטערעסירט בעת ער איז פערנומען ביי זיין געזעלשאפטליכער פונקציע. פאר א פאלשטענדיגער בעלייכטונג פון דעם געזעץ פון דער קאפיטאליסטישער אקומולאציע איז נויטיג צו בעטראכטען א ווייל די לאגע פון דעם ארבייטער אויך אויסערהאלב דעם ווערקשטאט, די צושטענדען פון זיין נאהרונג און וואוינונג. די גרעניצען פון אט דעם בוך צווינגען אונז פריהער פון אלץ צו נעהמען אין בעטראכט דעם שלעכט־בעצאהלטען טייל פון דעם אינדוסטריעלען פראלעטאריאט און פון די ערד־ארבייטער, דאס הייסט די מאיאריטעט פון דעם ארבייטער־קלאס.

פריהער אבער מוז מען נאך זאגען א ווארט וועגען דעם אפיציעלען פאופעריזם, דאס הייסט וועגען דעם טייל פון דעם אר־

[106] H. Fawcett, "The Economic Position of the British Labourer." London 1865: p. 67, 82. וואס איז שייך דעם ארבייטער'ס אבהענגיגקייט פון דעם קרעמער, איז דאס א רעזולטאט פון די אלץ גרעסערע שוואנקונגען און אונטערברעכונגען פון זייער בעשעפטיגונג.

בייטער־קלאס, וועלכער האט פערזינדיגט זיין עקזיסטענץ־בעדינ־גונג, דעם פערקויף פון דער ארבייט־קראפט, און וועגעטירט [האלט אויף א נידריג לעבען] פון קהל׳שער צדקה. דער אפיציעלער ליסט פון פאופערס האט געצעהלט אין ענגלאנד[107] די פאלגענדע צאהל פערזאנען: 1855 — 851,369; 1856 — 877,767; 1865 — 971,433. אלס רעזולטאט פון דער באוועל־נויט איז די צאהל געוואקסען אין די יאהרען 1863 און 1864 ביז 1,079,382 און 1,014,978. דער קריזיס פון 1866, וועלכער האט געטראפען לאנדאן אם שווערסטען, האט געשאפען אין אט דעם פלאץ פון וועלט־מארק, וואס האט מעהר איינוואוינער ווי דאס קיניגרייך פון שאטלאנד, א פאופער־צו־וואוקס פאר דעם יאהר 1866 פון 19.5 פראצענט אין פערגלייך מיט 1865, און פון 24.4 פראצענט אין פערגלייך מיט 1864, און נאך א גרעסערן צו־וואוקס פאר די ערשטע חדשים פון 1867 אין פערגלייך מיט 1866. אנאלי־זירענדיג די פאופער־סטאטיסטיק מוז מען דערהויפט בעמערקען צוויי פונקטען. פון איין זייט שפיגעלט אב די ארויף און אראב־בעוועגונג פון דער צאהל פאופערס די פעריאדישע ענדערונגען פון דעם אינדוסטריעלען ציקל. פון דער אנדער זייט פאלשעוועט די אפיציעלע סטאטיסטיק אלץ מעהר און מעהר וועגען דעם ווירק־ליכען אומפאנג פון דעם פאופעריזם, אין דעם ערך אויף וויפיעל עס ענטוויקעלט זיך צוזאמען מיט דער אקומולאציע פון קאפי־טאל דער קלאסען־קאמף און ממילא אויך דער זעלבסט־געפיהל פון די ארבייטער. צום ביישפיעל די בארבאריי אין דער בעהאנדלונג פון די פאופערס, וועגען וועלכער די ענגלישע פרעסע („טיימז", „פאל־מאל גאזעט" א. אז. וו.) האט געמאכט אזוינע געוואלטען אין פערלויף פון די לעצטע צוויי יאהר, איז שוין אן אלטע גע־שיכטע. פ. ענגעלס האט אין 1844 בעשריבען פונקט דיזעלביגע שוידערליכע בעהאנדלונג און פונקט דיזעלביגע צבויאצקע גע־שרייען אויף א ווילע פון דער „סענזאציע־ליטעראטור." אבער דער שרעקליכער וואוקס פון הונגער־טויט ("deaths by starvation")

[107] אין ענגלאנד איז אלעמאל איינגעשלאסען וועלס, אין גרויט־בריטא־ניען — ענגלאנד, וועלס און שאטלאנד, אין פעראייניגטען קיניגרייך — יענע דריי לענדער און אירלאנד.

אין לאָנדאָן, אין משך פון די לעצטע 10 יאָהר, בעוויזט בלי ספק דעם וואקסענדען שווידער, וואָס די ארבייטער פיהלען צו דער שקלאווערייי פון דעם „וואָרק הויז", אָט דעם שטראָף־אַנ־שטאַלט פון עלענד.[108]

## ב) די שלעכט־בעצאָהלטע שיכטען פון דעם בריטישען אינדוסטריעלען אר־בייטער־קלאס.

לאָמיר איצט בעטראַכטען די שלעכט־בעצאָהלטע שיכטען פון דעם אינדוסטריעלען ארבייטער־קלאס. אין דער צייט פון דער באוועל־נויט, אין 1862, איז דר. סמיטה פון דעם פּריווי־קאונסיל בעאויפטראגט געוואָרן צו אונטערזוכען דעם ערנעהרונג־צושטאנד פון די נויט־ליידענדע באוועל־ארבייטער אין לאַנקאַשיר און טשעשיר. אַ לאַנגיעהריגע פריהערדיגע בעאָבאַכטונג האָט איהם גע־פיהרט צום רעזולטאַט, אַז „כדי צו פערמיידען הונגער־קראַנקהייטען" מוז די טעגליכע נאהרונג פון אַ דורכשניטס פּרויענצימער ענטהאַלטען מינדעסטענס 3,900 גראַן קויהלען־שטאָף מיט 180 גראַן שטיק־שטאָף, די טעגליכע נאהרונג פון אַ דורכשניטס מאַן — 4,300 גראַן קויהלען־שטאָף מיט 200 גראַן שטיק־שטאָף: ד. ה. פאַר פרויענצימער אומגעפעהר אַזויפיעל נאהרונג־שטאָף וויפיעל עס געפינט זיך אין 2 פונט גוטען ווייצען־ברויט, און פאַר מענער מיט 1/9 מעהר; דער וועכענטליכער דורכשניט פאַר דערוואקסענע מע־נער און פרויען — וועניגסטענס 28,600 גראַן קויהלען־שטאָף און 1330 גראַן שטיק־שטאָף. זיין חשבון איז פּראַקטיש בעשטעטיגט געוואָרן אויף אַן איבערראשענדען אופן, דורכדעם וואָס ער האָט געשטימט מיט דער טרויעריגער סומע נאהרונג, אויף וועלכער דער

[108] עס וואַרפט אַ בעזונדער ליכט אויף דעם פאָרטשריט, וואָס איז גע־מאַכט געוואָרן זינט אַדאַם סמיטה'ס צייט, אַז דאָס וואָרט „וואָרקהויז" וואָס ווערט היינט בעצייכענט אַלס אַ הויז פאַר ארימע לייט, האָט ער, סמיטה, נאָך בענוצט אין דעמזעלביגען זין ווי מאַנופעקטאָרי. צום ביישפּיעל אין אנהויב פון זיין קאַפּיטעל וועגען דער צוטיילונג פון דער ארבייט זאָגט ער: "those employed in every different branch of the work can often be collected into the same workhouse."

נויט־צושטאַנד האָט אַרונטערגעדריקט די קאָנזומציאָן פון די באַ־וועל־אַרבייטער. אין דעצעמבער 1862 האָבען זיי בעקומען 29,211 גראַן קויהלען־שטאָף און 1295 גראַן שטיק־שטאָף וועכענטליך.

אין יאָהר 1863 האָט דער פּריווי קאונסיל בעפוילען צו מאַ־כען אַן אונטערזוכונג וועגען דעם נויט־צושטאַנד פון דעם אַם־ערגי־סטען גענעהרטען טייל פון דעם ענגלישען אַרבייטער־קלאַס. דר. סיימאָן, דער ערצטליכער בעאַמטער פון פּריווי קאונסיל, האָט אויסגעקליבען פאַר דער אַרבייט דעם פריהער־דערמאָנטען דר. סמיטה. זיין אונטערזוכונג האָט זיך אויסגעשפּרייט פון איין זייט אויף די אַגריקולטור־אַרבייטער, און פון דער אַנדער זייט אויף די זייד־וועבער, נעהטאָרקעס, לעדער־האַנדשוה מאַכער, זאָקען־שטרי־קער, האַנדשוה־וועבער און שוסטער. די לעצטע קאַטעגאָריען, אַ חוץ די זאָקען־שטריקער, זיינען אויסשליסליך שטאָדטישע אַרביי־טער. עס איז געמאַכט געוואָרען פאַר אַ רעגעל אין דער אונטער־זוכונג אויסצוקלייבען פון יעדער קאַטעגאָריע די געזינטעסטע פאַ־מיליעס און די וואָס האָבען זיך געפונען אין די פערהעלטניסמעסיג בעסטע אומשטענדען.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס אַן אַלגעמיינער רעזולטאַט, אַז „נאָר אין איינעם פון די אונטערזוכטע קלאַסען פון די שטאָדטי־גע אַרבייטער איז די סומע שטיק־שטאָף געוועזען עפּעס מעהר ווי דער אַבסאָלוטער מינימום, אונטער וועלכען עס קומען פאָר הונ־גער־קראַנקהייטען; אַז אין צוויי קלאַסען איז געווען אַ מאַנגעל — אין איינעם פון די צוויי זעהר אַ גרויסער מאַנגעל אין נאַהרונג, וואָס ענטהאַלט שטיק־שטאָף, אַזוי גוט ווי קויהלען־שטאָף. וואָס געהערט די אונטערזוכטע פאַמיליען פון דער אַגריקולטור־בעפעלקערונג, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מעהר ווי אַ פינפטעל האָבען בעקו־מען ווייניגער איידער די אַבסאָלוט־נויטיגע סומע קויהלען־שטאָף נאַהרונג, מעהר ווי אַ דריטעל האָבען געקריגען ווייניגער ווי די אַבסאָלוט־נויטיגע סומע שטיק־שטאָף נאַהרונג, און אַז אין דריי גראַפשאַפטען (בערקשיר, אָקספאָרדשיר און סאָמערסעטשיר) האָט דורכשניטליך געהערשט אַ מאַנגעל אין דעם מינימום פון די שטיק־שטאָף ענטהאַלטענע שפּייזען.‟[109] צווישען די אַגריקולטור־אַרביי־

[109] „פּאַבליק העלטה‟, 6טער רעפּאָרט פאַר 1863, לאָנדאָן 1864, ז. 13.

טער זיינען געוועזן די וואָס פון ענגלאַנד, דעם רייכסטען טייל פון דעם פּעראַייניגטען קיניגרייך, ערגער געשפּייזט איידער די איבער־יגע.[110] דער מאַנגעל אין שפּייז צווישען די אַגריקולטור־אַרביי־טער איז בדרך כלל געפאַלען דערהויפּט אויף די פרויען און קינדער, וואָרים „דער מאַן מוז עסען, כדי צו קאָנען טהאָן זיין אַרבייט." נאָך אַ גרעסערער מאַנגעל האָט געהערשט צווישען די אונטערדריקטע שטאָדטישע אַרבייטער־קאַטעגאָריען. „זיי ווערן אַזוי שלעכט געשפּייזט, אַז עס מוז פאָרקומען צווישען זיי אַ סך פאַלען פון גרויזאַמער דחקות, וואָס רואינירט דאָס געזונד." (אָט דאָס איז די ריכטיגע „ענטזאַגונג" פון דעם קאַפּיטאַליסט! ד. ה. זיין ענט־זאַגונג צו צאָהלען גענוג אויף די אַבסאָלוט־נויטיגסטע לעבענס־מיטלען קוים צו דערהאַלטען דאָס לעבען פון זיינע אַרבייטס־הענט!)[111]

די פאָלגענדע טאַבעלע צייגט דעם נאַהרונגס־צושטאַנד פון די אויבען־דערמאָהנטע ריין־שטאָדטישע אַרבייטער־קאַטעגאָריען אין פערגלייך מיט דעם פון דר. סמיטה אָנגענומענעם מינימום און מיט דער מאָס שפּייז, וואָס די באַוועל־אַרבייטער האָבען גע־האַט אין דער צייט פון זייער גרעסטער נויט:[112]

| ביידע געשלעכטער | וועכענטליכער דורכשניט פון שטיק־שטאָף גראַן | וועכענטליכער דורכשניט פון קויהלען־שטאָף גראַן |
|---|---|---|
| 5 שטאָדטישע געשעפט־צווייגען | 28,876 | 1192 |
| אַרבייטלאָזע לאַנקאַשיר פאַב־ריק־אַרבייטער — — — — — | 29,211 | 1295 |
| מינימום פאָרגעשלאַגען פאַר די לאַנקאַשיר אַרב. פאַר אַ גליי־כער צאַהל מענער און פרויען | 28,600 | 1330 |

אַ העלפט, $^{60}/_{125}$, פון די אונטערדריקטע אינדוסטריעלע אַר־

[110] דאָרט גופא, ז. 17.
[111] ד. ג. ז. 13.
[112] ד. ג. אַנהאַנג; ז. 232.

בייטער קאַטעגאָריען האָט אבסאָלוט ניט געהאַט קיין ביער, 28 פּראָצענט האָט ניט געהאַט קיין מילך. דער וועכענטליכער דורכשניט פון פליסיגע נאַהרונג־מיטלען אין די פאַמיליעס האָט בעטראָפען פון 7 אונצען ביי די נעהטאָרענס ביז 24¾ אונצען ביי די זאָקען־שטריקער. די מעהרצאָהל פון די, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין מילך, זיינען בעשטאַנען פון די נעהטאָרקעס אין לאָנדאָן. די סומע ברויט־שטאָפען, וואָס איז פערצעהרט געוואָרן וועכענטליך, האָט בעטראָפען 7½ פונט ביי די נעהטאָרקעס און 11¼ פונט ביי די שוסטער, א טאָטאַלער דורכשניט פאַר דערוואַקסענע פון 9.9 פונט וועכענטליך. צוקער, סירופּ א. אז. וו. איז פערצעהרט געוואָרען — פון 4 אונצען וועכענטליך פאַר די לעדער־האַנדשוה מאַכער ביז 11 אונצען פאַר די זאָקען־שטריקער; דער טאָטאַל־דורכשניט פער וואָך פאַר אַלע קאַטעגאָריען האָט בעטראָפען 8 אונצען פאַר יעדען דערוואַקסענעם. דער גאַנצער וועכענטליכער דורכשניט פון פּוטער (פעטס א. אז. וו.) — 5 אונצען פאַר א דערוואַקסענעם. דער וועכענטליכער דורכשניט פון פלייש (שפּעק א. אז. וו.) האָט בעטראָפען פער דערוואַקסענעם פון 7½ אונצען ביי די זייד־וועבער ביז 18¼ אונצען ביי די לעדער־האַנדשוה מאַכער; דער גאַנצער דורכשניט פאַר די פערשיידענע קאַטעגאָריען — 12⁶/₁₀ אונצען. די וועכענטליכע קאָסטען פאַר נאַהרונג פער דערוואַקסענעם האָבען געגעבען די פאָלגענדע אַלגעמיינע דורכשניט־צאָהלען: זייד־וועבער 2 שילינג 2½ פענס, נעהטאָרקעס 2 שילינג 7 פענס, לעדער־האַנדשוה מאַכער 2 שילינג 9½ פענס, שוסטער 2 שילינג 7¾ פענס, זאָקען־שטריקער 2 שילינג 6¼ פענס. פאַר די זייד־וועבער פון מאַקלעספּיעלד האָט בעטראָפען דער וועכענטליכער דורכשניט נאָר 1 שילינג 8½ פענס. די אַם־ערגסטען גענעהרטע קאַטעגאָריען זיינען געווען די נעהטאָרקעס, די זייד־וועבער און די לעדער־האַנדשוה מאַכער.[113]

דר. סיימאָן אין זיין אַלגעמיינעם געזונדהייט־בעריכט זאָגט וועגען אָט דעם נאַהרונג־צושטאַנד: „אז עס זיינען פאַראַן פאַלען אָהן א שיעור, אין וועלכע א מאַנגעל אין נאַהרונג פעראור־

[113] דאָרט גופא, ז. 232, 233.

...ווּיסע קראַנקהייטען אָדער פֿערערגערט זיי, קאָן בעשטע־
...ווערן פון יעדען איינעם, וואָס איז בעקאַנט מיט דער „פאָר־
...ן" מעדיצינישער פראַקסיס, אָדער מיט פּאַציענטען פון די שפּי־
טאַלען און קליניקס. . . . פון אַ סאַניטאַרען שטאַנדפּונקט אָבער
קומט דאָ צו נאָך אַ זעהר וויכטיגער אומשטאַנד. . . . מען מוז
נערדענקען, אַז מאַנגעל אין שפּייז איז די לעצטע זאַך, וואָס מען־
שען ווע‍לען פערטראָגען, און אַז בדרך כלל קומט אַ גרויסע אָרימ־
קייט אין נאַהרונג נאָר ווען זיי האָבען שוין פריהער געליטען דחקות
אין אַנדערע זאַכען. אַ צייט פריהער איידער דער שפּייז־מאַנגעל
ווערט אַ היגיענישער פּראָבלעם, אַ צייט פריהער איידער דער
פיזיאָלאָג דענקט צו צעהלען די גראַנען שטיק־שטאָף און קויה־
לען־שטאָף, וואָס ליעגען צווישען לעבען און הונגער־טויט, איז
שוין פון הויז פערשוואונדען יעדעס ברעקעל מאַטעריעלער וואויל־
שטאַנד. קליידונג און בעהייצונג האָבען שוין געמוזט זיין נאָך
מעהר בצמצום איידער שפּייז; קיין גענינגענדע בעשיצונג אַנטקע־
גען די שטרענגקייט פון וועטער; אַן ענגשאַפט אין וואוין־צימער
ביז אַזאַ שטופע, וואָס רופט אַרויס קראַנקהייטען אָדער פערער־
גערט זיי; קיין שפּור ניט כמעט פון הויז־געשיר אָדער מעבעל;
אפילו אויפצוהאַלטען ריינליכקייט האָט שוין געמוזט ווערן צו־
קאָסטשפּיעליג אָדער צו־שווער, און אויב עס ווערט נאָך פּרו־
בירט אויס זעלבסט־אַכטונג פיעל־וועניג זי אויפצוהאַלטען, שטעלט
יעדער פערזוך אַזעלכער מיט זיך פאָר נאָך מעהר פּייניגונג פון
הונגער. די היים וועט זיין דאָרט וואו מען קאָן די הויז־בעשי־
צונג קריגען צום ביליגסטען, אין געגענדען וואו די סאַניטאַרע אי־
בערזיכט ברענגט די קלענסטע רעזולטאַטען: די וועניגסטע אָב־
צוג־קאַנאַלען, דאָס וועניגסטע שמוץ־אָבפיהר, די קלענסטע אונ־
טערדריקונג פון עפענטליכער אונערטרעגליכקייט, דער וועניגסטער
אָדער ערגסטער וואַסער־צופיהר, און אויב די היים איז אין שטאָדט
— דאָס וועניגסטע ליכט און לופט. דאָס זיינען די געזונדהייט־
נעפאַהרען, צו וועלכע אָרימקייט איז אויסגעזעצט כמעט אונפער־
מיידליך, ווען די אָרימקייט איז גרויס גענוג, אַז עס קומט שוין
צו מאַנגעל אין נאַהרונג. און בעת דער סך הכל פון די אַלע
צרות ווירקט געוויס אַזוי שווידערהאַפט אויפ'ן לעבען, האָט דער
שפּייז־מאַנגעל אַליין פאַר זיך אַ זעהר ערנסטע ווירקונג. . . .

דאָס זיינען פיינליכע געדאַנקען, דערהויפּט ווען מען האָט אין זין, אַז די אָרימקייט, וועגען וועלכער עס רעדט זיך דאָ, איז ניט די זעלבסט־פערשולדיגטע אָרימקייט פון פוילענצעריי. עס רעדט זיך אין אַלע פאַלען וועגען דער אָרימקייט פון דער אַרבייטער־בעפעל־קערונג. נאָך מעהר, וואָס איז שייך די פאַבריק־ און הויז־אַר־בייטער, איז זייער אַרבייט, וועלכע גיט זיי אַזאַ קאַרגען ביסען ברויט, דאָס רוב אויסגעצויגען איבער דער מאָס. און פונדעסט־וועגען איז קלאָר, אַז עס קאָן קוים הייסען, זיי מאַכען אַ לעבען פון זייער אַרבייט. . . . זייער נאָמינעלע זעלבסט־ערהאַלטונג קאָן אין אַ זעהר גרויסער מאָס ניט מעהר זיין ווי אַ קירצערער אָדער לענגערער אומוועג צום פּאָופּעריזם.״[114]

דער ענגער צוזאַמענהאַנג צווישען דעם הונגער־פּיין פון די פלייסיגסטע אַרבייטער־שיכטען און דער פערשווענדערישער, גראָ־בער אָדער ראַפינירטער קאָנזומציאָן פון די רייכע, וואָס איז בע־גרינדעט אויף דער קאַפּיטאַליסטישער אַקומולאַציע, דעקט זיך אויף נאָר ווען מען איז בעקאַנט מיט די עקאָנאָמישע געזעצען. ניט אַזוי מיט דעם וואוינונג־צושטאַנד. יעדער אונפּאַרטייאישער בע־אָבאַכטער זעהט, אַז וואָס גרעסער עס איז די צענטראַליזאַציע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אַלץ גרעסער איז די צונויפדריקונג פון די אַרבייטער אין אַ קליינעם רוים, און דעריבער וואָס שנעלער עס איז די קאַפּיטאַליסטישע אַקומולאַציע, אַלץ טרויעריגער איז דער צושטאַנד פון די וואוינונגען פון די אַרבייטער. די „פערבעסערונ־גען״ פון די שטעדט, וואָס בעגלייטען דעם וואוקס פון רייכטום, דורכדעם וואָס עס ווערן אַרונטערגענומען די שלעכט־געבויטע קוואַרטאַלען און עס ווערן אויפגעבויט פּאַלאַצען פאַר באַנקען, מאַגאַזינען א. אַז. וו., וואָס די גאַסען ווערן אויסגעברייטערט פאַר דעם געשעפט־פערקעהר און רייכע געשפּאַנען און פאַר דעם איינ־פיהר פון שטאָדטישע אייזענבאַהנען א. ד. ג., — דאָס פערטרייבט די אָרימע אין אַלץ־ערגערע און געדיכטער אָנגעפילטע געסלעך. פון דער אַנדער זייט ווייס יעדערער, אַז די טייערקייט פון די וואוינונגען שטעהט אין אַ פערקעהרטער פּראָפּאָרציע צו זייער גוטסקייט, און אַז די מינען פון עלענד ווערן עקספּלואַטירט פון

[114] ראָרט גופא, ז. 14, 15.

די הייזער־ספּעקולאַנטען מיט מעהר פּראָפיט און וועניגער קאָסטען, איידער די זילבער־מינען פון פּאָטאָזי.

דער אַנטאַגאָניסטישער כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַקומולאַציע און פאָלגליך פון דער קאַפּיטאַליסטישער אייגענטום־שייכות בכלל,[115] איז דאָ אַזוי קלאָר פון אויבען־אויף, אַז אפילו די אָפיציעלע ענגלישע בעריכטען וועגען דעם ענין זיינען פול פון אַפּיקורסישע אָנפאַלען אויף דעם „אייגענטום און זיינע רעכטען.“ מיט דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, דער אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל, מיט דעם וואוקס און דער „פערשעהנערונג“ פון די שטעדט, וואַקסט דער צרה'דיגער צושטאַנד אַזוי שטאַרק, אַז פּשוט די מורא פאַר אָנשטעקענדע קראַנקהייטען, וועלכע שאָנעווען ניט אפילו די „פּני“, האָט אין די יאָהרען פון 1847 ביז 1864 אַרויסגערופען אין לעבען ניט וועניגער ווי צעהן סאַניטאַרע פּאַרלאַמענט־אַקטען, און די איבערגעשראָקענע בורזשואַזיע פון איינינגע שטעדט, ווי ליווערפּול, גלאַזגאָו א. אַז. וו. האָבען דורכגעפיהרט שטרענגע מיטלען דורך זייערע מוניציפּאַליטעטען.

פונדעסטוועגען זאָגט דר. סיימאָן אין זיין בעריכט פון 1865: „בכלל גערעדט, זיינען אָט די שלעכטע צושטאַנדען אין ענגלאַנד ניט אונטערוואָרפען אונטער קיין אויפזיכט.“ אויפ'ן בעפעהל פון דעם פּריווי־קאָונסיל איז אין 1864 פאָרגעקומען אַן אונטערזוכונג וועגען די וואוינונג־צושטאַנדען פון די לאַנד־אַרבייטער און אין 1865 וועגען די וואוינונגען פון די אָרימערע קלאַסען אין די שטעדט. דר. דזשוליאַן האָנטער'ס מייסטערהאַפטע אַרבייטען קאָן מען געפינען אין 7טען און 8טען בעריכט (1865) וועגען „פּאָבליק העלטה“. צו די לאַנד־אַרבייטער וועל איך קומען שפּעטער. וועגען דעם שטאָדטישען צושטאַנד פון וואוינונגען ציטיר איך בתורת הקדמה דר. סיימאָן'ס אַן אַלגעמיינע בעמערקונג: „הגם מיין אָפיציעלער שטאַנדפּונקט — זאָגט ער — איז אויסשליסליך

---

[115] „אין ערגעץ זיינען די רעכטען פון דער פּערזאָן ניט אַזוי אָפען און שענדליך געאָפּפערט געוואָרען צו דעם רעכט פון אייגענטום, ווי בנוגע די וואוינונגען פון דעם אַרבייטער־קלאַס. יעדע שטאָדט קאָן בעטראַכט ווערען ווי אַ פּלאַץ פון מענשען־אָפּפערונג, אַ מזבח, אויף וועלכען טויזענדער ווערען יעהרליך אויסגעשלאַכטעט צו דעם מאַלאָך פון געלד־גייציגקייט.“ (ס. לעינג, „נאַשיאָנאַל דיסטרעס“, 1844, ז. 150.)

אן ערצטליכער, דאך פאדערט די געוועהנליכע הומאניטעט מען זאל ניט איגנארירען אויך די אנדער זייט פון אט דער צרה. . . . די ענגקייט אין די וואוינונגען, אין איהרע העכערע גראדען, שליסט איין כמעט נויטיגערווייז אזא פערלייקענונג פון יעדען צארטען גע־פיהל, אזא שמוציגע צונויפמישונג פון קערפערס און קערפערליכע פונקציעס, אזא אויפדעקונג פון אנימאלע און געשלעכטליכע נא־קעטקייט, וועלכע איז מעהר טהיעריש איידער מענשליך. זיין אונטערווארפען אונטער אזוינע איינפלוסען איז א דערנידערונג, וועלכע ווערט אלץ טיעפער און טיעפער, וואס לענגער זי ווירקט. פאר די קינדער, וועלכע ווערן געבארן אונטער אט דער קללה, מוז זי אפט זיין א ריכטיגע טבילה אין נידערטרעכטיגקייט (baptism of infamy). און עס איז גאר ניט משער צו זיין ווי האפנונגסלאז איז דער וואונש, אז פערזאנען, וועלכע געפינען זיך אין אזוינע אומשטענדען, זאלען אין אנדערע הינזיכטען ווען עס איז שטרעבען צו אן אטמאספערע פון ציוויליזאציע, וואס איהר עצם בעשטעהט אין פיזישער און מאראלער ריינקייט.״[116]

לאנדאן פערנעהמט דעם ערשטען ראנג אין איבערגעפאקטע וואוינונגען, וועלכע זיינען אבסאלוט אונמעגליך פאר מענשען צו לעבען אין זיי. „צוויי פונקטען — זאגט דר. האנטער — זיינען זיכער; ערשטענס, אז עס זיינען פאראן אומגעפעהר 20 גרויסע קאלאניעס, פון אן ערך 10,000 פערזאן אין יעדערער, וואס זייער טרויעריגע לאגע שטייגט אריבער כמעט אלץ וואס ער האט אמאל געזעהן אין וועלכען עס איז אנדער פלאץ אין ענגלאנד, און זי איז כמעט אינגאנצען דער רעזולטאט פון דעם שלעכטען צושטאנד פון זייערע וואונונגען; און צווייטענס, אז דער איבערגעפאקטער און חרוב׳ער צושטאנד פון די הייזער פון אט די קאלאניעס איז איצטער א סך ערגער איידער ער איז געווען מיט 20 יאהר צוריק.״[117] „עס איז

---

[116] "Public Health." 8th Peport, London 1866, p. 14 n

[117] דארט גופא, ז. 89. בנוגע די קינדער אין די דאזיגע קאלאניעס זאגט דר. האנטער: „עס איז קיינער ניטא אונז צו דערצעהלען, ווי אזוי קינדער זיינען אויסגעהאדעוועט געווארן איידער אט די געדיכטע צונויפפרעסונג פון ארימע האט זיך אנגעפאנגען, און ער וואלט געווען א בריה א נביא, דער וואס וואלט זיך אונטערגענומען פאראויסצוזאגען וואסער אויפפיהרונג מען קאן דערווארטען פון קינדער, וועלכע מאכען איצט דורך, אונטער צושטענדען,

ניט איבערטריבען, ווען מען זאגט, אז דאס לעבען אין געוויסע טיילען פון לאנדאן און ניוקאסעל איז פשוט א גיהנום."[118]

דער טייל ארבייטער, וואס געפינט זיך אין א בעסערער לאגע, צוזאמען מיט די קליינע קרעמער און אנדערע עלעמענטען פון דעם נידעריגען מיטעל־קלאס, פאלען אין לאנדאן אויך ארונטער אלץ מעהר און מעהר אונטער דער קללה פון די דאזיגע עקעלהאפטיגע וואוינונג־צושטאנדען, אין דעם ערך וואס עס וואקסען די „...ער־בעסערונגען" און צוזאמען מיט זיי דאס ארונטעררייסען פון אל־טע גאסען און הייזער, דאס בויען פון אלץ מעהר פאבריקען און דאס ארײנשטראמען פון מעהר מענשען אין דער הויפטשטאדט ; און ענדליך, וואס טייערער דאס דירה־געלד ווערט מיט דעם שטיי־גען פון דער שטאדטישער גרונד־רענטע. דירה־געלד איז געשטיגען אזוי הויך, אז ווייניג ארבייטער קאנען בעהויפטען מעהר ווי איין צימער."[119] עס איז כמעט ניטא קיין לאנדאנער הויז־אייגענטום, וואס דארף ניט אויסהאלטען א גאנצע צאהל „מידדלמען" [אגענ־טען־פערמיטלער]. דער פרייז פון באדען אין לאנדאן שטעהט אלעמאל זעהר הויך אין פערגלייך צו זיין יעהרליכער איינקונפט, ווייל יעדער קויפער ספעקולירט צו פערקויפען איהם פריהער אדער שפעטער פאר א „דזשורי־פרייז" (דעם פרייז וואס געשווארענע בעשטימען בעת די שטאדט עקספראפריאירט דעם באדען פאר איהרע צוועקען), אדער צו קאנען אויסשווינדלען אן אויסערגע־וועהנליך הויכען פרייז, צוליעב דעם וואס דערביי געפינט זיך עפעס א גרויס געשעפט־הויז. דער רעזולטאט דערפון איז א רע־געלמעסיגער מסחר אין איינקויפען הויז־קאנטראקטען, וואס זייער טערמין געהט באלד אויס. „פון די „דזשענטעלמען" אין את דעם געשעפט קאן מען ניט דערווארטען זיי זאלען האנדלען אנדערש ווי זיי האנדלען — ארויסצושלאגען וויפיעל זיי קאנען פון די איינוואוי־

וואס האבען קיין גלייכען ניט אין דעם לאנד, או ערציהונג אלס מיטגליעדער פון די געפעהרליכע קלאסען, זיצענדיג ביז האלבע נאכט מיט פערזאנען פון יעדען עלטער, האלב נאקעט, שכור, שמוציג און צאנק־ריש." (ד. ג. ז. 56 .

[118] ד. ג. ז. 62

[119] 'Report of the Officer of Health of St. Martin's in the Fields," 18..

נער און איבערלאזען דאס הויז אליין פאר זייערע נאכפאלגער אין אזא אבגעלאזטען צושטאנד ווי נאר מעגליך."[120]

די דירה־געלד ווערט געצאהלט וועכענטליך און די דאזיגע הערדען טראגען ניט קיין ריזיקע. אלס רעזולטאט פון בויען אייזענבאהנען אין דער שטאדט, „האט מען ניט לאנג צוריק געזעהן אין מזרח־טייל פון לאנדאן א צאהל פאמיליען, וועלכע זיינען ארויסגעטריבען געווארן פון זייערע וואוינונגען, ארומוואנדערנדיג א שבת אווענד, שלעפענדיג זייער גאנצען האב און גוטס אויפ'ן רוקען, און ניט געפינענדיג קיין רוה־פלאץ א חוץ אין ווארק־הויז."[121] די „ווארק־האוזעס" זיינען שוין איבערגעפאקט און די „פערבעסערונגען", וואס דער פארלאמענט האט שוין בעוויליגט, הויבט מען נאך ערשט אן איינצופיהרן. ווען די ארבייטער ווערן ארויסגעטריבען דורך דער צערשטערונג פון זייערע אלטע הייזער, פערלאזען זיי ניט זייער אלטען קירכען־בעצירק, אדער העכסטענס בעזעצען זיי זיך אזוי נאהענט צו איהם ווי מעגליך. „זיי זוכען נאטירליך צו וואוינען אזוי נאהענט ווי מעגליך צו זייערע ארבייט־פלעצער. דער רעזולטאט איז, אז אנשטאט צוויי צימערן מוז א פאמיליע זיך בענוגענען מיט איין צימער. צאהלענדיג אפילו העכערע דירה־געלד קריגען זיי אן ערגערע וואוינונג איידער די שלעכטע, פון וואנען מען האט זיי פערטריבען. א העלפט פון די ארבייטער פון סטראנד מוזען צוויי מייל געהן צו־פוס צו זייער ארבייט־פלאץ."

אט דערזעלביגער סטראנד, וואס זיין הויפט דורכפאהר־גאס מאכט אויף א פרעמדען אן אימפאזאנטען איינדרוק פון דעם רייכטום פון לאנדאן, קאן דיענען פאר אביישפיעל, ווי ענג מענשען זיינען אנגעפאקט אין לאנדאן. אין איינער פון זיינע קירכע־גע־מיינדען האט דער געזונדהייט־בעאמטער אנגעצעהלט 581 פערזאן פער אקער, שוין אריינרעכענענדיג אין דעם א העלפט פון דער ברייט פון דער טהעמזע.

עס פערשטעהט זיך פון זיך אליין, אז יעדער סאניטארער מיטעל, וועלכער פעריאגט די ארבייטער פון איין קווארטאל, ווי

[120] „פובליק העלטה", 8טער ראפארט, לאנדאן 1866, ז. 91.
[121] דארט גופא, ז. 88.

עס איז ביז איצט געווען דער פאַל אין לאָנדאָן, ארונטעררייסענדיג די אומגעזונטע הייזער, האָט נאָר די פעולה, וואָס ער קוועטשט זיי צוזאַמען נאָך גערדיכטער ווי פריהער אין אַנאַנדער קוואַרטאַל. „ענטוועדער מוז די גאַנצע פּראָצעדור — זאָגט דר. האָנטער — נויטיגערווייז אָבגעשטעלט ווערן אַלס אַן אונזין, אָדער די עפענטליכע סימפּאַטיע (!) זאָל טיכטיג דערוועקט ווערן צו טהאָן דאָס, וואָס מען מעג איצט אָהן גוזמא אָנרופען אַ נאַציאָנאַלע פליכט: צו בעזאָרגען וואוינונגען פאַר די, וועלכע קאָנען זיך אַליין ניט פערזאָרגען, ווייל זיי האָבען ניט קיין קאַפּיטאַל, אָבער וואָלטען געקאָנט פּעריאָדיש אויסצאָהלען די סומע, וואָס אַנדערע וועלען אויסלעגען פאַר זיי."[122] די קאַפּיטאַליסטישע גערעכטיגקייט איז פּשוט צו בעוואונדערן! דער גרונד־אייגענטימער, דער אייגענטימער פון אַ הויז, דער געשעפטסמאַן, ווען ער ווערט עקספּראָפּריאירט דורך „אימפּרואוומענטס", דהיינו ווען מען לעגט אויס אַן אייזענבאַהן אָדער מען דאַרף דורכשניידען אַ גאַס א. ד. ג. — איהם איז ניט גענוג אַ פאָלשטענדיגע פערגיטיגונג. ער מוז קריגען פאַר זיין געצוואונגענער „אַבסטינענץ", אין נאָמען פון גאָט און געזעץ, אַ גאַנץ געשמאַקען פּראָפיט אריבער און אריבער דעם ווערטה פון זיין אייגענטום. דער ארבייטער אָבער ווערט ארויסגעוואָרפען מיט פרוי און קינד, האָב און גוטס אויפ'ן גאַס, און אויב ער שפּאַרט אַן אין צו־גרויסע מאַסען אין אַזוינע שטאָדט־קוואַרטאַלען, וואו די געמיינדע וויל אויפהאַלטען אַן אָנשטענדיגען אויסזעהן — ווערט ער פערפאָלגט אין נאָמען פון סאַניטאַרע פאָדערונגען!

אָנהויב 19טען יאָהרהונדערט איז אין גאַנץ ענגלאַנד ניט געווען קיין איינציגע שטאָדט אַ חוץ לאָנדאָן מיט 100,000 איינוואוינער. נאָר פינף שטעדט האָבען געצעהלט מעהר ווי 50,000. איצט עקזיסטירן 28 שטעדט מיט מעהר ווי 50,000 איינוואוינער. „דער רעזולטאַט פון אָט דער ענדערונג איז ניט נאָר אַן אונגעהויערער וואוקס פון דער שטעדטישער בעפעלקערונג, נאָר די אַלטע געדיכט־געפּאַקטע קליינע שטעדט זיינען איצטער צענטערס, וואָס זיינען ארומגעבויט פון אַלע זייטען און האָבען ניט קיין פרייען צוטריט פון לופט; און אַזוי ווי זיי זיינען ניט מעהר אָנ־

[122] דאָרט גופא, ז. 89.

גענעהם פאר די רייכע, קלייבען זיך די רייכע פון זיי ארויס און בעזעצען זיך אין די שעהנע פארשטעדט. די נאכפאלגער פון די דאזיגע רייכע ציהען אריין אין די גרעסערע הייזער, א גאנצע פא־מיליע אין יעדען צימער, אפט נאך האלטענדיג „בארדערס“ (קאָסטגייערס). אזוי ווערט א בעפעלקערונג אריינגעשפארט אין הייזער, וואס זיינען ניט בעשטימט געווארן פאר איהר און זי פאסט ניט פאר זיי, און דורכדעם ווערט געשאפען אן אומגע־בונג, וועלכע איז א דערנידערונג פאר די דערוואקסענע און א רו־אינירונג פאר די קינדער„.123.

וואס שנעלער דער קאפיטאל ווערט אקומולירט אין א אינ־דוסטריעלער אדער קאמערציעלער שטאדט, אלץ שנעלער איז דער צושטראם פון דעם עקספלואטירבארען מענשליכען מאטעריאל, אלץ עלענדער זיינען די אויף־שנעל צונויפגעשטעלטע וואוינונגען פון די ארבייטער.

ניו־קאסל־אן־טאין, אלס דער צענטער פון א קויהלען־ און אייזען־דיסטריקט, וואס ווערט אלץ מעהר פראדוקטיוו, פערנעהמט דעריבער נאך לאנדאן דעם צווייטען פלאץ אין דעם וואוינונג־גיהנום. ניט וועניגער ווי 34,000 מענשען וואוינען דארט אין איינציגע צימערן. צוליעב זייער אבסאלוטער געפאהר פאר דער געמיינדע זיינען אין ניו־קאסעל און גייטסהעד א סך הייזער ארונ־טערגעריסען געווארן ניט לאנג צוריק דורך דער פאליציי. בויע הייזער ווערן געבויט זעהר לאנגזאם, די געשעפטען וואקסען זעהר שנעל. די שטאדט איז דעריבער אין 1865 געווען נאך מעהר אי־בערפילט ווי ווען עס איז פריהער. עס איז כמעט קיין איינציגער צימער ניט געווען צו דינגען. דר. עמבלטאן פון דעם ניו־קאסעל פיעבער־ספיטאל זאגט: „עס איז קיין ספק ניט, אז די אורזאך פון דעם, וואס דער טיפוס האלט אזוי לאנג אן און פערשפרייט זיך אלץ מעהר, ליעגט אין דער ענגשאפט און אומריינליכקייט פון די מענשליכע וואוינונגען. וואס איז שייך צו ליכט, לופט, רוים און ריינליכקייט זיינען די דאזיגע וואוינונגען אמת'ע מוסטערס פון דחקות און אומגעזונדקייט, א חרפה פאר יעדען ציוויליזיר־טען לאנד. מענער, פרויען און קינדער ליעגען דארט ביי נאכט

123 דארט גופא, ז. 56,55.

אנגעווארפען איינע אויף די אנדערע. די מענער פון דער נאכט־שיכט קומען גלייך נאך דער טאג־שיכט און די טאג־שיכט גלייך נאך דער נאכט־שיכט אין א שטענדיגען שטראם, אזוי אז די בעטען קאנען זיך קוים אבקיהלען. די הייזער האבען ניט גענוג וואסער און נאך וועניגער קלאזעטען; שמוציג, ניט־ווענטעלירט, פערפעסטעט."124 דער וואכען־פרייז פון אזוינע לעגער גרייכט פון 8 פענס ביז 3 שילינג. „ניו־קאסל־אן־טאין, זאגט דר. האנטער, בעווייזט א ביישפיעל פון איינעם פון די שעהנסטע שטאמען פון אונזערע לאנדסלייט, וועלכער דורך די אויסערליכע אומשטאנדען פון הויז און גאס, ווערט אפטמאל פערזונקען אין א כמעט־בארבארישער דעגראדאציע."125

אלס רעזולטאט פון דעם ווארפען זיך אהין און אהער פון קאפיטאל און ארבייט, קאן דער צושטאנד פון די וואוינונגען אין א אינדוסטריעלער שטאדט היינט זיין דערטרעגליך און מארגען ווידער ווערן אבשייליך. היינט האבען די שטאדטישע בעאמטע, וואס זיינען מומנה אויף געביידען, זיך מיט אמאל מישב געווען אבצושאפען די ערגסטע מיסברויכונגען. מארגען וואנדערט אריין, ווי א מחנה היישעריקען, א כאלאסטרע אבגעריסענע אירלענדער אדער געזונקענע ענגלישע ערד־ארבייטער. מען שטופט זיי אריין אין קעלערן און שטאלען אדער מען פערוואנדעלט אן אנשטענדיג ארבייטער־הויז אין א לאזשע־הויז, וואו דער פערסאנאל בייט זיך אזוי שנעל ווי די איינקווארטירונג פון די סאלדאטען אין דער צייט פון דעם 30־יאהריגען קריעג. מיר'ן נעהמען א ביישפיעל: בראדפארד. די בעלי בתים (געמיינדע־פיליסטער) זיינען דארט פונקט געווען פערנומען מיט שטאדטישע רעפארמען. דערצו זיינען אין 1861 געווען אין בראדפארד 1751 ניט־בעוואוינטע הייזער. מיט אמאל איז אנגעקומען אן אויפלעבונג פון די געשעפטען, וועגען וועלכער דער מילד־ליבעראלער נעגער־פריינד הערר פארסטער האט זיך אזוי שעהן צעקרעהט נאר ניט לאנג צוריק. מיט דער אויפלעבונג פון געשעפט איז, פערשטעהט זיך, געקומען אן איבערפלייצונג פון די כוואליעס פון דער שטענ־

124 דארט גופא, ז. 149.

125 דארט גופא, ז. 50.

דיג טרייבענדער „רעזערוו־ארמעע” אדער „רעלאטיווער איבער־בע־פעלקערונג.” די שוידערליכע קעלער־וואוינונגען און קאמערן, וואס זיינען פערצייכענט געווארן אין א רשימה, וועלכע דר. האנטער האט בעקומען פון אן אגענט פון א פערזיכערונגס־געזעלשאפט,[126] זיינען מעהרסטענטיילס בעוואוינט געווארן פון גוט־בעצאהלטע אר־בייטער. זיי האבען דערקלערט, אז זיי וואלטען גערן בעצאהלט פאר בעסערע וואוינונגען, ווען מען זאל זיי נאר קאנען קריגען. זיי זינקען דערווייל, ווערן איינער נאכ'ן אנדערן קראנק, בעת דער מילד־ליבעראלער פארסטער, מיטגליעד פון פארלאמענט, פערגיסט טרערען איבער די גליקען פון פריי־האנדעל און די פראפיטען פון די גרויסע קעפ פון בראדפארד, וועלכע האנדלען מיט טוך.

[126] די רשימה פון אן אגענט פון אן ארבייטער פערזיכערונגס־געזעלשאפט אין בראדפארד (ד. ג. ז. 111.):

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| וואולקאן סט. | נומער | 122 | 1 | צימער | 16 | פערזאן |
| לאמלעי סט. | ” | 13 | 1 | ” | 11 | ” |
| באוער סט. | ” | 41 | 1 | ” | 11 | ” |
| פארטלאנד סט. | ” | 112 | 1 | ” | 10 | ” |
| הארדי סט. | ” | 17 | 1 | ” | 10 | ” |
| נארטה סט. | ” | 18 | 1 | ” | 16 | ” |
| נארטה סט. | ” | 17 | 1 | ” | 13 | ” |
| ווימער סט. | ” | 19 | 1 | ” | 8 | דערוואקסענע |
| דזשאעט סט. | ” | 56 | 1 | ” | 12 | פערזאן |
| רזשארדזש סט. | ” | 150 | 1 | ” | 3 | פאמיליען |
| רייפל־קארט | ” | 11 | 1 | ” | 11 | פערזאן |
| מארשאל סט. | ” | 28 | 1 | ” | 10 | ” |
| מארשאל סט. | ” | 49 | 3 | ” | 3 | פאמיליען |
| דזשארדזש סט. | ” | 128 | 1 | ” | 18 | פערזאן |
| דזשארדזש סט. | ” | 130 | 1 | ” | 16 | ” |
| עדווארדס סט. | ” | 4 | 1 | ” | 17 | ” |
| יארק סט. | ” | 34 | 1 | ” | 2 | פאמיליען |
| סאלט פיי סט. | | | 2 | ” | 26 | פערזאן |
| דידזשענט סקווער | | | 1 | קעלער | 8 | ” |
| אקר סט. | | | 1 | ” | 7 | ” |
| ראבערטס קארט | נומער | 33 | 1 | ” | 7 | ” |
| בעקפראט סט., בענוצט אלס קופערשמיד־ווערקשטאט | | | 1 | ” | 7 | ” |
| בענעזער סט. | נומער | 27 | 1 | ” | 6 | ” |

אין דעם בעריכט פון 5טען סעפּטעמבער 1865 דערקלערט דר. בעלל, איינער פון די דאָקטוירים פאַר די אָרימע, אז די שרעקליכע שטערבליכקייט פון די פיעבער־קראַנקע אין זיין בעצירק קומט פון דעם צושטאַנד פון זייערע וואוינונגען. „אין איין קעלער פון 1,500 קוביק פוס וואוינען 10 פּערזאָן.... די ווינסענט סט., גרין עיר פּליים און דחי לעיז ענטהאַלטען 223 הייזער מיט 1450 איינוואוינער, 435 בעטען און 36 קלאָזעטען.... די בעטען — און אונטער דעם וואָרט פערשטעה איך יעדען פּאַק שמוציגע שמאַטעס אָדער קופּע סטרוזשקעס (הובעל־שפּענער) — האַלטען יעדע א דורכשניט פון 3.3 פּערזאָנען, אייניגע צו 5 און 6 פּערזאָן. א סך שלאָפען אָהן א בעט אויפ'ן היילען באָדען אין די זאכען, יונגע מענער און פרויען, פערהייראַט און ניט־פערהייראַט, אַלע צונויפגעוואָרפען אינאיינעם. עס איז איבעריג נאָך צוצולעגען, אז א סך פון אָט די וואוינונגען זיינען פינסטערע, נאַסע, שמוציגע און פער'עיפּוש'טע לעכער, וואָס זיינען אבסאָלוט ניט פּאַסיג פאַר מענשליכע וואוינונגען. זיי זיינען די צענטערס פון וואַנען עס ווערן פערשפּרייט קראַנקהייטען און טויט אויך צווישען די, וואָס געפינען זיך אין בעסערע אומשטענדען, און וועלכע דערלאָזען אָט די פערפּעסטעטע געשווירען צו אייטערן אין אונזער מיטען.״[127]

בריסטאָל פערנעהמט דעם דריטען פּלאַץ נאָך לאָנדאָן אין דעם עלענד פון איהרע וואוינונגען. „דאָ, אין איינער פון די רייכסטע שטעדט פון אייראָפּאַ — אַזויפיעל וויסטע אָרימקייט און הויזליכער עלענד.״[128]

## ג) דאָס וואַנדער־פאָלק. די מינעז־אַר־בייטער.

מיר קומען איצט צו א טייל מענשען, וואָס זייער אורשפּרונג איז פון דאָרפישער ערד־ארבייט, אָבער זייער בעשעפטיגונג איז אין א גרויסען טייל אינדוסטריעל. זיי זיינען די לייכטע אינפאַנטעריע פון קאַפּיטאַל, וועלכער וואַרפט זיי אַרום, לויט זיינע

[127] דאָרט גופא, ז. 144.

[128] דאָרט גופא, ז. 50.

בעדערפעניששן, באַלד אויף דעם פּונקט, באַלד אויף יענעם. ווען זיי זיינען ניט אויפ'ן מאַרש, שטעהען זיי אין לאַגער. די וואַנ־דער־אַרבייט ווערט פערברויכט פאַר פערשיידענע בוי־אָפּעראַציעס, קאַנאַליזירונגען, מאַכען ציעגעל, ברענען קאַלך, בויען אייזענבאַה־נען א. אז. וו. א פליהענדע ראָטע פון מגפות — ברענגט זי אין די ערטער, ארום וועלכע זי מאַכט איהר לאַגער, פּאָקען, טיפוס, כאָלעריע, סקאַרלאַטין א. אז. וו.[129] ביי אונטערנעהמונגען, וואו עס פאָדערט זיך א בעדייטענדער אויסלעג פון קאַפּיטאַל, ווי ביי בויען אייזענבאַהנען, פערשאַפט דאָס רוב דער אונטערנעהמער אליין פאַר זיין אַרמעע הילצערנע הייזלאַך און דערגלייכען, אויפ־שטעלענדיג אָט אזוי גאַנצע דערפער, אָהן וועלכע עס איז סאַני־טאַרע בעזאָרגונגען און וואָס האָבען ניט קיין אויפזיכט איבער זיך פון די לאָקאַלע בעהערדען. דער הערר אונטערנעהמער מאַכט דערביי א גוטען פּראָפיט, עקספּלואַטירענדיג זיי דאָפּעלט, אַלס אינדוסטריע־סאָלדאַטען און אַלס טענאַנטס [שכנים]. וויפיעל לעכער אזא הייזעל האָט, אזויפיעל שילינג א וואָך דאַרף צאָהלען דער שכן, ערד־גראָבער אָדער וואָס ער איז דאָרטען.[130]

איין ביישפּיעל וועט זיין גענוג. אין סעפּטעמבער 1864, בעריכטעט דר. סיימאָן, האָט דער פּאָרזיצענדער פון דער „ניוסענס רעמוּאוול קאָמיטע" [קאָמיטעט צו בעזייטיגען אומשטענדען, וואָס זיינען שעדליך פאַר'ן געזונד] פון דעם קירכען־בעצירק פון סע־ווענאָוּקס געשיקט די פאָלגענדע קלאַגע צו דעם מיניסטער דעם אינערן, סער דזשאָרדזש גרעי: „פּאָקען זיינען ביז אַן ערך א יאָהר צוריק געווען א גאַנץ אונבעקאַנטע קראַנקהייט אין אונזער בעצירק. א קורצע צייט פריהער האָט מען דאָ אָנגעהויבען בויען אַן אייזענבאַהן פון ליואישאַם צו טונברידזש. א חוץ דעם, וואָס די הויפּט־אַרבייטען ווערן געטאָן אין דער נאָהענטער נאַכבאַרשאַפט פון שטאָדט, איז דאָ אויך אויפגעבויט געוואָרן די הויפּט־דעפּאָ פון דעם גאַנצען ווערק, און פאָלגליך ווערן דאָ בעשעפטיגט א גרוי־סע צאָהל פּערזאָנען. אזוי ווי עס איז ניט געווען מעגליך אויפ־צובויען פאַר זיי אַלעמען קיין קאָטאַדזשעס, האָט דער אונטער־

---

[129] „פּאַבליק העלטה", 7טער ראַפּאָרט, לאָנדאָן 1865, ז. 18.

[130] דאָרט גופא, ז. 165.

נעהמער, הערר דזשיי, צונויפגעשלאגען הייזלעך, אין פערשיידענע פונקטען אויף דער גאנצער לענג פון דער באהן־ליניע, פאר זיינע ארבייטער צו וואוינען. די דאזיגע הייזלאך האבען ניט געהאט קיין ווענטילאציע, ניט קיין אבצוג־רעהרען און זיינען א חוץ דעם נויטיגערוויז איבערפילט, ווייל יעדער שכן האט געמוזט אויפנעהמען אנדערע לאזשירער, אפילו ווען זיין אייגענע פאמיליע איז א גרויסע, און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס אזא הייזעל האט ניט מעהר ווי צוויי צימערן. לויט דעם ערצטליכען בעריכט, וואס מיר האבען בעקומען, איז דער רעזולטאט געווען, אז די דאזיגע ארימע מענשען האבען ביי נאכט געמוזט אויסשטעהן אלע ליידען פון דערשטיקונג, כדי אויסצומיידען דעם פערפעסטעטען געשטאנק פון די שמוציגע שטעהענדע וואסערן און פון די קלאזעטען הארט אונטער זייערע פענסטער. ענדליך זיינען צו אונז אנגעקומען קלאגען פון א דאקטאר, וועלכער האט געהאט די געלעגענהייט צו בעזוכען די דאזיגע הייזלאך. ער האט גערעדט וועגען דעם צושטאנד פון די דאזיגע אזוי־גערופענע וואוינונגען אין די ביטערסטע אויסדרוקען און האט שטארק מורא פאר זעהר ערנסטע פאלגען, אין פאל אויב עס וועלען ניט אנגענומען ווערן איינינע סאניטארע מיטלען. אן ערך א יאהר צוריק האט דער הערר דזשיי פערשפראכען אויסצובויען א הויז, וואו עס זאלען אריבערגעפיהרט ווערן אזוינע פערזאנען פון די, וואס ער בעשעפטיגט, צווישען וועלכע עס ברעכען אויס אנשטעקענדע קראנקהייטען. ער האט וויעדערהאלט דאס דאזיגע פערשפרעכען סוף לעצטען יולי, ער האט אבער ניט געמאכט דעם קלענסטען שריט דאס דורכצופיהרן, אבוואוי עס זיינען זינט יענעם דאטום פארגעקומען פערשיידענע פאלען פר פאקען מיט צוויי טויט־פאלען. דעם 9טען סעפטעמבער האט מיר דר. קעלסאן בעריכטעט וועיטערע פאלען פון פאקען אין דיזעלבינע הייזלאך, און האט בעשריבען זייער צושטאנד אלם העכסט אבשייליך. פאר אייער (דעם מיניסטער'ס) אינפארמאציע מוז איך צולעגען, אז אונזער קהלה האט א הויז, דער אזוי־גערופענער הקדש, וואו די מיטגליעדער, וועלכע ליידען אויף אנשטעקענדע קראנקהייטען ווערן בעהאנדעלט. דאס דאזיגע הויז איז איצטער זינט עטליכע חדשים שטענדיג איבערפילט. אין איין פאמיליע זיינען 5 קינדער געשטארבען פון פאקען און פיעבער. פון דעם 1טען

אַפּריל ביז דעם 1טען סעפּטעמבער פון היינטיגען יאָהר זיינען פאָרגעקומען ניט וועניגער ווי 10 טויט־פאַלען פון פּאָקען, 4 אין די דערמאָנטע הייזלאַך, די קוואַלען פון דער מגפה. עס איז אונמעגליך אָנצוגעבען די ריכטיגע צאָהל פון די קראַנקהייט־פאַלען, וואָרום די געטראָפענע פאַמיליען האַלטען די פאַקטען אזוי געהיים ווי מעגליך."[131]

די ארבייטער אין קויהלען־ און אַנדערע מינען געהערן צו די בעסט־בעצאָהלטע קאַטעגאָריען פון דעם בריטישען פּראָלעטאַריאַט. וואָס פאַר א פּרייז זיי בעצאָהלען פאַר זייער לוין, איז בעוויזען געוואָרן אין א פריהערדיגען פּלאַץ.[132] איך וואַרף דאָ א שנעלען בליק אויף דעם צושטאַנד פון זייערע וואוינונגען. בדרך כלל בויט אויף דער עקספּלואַטירער פון דער מינע, סיי ער איז דער אייגענטימער, סיי א קאָנטראַקטאָר, א געוויסע צאָהל קאַטעדזשעס פאַר זיינע „הענט". זיי בעקומען די קאַטעדזשעס און קויהלען זיי צו בעהייצען „אומזיסט", ד. ה. מען צאָהלט זיי א טייל פון זייער לוין „אין נאַטורא" [ניט מיט געלד, נאָר מיט געברויך־זאַכען]. די, וואָס בענוצען זיך ניט מיט די דאָזיגע וואוינונגען, קריגען אָנשטאָט דעם 4 פונט סט. א יאָהר. די מינען־דיסטריקטען ציהען שנעל צו א גרויסע בעפעלקערונג, וואָס בעשטעהט ערשטענס פון די מינען־ארבייטער גופא און פון פערשיידענע בעל־מלאכות, קרעמער, א. אז. וו., וועלכע גרופּירן זיך ארום זיי. די באָדען־רענטע איז

---

[131] דאָרט גופא, ז. 18, נאָטע. דער אויפזעהער אויף די אָרימע פון דער שאַפּען־עין־לע־פריט יוניאָן (אין דערבישיר) האָט בעריכטעט צו דעם רעגיסטראַר דזשענעראַל ווי פאָלגט: „אין דאָווהאָלז האָט מען געמאַכט א צאָהל קליינע אויסהעהלונגען אין א גרויסען בערגעל פון קאַלך־אַש. די גריבער האָבען געדיענט אַלס וואוינונגען פאַר די ארבייטער און אַנדערע, וואָס זיינען בעשעפטיגט ביים בויען די אייזענבאַהנען. די גריבער זיינען ענג, פייכט, האָבען ניט קיין אָבצוג פאַר אומריינקייטען און קיינע קלאָזעטען. זיי האָבען ניט קיין שום ווענטילאַציע, א חוץ א לאָך פון אויבען, וועלכע דיענט אויך פאַר א קוימען. עס בושעוועט די פּאָקען־מגפה, וועלכע האָט שוין פעראורזאַכט פיעלע טויטען־פאַלען." (דאָרט גופא, נאָטע 2.)

[132] די איינצעלהייטען, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן סוף 4טען אָבטייל, בעציהען זיך ספּעציעל אויף די קויהלען־מינען ארבייטער. וועגען דעם נאָך־ערגערן צושטאַנד אין די מעטאַל־מינען, זעה דעם געוויסענהאַפטען בעריכט פון דער ראָיאַל קאָמישאָן פון 1864.

דאָ הויך, ווי אומעטום וואו די בעפעלקערונג איז געדיכט. דער מינען־קאָנטראַקטאָר זוכט דעריבער ארויפצושטעלען אויף דעם קלענסטען שטח, וואָס נאָר מעגליך, ביים מויל פון די מינען, אזוי־פיעל קאָטעדזשעס וויפיעל ער האָט נויטיג צונויפצופּאַקען זיינע „הענט" מיט זייערע פאַמיליען. ווען עס עפענען זיך נייע מינען אין דער נאָכבאַרשאַפט, אָדער מען הויבט ווידער אָן צו ארבייטען אין אַלטע מינען, ווערט די ענגשאַפט גרעסער. ביי דעם בויען די קאָטעדזשעס הערשט נאָר איין שטאַנד־פּונקט — דעם קאַפּיטאַליסט'ס „אבסטינענץ" („ענטזאַגונג") פון וועלכע עס איז אויסגאַבען פון מזומן, וואָס זיינען ניט אבסאָלוט אונפערמיידליך.

„די וואוינונגען פון די מינען־ארבייטער און אנדערע ארבייטער, וואָס זיינען פערבונדען מיט די מינען פון נאָרטהומבערלאַנד און דורהאַם, זאָגט דר. דזשוליאַן האָנטער, זיינען אפשר די ערגסטע און די טייערסטע, וואָס מען קאָן געפינען אין גרויסע צאָהלען אין ענגלאַנד, מיט דער אויסנאַהם פון עהנליכע דיסטריקטען אין מאָנמוטהשיר. די אויסערגעוועהנליכע שלעכטקייט בעשטעהט אין דער גרויסער צאָהל מענשען, וואָס געפינען זיך אין איין צימער, אין דער ענגקייט פון'ם פּלאַץ, אויף וועלכען א גרויסע מאַסע הייזער ווערן אָנגעשטעלט, אין דעם מאַנגעל אין וואַסער, די אָבּוועזענהייט פון קלאָזעטען, און אין דער אָפטער מעטאָדע ארויפצושטעלען איין הויז אויף דאָס אנדערע אָדער איינטיילען זיי אין „פלאַטס" [ד. ה. בויען איין שטאָק אויף דעם אנדערן, ווי צ. ב. ש. די ניו יאָרקער אַלטע „טענעמענט"־הייזער]. . . . דער קאָנטראַקטאָר בעהאַנדעלט די גאַנצע קאָלאָניע, ווי זי וואָלט זיך אויפגעהאַלטען אין א צייטווייליגען לאַגער, ניט ווי אין א בעשטענדיגער דירה."[133]

„פאָלגענדיג מיינע אינסטרוקציעס — זאָגט דר. סטיווענס — האָב איך בעזוכט די מעהרסטע גרויסע מינען־דערפער פון דעם דורהאַם יוניאָן. . . . מען קאָן וועגען זיי אַלעמען זאָגען, מיט גאָר וועניג אויסנאַהמען, אז עס ווערט אין זיי ניט גענומען קיין איינציגער מיטעל צו פערזיכערן די געזונדהייט פון די איינוואוינער. . . . אַלע מינען־ארבייטער זייַנען געבונדען („bound" — אן אויסדרוק

[133] דאָרט גופא, ז. 180, 182.

אזוי ווי bondage, וואס שטאמט פון דער צייט פון לייבאייגענ־שאפט) צום קאנטראקטאר אדער אייגענטימער פון די מינען אויף 12 חדשים. ווען זיי דריקען אויס זייער אומצופרידענהייט אדער בעלעסטיגען אויף א וועלכען עס איז אופן דעם אויפזעהער, מאכט ער א צייכען אדער א בעמערקונג אנטקעגען זייער נאמען אין דעם אויפזיכט־בוך און זיי ווערן אבגעזאגט פון דער ארבייט, בעת עס קומט צו דער יעהרליכער נייער „בינדונג". . . . מיר דאכט, אז קיין טייל פון דעם „טראק־סיסטעם" קאן ניט זיין ערגער, איידער דער וואס הערשט אין אמי די געדיכט־בעפעלקערטע דיסטריקטען. דער ארבייטער איז געצוואונגען צו נעהמען אלס א טייל פון זיין לוין א הויז, וואס איז ארומגערינגעלט מיט פערפעסטעטע איינפלוסען; ער קאן זיך ניט העלפען. ער איז אין יעדער הינזיכט א לייבאייגענער. עס איז צווייפעלהאפטיג צי זוער עס איז קאן איהם העל־פען א חוץ זיין אייגענטימער, אבער זיין אייגענטימער איז זיך צוערשט מישב מיט זיין באלאנס־קאנטא, און מען קאן זיין זיכער, וואס דער רעזולטאט וועט זיין. דער ארבייטער קריגט אויך אפט וואסער צוגעשטעלט פון דעם אייגענטימער, און צי דאס וואסער איז גוט, צי שלעכט, ער מוז צאהלען פאר דעם, אדער ריכטיגער מוז זיך לאזען מען זאל איהם ארונטערציהען פאר דעם פון זיין לוין."[134]

ווען קאפיטאל קומט אין קאנפליקט מיט דער „עפענטליכער מיינונג" אדער אפילו מיט דער געזונדהייט־פאליציי, זשעגירט ער זיך גאר ניט צו „רעכטפערטיגען" די טיילווייז געפעהרליכע און טיילווייז דערנידעריגענדע אומשטענדען, אין וועלכע ער שטעלט דעם ארבייטער'ס פונקציע און הויזליך לעבען, פשוט דערמיט וואס עס איז נויטיג, כדי איהם צו עקספלואטירן מיט מעהר פראפיט. אזוי איז דאס, ווען ער ענטזאגט זיך איינצופיהרן בעשיצענדע מיטלען אנטקעגען געפעהרליכע מאשינעריע אין פאבריק, ווענטי־לאציע און זיכערהייט־מיטלען אין די מינען א. אז. וו. און אזוי אויך דא בנוגע די וואוינונגען פון די מינען־ארבייטער.

דר. סיימאן, דער ערצטליכער בעאמטער פון דעם פריווי קאונ־סיל זאגט אין זיין אפיציעלען בעריכט: „אלס ענטשולדיגונג פאר

[134] דארט גופא, ז. 515, 517.

אַט דער צרה'דיגער הויז־איינריכטונג ווערט אָנגעגעבען דער תירוץ, אַז די מינען ווערן געוועהנליך עקספּלואַטירט דורך קאָנטראַקט־טאָרס, אַז דער דויער פון דעם קאָנטראַקט איז צו־קורץ (אין די קויהלען־מינען ווערן קאָנטראַקטען געמאַכט געוועהנליך אויף 21 יאָהר), דעם קאָנטראַקטאָר זאָל זיך לוינען צו געבען גוט־געבויטע הייזער פאַר זיינע ארבייטער, די האַנדעלס־לייט און אַנדערע, וועל־כע די אונטערנעהמונג ציהט־צו; און אַז אויב אפילו ער וואָלט שוין מרוצה געווען צו האַנדלען ליבעראַל אין דעם ענין, וואָלט זיין גוטע כונה בטל געוואָרן דורך דעם גרונד־אייגענטימער. דער דאָזיגער גרונד־אייגענטימער האָט אַ טבע גלייך צו פערלאַנגען אַן אויסערגעוועהנליך־הויכע הוספה אויף דער רענט פאַר דעם פּריווילעגיום אויפצובויען אַן אַנשטענדיגען און בעקוועמען דאָרף אויף דער אויבערפלעך, וואו עס זאָלען קאָנען וואוינען די, וואָס בעארבייטען דאָס אייגענטום אונטער דער ערד. אָט דער פּרייז, וואָס פערבאָט יעדע פערבעסערונג (אויב ניט גאָר אַ דירעקטער פערבאָט), שרעקט אויך אָב אַנדערע, וועלכע וואָלטען געוואָלט בויען. . . . איך וויל דאָ ניט אונטערזוכען, וואָס פאַר אַ ווערטה די דאָזיגע ענטשולדיגונג האָט; אויך ניט, אויף וועמען אין לעצ־טער ליניע עס וואָלטען געפאַלען די עקסטראַ אויסגאַבען פאַר אַנ־שטענדיגע וואוינונגען — אויף די גרונד־אייגענטימער, די מינען־קאָנטראַקטאָרס, די ארבייטער אָדער אויפ'ן פּובליקום . . . אָבער נעהמענדיג אין בעטראַכט די שענדליכע פאַקטען, וואָס ווערן אָנ־געגעבען אין די דערביי־צוגעלעגטע בעריכטען (פון דר. סטיווענס, א. א.), מוז אָנגעווענדעט ווערן אַ וועלכער עס איז הייל־מיטעל. . . . די רעכטען פון גרונד־אייגענטום ווערן דאָ אויף דעם אופן בענוצט, כדי צו בעגעהן אַ גרויס עפּענטליך אומרעכט. דער האר פון'ם גרונד און באָדען אין זיין אייגענשאַפט אַלס מינען־אייגענטימער לאַדעט איין אַ אינדוסטריעלע קאָלאָניע צו ארבייטען אויף זיין נחלה, און דערנאָך, אין זיין אייגענשאַפט אַלס אייגענטימער פון דער גרונד־אויבערפלעך, מאַכט ער אונמעגליך פאַר די ארבייטער וועלכע ער האָט צונויפגעזאַמעלט, צו געפינען די פּאַסענדע וואוי־נונגען וואו זיי מוזען לעבען. דער מינען־קאָנטראַקטאָר (דער קאַ־פּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַטאָר) האָט ניט קיין געלד־אינטערעס צו שטעלען זיך אַנטקעגען אָט דער פאַנאַנדערטיילונג פון דעם

האנדעל, וואָרים ער ווייס גאַנץ גוט, אַז אויב יענעמס תביעות זיינען אריבער דער מאָס, וועלען די פּאָלגען ניט פאַלען אויף איהם, אַז די ארבייטער, אויף וועמען זיי פאַלען, זיינען צופיעל אונוויסענד צו פערשטעהן זייערע סאַניטאַרע רעכטען, און אַז די עקעלהאַפ־טעסטע וואוינונגען און דאָס שמוציגסטע טרינק־וואַסער וועלען זיי קיינמאָל ניט בעוועגען ארויסצוגעהן אין סטרייק."[135]

## ד) די ווירקונג פון קריזיסען אויף דעם בעסט־בעצאָהלטען טייל פון דעם ארבייטער־קלאַס.

איידער איך וועל איבערגעהן צו די ריכטיגע אגריקולטור־אר־בייטער, וויל איך נאָך ווייזען דורך איין ביישפּיעל, ווי אַזוי די קריזיסען ווירקען אפילו אויף דעם בעסט־בעצאָהלטען טייל פון דעם ארבייטער־קלאַס, אויף זיין אריסטאָקראַטיע. מען קאָן זיך עראינערן, אַז דאָס יאָהר 1857 האָט געבראַכט איינעם פון די גרויסע קריזיסען, מיט וועלכע דער אינדוסטריעלער ציקל ענדיגט זיך יעדעס מאָל. דער נעקסטער טערמין, ווען אַ קריזיס האָט געדאַרפט קומען, איז געווען אין 1866. אַזוי ווי אין די איי־גענטליכע פאַבריק־דיסטריקטען האָט ער זיך שוין געלאָזט פיהלען פון פריהער דורך דער באַוועל־נויט, וואָס האָט געטריבען אַ סך קאַפּיטאַל פון די געוועהנליכע איינלעג־ספערען אין די גרויסע צענ־טערס פון'ם געלד־מארק, האָט דער קריזיס דאָס מאָל אָנגענומען מעהרער אַ פינאַנציעלען כאַראַקטער. זיין אויסבראַך אין מאַי 1866 איז אָנגעקינדיגט געוואָרן דורך דעם באַנקראָט פון אַ ריע־זיגער לאָנדאָנער באַנק, וועלכער האָט נאָכגעשלעפּט נאָך זיך דעם צוזאַמענשטורץ פון זעהר פיעלע פינאַנציעלע שווינדעל־געשעפטען. איינער פון די גרויסע לאָנדאָנער געשעפט־צווייגען, וועלכער איז געטראָפען געוואָרן פון דער קאַטאַסטראָפע, איז געווען דער איי־זערנער שיפען־בוי. די גרעסטע געשעפט־הייזער פון אָט דעם אינדוסטריע־צווייג האָבען ניט נאָר איבער־פּראָדוצירט אריבער יעדער מאָס אין משך פון דער טומעלדיגער צייט, נאָר זיי האָבען

[135] דאָרט גופא, ז. 16.

א הויז דעם אָנגענומען אונגעהויערע ליפערונג־קאָנטראַקטען, ספעקולירענדיג, אַז די קרעדיט־קוואלען וועלען אויך ווייטער פליעסען אין אַזאַ שפע ווי פריהער. איצט האָט אריינגעטראָטען א שרעקליכע רעאקציע, וועלכע האלט נאָך אָן עד היום, ענדע מערץ 1867, אויך אין אַנדערע לאָנדאָנער אינדוסטריען.[136]

כדי צו כאַראַקטעריזירן די לאגע פון די ארבייטער, ציטיר איך די פאָלגענדע שטעלע פון דעם אויספיהרליכען בעריכט פון א קאָרעספּאָנדענט פון „מאָרנינג סטאר", וועלכער האָט בעזוכט אָנהויב 1867 די הויפט צענטערס פון עלענד. „אין די איסטענד דיסטריקטען פון פאָפּלאר, מילוואל, גריניטש, דעטפאָרד, ליימהויז, און קאנינג־טאון געפינען זיך מינדעסטענס 15,000 ארבייטער מיט זייערע פאמיליען אין א צושטאנד פון שרעקליכער נויט, צווישען זיי זיינען אריבער 3000 פעהיגע האנדווערקער. די זעקס אָדער אכט־מאָנאטדיגע ארבייטלאָזיגקייט האָט אינגאנצען אויסגעשעפּט זייערע רעזערוו־פאָנדען. . . . איך האָב געהאט גרויסע שוועריגקייטען צוצוקומען צום טויער פון „וואָרק־הויז" (אין פאָפּלאר), וואָרים ער איז געווען בעלאגערט פון א הונגעריגען המון. דער עולם האָט געוואַרט אויף ברויט־אָנווייזונגען, די צייט איז אָבער נאָך ניט געווען געקומען אויסצוטיילען די קארטען.

---

[136] „מאַסענהאַפטע פערהונגערונג פון די לאָנדאָנער ארימע לייט! . . . אין די לעצטע טעג זיינען די לאָנדאָנער מויערן געווען אויסגעקלעבט מיט גרויסע פלאַקאַטען, וועלכע האָבען ענטהאַלטען די פאָלגענדע מערקווירדיגע ווערטער: „פעטע אָקסען! פון הונגער שטאַרבענדע מענשען! די פעטע אָקסען זיינען אוועק פון זייערע גלעזערנע פּאַלאַצען אָבצוקאָרמען די רייכע אין זייערע לוקסוס־וואוינונגען, בעת די פערהונגערענדע מענשען פוילען און שטאַרבען אין זייערע טרויעריגע גריבער." די פלאַקאַטען מיט אָט דער שרעקאַנזאָגענדער אויפשריפט ווערן שטענדיג בענייעט. ווי נאָר איינע ווערט אַרונטערגעריסען אָדער פערשמירט, בעוויזט זיך גלייך א נייע אויף דעמזעלבינען פּלאַץ אָדער אויף אַנאַנדער פונקט אַזאַ עפענטליכען פלאַץ. . . . דאָס דערמאַנט אָן די געהיימע רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטען, וועלכע האָבען פאָרגעברייט דאָס פראַנצויזישע פאָלק פאַר די פּאַסירונגען פון 1789. . . . אין אָט דער מינוט, בעת ענגלישע אַרבייטער מיט זייערע ווייבער און קינדער שטאַרבען פון הונגער און קעלט, ווערן מיליאָנען ענגליש געלד — דער פּראָדוקט פון ענגלישער אַרבייט — אַריינגעלעגט אין רוסישע, שפּאַנישע, איטאַליענישע און אַנדערע פרעמדע אַנלייהען." (Reynolds' Newspaper," 20 Jan. 1678)

דער הויף איז א גרויסער פיער־עקיגער פלאץ בעשיצט פון א דאך, וואס לויפט ארום זיינע ווענט. גרויסע קופעס שנעע האבען בעדעקט די פלאסטער־שטיינער אין מיטען פון הויף. דא אין מיטען זיינען געווען קליינע אבגעצוימטע פלעצער, אזוי ווי אפענע שעפסען־שטעלכלעך, אין וועלכע מענער ארבייטען ווען דער וועטער איז שעהנער. אין דעם טאג פון מיין בעזוך זיינען די שטעלכלעך געווען אזוי פערשנעעט, אז קיינער האט אין זיי ניט געקענט זיצען. פונדעסטוועגען זיינען מענשען געווען בעשעפטיגט אין דעם דאך־בעדעקטען פלאץ מיט האקען פלאסטער־שטיינער אויף שאסעע־שטיינדלעך. יעדערער פון זיי איז געזעסען אויף א גרויסען פלאסטער־שטיין און האט געקלאפט מיט א שווערן האמער אויף דעם פערפרארענעם גראניט ביז ער האט אנגעהאקט פינף בושעל שטיינדלעך. דאס האט געהייסען א טאג ארבייט און ער האט דערפאר בעקומען 3 פענס און א בילעט אויף ברויט. אין אנאנדער טייל פון הויף איז געשטאנען א קליינע הילצערנע חורבה. עפענענדיג די טיר האבען מיר געפונען, אז זי איז געווען פול מיט מענשען, אנגעשפארט שולטער אויף שולטער, כדי צו ווארעמען זיך איינער פון דעם אנדערן. זיי האבען געצופט פאקולעס און גע׳בריה׳ט זיך צווישען זיך, ווער פון זיי וועט קאנען לענגער ארבייטען מיט דאס ביסעל נאהרונג וואס זיי האבען געקריגען — ווארים קאנען אויסהאלטען איז געווען אן עהרענזאך. אין אט דעם איין ווארק־הויז אליין האבען 7000 בעקומען אונטערשטיצונג, צווישען זיי פיעלע הונדערטער, וועלכע האבען מיט 6 אדער 8 מאנאט פריהער פערדיענט די העכסטע לוינען, וואס האט זיך געצאהלט דא אין לאנד צו פעהיגע בעל־מלאכות. זייער צאהל וואלט געווען מעהר ווי נאך אמאל אזוי גרויס, ווען עס וואלטען ניט געווען א סך, וואס האבען זיך ענטזאגט צו נעהמען שטיצע אפילו נאכדעם ווי זיי האבען שוין פערצעהרט יעדע אבגעשפארטע פעני, כל זמן זיי האבען נאך געהאט וואס־עס־איז צו פערזעצען. . . .

אוועקגעהענדיג פון ווארק־הויז, האב איך געמאכט א שפאציר דורך די גאסען, מעהרסטעטענטיילס בעבויט מיט איינשטאקיגע הייזלאך, וועלכע זיינען אזוי צאהלרייך אין פאפלאר. מיין פיהרער איז געווען א מיטגליעד פון דעם קאמיטעט פאר ארבייטלאזע. דאס ערשטע הויז, וואו מיר זיינען אריינגעקומען, איז געווען אן

אייזען־ארבייטער׳ס, וועלכער איז שוין פון 27 וואָכען געוועזען אוי־סער ארבייט. איך האָב געטראָפען דעם מאַן מיט זיין גאַנצער פאַמיליע זיצענדיג אין אַ הינטער־צימער. אין צימער האָט זיך נאָך געפונען אַ פּאָר שטיקלעך מעבעל און עס האָט געברענט אַ פייער. דאָס איז געוועזען נויטיג צו בעשיצען פון פראָסט די נאַקעטע פיס פון די יונגע קינדער, ווארים עס איז געוועזען אַ שרעקליך־קאַלטער טאָג. אויף אַ טאַץ אנטקעגען פייער איז געלע־גען אַ הויפען פּאַקולעס, וואָס די פרוי און די קינדער האָבען גע־צופּט, אָבצוצאָהלען דערמיט פאַר דעם ברויט, וואָס זיי האָבען בעקומען פון װאָרק־הויז. דער מאַן האָט געאַרבייט אין איינעם פון די אויבען־בעשריבענע הויפען פאַר אַ פּאָרציע ברויט און 3 פּענס אַ טאָג. ער איז איצט געקומען אַ היים עסען מיטאָג און איז געוועזען זעהר הונגעריג, ווי ער האָט אונז דערצעהלט מיט אַ ביטערן שמייכעל, און זיין מיטאָג איז בעשטאַנען פון אַ פּאָר שטיק־לעך ברויט מיט שמאַלץ און אַ גלאָז טהעע אָהן מילך.... די נעקסטע טיר, וואָס מיר האָבען אָנגעקלאַפּט, האָט געעפענט אַ פרוי פון מיטעלע יאָהרען, וועלכע האָט אונז אריינגעפיהרט, ניט אויסרעדענדיג אַ וואָרט, אין אַ קליין הינטערצימער, וואו איהר גאַנצע פאַמיליע איז געזעסען שווייגענדיג און געקוקט אויפ׳ן פייער, וואָס האָט געהאַלטען ביים אויסגעהן. אויף די מענשען און זייער קליין צימער איז געלעגען אַזאַ חורבן און אַזאַ האָפנונגלאָזיגקייט, אַז איך וואָלט זיך ניט געוואונשען צו זעהן אַזאַ סצענע נאָכאַמאָל. „זיי האָבען גאָרנישט פערדיענט, מיין העררּ,״ האָט די פרוי גע־זאָגט, אָנצייגענדיג אויף איהרע זיהן, „שוין 26 וואָכען, און אונ־זער גאַנצעס געלד איז אַוועקגעגאַנגען, די גאַנצע 20 פונט סט., וואָס איך און דער פאָטער האָבען אָבגעשפּאָרט אין די בעסערע צייטען, רעכענענדיג אַז עס וועט אונז דורכטראָגען דורך די שלעכ־טע צייטען. אָט, זעהט,״ האָט זי כמעט ווילד אויסגעשריען, דער־לאַנגענדיג אונז אַ באַנק־בוך, וואו עס איז געוועזען רעגעלמעסיג איינגעשריבען די איינגעצאָהלטע און אויסגעצאָהלטע געלדער, אַזוי אַז מיר האָבען געקאָנט זעהן, ווי דער קליינער פערמעגען האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַן אריינטראָג פון 5 שילינג, ווי עס איז ביסלעכווייז געוואַקסען ביז עס האָט געגרייכט די סומע פון 20 פונט סט. און ווי עס איז דערנאָך צורונען געוואָרן פון פונטען

אין שילינגס, ביז די לעצטע פעני איז ארויסגעצויגען געווארן און דאס באנק־ביכעל האט מעהר ניט געהאט קיין ווערטה ווי א לעדיג שטיקעל פאפיער. די דאזיגע פאמיליע האט געקריגען פון וואָרק־הויז איין ארימען מאהלצייט א טאג.* . . . אונזער נעקסטער וויזיט איז געוועזן צו א פרוי פון אן אירלענדער, וועלכער האט פריהער געארבייט ביי בויען שיפען. מיר האבען זי געפונען א קראנקע פון ניט דערעסען, ליגענדיג אין די קליידער אויף א הוילען מאטראץ, האלב צוגעדעקט מיט אן אלט שטיקעל טעפיך, דען די גאנצע בעט־צייג איז געוועזן פערזעצט. צוויי עלענדע קינדער האבען אויף איהר אויפגעפאסט, וועלכע האבען אויסגעזעהן ווי זיי נויטיגען זיך אליין אין פלעגע. 19 וואכען אהן ארבייט האט זיי געבראכט צו אט דער לאגע, און בעת זי האט אונז דערצעהלט די געשיכטע פון איהר ביטערער פערגאנגענהייט, האט זי אזוי געקרעכצט, ווי איהר יעדע האפנונג אויף א בעסערער צוקונפט וואלט געוועזן פערלארן. . . . ארויסגעהענדיג פון דעם הויז איז צו אונז צוגעלאפען א יונגער מאן און אונז געבעטען ארייננגעהן אין זיין הויז און זעהן צי מען קאן וואס עס איז טהאן פאר איהם. א יונגע פרוי, צוויי שעהנע קינדער, א הויפען משכנות־צעטלעך און א לעדיג צימער איז געוועזן אלץ וואס ער האט געהאט אונז צו צייגען.״

וועגען די נאכוועהען פון דעם קריזיס פון 1866 — דער פאלגענדער אויסצוג פון א טארי'שער [קאנסערוואטיווער] צייטונג. מען דארף ניט פערגעסען, אז דער איסט־ענד, דער מזרח־טייל פון לאנדאן, וועגען וועלכען דא האנדעלט זיך, איז ניט נאר א צענטער פון ארבייטער, וואס זיינען בעשעפטיגט ביים בויען אייזערנע שיפען און ביי אנדערע צווייגען פון דער גרויס־אינדוסטריע, נאר אויך א צענטער פון דער אזוי־גערופענער הויז־ארבייט, וועלכע ווערט שטענדיג בעצאהלט אונטער דעם מינימום. „א שרעקליך בילד איז נעכטען געוועזן צו זעהן אין איין טייל פון אונזער הויפטשטאדט. אבוואויל די ארבייטלאזע טויזענדער פון דער איסט־ענד האבען ניט פאראדירט מיט זייערע שווארצע פאהנען אין איין מאסע, איז דאך דער שטראם מענשען געוועזן גענוג איינדרוקספול. לאמיר געדענקען וויפיעל אט די מענשען ליידען. זיי שטארבען פון הונגער. דאס איז דער פשוט'ער שרעקליכער

פאַקט. עס זיינען פאראן 40,000 זייערע. . . . אין אונזער געגענ־
װאַרט, אין איין קוואַרטאַל פון אָט דער וואונדערבאַרער הויפּט־
שטאָדט — האַרט נעבען דער ריעזיגסטער אַקומולאַציע פון רייכ־
טום, וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געזעהן — האַרט דערביי
פערהונגערן 40,000 הילפלאָזע מענשען! אָט די טויזענדער ברע־
כען זיך איצט אריין אין די אַנדערע קוואַרטאַלען; זיי, וועלכע
זיינען האַלב פערהונגערט אין אַלע צייטען, שרייען אויס זעהר
וועהטאָג אונז אין די אויערן, זייער געשריי גרייכט צום הימעל,
זיי דערצעהלען אונז פון זייערע עלענדע וואוינונגען, אַז עס איז
זיי אונמעגליך צו קריגען אַרבייט און נוצלאָז צו געהן בעטלען. די
שטייער־צאָהלער ווערן שוין באַלד אַליין פּאָופּערס, אַזויפיעל שטי־
צע ווערט פון זיי געפאָדערט." („סטאַנדאַרד", 5טען אַפּריל 1866.)

אַזוי ווי עס איז אַ מאָדע ביי די ענגלישע קאַפּיטאַליסטען
צו שילדערן בעלגיען אַלס דעם אַרבייטער'ס גן עדן, ווייל די
„פרייהייט פון דער אַרבייט", אָדער מיט אַנדערע ווערטער, די
„פרייהייט פון קאַפּיטאַל", איז דאָרטען ניט בעגרעניצט דורך דעם
דעספּאָטיזם פון די „טרייד־יוניאָנס" און אויך ניט דורך פאַבריק־
געזעצען, וויל איך זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דאָס „גליק" פון
דעם „פרייען" בעלגישען אַרבייטער, וועלכער ווערט געפּלאָגט נאָר
פון די גלחים, פון דער גרונד־אַריסטאָקראַטיע, פון דער ליבעראַ־
לער בורזשואַזיע און פון דער ביוראָקראַטיע, אָבער ח"ו ניט פון
טרייד־יוניאָנס און פאַבריק־געזעצען. קיינער איז זיכער ניט געווען
גרינדליכער פערטרויט אין די סודות (מיסטעריען) פון דעם דאָזי־
גען גליק, ווי דער פערשטאָרבענער הערר דוקפּעטיאָ, דער גענע־
ראַל־אינספּעקטאָר פון די בעלגישע טורמעס און וואָהלטעטיגקייט־
אַנשטאַלטען און מיטגליעד פון דער צענטראַל־קאָמיסיע פאַר בעל־
גישע סטאַטיסטיקס. לאָמיר נעהמען זיין ווערק „עקאָנאָמישע
בודזשעטען פון דעם אַרבייטער קלאַס אין בעלגיען". [פּראַנצוי־
זיש] בריסעל 1855. דאָ געפינען מיר צווישען אַנדערעס אַ
נאָרמאַלע בעלגישע אַרבייטער־פאַמיליע, וואָס איהרע יעהרליכע
הוצאות און הכנסות איז אויסגערעכענט געוואָרן נאָך זעהר גע־
נויע דאַטען און דער צושטאַנד פון איהר נאַהרונג איז דאַן פער־
גליכען געוואָרן מיט דעם נאַהרונגס־צושטאַנד פון די סאָלדאַטען,
מאַטראָזען און אַרעסטאַנטען. די פאַמיליע „בעשטעהט פון פאַ־

טער, מוטער און פיער קינדער." פון אָט די 6 פערזאָן „קאָנען 4 נוצליך בעשעפטיגט ווערן דעם גאנצען יאָהר." עס ווערט אָנגענומען, אז „עס איז צווישען זיי ניטאָ קיין קראנקע אָדער אזוינע, וואָס זיינען אונפעהיג צו ארבייטען," און אויך אז זיי האָבען ניט קיינע „אויסגאבען פאר רעליגיעזע, מאָראלע און אינ־טעלעקטועלע צוועקען, א חוץ זעהר א קנאפע הוצאה אויף א פלאץ אין קירך," און צאָהלען אויך ניט „קיינע בייטראגען אין שפּאָר־קאסען אָדער אלטער־פערזאָרגונג־קאסען, און האָבען ניט קיינע, „לוקסוס אָדער אנדערע איבערפלּיסיגע הוצאות." דער פאָטער און דער עלטסטער זוהן מעגען זיך אָבער פערגינען צו רויכערן טאבאק און בעזוכען א קאבארע אום זונטאָג, אויף וואָס זיי קאָ־נען אויסגעבען גאנצע 86 סענטים א וואָך. „לויט אן אלגעמיינע צוזאמענשטעלונג פון די לוינען, וואָס ווערן געצאָהלט די ארביי־טער אין די פערשיידענע געשעפט־צווייגען, קומט אויס . . . אז דער דורכשניט פון דעם טעגליכען לוין איז 1 פראנק 56 סענטים פאר מענער, 98 סענטים פאר פרויען, 56 סענטים פאר אינגלעך און 55 סענטים פאר מיידלעך. ווען מען בערעכענט לויט דעם ערך, קאָנען די הכנסות פון דער פאמיליע אין העכסטען פאל בעטרעפען 1068 פראנק יעהרליך. . . . כדי צו פיהרן די הוצאה פון אזא טיפּיש־אָנגענומענער פאמיליע האָבען מיר גערעכענט אלע מעגליכע הכנסות. אויב אָבער מיר רעכענען אן ארבייט־לוין פאר דער מוטער, בלייבט דאָס הויז אָהן א פיהרער. ווער בע־זאָרגט דאָס הויז? ווער פאסט אויף די קליינע קינדער? ווער זאָל קאָכען, וואשען, פעררייכטען די זאכען? אָט די פראגע שטעלט זיך אויף פאר דעם ארבייטער יעדען טאָג."

לויט דעם נאָך איז דער בודזשעט פון דער פאמיליע ווי־פאָלגט:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| דער פאָטער ... | 300 | ארבייטס־טעג אויף 1.56 פראנק א טאָג.. | 468 | פר. |
| די מוטער .... | 300 | " " 89 — " " .. | 267 | " |
| עלטסטער זוהן, | 300 | " " 56, — " " .. | 168 | " |
| עלטסטע טאָכטער, | 300 | " " 55, — " " .. | 165 | " |
| סך הכל | | ............................... | 1068 | " |

די יעהרליכע הוצאה פון דער פאמיליע וואָלט געמאכט א דע־פיציט אין פאל אויב דער ארבייטער זאָל האָבען די שפּייז פון

אַ מאַטראָז פון דער פלאָטע....1828 פר.....דעפיציט 760 פר.
אַ סאָלדאַט ............ 1473 " .... " 405 "
אַן אַרעסטאַנט ............ 1112 " .... " 44 "

מען זעהט דערפון, אַז ניט פיעלע ארבייטער־פאמיליען קאָנען זיך פערשאַפען די נאַהרונג, מיר וועלען שוין ניט זאָגען פון אַ מאַטראָז אָדער אַ סאָלדאַט, נאָר אפילו ניט פון ארעסטאנט. אין דורכשניט האָט יעדער ארעסטאנט אין בעלגיען, פון 1847 ביז 1849, געקאָסט 63 סענטים אַ טאָג, וואָס גיט אין פערגלייך מיט די טעגליכע לעבענס־קאָסטען פון אַן ארבייטער, אַ דיפערענץ פון 13 סענטים. די קאָסטען פון פערוואַלטען און אויפפאַסען די טורמעס, גלייכט זיך ווידער אוים דערמיט, וואָס דער ארעסטאנט דאַרף ניט צאָהלען קיין דירה־געלט. . . . ווי אַזוי קאָן טאַקע די גרויסע צאָהל, מען קאָן זאָגען די גרויסע מ ע ה ר ־ צאָהל, ארבייטער אויספיהרן צו לעבען אויף אַ מעהר עקאָנאָמישען אופן? נאָר דורכדעם וואָס זיי בענוצען זיך מיט אַזוינע פאָרטלען, וואָס דער ארבייטער אַליין וויים נאָר דעם סוד פון זיי: ער רייסט אָב אַביסעל פון דער טעגליכער פאָרציע, ער עסט קאָרן־ברויט אָנשטאָט ווייצענס, וועניגער אָדער גאָרניט קיין פלייש, דאָס אייגענע אויך וועגען פוטער און געווירצען; ער בענוגענט זיך מיט איינעם אָדער צוויי צימערן, וואו די גאַנצע פאַמיליע שפאַרט זיך צונויף און די מיידלעך און אינגלעך שלאָפען צוזאמען, אָפט אויף איין שטרויזאַק; אָבשפּאָרענדיג פון קליידער, וועש, ריינליכקייט־מיטלען; זיך אָבזאָגענדיג פון די זונטאָג־ פערגעניגענס; קורץ, בעשליסענדיג אויסצוקומען מיט דאָס וועניגסטע. ווען עס האַלט שוין ביי אָט דעם לעצטען גרעניץ, איז די קלענסטע פרייז־העכערונג פון די לעבענס־מיטלען, אַן אויפהער פון דער ארבייט, אָדער אַ קראַנקהייט, גענוג צו פערמעהרן דעם ארבייטער׳ס עלענד און רואינירן איהם גאָר אינגאַנצען. עס קלייבען זיך אָן חובות, ער קריגט ניט מעהר קיין קרעדיט; די קליידער, די נויטווענדיגסטע מעבעל ווערן פערזעצט, און ל[illegible] בעט די פאַמיליע, מען זאָל זי איינשרייבען צווישען די אָר[illegible]ע, וואָס קריגען קצבה."[137]

---

[137] Ducpei iaux, "Budgets Economiques des Classes Ouvriers en Belgique," Bruxelles 1855, p.151, 154, 155,

דער פאקט איז, אז אין אט דעם „פאראדיז פון קאפיטאליסטען", ווי נאר עס ווערט די קלענסטע ענדערונג אין דעם פרייז פון די נויטוועגדיגסטע לעבענס־מיטלען, ווערט גלייך אן ענדערונג אין דער צאהל פון טויט־פאלען און פערברעכען! (זעה דעם מאנו־סקריפט פון דער Maatschapij De Vlamingen Vooruit : בריסעל 1860, ז. 15 און 16.) אין גאנץ בעלגיען זיינען פאראן 930,000 פאמיליען, פון וועלכע, לויט דער אפיציעלער סטאטיסטיק, זיינען 90,000 פאמיליען = 450,000 פערזאנען רייכע (וואס האבען שטים־רעכט); 190,000 פאמיליען = 950,000 פערזאנען פון דעם קליינעם מיטעל־קלאס אין די שטעדט און דערפער, פון וועלכע א גרויסער טייל זינקט ארונטער צום פראלעטאריאט. ענדליך 450,000 ארבייטער־פאמיליען = 2,250,000 פערזאנען, פון וועלכע די מוסטער־פאמיליען געניסען די גליקען, וואס דוקפעטיא האט געשילדערט. פון די 450,000 ארבייטער־פאמיליען זיינען איבער 200,000 אויפ'ן רייסטער פון פאופערס!

### ה) דער בריטישער ערד־ארבייטער־פראלעטאריאט.

דער אנטאגאניסטישער כאראקטער פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן און אקומולאציע בעווייזט זיך אינערגעץ ניט מעהר ברוטאל איידער אין דעם פארטשריט פון דער ענגלישער אגריקולטור (אריינרעכענענדיג אויך די פיהצוכט) און אין דעם ריקשריט פון דעם ענגלישען ערד־ארבייטער. איידער אבער איך געה איבער צו זיין איצטיגער לאגע, וויל איך נעהמען א שנעלען צוריקבליק. די מאדערנע אגריקולטור דאטירט אין ענגלאנד פון מיטען פון 18טען יאהרהונדערט, הגם די רעוואלוציע אין די פערהעלטנישען פון דעם גרונד־אייגענטום, פון וועלכער דער פערענדערטער פראדוקציאנס־אופן הויבט זיך אן אלס גרונד־לאגע, איז פון א פיעל פריהערדיגען דאטום.

ווען מיר נעהמען די בעהויפטונגען פון ארטור יאנג — א גענויער בעאבאכטער, אבוואויל אן אויבערפלעכליכער דענקער — וועגען דעם ערד־ארבייטער פון 1771, קומט אוי... אז ער שפיעלט א זעהר עלענדע ראליע אין פערגלייך מיט דעם ערד־ארבייטער פון

סוף 14טען יאהרהונדערט, „ווען ער האט געקאנט לעבען בשופע און אנקלייבען עשירות"[138] — שוין גאר ניט צו רעדען פון דעם 15טען י. ה., „דעם גאלדענעם צייט־אלטער פון די ענגלישע אר־ בייטער אין שטאדט און אין דארף." מיר דארפען אבער גארניט געהן אזוי ווייט צוריק. אין א זעהר אינהאלט־רייכען ווערק פון 1777 לעזען מיר: „דער גרויסער פערמער [ארענדאטאר] האט זיך כמעט דערהויבען צו דער שטופע פון א ריך (זשענטלמאן), בעת דער ארימער ארבייטער איז כמעט צוגעדריקט צו דער ערד. . . . זיין אומגליקליכע לאגע צייגט זיך קלאר ארויס דורך א פערגלייכענ־ דער איבערזיכט פון זיין צושטאנד היינט און 40 יאהר פריהער. . . . די גרונד אייגענטימער און די ארענדאטארס געהען האנד אין האנד צו אונטערדריקען דעם ארבייטער."[139] דערנאך ווערט דארט בעוויזען בפרטיות, אז דער ווירקליכער ארבייטער־לוין אויפ'ן לאנד איז פון 1737 ביז 1777 געפאלען כמעט אויף א פערטעל אדער 25 פראצענט. „די מאדערנע פאליטיק — זאגט אין דערזעלביגער צייט דר. ריטשארד פריים — בעגינסטיגט די העכערע פאלקס־ קלאסען; דער רעזולטאט וועט זיין, אז דאס גאנצע קיניגרייך וועט פריהער אדער שפעטער בעשטעהן נאר פון זשענטעלמען און בעט־ לער, פון פריצים און שקלאווען."[140]

[138] James E. Th. Rogers Prof[illegible]r sf Political Economy in the University of Oxford, "A History of Agricul[illegible] and Prices in England," 1866, v. 1, p. 690. דאס דאזיגע ווערק, די פרוכט פון פלייסיגער ארבייט, פאסט אום, אין די ביז־ אהער ערשיענענע צוויי בענדער נאר די פעריאדע פון 1259 ביז 1400. דער צווייטער באנד ענטהאלט בלויז סטאטיסטישען מאטעריאל. עס איז די ערש־ טע ריכטיגע געשיכטע פון פרייזען, וואס מיר האבען פון יענער צייט.

[139] "Reasons for the late increase in the Poor rates; or a Comparative View of the price of labour and provisions," London 1777, p. 5, 11.

[140] Dr. Richard Price, "Observations on Revisionary Payments," 6th Ed. by W. Morgan, London 1805, Vol. II, p. 158, 159. פריים בעמערקט אויף זייט 159: דער נאמינעלער פרייז פון'ם ארבייטס־טאג איז היינט נאר אן ערך 4 אדער העכסטענס 5 מאל העכער איידער אין יאהר 1514. אבער דער פרייז פון קארן איז 7 מאל אזוי הויך, דער פרייז פון פלייש און קליידונג איז אומגעפעהר 15 מאל אזוי הויך. דער פרייז פון דער ארבייט איז דעריבער בשום אופן ניט געשטיגען לפי ערך צו דעם וואוקס פון די הוצאות פאר די נויטווענדיגסטע לעבענסמיטלען; אדרבא, אין פערגלייך צו יענע

פונדעסטוועגען איז די לאגע פון דעם ענגלישען לאנד־ארביי־טער פון 1770 ביז 1780, וואס איז שייך זיין שפייז און וואוי־נונג, אזוי גוט ווי זיין זעלבסט־געפיהל, זיינע פערגעניגענס, א. אז. וו., א אידעאל וואס איז שפעטער קיינמאל ניט דערגרייכט געווארן. זיין דורכשניטליכער לוין, אויסגעדריקט אין מאסען ווייץ (Pints) איז פון 1770 ביז 1771 געוועזן 90 מאס, אין עדען'ס צייט (1797) נאר 65, אין 1808 נישט מעהר ווי 60.[141]

דער צושטאנד פון די ערד־ארבייטער ביים סוף פון דעם אנטי־יאקאבינער קריעג, אין וועלכער צייט די גרונד־אריסטאקרא־טען, ארענדאטארס, פאבריקאנטען, סוחרים, באנקיערען, בערזען־ספעקולאנטען, ארמעע־ליפעראנטען א. אז. וו. זיינען אזוי אויסער־געוועהנליך נתעשר געווארן, איז שוין אנגעצייגט געווארן פריהער. דער נאמינעלער לוין איז געשטיגען טיילווייז מחמת דאס פאפיער־געלד איז געפאלען אין ווערטה, און טיילווייז מחמת די געשטי־גענע פרייזען פון די הויפט לעבענס־מיטלען, וואס איז געקומען אונ־אבהענגיג פון דעם. די ווירקליכע לוין־ענדערונג קאן בעוויזן ווערן אויף א זעהר איינפאכען אופן, ניט ארייננעהענדיג אין פרטים וועלכע זיינען דא ניט נויטיג. דאס געזעץ פאר ארימע און זיין אדמיניסטראציע זיינען געוועזן דיזעלביגע אין 1795 און אין 1814. מיר געדענקען ווי אזוי דאס געזעץ איז דורכגעפיהרט געווארן אויפ'ן לאנד: די קהלה האט אין דער פארם פון נדבות ממלא געוועזן דעם נאמינעלען לוין ביז צו דער נאמינעלער סומע, וואס האט זיך געפאדערט צו דערהאלטען דאס נידעריגע חיות פון דעם ארבייטער. די פראפארציע צווישען דעם לוין, וואס דער ארענדאטאר האט געצאהלט, און דעם לוין־דעפיציט, וואס די קהלה האט דערלעגט, בעווייזט אונז צוויי זאכען: ערשטענס, אז דער ארבייט־לוין איז געפאלען אונטער זיין מינימום, צווייטענס דעם גראד, אין וועלכען דער לוין־ארבייטער איז געוועזן א צו־נויפשטעל פון לוין־ארבייטער און פאופער, אדער דעם גראד, אין

הוצאות מטכט ער דוכט זיך ניט אויס אפילו די העלפט פון דאס, וואס ער האט דאמאלסט בעטראכטען."

[141] Barton, "Obse..tions on the Circumstauces which Iaflnence the Condiiton of the Labouri_g Classes of Society,'. London 1817, page 26.

פאר דעם סוף 18טען י. ה. זעה עדען: "דהי סטייט אוו דהי פור."

וועלכען מען האט איהם פערוואנדעלט אין א לייבאייגענעם פון זיין קהלה.

מיר וועלען נעהמען איין גראפשאפט (קאונטי), וועלכע רעפרעזענטירט די דורכשניט־לאגע פון אלע אנדערע גראפשאפטען. אין יאהר 1795 האט דער דורכשניטליכער וואכען־לוין אין נארטהאמפטאנשיר בעטראפען 7 שילינג 6 פענס; די יעהרליכע הוצאה פון א פאמיליע פון 6 פערזאן — 36 פונט סט. 12 שילינג 5 פענס; איהר יעהרליכע איינגאהמע — 29 פונט סט. 18 שילינג; דער דעפיציט, וואס די קהלה האט געדעקט — 6 פונט סט. 14 שילינג 5 פענס. אין דערזעלביגער גראפשאפט האט אין 1814 בעטראפען דער וואכען־לוין 12 שילינג 2 פענס; די יעהרליכע הוצאה פון א פאמיליע פון 5 פערזאן — 54 פונט סט. 18 שילינג 4 פענס; איהר גאנצע איינגאהמע — 36 פונט סט. 2 שילינג; דער דעפיציט, וואס די קהלה האט געדעקט — 18 פונט סט. 16 שילינג 4 פענס.[241] אין 1795 האט דער דעפיציט בעטראפען ווייניגער ווי א פערטעל פון דעם ארבייט־לוין, אין 1814 — מעהר ווי א העלפט. עס פערשטעהט זיך פון זיך אליין, אז אונטער אזוינע אומשטענדען זיינען די קנאפע בעקוועמליכקייטען, וועלכע עדען האט נאך געפונען אין דעם לאנד־ארבייטער'ס קאטעדזש, אין 1814 אינגאנצען פערשוואונדען געווארן.[242] פון אלע טהיערען, וואס דער פארמער האט געהאלטען, איז דער ארבייטער, דער „אינסטרומענטום וואקאלע" [דאס שפרעכענדע ווערקצייג], איצט געוועזען דער מעהר אויסגעהארעוועטער, דער אם ערגסטען געשפייזטער און אם ברוטאלסטען בעהאנדעלטער פון אלע.

דערזעלביגער צושטאנד האט זיך רוהיג אנגעהאלטען ווייטער, ביז „די סווינג אויפשטאנדען אין יאהר 1830 האבען אונז (ד. ה. די ערשענדע קלאסען) בעוויזען פאר דעם ליכט פון די פלאקערענדע תבואה־סקירדעס, אז עלענד און טונקעלע בונטארישע אונצופריעדענהייט האט געלאדערט פונקט אזוי ווילד אונטער דער אויבערפלעך פון דעם אגריקולטורעלען ווי אונטער דעם אינדוס־

[241] Parry, "The Question of the Necessity of the Existing Cornlaws Considered,' London 1816, p. 86.

[242] דארט גופא, ז. 213.

טריעלען ענגלאנד."[144] סאדלער האט דאמאלסט אין האוז אוו קאממאנס געגעבען די ערד־ארבייטער דעם נאמען „ווייסע שקלא־ווען", און א בישאפ האט געלאזט הערן דעמזעלביגען צו־נאמען אין „האוז אוו לארדס". דער גרעסטער פאליטישער עקאנאם פון יענער פעריאדע, ע. דזש. וויקפיעלד האט געזאגט: דער ערד־ארבייטער פון מערב־ענגלאנד איז ניט קיין פרייער מאן און איז ניט קיין שקלאוו; ער איז א פאופער.[145]

די צייט דירעקט פאר דעם צוריקרוף פון די קארן־געזעצען האט געווארפען א ניי ליכט אויף דער לאגע פון די ערד־ארבייטער. פון איין זייט איז עס געלעגען אין די אינטערעסען פון די בור־זשואזיע־אגיטאטארען נאכצו־ווייזען, ווי ווייניג די דאזיגע שוץ־געזעצען האבען בעשיצט די ווירקליכע קארן־פראדוצירער. פון דער אנדער זייט האט די אינדוסטריעלע בורזשואזיע געברענט פון גרים־צארן פארוואס די גרונד־אריסטאקראטען האבען פער־אורטיילט די פאבריק־צושטאנדען, פאר דער געמאכטער סימפאטיע פון די דאזיגע גרונד־פערדארבענע, הארצלאזע און בכבוד'ע לע־דיגגעהער מיט די ליידען פון די פאבריק־ארבייטער, און פאר זייער „דיפלאמאטישען אייפער" איינצופיהרען א פאבריק־געזעצגעבונג. עס איז אן אלט ענגליש שפריכווארט, אז „ווען צוויי גנבים צו־קריגען זיך, קומט דער עהרליכער מאן צו זיין שאדען." אזוי איז עס פאקטיש געווען: די ליארמדיגע, ליידענשאפטליכע מחלקת צווישען די צוויי פראקציעס פון דעם הערשענדען קלאס וועגען דער פראגע, וועלכע פון זיי ביידען עקספלואטירט דעם אר־בייטער אם שענדליכסטען, איז געווארן רעכטס און לינקס דער געבורט־העלפער פון דער ווארהייט. גראף שאפטסבורי, פריהער־געוועזענער לארד אשלעי, איז געווען דער הויפט פיהרער אין דעם אריסטאקראטישען, פילאנטראפישען פעלד־צוג געגען די פאבריקען. דערפאר איז ער געווען אין 1844 ביז 1845 דאס ליעבלינג־טעמא פון דעם „מארנינג כראניקל" אין זיינע אויפדעקונגען וועגען דעם צושטאנד פון די אגריקולטור־ארבייטער. דאס דאזיגע בלאט, וואס איז דאמאלסט געווען דער בעדייטענדסטער ליבעראלער אר־

[144] S. Laing, "National Distress," 1844, p. 62.

[145] "Engahd and America." London 1832, Vol. I, p. 47.

גאַן, האָט געשיקט אין די לאַנד־דיסטריקטען אייגענע קאָמיסאַרען, וועלכע האָבען זיך גאָרניט בענוגענט מיט אַן אַלגעמיינער שילדערונג און סטאַטיסטיק, נאָר האָבען פּשוט פערעפענטליכט די נעמען פון די אונטערזוכטע אַרבּייטער־פאַמיליען, אַזוי גוט ווי פון זייערע לענד־לאָרדס.[146] די פאָלגענדע טאַבעלע גיט די לוינען, וואָס מען האָט געצאָהלט אין דריי דערפער אין דער נאַכבאַרשאַפט פון בלאַנפאָרד, ווימבורן און פּול. די דערפער זיינען דאָס אייגענטום פון דעם העררן ג. באַנקס און דעם גראַף פון שאַפטסבורי. מען וועט בעמערקען, אַז אַט דער פּאַפּסט פון דער „לאָו טשוירטש”, דער קאָפּ פון די ענגלישע פּיעטיסטען, האָט אַזוי גוט ווי זיין חבר באַנקס אריינגעשטעקט אין קעשענע אַ גרויסען טייל פון די הינטישע לוינען פון די אַרבּייטער אונטער דעם אויסרייד פון הויז־רענט. זעה טאַבעלע אויף נעקסטער זייט.

די אָבשאַפונג פון די קאָרן־געזעצען האָט געגעבען דער ענגלישער אַגריקולטור אַן אונגעהויערן שטויס פאָרווערטס. דרענירונג אויפ'ן גרעסטען מאָסשטאַב,[147] נייע מעטאָדען פון שטאַל־פיטערונג און קינסטליכע קולטיווירונג פון פוטער־קרייטיכער, איינפיהרונג פון מעכאַנישע מיסטיגונג־אַפּאַראַטען, נייע בעהאַנדלונג פון ליימיגער ערד, פערגרעסערטער געברויך פון מינעראַלישע בעמיסטיגונג־מיטלען, אָנווענדונג פון דער דאַמף־מאַשין און אַלערליי נייע אַרבּייט־מאַשינען, ווי בכלל אַן אינטענסיווערע קולטיווירונג כאַראַקטעריזירן די דאָזיגע עפּאָכע. דער פּרעזידענט פון דער קעניגליכער געזעלשאַפט פאַר אַגריקולטור, הערר פּוסעי, בעהויפּטעט, אַז די (רעלאַטיווע)ווירטשאַפטס־קאָסטען זיינען דורך דער נייער איינגעפיהרטער מאַשינעריע פערקלענערט געוואָרן כמעט אויף אַ העלפט. פון דער אַנדער זייט איז דער ווירקליכער ערטראַג פון'ם באָדען שנעל פערגרעסערט געוואָרן. אַ גרעסערער קאַפּיטאַל־אויסלעג פער אַקער, און פאָלגליך אויך אַ שנעלערע קאָנצענטראַציע פון די פערמערס איז געווען אַ גרונד־בעדינגונג פון דער

---

[146] „לאַנדאָן עקאָנאָמיסט,” 29טען מערץ 1845, ז. 290.

[147] די גרונד־אַריסטאָקראַטיע האָט פאַר דעם צוועק זיך אַוואַנסירט פאָנדען — פערשטעהט זיך דורכ'ן פּאַרלאַמענט, פון דער שטאַאַט־קאַסע, מיט זעהר נידעריגע צינזען, וועלכע די אַרענדאַטאָרס מוזען איהר אָבצאָהלען טאָפּעלט.

| א<br>קינדער | ב<br>צאהל מיטגליעדער פון דער פאמיליע. | ג<br>וועכענטליכער ארבייטס־לוין פון די מענער. | ד<br>וועכענטליכער קינדער־לוין | | ה<br>וועכ. הכנסה פון דער גאנצער פאמיליע | | ו<br>וועכענטליכע דירה־געלד | | ז<br>גאנצער וואכ.־לוין אראב־ציהענדיג דירה־געלד | | ח<br>וואכען־לוין פער קאפ. | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| **ערשטער דארף** | | | | | | | | | | | | |
| | | ש. | ש. | פ. | ש. | פ. | ש. | פ. | ש. | פ. | ש. | פ. |
| 2 | 4 | 8 | —— | | 8 | | 2 | | 6 | | 1 | 6 |
| 8 | 5 | 8 | —— | | 8 | | 1 | 6 | 6 | 6 | 1 | 3½ |
| 2 | 4 | 8 | —— | | 8 | | 1 | | 7 | | 1 | 9 |
| 2 | 4 | 8 | —— | | 8 | | 1 | | 7 | | 1 | 9 |
| 6 | 8 | 7 | 1 ביז | 18 | 10 | | 1 | 6 | 8 | 6 | 1 | ¾ |
| 3 | 5 | 7 | 1 | 2 | 8 | 2 | 1 | 4 | 6 | 10 | 1 | 7½ |
| **צווייטער דארף** | | | | | | | | | | | | |
| | | ש. | ש. | פ. | ש. | פ. | ש. | פ. | ש. | פ. | ש. | פ. |
| 6 | 8 | 7 | —1 | | 10 | | 1 | 6 | 8 | 6 | - | ¼ |
| 6 | 8 | 7 | —1 | | 7 | | 1 | 3½ | 5 | 8½ | 0 | 8½ |
| 8 | 10 | 7 | —— | | 7 | | 1 | 3½ | 5 | 8½ | 0 | 7 |
| 4 | 6 | 7 | —— | | 7 | | 1 | 6½ | 5 | 5½ | 0 | 11 |
| 3 | 5 | 7 | —— | | 7 | | 1 | 6½ | 5 | 5½ | 1 | 1 |
| **דריטער דארף** | | | | | | | | | | | | |
| | | ש. | ש. | פ. | ש. | פ. | ש. | פ. | ש. | פ. | ש. | פ. |
| 4 | 6 | 7 | —— | | 7 | | 1 | | 6 | | 1 | |
| 3 | 5 | 7 | 1 | 2- | 11 | 6 | — | 10 | 10 | 8 | 2 | 1½ |
| — | 2 | 5 | —— | | 5 | | 1 | | 4 | | 2 | |

נייער מעטאָדע.[148] אין דערזעלביגער צייט האָט זיך אויסגע־שפרייט דער שטח פון קולטיווירטען באָדען פון 1846 ביז 1865

[148] די פערקלענערונג אין דער צאהל פון די מיטעלע פערמערס קאָן מען זעהן ספּעציעל פון די רובריקען פון צענזוס: „פּעךמער'ס זוהן, אייני־

אויף 464,119 אַקער, שוין ניט צורעדן פֿון דעם גרויסן שטח אין די מזרח־גראַפשאַפטן, וועלכע זיינען פֿערוואַנדעלט געוואָרן פֿון קראָליקעס־פֿעלדער און אָרימע לאַנקעס אין רייכע תבואה־פֿעלדער. מיר האָבן שוין געזעהן, אַז אין דערזעלביגער צייט איז דער סך הכל פֿון די פּערזאָנען, וואָס זיינען בעשעפֿטיגט געוואָרן אין דער אַגריקולטור, קלענער געוואָרן. וואָס איז שייך צו די ווירקליכע ערד־אַרבייטער פֿוןביידע געשלעכטער און פֿון יעדן עלטער, איז זייער צאָהל געפֿאַלען פֿון 1,241,269 אין יאָהר 1851 אויף 1,163,227 אין יאָהר 1861.[149] אויב דער ענגלישער גענעראַל־רעגיסטראַטאָר האָט דעריבער גאַנץ ריכטיג בעמערקט: „דער וואוקס פֿון פּערמערס און ערד־אַרבייטער זינט 1801 שטעהט גאָרניט אין קיין פּראָפּאָרציע צו דעם וואוקס פֿון די אַגריקולטור־פּראָדוקטען,“[150] גילט די דאָזיגע אונפּראָפּאָרציאָנאַליטעט נאָך פֿיעל מעהר וועגען דער לעצטער פּעריאָדע, ווען אַ פּאָזיטיווע פֿערקלענערונג פֿון דער ערד־אַרבייטער בעפֿעלקערונג איז געגאַנגען האַנד אין האַנד מיט אַ פֿערגרעסערונג אין דעם קולטיווירטען שטח, אַ אינטענסיווערער קולטיווירונג, מיט אַ אונדערהערטער אַקומולאַציע פֿון קאַפּיטאַל, וואָס איז פֿערקערפּערט געוואָרן אין דעם באָדען און אָבגעגעבען צו זיין בעאַרבייטונג, מיט אַ פֿערגרעסערונג אין די פּראָדוקטען פֿון באָדען, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע פֿון דער ענגלישער לאַנדווירטשאַפֿט, מיט אַנ־

---

קעל, ברודער, פּלימעניק, טאָכטער, מיידעל־אייניקעל, שוועסטער, פּלימעניצע“, קורץ די מיטגליעדער פֿון זיין אייגענער פֿאַמיליע ווערן בעשעפֿטיגט פֿון דעם פּערמער. אָט די רובריקען האָבען געצעהלט אין 1851 — 216,851 פּערזאָן, אין 1861 נישט מעהר ווי 176,151. — הוספה צו דער פראַנצויזישער אויסגאַבע: פֿון 1851 ביז 1871 האָבען זיך אין ענגלאַנד די פֿאַרמס פֿון ווייניגער ווי 20 אַקער פֿערקלענערט אויף מעהר ווי 900; די וואָס זיינען צווישען 50 און 75 אַקער, זיינען געפֿאַלען פֿון 8253 אויף 6370; דאָס אייגענע ביי אַלע אַנדערע פֿאַרמס פֿון ווייניגער ווי 100 אַקער. פֿערקעהרט, די צאָהל פֿון די גרויסע פֿאַרמס האָט זיך אין דיזעלביגע 20 יאָהר פֿערמעהרט; פֿאַרמס פֿון 300 ביז 500 אַקער זיינען געשטיגען פֿון 7771 אויף 8410, די פֿון מעהר ווי 500 אַקער — פֿון 2755 אויף 3914, און פֿאַרמס פֿון מעהר ווי 1000 אַקער זיינען געשטיגען פֿון 492 אויף 582.

[149] די צאָהל פּאַסטוכער איז געוואַקסען פֿון 12,517 אויף 25,559.

[150] „צענזוס עצט.“ באַנד III, ז. 36.

נעפּילטע רענט־ביכער פון די גרונד־ייגענטימער און געשוואָלענע עשירות פון די קאַפּיטאַליסטישע ארענדאַטאָרס. ווען מען נעהמט דאָס צוזאַמען מיט דער שנעלער, ניט־אָבגעשטעלטער אויסברייטונג פון די שטעטישע אָבזעץ־מערק און מיט דער הערשאַפט פון פריי האַנדעל, דאַן איז דער ערד־אַרבייטער פּאסט טאט דיסקרימינא רערום [נאָך אַזויפיעל נעפּאַהרען] ענדליך געשטעלט געװאָרן אין אַ לאַגע, וואָס האָט איהם סעקונדום אַרטעם [לויט דער טעאָריע] געדאַרפט מאַכען שכור פון גליק.

פּראָפעסאָר ראָדזשערס קומט אָבער דאַגעגען צום רעזולטאַט, אַז די לאַגע פון דעם ענגלישען ערד־אַרבייטער היינטיגען טאָג, שוין גאָר ניט צו רעדען וועגען אַ פערגלייך מיט זיין פאָרגענגער פון דער לעצטער העלפט פון 14טען י. ה. און פון 15טען י. ה., נאָר אפילו אין פערגלייך מיט זיין פאָרגענגער פון דער פּעריאָדע 1770 ביז 1780, האָט זיך גאָר אומגעווהנליך פערערגערט; אַז „דער פּויער איז ווידער געוואָרן אַ לייב אייגענער", און אַן ערגער געשפּייזטער און ערגער געקליידטער לייבאייגענער.[151] דר. יוליאַן האָנטער, אין זיין עפּאָכע־מאַכענדען בעריכט וועגען די וואוינונגען פון די ערד־אַרבייטער, זאָגט: „די לעבענס־קאָסטען פון דעם „הינד" (דעם ערד־אַרבייטער'ס נאָמען, וואָס איז געבליבען בירושה פון דער צייט פון לייבאייגענשאַפט) איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דער נידעריגסט־מעגליכער סומע, מיט וועלכער ער קאָן לעבען . . . זיין לוין און זיין בעהויזונג ווערן ניט אויסגערעכענט לויט דעם פּראָפיט, וואָס מען קאָן פון איהם מאַכען. ער איז אַ פּשוט'ער נול אין דעם ארענדאַטאָר'ס אויסרעכענונגען.[152] . . . זיינע לעבענס־מיטלען ווערן אַלעמאָל אָנגענומען

[151] Rogers, "A History of Agriculture and Prices in England," Oxford 1866, Vol.1, p. 693. איז הערר ראָדזשערס געהערט צו דער ליבעראַלער שוהלע, אַ פּערזענליכער פריינד פון קאָבדען און ברייט, אַלזאָ ניט קיין „לאָודאַטאָר טעמפּאָרים אַקטי" [אַ פערהערליכער פון די גוטע אַלטע צייטען].

[152] „פּובליק העלטה", 7טער ראַפּאָרט, לאָנדאָן 1865, ז. 242. עס איז דעריבער גאָרניט קיין אומגעווהנליכע זאַך פאַר דעם הויז־אייגענטימער צו העכערן דעם אַרבייטער'ס דירה־געלד, ווי נאָר ער הערט, אַז דער דאָזיגער אַרבייטער פערדיענט עפּעס מעהר, אָדער פאַר דעם ארענדאַטאָר אַרונטערצוזעצען דעם אַרבייטער'ס לוין, „ווייל זיין פרוי האָט געפונען אַרבייט פאַר זיך."

ווי אַ בעשטימטע קוואַנטיטעט."[153] „וואָס איז נוגע אַ וויטערער פערקלענערונג פון זיין איינקונפט, קאָן ער זאָגען: ניהיל האַבעאָ, ניהיל קוראָ [איך האָב גאָרנישט, איך זאָרג גאָרנישט]. ער האָט ניט קיין פּחד פאַר דער צוקונפט, ווייל ער האָט איצטער נאָר דאָס אַבסאָלוט נויטוועגדיגסטע צו קאָנען עקזיסטירן. ער האָט נעגרייכט דעם נול־פּונקט, פון וועלכען דעם אַרענדאַטאָר'ס בערע־בענונגען פאַנגען זיך אָן. זאָל קומען וואָס עס וויל זיך, ער האָט קיין חלק ניט אין גליק, ניט אין אומגליק."[154]

אין יאָהר 1863 איז פאָרגעקומען אַן אָפיציעלע אונטערזוכונג וועגען דעם צושטאַנד פון דערנעהרונג און בעשעפטיגונג פון די פערברעכער, וואָס זיינען פעראורטיילט אויף פערשיקונג אין אַ שטראָף־קאָלאָניע און קאַטאָרגע. די רעזולטאַטען זיינען פערציי־כענט אין צוויי דיקע בלוי־ביכער. צווישען אַנדערעס זאָגט זיך דאָרטען: „אַ גענויע פערגלייכונג צווישען די שפּייזען פון די פער־ברעכער אין די ענגלישע טורמעס און די שפּייזען פון די פּאָו־פּערס אין די וואָרקהאַוזעס און פון די פרייע ערד־אַרבייטער אין דעמזעלביגען לאַנד ציינט גאַנץ קלאָר, אַז די ערשטע זיינען פיעל בעסער געשפּייזט איידער וועלכע עס איז פון דיביידע קלאַסען,"[155] בעת „די סומע אַרבייט, וואָס פאָדערט זיך פון אַ פעראורטייל־טען צו קאַטאָרגע, איז אומגעפעהר אַ העלפט פון דער סומע, וואָס אַ געוועהנליכער ערד־אַרבייטער טהוט אָב."[156] לאָמיר הערן עטלי־כע כאַראַקטעריסטישע ערקלערונגען פון עדות. דזשאָהן סמיטה, דירעקטאָר פון דער עדינבורגער טורמע (עדות־פערהער נומר 5056): „די נאַהרונג אין די ענגלישע טורמעס איז פיעל בעסער איידער די נאַהרונג פון די געוועהנליכע ערד־אַרבייטער." נומר 5075: „עס איז אַ פאַקט, אַז די געוועהנליכע ערד־אַרבייטער פון שאָטלאַנד קריגען זעהר זעלטען וואָסער־עס־איז פלייש." נומר

---

[153] דאָרט נופא, ז. 135.

[154] דאָרט נופא, ז. 134.

[155] "Report of the Commissions etc. relating to Transportation and Penal Service," London 1863, p. 42, 50.

[156] דאָרט נופא, ז. 77, מעמאָראַנדום פון דעם לאָרד טשיעף דזשאַסטיס.

3047: „קאנט איהר געפינען א וועלכען עס איז גרונד פאר דער נויטווענדיגקייט צו שפייזען די פערברעכער פיעל בעסער איידער די געוועהנליכע ערד־ארבייטער? — געוויס ניט.“ נומר 3048: „דענקט איהר, עס איז נויטיג צו מאכען ווייטערע עקספּערימענטען, כדי צו ברענגען די נאהרונג פון די ארעסטאנטען, וואס זיינען פערורטיילט צו קאטארגא, נעהענטער צו דער נאהרונג פון די פרייע ערד־ארבייטער?“[157] „דער ערד־ארבייטער“, שטעהט דארטען, „וואלט געקאנט זאגען: איך ארבייט שווער און האב ניט גענוג צו עסען. ווען איך בין געזעסען אין טורמע, האב איך ניט געארבייט אזוי שווער און געהאט צו עסען בשופע, דעריבער איז פאר מיר בעסער צו זיין אין טורמע, איידער אויף דער פריי.“[158]

פון די טאבעלען, וואס זיינען צוגעגעבען צו דעם ערשטען באנד פון דעם בעריכט, האב איך צוזאמענגעשטעלט די פאלגענדע פערגלייכענדע איבערזיכט:

| סך הכל | מינעראלישע בעשטאנד־טיילן | שטיק־שטאף־פרייע שפייזן | שפייז, וואס ענטהאלט שטיק־שטאף | |
|---|---|---|---|---|
| אונצען | אונצען | אונצען | אונצען | |
| 183,69 | 4,68 | 150,06 | 28,95 | ארעסטאנטען (אין פּארטלאנד) |
| 187,06 | 4,52 | 152,91 | 29,63 | מאטראז אין דער מאריין — |
| 143,98 | 3,94 | 114,49 | 25,55 | סאלדאט — — — — — — |
| 190,82 | 4,23 | 162,06 | 24,53 | ארבייטער (קאטש־מאכער) — |
| 125,19 | 3,12 | 100,83 | 21,24 | זעצער — — — — — — |
| 139,08 | 3,29 | 118,06 | 17,73 | ערד־ארבייטער — — — — |

דעם לעזער איז שוין בעקאנט דער אלגעמיינער רעזולטאט פון דער ערצטליכער אונטערזוכונגס־קאמיסיע פון 1863 וועגען דעם נאהרונגס־צושטאנד פון די ערגער־געשפּייזטע קלאסען. ער ווייסט זיך ערינערן, אז די נאהרונג פון א גרויסען טייל פון די ערד־ארבייטער פאמיליען שטעהט אונטער דעם מינימום, וואס איז

[157] דארט גופא, באנד II „עווידענס.“
[158] דארט גופא, באנד I אפּענדיקס, ז. 280.

נויטיג „אָבצוהאַלטען הונגער־קראַנקהייטען." ספּעציעל איז דאָס דער פאַל אין אַלע אַגריקולטור־דיסטריקטען פון קאָרנוואַל, דעוואָן, סאָמערסעט, ווילטס, סטאַפאָרד, אָקספאָרד, בערקס און הערטס.

„די נאַהרונג, וואָס דער ערד־אַרבייטער בעקומט פּערזענליך," זאָגט דר. סיימאָן, „איז גרעסער איידער די דורכשניט־סומע צייגט אָן, ווייל ער קריגט אַ גרעסערן חלק שפּייז — וואָס ער מוז האָבען, כדי צו קאָנען אַרבייטען — איידער די אַנדערע מיטגליעדער פון דער פאַמיליע; אין די אָרימערע דיסטריקטען בעקומט ער כמעט דאָס גאַנצע פליייש אָדער שפּעק. די סומע שפּייז, וואָס די פרוי קריגט, און אויך די קינדער אין דער פעריאָדע פון זייער שנעלען וואַקסען איז אין פיעלע פאַלען, כמעט אין אַלע גראַפשאַפטען, זעהר קאַרג, דערהויפּט אין שטיק־שטאָף."[159]

די קנעכט און דיענסטען, וואָס וואוינען ביים פּערמער גופא, קריגען גענוג צו עסען. זייער צאָהל איז געפאַלען פון 288,277 אין יאָהר 1851 אויף 204,962 אין יאָהר 1861. „די אַרבייט, וואָס די ווייבער טהוען אויף די פעלדער," זאָגט דר. סמיטה, „קאָן זאָגסט ברענגען שאָדען, אָבער אונטער די היינטיגע אומשטענדען איז עס פאַר דער פאַמיליע זעהר ניצליך, ווייל זי פערמעהרט די הכנסה און קומט צושטייער אויף שיך, קליידער און צאָהלען דירה־געלד, און גיט דעריבער דער פאַמיליע אַ מעגליכקייט בעסער צו עסען."[160] איינער פון די מערקווירדיגסטע רעזולטאַטען פון דער דאָזיגער אונטערזוכונג איז דער פאַקט, אַז דער ערד־אַרבייטער אין ענגלאַנד איז ניט אָן ערך ערגער געשפּייזט איידער אין די אַנדערע טיילען פון פעראייניגטען קיניגרייך,[161] ווי מען קאָן עס זעהן פון דער פאָלגענדער טאַבעלע:

---

[159] „פּאַבליק העלטה", 6טער ראַפּאָרט, 1863, ז. 238, 249, 261, 262.

[160] דאָרט גופא, ז. 2.62

[161] ר. ג. ז. 17. דער ענגלישער ערד־אַרבייטער בעקומט נאָר אַ פערט־חלק מילך און אַ העלפט ברויט פון וויפיעל דער איירישער בעקומט. דעם בעסערן נאַהרונג־צושטאַנד פון דעם לעצטען האָט שוין בעמערקט אַרטהור יאַנג אין זיין „טור טהרו אירלאַנד", אנפאַנג פון 19טען י. ה. דער גרונד דערפון איז פשוט, וואָס דער אָרימער איירישער פּערמער איז פיעל הומאַנער איידער

דער וועכענטליכער פערברויך פון קויהל־שטאף און שטיק־שטאף פון א דורכשניטליכען ערד־ארבייטער.

| | קויהלען־שטאף גראן | שטיק־שטאף גראן |
|---|---|---|
| ענגלאנד — — — — — — — | 40,673 | 1594 |
| וועלס — — — — — — — — | 48,354 | 2031 |
| שאטלאנד — — — — — — — | 48,980 | 2348 |
| אירלאנד — — — — — — — | 43,366 | 2439 |

„יעדע זייט פון דר. האנטער'ס בעריכט," זאגט דר. סיימאן אין זיין אפיציעלען געזונדהייט־בעריכט, „זאגט עדות אויף דער

---

דער רייכער ענגלישער פערמער. וואס איז נוגע וועלס, נעהט ניט דאס, וואס שטעהט אין טעקסט, אויף זיין דרום־מערב טייל. אלע דארטיגע דאקטוירים שטימען איין, אז די פערגרעסערטע שטערבליכקייט־ראטע דורך טובערקולאזע, סקראפול א. ד. ג. וואקסט אין אינטענסיוויטעט מיט דער פערערגערונג פון דעם פיזישען צו־שטאנד פון דער בעפעלקערונג, און אלע שרייבען־צו די פערערגערונג צו ארים־קייט. „דעם ארבייטער'ס בעקעסטיגונג רעכענט זיך דארט ארום 5 פענס א טאג; אין א סך דיסטריקטען צאהלט דער פערמער (אליין אז ארימאן) נאך וועניגער. א ביסען געזאלצען פלייש אדער שפעק, אויסגעטריקענט ביז עס איז אזוי הארט ווי מאהאגאני־האלץ און קוים ווערטה דעם שווערן פראצעס פון פערדייהען, דיענט צו בע'טעם'ן א גרויסען טאפ זופ אדער קאשע פון מעהל און קנאבעל, און דאס איז דעם ערד־ארבייטער'ס מיטאג טאג איין טאג אוים. . . . דער פארטשריט פון דער אינדוסטריע האט פאר איהם אויפגעטאן נאר דאס, וואס אנשטאט די דיקע הויז־געשפונענע טוך, מוז ער איצט טראגען, אין זיין קאלטען און פייכטען קלימאט, ביליגע קליידער פון באוועל־צייג, און אנשטאט שטארקערע געטרענק, טרינקט ער איצטער אזוי־גערופענעם טהע. . . . אבאר־בייטענדיג לאנגע שטונדען אונטער'ן רעגען און ווינד, קעהרט זיך דער פויער צוריק אהיים אין זיין שטיבעל, זיך אוועקצוזעצען אנוואַרמען ביי א פייער פון טארף אדער באלען, וואס זיינען געמאכט פון ליים און קויהלען־אב־פאל, פון וועלכע קויהלען־זויערם און שוועבעל־גאזען שלאגען ארויס וואלקענס־וויין. די ווענד פון'ם הייזעל בעשטעהען פון ליים און שטיינער, דער באדען פון דער נאקעטער ערד, ווי זי איז געווען פריהער איידער דאס הייזעל איז אויפגעבויט געווארן, דער דאך פון לויזע, פערפוילטע שטרוי. יעדער שפאלט איז פערשטאפט, כדי איינצוהאלטען די ווארימקייט, און אין א לופט פון א טייוועלשען געשטאנק, מיט א בלאטיגען באדען אונטער די פיס, אפט מיט די איינציגע נאסע קליידער זיך טרינקענדיג אויפ'ן לייב, זעצט ער זיך עסען מיט ווייב און קינדער. העבאמען, וועלכע זיינען געווען געצוואונגען צו פער־ברענגען א טייל פון דער נאכט אין אזעלכע שטיבלעך, האבען בעשריבען, ווי

ניט־נעניגענדער קוואנטיטעט און שלעכטע קוואליטעט פון די וואוי־נונגען פון אונזער ערד־ארבייטער. און זיין צושטאנד האט זיך פאר פיעלע יאהרען אלץ מעהר פערערגערט אין דער הינזיכט. עס איז איצט פיעל שווערער פאר איהם צו געפינען א דירה, און דאס וואס ער געפינט פאסט פאר זיינע בעדערפעגישען א סך וועניגער, ווי דאס איז געווען דער פאל אפשר פאר הונדערטער יאהרען. ספעציעל אין די לעצטע 30 אדער 20 יאהר ווערט די צרה אלץ גרעסער און די אומשטענדען פון דעם ערד־ארבייטער'ס וואוינונג זיינען קלעגליכע ביז'ן העכסטען גראד. א חוץ אויף וויפיעל יע־

זייערע פיס האבען געזונקען אין דער בלאטע פון בארען, און ווי זיי זיינען געווען געצוואונגען אויסצובויערן א לאך אין וואנד (ניט קיין לייכטע ארבייט!), כדי צו כאפען פאר זיך אביסעל פרישע לופט. פיעלע עדות פון פערשיידענע שטאנדען האבען בעשטעטיגט, אז דער האלב־הונגעריגער פויער איז אויסגעזעצט יעדע נאכט צו אט די אונסאניטארע איינפלוסען, און פאר דעם רעזולטאט — אז אבגעשוואכט און סקראפולעזעם פאלק, פעהלט ··ער ניט קיי־נע בעווייזען. . . . די מיטטיילונגען פון די צדקה־בעאמטע פון קערמארטענשיר און קארדיגאנשיר צייגען אויף אז אויפפאלענדען אופן פונקט דעמזעלבינען צושטאנד. צו דעם קומט נאך א גרעסערע פעסט — די גרויסע צאהל אידיאטען. איצט נאך א ווארט וועגען די קלימאטישע צושטאנדען. שטארקע דרום־מערב ווינטען בלאזען דורך דאס גאנצע לאנד פון 8 ביז 9 מאנאט אין יאהר און ברענגען מיט זיך שלאקס־רעגען, וואס גיסען דערהויפט אויף די מערב־זייטיגע אבהאנגען פון די בערג. בוימער זיינען זעלטען א חוץ אין די בע־שיצטע פלעצער; וואו זיי זיינען ניט בעשיצט, ווערן זיי אזוי צעבלאזען פון ווינד, אז זיי האבען קיין געשטאלט ניט. די הייזלאך פערקריכען געוועהנ־ליך אונטער א וועלכעס עס איז בארג־טעראסע, אפט אויך אין א בארג־רים אדער א שטיין־ברוך. בלויז די קלענסטע שעפסען און די היימישע הארן־פיה קאנען לעבען אויף די דארטיגע לאנקעס. . . . די יונגע לייט וואנדערן אויס נאך די מינען־דיסטריקטען צו מזרח פון גלאמארגאן און מאנמוטה. קערמאר־טענשיר איז די פלאנץ־שוהלע פון דער מינען־בעפעלקערונג און זייער ספי־טאל. . . . די בעפעלקערונג קאן קוים אויפהאלטען איהר צאהל. אין קאר־דיגאנשיר צ. ב. ש. זיינען געווען

| | 1851 | 1861 |
|---|---|---|
| זכרים — — — — — — | 45,155 | 44,446 |
| נקבות — — — — — — | 52,459 | 52,955 |
| | 97,614 | 97,401 |

(דר. האנטער'ס ראפארט אין „פאבליק העלטה", 7טער ראפארט 1864, לאנדאן 18[illegible], ז. 502־498 און ווייטער.)

נע, וועמען זיין ארבייט מאכט רייך, האלטען עס ווערטה די מיה
צו בעהאנדלען איהם מיט א געוויסער איינזעהעניש פון מיטלייד,
איז ער אליין גאנץ הילפלאז אין דער זאך. צי ער געפינט אן ארט
וואו צו וואוינען אויפ'ן לאנד וואס ער בעארבייט, צי די וואוינונג
איז א מענשליכע אדער חזיר'שע, צי דאס הייזעל האט אויך א שטי־
קעל גארטען, וואס מאכט אזויפיעל לייכטער דעם דרוק פון ארימ־
קייט — דאס אלעס הענגט ניט אב פון זיין בערייטוויליגקייט און
פעהיגקייט צו צאהלען א פאסענדע רענטע [פאר די דאזיגע נויט־
ווענדיגע בעקוועמליכקייטען], נאר פון דעם געברויך, וואס אנדע־
רע ווילען מאכען פון „דאס רעכט צו טהאן מיט זייער אייגענטום,
וואס זיי ווילען." א פארם מעג זיין ווי גרויס, דאך איז ניטא קיין
געזעץ, וואס זאל זאגען, אז עס מוז שטעהן אויף איהר א בעשטימ־
טע צאהל ארבייטער־וואוינונגען (שוין ניט צו רעדען אנשטענדיגע
וואוינונגען); דאס געזעץ גיט אויך ניט דעם ארבייטער אפילו
דאס קלענסטע רעכט אויף דעם באדען, פאר וועלכען זיין ארבייט
איז אזוי נויטיג ווי רעגען און זונענשיין. . . . אן אויסערליכער
אומשטאנד לענט נאך ארויף א חוץ דעם א שווער געוויכט אין
דער וואג־שאל אנטקעגען איהם . . . דער איינפלוס פון דעם
„פור לאו" [געזעץ פאר ארימע] מיט זיינע בעשטימונגען וועגען
בעזעצען זיך און צולאסט פאלען אויף די שטייערן־צאהלער.[162]
אונטער דעם איינפלוס פון דעם דאזיגען געזעץ האט יעדער קיר־
כען־בעצירק א געלד־אינטערעס צו בעשרענקען ביז א מינימום די
צאהל ערד־ארבייטער, וואס ווילען זיך דארט בעזעצען; וואָרים
אומגליקליכערווייז פיהרט די ערד־ארבייט נ י ט צו א זיכערער
און דויערנדער אונאבהענגיקייט פאר דעם שווער־פערהארעווע־
טען ארבייטער און זיין פאמיליע, נאר מעהרסטענטיילס אויף א
לענגערן אדער קירצערן אומוועג צום פאופעריזם — א פאופעריזם,
וואס ליעגט אזוי נאהענט אין גויף פון גאנצען וועג, אז יעדער פאל
פון קראנקהייט אדער א וועלכער עס איז צייטווייליגער מאנגעל
אין בעשעפטיגונג מאכט גלייך נויטיג זיך צו ווענדען דירעקט צו
דער קהלה נאך הילף — און דעריבער בעטייט יעדע בעזעצונג

---

[162] אין 1865 איז דאס דאזיגע געזעץ עטוואס פערבעסערט געווארן. מען
זעט אבער באלד לערנען פון ערפאהרונגען, אז אזוינע פושערייי העלפען ניט.

פון ערד־אַרבייטער אין אַ בעצירק גאַנץ קלאָר אַ פאַרגרעסערונג פון זיינע שטייערן. . . . גרויסע גרונד־אייגנטימער[163] דאַרפען נאָר בעשליסען, אַז עס זאָלען ניט שטעהן קיינע אַרבייטער־וואוינונגען אויף זייערע גיטער, און זיי בעפרייען זיך גלייך פון אַ העלפט פון זייער פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר די אָרימע. אויף ווי ווייט די ענגלישע קאָנסטיטוציע און דאָס געזעץ האָבען מכון געוועזן אַזאַ אונבעדינגטען גרונד־אייגענטום, אַז אַ לאַנד־לאָרד, וואָס „טהוט מיט זיין אייגענטום, וואָס ער וויל” זאָל קאָנען בעהאַנדלען די וואָס בעאַרבייטען דעם באָדען ווי פרעמדע און זיי פערטרייבען פון זיין טעריטאָריע, איז אַ פראַגע, וואָס איך וויל דאָ ניט דיסקוטירן. אָט די מאַכט פון אַרויסטרייבען איז ניט בלויז אַ טעאָריע. זי ווערט פראַקטיש דורכגעפיהרט אויפ'ן גרעסטען מאָסשטאַב. זי איז איינע פון די אומשטענדען, וואָס בעהערשען די לאַגע פון דעם ערד־אַרבייטער'ס וואוינונג. ווי גרויס אָט די צרה איז, קאָן מען זיך מאַכען אַ בעגריף פון דעם לעצטען צענזוס, לויט וועלכען די צערשטערונג פון הייזער, טראָץ דער פערגרעסערטער לאָקאַלער נאָכפראַגע אויף זיי, איז אָנגעגאַנגען די לעצטע 10 יאָהר אין 821 פערשיידענע דיסטריקטען פון ענגלאַנד, אַזוי אַז ניט רעכענענדיג די פּערזאָנען, וועלכע זיינען געצוואונגען געוואָרן צו הייסען ניט־איינוואוינער (אין די קירך־בעצירקען וואו זיי האָבען געאַרבייט), איז אין 1861 פערגליכען מיט 1851 אַ גרעסערע בעפעלקערונג אויף 5½ פּראָצענט אַריינגעקוועטשט געוואָרן אין אַ הויז־שטח, וואָס איז פערקלענערט געוואָרן אויף 4½ פּראָצענט. . . . ווען דער פּראָצעס פון דער ענטפעלקערונג האָט געגרייכט זיין ציעל, איז דער רעזולטאַט, זאָגט דר. האָנטער, אַ שוי־דאָרף, וואו עס איז געבליבען נאָר עטליכע קאָטעדזשעס, און וואו קיינער האָט ניט קיין רעכט צו וואוינען, אַ חוץ די שעפּסען־פּאַסטוכער, גערטנער און ווילד־היטער — רעגולערע בעדיענטע, וועלכע בעקומען פון

[163] כדי צו פערשטעהן דאָס ווייטערדיגע, מוז מען ערקלערן: „קלאָוז ווי־לעדזשעס” (געשלאָסענע דערפער) הייסען די, וועלכע געהערן אַלס אייגענטום צו איינעם אָדער צוויי גרויסע לענדלאָרדס; „אָפּען ווילעדזשעס„ (אָפענע דערפער) זיינען די, וואָס זייער באָדען געהערט צו אַ סך קלענערע אייגענטימער. די לעצ־טע, די אָפענע דערפער, זיינען די ערטער, וואו בוי־ספּעקולאַנטען קאָנען אויפ־שטעלען קאָטעדזשעס און לאָזשי־הייזער,

זייערע בנעדיגע הערשאפטען די גוטע בעהאנדלונג, וואס זייער קלאס קריגט געוועהנליך.[184] די ערד אבער מוז בעארבייט ווערן, געפינט מען, אז די ארבייטער, וואס זיינען אויף איהר בעשעפטיגט, וואונען ניט דא ביי דעם אייגענטימער, נאר זיי קומען פון א דער־בייאיגען אפענעם דארף, אפשר 3 מייל ווייט, וואו פיעלע קליינע אייגענטימער האבען זיי אריינגענומען, ווען זייערע קאטעדזשעס זיינען צערשטערט געווארן אין די געשלאסענע דערפער ארום. וואו די לאגע פיהרט צו דעם דאזיגען רעזולטאט, קאן מען שוין דער־קענען נאך זייער עלענדען אויסזעהן דעם שיקזאל, צו וועלכען די קאטעדזשעס זיינען פערדאמט. מען געפינט זיי אין אלע שטופען פון נאטירליכער פערוויסטונג. כל זמן דער דאך האלט זיך נאך, ערלויבט מען דעם ארבייטער צו צאהלען דירה געלד דערפאר, און ער איז אפט זעהר צופריעדען דאס צו קריגען, אפילו פאר דעם פרייז פון אן אנשטענדיגער דירה. קיין רעפאראטור אבער, קיין אויסבעסערונג וועט זי ניט קריגען, סיידען וואס די קבצנישע שכנים וועלען אליין אין איהר מאכען. און ווען מען קאן שוין ענדליך מעהר אין אזא דירה גאר ניט וואוינען, קומט צו נאך א צערשטער־טע קאטעדזש, און דער קינפטיגער ארמען־שטייער וועט זיין א הארעלע קלענער. בעת די גרויסע אייגענטימער ווערן אט אזוי פטור פון צאהלען ארמען־שטייער, ענטפעלקערנדיג דעם גרונד און באדען, וואס זיי קאנטראלירן, נעהמט אריין דאס נעקסטע שטעדטעל אדער דער נעקסטער אפענער דארף די ארויסגעווארפענע ארביי־טער; איך זאג דער נעקסטער, אבער דער דאזיגער „נעקסטער“ קאן זיין דריי אדער פיער מייל ווייט פון דער פארם, וואו די־

---

[184] אזא שוויי־דארף זעהט אויס זעהר נעט, אבער ער איז פונקט אזוי אונווירקליך, ווי די דערפער, וועלכע קאטערינא די צווייטע האט געזעהן אויף איהר רייזע אין קרים. אין דער לעצטער צייט ווערט אויך דער שעפסען־פאסטוך גאנץ אפט פערטריבען פון די דאזיגע „שאו ווילעדזשעס“. צום ביי־שפיעל ביי מארקעט הארבארא געפינט זיך א שעפסען־פארם פון ארום 500 אקער, וועלכע פאדערט נאר די ארבייט פון איין מאן. כדי צו פערקלענערן די לאנגע מארשרוטען איבער די ווייטע פלעכען, די שעהנע לאנקעס פון לייס־טער און נארטהאמפטאן, פלעגט דער פאסטוך קריגען א קאטעדזש אויפ'ן פארם. איצטער גיט מען איהם א דרייצעהנטען שילינג א וואך פאר לאזשיע, וואס ער מוז זיך קריגען ווייט אוועק אין אן אפענעם דארף.

ארבייטער מוז טעגליך אוועקלעגען זיין פראצע. אט אזוי ווערט צוגעלעגט צו זיין טעגליכער הארעוואניע, אזוי ווי דאס וואלט גאר־ניט אויסמאכען, די נויט צו מארשירען 6 אדער 8 מייל א טאג צו פערדינען זיין שטיקעל ברויט. אזוי אויך די פארם־ארבייט, וואס זיין ווייב און זיינע קינדער טהוען, קומט איצט פאר אונטער די שווערער־געווארענע אומשטענדען. און דאס איז נאך ניט די גאנצע צרה, וואס דער מהלך פעדאורזאכט איהם. אין די אפענע דערפער קויפען די שפעקולאנטען אב שטיקלעך ערד, אויף וועלכע זיי זעצען אן אזוי געדיכט ווי מעגליך די ביליגסטע פון אלע מעג־ליכע שטעלכלאך. און אין אט די עלענדע דירות, וועלכע אויב זיי גרעניצען זיך אפילו מיט אפענע פעלדער, האבען זיי די ערגסטע כאראקטער־שטריכען פון די ערגסטע שטאדטישע דירות, ליעגען צוזאמענגעפאקט די ערד־ארבייטער פון ענגלאנד165... פון דער

165 „די ארבייטער־הייזלאך (אין די אפענע דערפער, וועלכע זיינען נא־טירליך אלעמאל איבערפילט) זיינען געוועהנליך געבויט אין רייהען, מיט זייערע הינטענס האַרט ביים ברעג פון דעם שטיק לאנד, וואס דער בוי־שפע־קולאנט ריפט אן זיינס. זיי האבען דעריבער קיין צוטריט ניט צו ליכט און לופט א חוץ פון דעם פאדערשטען טייל". (דר. האנטער'ס רעפארט, ד. ג. ז. 135). זעהר אפט איז דער ביער־שענקער אבער דער קרעמער פון דארף אויך דער פערדינגער פון די דירות. אין דעם פאל געפינט דער ערד־ארבייטער אין איהם א צווייטען בעל־הבית צו דעם פארמער. ער מוז אויך זיין אין דערזעלביגער צייט זיין קונד. „מיט 10 שילינג א וואך, פון וועלכע ס'געהט אראב דאס יעהרליכע דירה־געלד פון 4 פונט סט., איז ער פערפליכטעט צו קויפען יין בעשטימטע מאס טהעע, צוקער, מעהל, זייף, ליכט און ביער ביי דעם קרעמער, אויף וועלכע פרייזען יענער רעכענט איהם". (ד. ג. ז. 132). אט די אפענע דערפער זיינען פאקטיש די „שטראף־קאלאניעס" פון העם ענג־לישען אגריקולטור־פראלעטאריאט. א סך פון די קאטעדזשעס זיינען פשוט'ע לאזשיע־הייזער, דורך וועלכע עס געהען דורך אלע בראדיאגעס פון דעם גע־גענד. דער ערד־ארבייטער און זיין פאמיליע, וועלכע זיינען אונטער די שמו־ציגסטע אומשטענדען אפט געבליבען אויף אז אמת וואונדערבארען אופן טיכ־טיגע מענשען מיט א ריינעם כאראקטער, געהען דא אינגאנצען צום טייוועל. עס איז נאטירליך געווארן די מאדע ביי די אריסטאקראטישע שיילאקס צו ציהען מיט די פלייצעס ווי צבועיאקעס אויף די בוי־שפעקולאנטען, די קליינע אייגענטימער און די אפענע דערפער. זיי ווייסען גאנץ גוט, אז זייערע „גע־עשלאסענע דערפער" אהן „שוי־דערפער" זיינען די געבורט־פלעצער פון די „אפע־נע דערפער". און אז זיי וואלטען ניט געקאנט עקזיסטירען אהן זיי. „אהן די קליינע אייגענטימער פון די אפענע ערטער וואלט דער גרעסטער טייל פון

אנדער זייט דארף מען ניט מיינען, אז דער ארבייטער, וואס וואוינט אויפ'ן לאנד, וואס ער בעארבייט, קריגט שוין א דירה, וועלכע זיין לעבען פון פראדוקטיווער ארבייטזאמקייט פערדיענט. אפילו אויף די גרעסטע פירשטליכע גיטער איז זיין קאטעדזש אפט די ארימסטע חורבה. עס זייגען פאראן לענדלארדס, וואס רעכנען, אז יעדעס שטעלכעל איז גוט גענוג פאר דעם ארבייטער און זיין פאמיליע, אבער שעהמען זיך ניט פונדעסטוועגען ארויסצושלאגען פון איהם אזויפיעל דירה־געלד ווי מעגליך.[166] מעג עס זיין א שטיקעל חורבה פון איין שלאף־צימער, אהן פייער־גראטעס, אהן א קלאזעט, אהן א פענסטער, וואס מען קאן עפענען, אהן וואסער א חוץ פון דעם גראבען, אהן א גארטען — דער ארבייטער קאן זיך אנטקעגען דעם ניט העלפען. און אונזערע סאניטארע געזעצען זיינען א טויטער בוכשטאב. די דורכפיהרונג פון די דאזיגע געזעצען ווערט אקוראט אנגעטרויט דיזעלביגע אייגענטימער, וועלכע פערדינגען אזוינע לעכער. . . . מען מוז זיך ניט לאזען פער־

---

די ערד־ארבייטער געמוזט שלאפען אונטער די בוימער פון די גיטער, אויף וועלכע זיי ארבייטען." (ד. ג., ז. 135.) דער סיסטעם פון די „אפענע און „געשלאסענע" דערפער הערשט אין אלע מיטעל־ענגלישע גראפשאפטען און אין גאנצען מזרח־ענגלאנד.

[166] „דער הויז־פערדינגער (דער פערמער אדער לענדלארד) פראפיטירט דירעקט אדער אינדירעקט דורך דער ארבייט פון א מאן, וועמען ער צאהלט 10 שילינג א וואך און רייסט דערנאך ארויס פון אט דעם ארימען טייוועל 4 אדער 5 פונט סט. יעהרליכעם דירה־געלד פאר הייזער, וואס זיינען אינגאנצען ניט ווערטה קיין 20 שילינג אין אפענעם מארק, נאר ווערן געהאלטען ביי דעם קינסטליכען פרייז דורך דעם אייגענטימער'ס מאכט צו זאגען: „נעהם מיין הויז, אדער פאק זיך איין און געה זוכען א שטעלע אנדערשוואו אהן אן ארבייט־צייגניס פון מיר". . . . ווען א מאן וויל פערבעסערן זיין לאגע און וויל געהן ארבייטען ביי לעגען שינען אויפ'ן אייזענבאהן אדער אין א שטיין־ברעכעריי, איז דיזעלביגע מאכט ווידער פערטיג איהם צו זאגען: „ארבייט פאר מיר אויף אט דעם נידעריגען לוין, אדער פעקעל זיך אריבער נאך איין וואך קינדיגונג; נעהם מיט דיין שוויין, אויב דו האסט איהם, און זעה וואס דו קאנסט קריגען פאר די קארטאפעל, וואס וואקסען אין דיין גארטען." לוינט זיך איהם בעסער צו לאזען דעם ארבייטער וואוינען אין זיין דירה, העכערט ער איהם דאס דירה־געלד אלס א שטראף פאר ניט וועלען ארבייטען ביי איהם. (דר. האנטער, ד. ג., ז. 132.)

בלערען, זעהעריג אין אויסנאהם־פאלען ליכטיגערע סצענעס, וועגען דאס שווערע איבערגעוויכט פון די פאקטען, וועלכע זיינען א שאנד־פלעק אויף דער ענגלישער ציוויליזאציע. די לאגע מוז ווירקליך זיין א שוידערהאפטיגע, ווען טראץ דער אויבענאויפיגער אונגעהויערליכקייט פון די איצטיגע דירות, קומען די זאכפערשטענדיגע בעאבאכטער איינשטימיג צו דעם שלום, אז אפילו דער אלגעמיינער זעהר שלעכטער צושטאנד פון די וואוינונגען איז נאך ניט אן ערך א קלענערע צרה, איידער דער פאקט, וואס עס זיינען איבערהויפט ניטא גענוג דירות. יאהרען־לאנג איז די ענגשאפט פון די ערד־ארבייטער׳ס וואוינונגען געוועז א געגענשטאנד פון טיעפען צער ניט נאר פאר מענשען, וועמען עס אהרט די סאניטארע פראגע, נאר פאר אלעמען, וועלכע זארגען פאר אן אנשטענדיגען, מאראלען לעבען. ווארים די בעריכטען־אבגעבער קלאגען זיך ווידער און אבער אין אזוינע גלייכפארמיגע אויסדרוקען,, אזוי ווי זיי וואלטען געוועזען סטעראטיפירט, וועגען דער פערשפרייטונג פון עפידעמישע קראנקהייטען אין די לאנד־דיסטריקטען, וועגען דער אייגענשאפט אין די הייזער אלס אן אורזאך, וואס מאכט צו נישט יעדען פערזוך אבצוהאלטען אן עפידעמיע, ווען זי האט זיך איינמאל אנגעפאנגען. און עס איז בעוויזען געווארן אבער און ווידער, אז די ענגשאפט, וועלכע טראץ די פיעלע געזונדהייטליכע איינפלוסען פון דעם לעבען אויפ׳ן לאנד, העלפט אזוי־פיעל דער פערשפרייטונג פון אנשטעקענדע קראנקהייטען, רופט אויך ארויס פיעלע ניט־אנשטעקענדע קראנקהייטען. און די מענשען, וועלכע האבען אויפגעדעקט דעם דאזיגען צושטאנד [וועגען דער ענגשאפט], האבען אויך ניט פערשוויגען נאך אנדערע שלעכטע פאלגען. אפילו ווען זייער הויפט עסק איז געווען די פראגע וועגען דעם געזונד־צושטאנד, זיינען זיי אפט כמעט געוועזען געצוואונגען צו רעדען אויך וועגען די אנדערע זייטען פון דעם געגענשטאנד. בעווייזענדיג ווי אפט עס קומט פאר, אז דערוואקסענע פערזאנען פוןביידע געשלעכטער, פערהייראטע און ניט פערהייראטע, זיינען צוזאמענגעווארפען אין ענגע שלאף־צימערן, האבען זייערע בעריכטען געמוזט ארויסרופען די איבערציינונג, אז אונטער די בעשריבענע אומשטענדען מוז דער געפיהל פון שאנד און אנשטענדיגקייט אויפ׳ן גרעבסטען אופן פערלעצט ווערן, און

אז די מאראל מוז נויטיגערווייז ליידען דערביי"[167]. . . . אזוי, צום ביישפיעל, אין דעם אנהאנג צו מיין לעצטען בעריכט דערמאנט דר. ארד אין זיין בעריכט וועגען דעם אויסברוך פון פיעבער אין ווינג, באקינגהאמשיר, ווי א יונגערמאן, וואס איז געוועזן קראנק אויף פיעבער איז דארט אהינגעקומען. אין די ערשטע טעג פון זיין קראנקהייט איז ער געשלאפען מיט 9 אנדערע פערזאנען צו־זאמען אין איין קעמערל. אין צוויי וואכען ארום זיינען אייניגע פון די פערזאנען אטאקירט געווארן, און פערלויף פון עטליכע וואכען זיינען 5 פון זיי קראנק געווארן און איינער איז געשטארבען. אין דערזעלביגער צייט האט מיר בעריכטעט דר. הארוועי פון סט. דזשארדזש ספיטאל, וועלכער האט בעזוכט ווינג, אין אנגע־לעגענהייטען פון זיין פריוואט־פראקסיס אין דער צייט פון דער עפידעמיע, פונקט אין דעמזעלביגען זין: א יונגע פרוי, וואס האט געהאט היעבער איז געשלאפען ביי נאכט אין א צימער צוזא־מען מיט איהר פאטער און מוטער, איהר ממזר־קינד, צוויי יונגע מענער (איהרע ברידער) און איהרע צוויי שוועסטער, יעדע מיט א ממזר־קינד — אין אלעמען 10 פערזאן. עטליכע וואכען פריהער זיינען 13 פערזאן געשלאפען אין דעמזעלביגען קאמער."[168]

דר. האנטער האט אונטערזוכט 5375 ערד־ארבייטער קא־טעדזשעס, ניט נאר אין די ריין־אגריקולטור־דיסטריקטען, נאר אין

---

[167] „פאבליק העלטה", 7טער ראפארט 1867, ז. 9־14 און ווייטער.

[168] „יונג־פערהייראטע פארלאך זיינען ניט קיין בעלעהרענדער שטודיום פאר דערוואקסענע ברידער און שוועסטער אין דעמזעלביגען שלאף־צימער. און הגם עס לאזט זיך דא ניט פערצייכענען קיין ביישפיעלען, זיינען פאראן גענוג פונקטען צו רעכטפערטיגען די בעמערקונג, אז גרויסע ליידען און אפטמאל דער טויט איז דער גורל פון די פרויען־טיילנעהמער אין דעם פערברעכען פון בלוט־שאנד." (דר. האנטער, ד. ג. ז. 137.) א בעאמטער פון דער לאנד־פאליציי, וועלכער האט פיעל יאהרען כסדר געדיענט אלס דעטעקטיוו אין די ערגסטע קווארטאלען פון לאנדאן, זאגט וועגען די מיידלעך פון זיין דארף: „זייער גראבע אונמאראלישקייט אין יונגסטען עלטער, זייער פרעכקייט און אונפערשעמטקייט שטייגט אריבער אלץ, וואס איך האב ווען עס איז געזעהן אין פערלויף פון מיין פאליציי־לעבען אין די ערגסטע טיילען פון לאנדאן. . . . זיי לעבען ווי חזירים, גרויסע בחורים און מיידלעך, מוטערס און פאטערס לעבען אלע צוזאמען אין דערזעלביגער שטוב." („טשילדרענס עמפלאימענט קאמישאן, 6טער ראפארט, לאנדאן 1867, אנהאנג ז. 7, נאמער 155.)

אלע גראפשאפטען פון ענגלאנד. פון אט די 5375 האבען 2195 געהאט נאר איין שלאף־צימער (וואס איז אפט אויך געווען דאס וואוין־צימער), 2930 האבען געהאט נישט מעהר ווי 2 און 250 האבען געהאט מעהר ווי 2 צימערן. איך וויל געבען עטליכע מוס־טערן געזאמעלט אין א טוצען גראפשאפטען.

### 1. בעדפארדשיר.

**רעסטלינגווארטה:** דער שלאף־צימער אומגעפעהר 12 פוס לאנג און 10 פוס ברייט, הגם פיעלע זיינען קלענער. דאס קליין איינשטאקיגע שטיבעל ווערט אפט איבערגעטיילט מיט ברעטער אין צוויי שלאף־צימערן, אפט געפינט זיך א בעט אין א קיך 5½ פוס הויך. דירה־געלד 3 פונט סט. די שכנים מוזען אליין בויען זייערע קלאזעטען, דער הויז־אייגענטימער גיט נאר דעם פלאץ. ווען איינער בויט אויף א קלאזעט ביינוצט זיך מיט איהם די גאנצע נאכבארשאפט. איין הויז, וואס האט געהערט צו א פאמיליע מיטן נאמען ריטשארדסאן, האט געהאט גאר א זעלטענעם חן. איהרע לייםענע ווענד האבען צרויסגעשטארצט ווי דאס קלייד פון דאמע ביים זי מאכט א קניקס. איין שפיץ פון דאך איז ווען אויסגעקרימט צו דרויסען־צו, דער אנדערער צו אינעווייניג און אויף דעם לעצטען איז אונגליקליכערווייז געשטאנען דער קוימען — אן אויסגעקרימטער רעהר פון ליים און האלץ, וואס האט אויסגעזעהן ווי א העלפאנט'ס שנויץ. א לאנגער שטעקען האט בעדיענט ווי אן אונטערשפאר ניט צו לאזען דעם קוימען ארונטער־פאלען. טיר און פענסטער זיינען געווען פון א ראמבישער פארם." פון 17 בעזוכטע הייזער האבען נאר 4 געהאט מעהר ווי איין שלאף־צימער און די אלע 4 זיינען געווען איבערגעפאקט. אין איין הויז, וואס האט נאר געהאט 1 שלאף־צימער, האבען בעוואוינט 3 דערוואקסענע מיט 3 קינדער; אין אן אנדער הויז — א פערהייראט פאר מיט 6 קינדער א. אז. וו.

**דאנטאן:** הויכע דירה־געלד, פון 4 ביז 5 פונט סט. דער וואכען־לוין פון די מענער 10 שילינג. זיי האפען צו קאנען צאה־לען דירה־געלד דורכדעם וואס די פאמיליע ווערט פערדיענען פון שטרוי־פלעכטען. וואס העכער דאס דירה־געלד, אלץ גרעסער איז

די צאהל פון די, וואס מוזען זיך צונויפלעגען, כדי דאס צו צאהלען. 6 דערוואקסענע, וועלכע שלאפען צוזאמען מיט 4 קינדער אין איין פאטער, צאהלען דערפאר 3 פונט סט. מיט 10 שילינג. דאס ביי־ליגסטע הויז אין דאנטאן, 15 פוס לאנג און 10 פוס ברייט פון דרויסען, פערדינגט זיך פאר 3 פונט סט. נאר 1 פון די 14 אונ־טערזוכטע הייזער האט געהאט 2 שלאף־צימערן. א ביסל אן א זייט פון דארף איז געשטאנען א הויז, אויף איין זייט פון וועלכען די שכנים האבען געטאן זייערע בעדערפענישען, די אונטערשטע 9 צאל פון טיער איינגאנצען אפגעפוילט, די עפענונג ווערט ביי־נאכט קונציג פערמאכט פון אינעווייניג דורך עטליכע ציגעל און פערהאנגען מיט א שמאטע. א האלב פענסטער, מיט'ן גלאז און ראהם, זיינען אוועק אין דער אייביגקייט ווי אלעס שטערבליכע. אט דא, אהן א ברעקעל מעבעל, זייען געווען צוזאמענגעווארפען 3 דערוואקסענע און 5 קינדער. דאנטאן איז ניט ערגער ווי די איבעריגע ערטער פון בינגלעסווייד יוניאן.

2. בערקשיר.

בינהאם: אין יוני 1864 האבען געלעבט א מאן מיט א פרוי און 4 קינדער אין א קאט (א איינשטאקיג קאטעדזש). א טאכטער איז געקומען אהיים פון דיענסט מיט שארלאך־פיעבער. זי איז געשטארבען. א קינד איז קראנק געווארן און געשטארבען. ווען מען האט גערופען דר. האנטער, איז די מוטער און א קינד קראנק געווען אויף טיפוס. דער פאטער און א קינד זיינען געשלאפען דרויסען, אבער ווי שווער עס איז געווען צו פערזיכערן איזאלא־ציע, קאן מען זעהן דערפון, וואס די בעט־געוואנט פון דער קראנ־קער פאמיליע איז געלעגען אויפ'ן פול־געפאקטען מארק פון דעם עלענדען דארף איידער מען האט עס צוגענומען אין וועש. דאס דירה־געלד פון ה'ס הויז איז א שילינג א וואך; איין שלאף־צימער פאר מאן און ווייב און 6 קינדער. 1 הויז פערדינגט זיך פאר 8 פענס א וואך, 14½ פוס לאנג, 7 פוס ברייט, די קיך 6 פוס הויך, דאס שלאף־צימער אהן א פענסטער, פייער־פלאץ, טיר אדער עפענונג א חוץ אין דורכגאנג; קיין גארטען. א מאן האט דא קירצליך געוואוינט מיט צוויי דערוואקסענע טעכטער און א דערוואקסענעם זוהן. פאטער און זוהן האבען געשלאפען

אין בעט, די מיידלעך אין דעם דורכגאנג. יעדע האָט געהאט א קינד בעת די פאמיליע האָט דאָ געוווינט; איינע איז געגאנגען אין וואָרקהאוז פאר איהר ענטבינדונג און איז דערנאָך געקומען אהיים.

3. באַקינגהאמשיר.

30 קאָטעדזשעס — אויף 1,000 אַקער לאַנד — ענטהאַלטען דאָ אומגעפעהר 130 ביז 140 פערזאָן. די קהלה פון בראַדענהאַם פערנעהמט 1,000 אַקער; אין 1851 האָט זי געהאט 36 הייזער און א בעפעלקערונג פון 84 מאַנספערזאָן און 54 פרויען. אָט די געשלעכטליכע אונגלייכהייט איז טיילווייז פעררריכט געוואָרן אין 1861, ווען זיי האָבען געצעהלט 98 מענער און 87 פרויען: א פערמעהרונג אין 10 יאָהר פון 14 מענער און 33 פרויען. אונטער דער צייט איז די צאָהל הייזער געוואָרען מיט איינס ווענינער.

ווינסלאָו: א גרויסער טייל פון דעם איז ניי־געבויט און אין א גוטען סטיל; די נאָכפראגע אויף הייזער מוז זיין זעהר גרויס, וואָרים זעהר עלענדע הייזלעך פערדינגען זיך פאר א שילינג און א שילינג מיט 3 פענס א וואָך.

וואָטער־איטאָן: דאָ האָבען די אייגענטימער, טראָץ דער וואקסענדער בעפעלקערונג, צערשטערט 20 פראָצענט פון די עקזיסטירענדע הייזער. אן אָרימער ארבייטער, וואס האָט געמוזט געהן ארום 4 מייל צו דער ארבייט, האָט געענטפערט אויף דער פראגע, צי ער קאָן ניט געפינען א דירה נעהענטער: „ניין, זיי זיינען צו־קלוג צו וועלען ארייננעהמען א מאן מיט אזא גרויסער פאמיליע ווי מיינע.”

טינקער'ס ענד נעבען ווינסלאָו: א שלאָף־שטוב, וואו עס האָבען געוואוינט 4 דערוואקסענע און 4 קינדער, איז געווען 11 פוס לאַנג, 9 פוס ברייט און 6½ פוס הויך אין דעם העכסטען פונקט; אן אנדער שטיבעל 11 פוס 3 צאָל לאַנג, 9 פוס ברייט, 5 פוס 10 צאָל הויך האָט ענטהאַלטען 6 פערזאָן. יעדע פון אָט די פאמיליען האָט געהאט וועניגער רוים וויפיעל עס רעכענט זיך אז עס איז נויטיג פאר אן ארעסטאַנט. קיין הויז האָט ניט געהאט מעהר ווי איין שלאָף־צימער, קיינס האָט ניט געהאַט קיין הינטער־

טיר, וואסער זעהר זעלטען. דירה־געלד א וואך — פון 1 שילינג 4 פענס ביז 2 שילינג. אין 16 אונטערזוכטע הייזער איז נאר געווען איין איינציגער מאן, וואס האט פערדיענט 10 שילינג א וואך. די סומע לופט פאר יעדער פערזאן אין די דערמאנטע פאלען איז געווען נישט מעהר וויפיעל ער וואלט בעקומען ווען ער וואלט געווען איינגעשלאסען די גאנצע נאכט אין א קאסטען, וואס האט 4 פוס די מאס אין אלע זייטען. די אלע חורבות האבען ווענינגסטענס געהאט וויפיעל־ניט־איז נאטירליכע ווענטילאציע.

## 4. קאמברידזשיר.

גאמבלינגיי געהערט צו פערשיידענע אייגענטימער. עס ענטהאלט די לומפיגסטע קאטס, וואס מען קאן וואו עס איז געפינען. פיעל שטרוי־פלעכטונג. „א טויטע מאטקייט, א האפנונגלאזעס זינקען אין שמוץ” הערשט אין גאמבלינגיי. די פערנאכלעסיגונג אין צענטער ווערט אן אמת'ער חורבן ביי די עקען צו צפון און דרום, וואו די הייזער פוילען פשוט אב שטיקערווייז. די אבוועזענדע לענדלארדס צאפען שוין צו־פריי דאס בלוט פון אט דעם קבצנישען נעסט. דירה־געלד איז זעהר הויך; 8 ביז 9 פערזאן אנגעפאקט אין איין שלאף־צימער; אין 2 פאלען האבען געוואוינט 6 דערוואקסענע מיט איינס אדער צוויי קינדער אין א קליין קאמערל.

## 5. עססעקס.

אין פיעלע קהלות פון אט דער גראפשאפט געהען אן פערקלענערונגען אין דער צאהל פערזאנען און קאטעדזשעס האנד אין האנד. אין ניט וועניגער אבער ווי אין 22 קהלות האט די צערשטערונג פון הייזער ניט אבגעהאלטען דעם וואוקס פון דער בעפעלקערונג, אדער האט ניט מיטגעבראכט די גירושים, וועלכע קומען געוועהנליך פאר אונטער דעם נאמען „איסוואנדערונג אין די שטעדט.” אין פינגרינגהאו, א קהלה פון 3443 אקער, זיינען אין יאהר 1851 געשטאנען 145 הייזער, אין 1861 זיינען מעהר ניט געבליבען ווי 110) אבער די בעפעלקערונג האט ניט געוואלט אוועקגעהן [illegible]ון האט נאך בעוויזען, אפילו אונטער אט די אומשטענדען, זיך צו פערמעהרן. אין ראמסדען קראגס האט־

בען אין יאָהר 1851 געוואוינט 252 פּערזאָן אין 61 הייזער, אין 1861 זיינען 262 פּערזאָן געווען צונויפגעקוועטשט אין 49 הייזער. אין באַזילדען האָבען אין 1851 געלעבט 157 פּערזאָן אין 35 הייזער אויף 1827 אַקער, און 10 יאָהר שפּעטער — 180 פּערזאָן אין 27 הייזער. אין די קהלות פינגרינגהאָו, סאוטה פארנברידזש, ווידפאָרד, באַזילדען און ראַמסדען קראַגס האָבען אין 1851 געלעבט אויף 8449 אַקער 1392 פּערזאָן אין 316 הייזער; אין 1861, אויף דעמזעלבען שטח האָבען 1473 פּערזאָן געלעבט אין 249 הייזער.

## 6. הירפאָרדשיר.

אָט די קליינע גראַפשאַפט האָט מעהר געליטען פון דעם „גירוש גייסט" איידער יעדע אַנדערע אין ענגלאַנד. אין נאַדבי געהערן די איבערגעפאַקטע קאַטעדזשעס, מעהרסטענטיילס מיט 2 שלאָף־צימערן, דאָס רוב צו די אַרענדאַטאָרס. זיי פערדינגען זיי לייכט פאַר 3 אָדער 4 פונט סט. אַ יאָהר, און צאָהלען אַ וואָכענלוין פון 9 שילינג!

## 7. האַנטינגדאַנשיר.

האַרטפאָרד האָט אין 1851 געהאַט 87 הייזער; אַ קורצע צייט נאָכדעם זיינען 19 קאַטעדזשעס צערשטערט געוואָרן אין אָט דער קליינער קהלה פון 1720 אַקער. די בעפעלקערונג אין 1831 איז געווען 452 פּערזאָן, אין 1852 — 832 פּערזאָן און אין 1861 — 3441 פּערזאָן. 14 קאַטעדזשעס פון 1 שלאָף־צימער יעדערע זיינען בעזוכט געוואָרן. אין איין קאַטעדזש האָבען געוואוינט 1 פּאָר פאָלק, 3 דערוואַקסענע זיהן, 1 דערוואַקסענע מיידעל און 4 קינדער, צוזאַמען 10 פּערזאָן; אין אַנאַנדער קאַטעדזש — 3 דערוואַקסענע און 6 קינדער. איינס פון די קאַמערן וואו 8 פּערזאָן זיינען געשלאָפען, איז געווען 12 פוס 10 צאָל לאַנג, 12 פוס 2 צאָל ברייט, 6 פוס 9 צאָל הויך; די דורכשניטמאָס, ניט אַראָבערעכענענדיג די טיילען, וואָס שטעקען אַרויס פון די ווענט, איז געווען אומגעפעהר 130 קוביק פוס פער קאָפּ. אין די 14 שלאָפצימערן 34 דערוואַקסענע און 33 קינדער. די דאָזיגע קאַטעדזשעס האָבען נאָר זעלטען־ווען קליינע גאָרטענס, אָבער פיע־

לע איינוואוינער קאָנען דינגען קליינע שטיקלעך ערד פאַר 10 אָדער 12 שילינג אַ פערטעל אַקער. די טיילען ערד זיינען גאַנץ ווייט פון די קאָטעדזשעס, וועלכע האָבען ניט קיינע קלאָזעטען. די פאַמיליע מוז ענטוועדער געהן טהאָן זייערע בעדערפעניסען דאָרטען אויף די ערד־טיילען, אָדער, ווי עס פיהרט זיך דאָ, זיי מאַכען עס, מיט רעספּעקט צו מעלדען, אין אַ שופלאָדען פון אַן אַלמער. ווען דער שופלאָדען ווערט פול, ווערט ער ארויסגעצויגען און אויסגעלעדיגט דאָרט אויף די פעלדער, וואו זיין אינהאַלט קומט צוניץ. אין יאַפּאַן ווערט דער קרייז־לויף פון די לעבענס־בעדינגונגען דורכגעמאַכט ריינליכער.

8. לינקאָלנשיר.

לאַנגטאָפט: אַ מאַן וואוינט דאָ אין רייט'ס הויז מיט זיין פרוי, איהר מוטער און 5 קינדער. דאָס הויז האָט אַ פאָדער־קיך, אַ וואַש־קאַמער און אַ שלאָף־צימער איבער דער פאָדער־קיך; ביידע צימערן זיינען 12 פוס 2 צאָל לאַנג, 9 פוס 5 צאָל ברייט, דער גאַנצער שטח פון הויז איז 21 פוס 2 צאָל לאַנג, 9 פוס 5 צאָל ברייט. דער שלאָף־צימער איז אַ דאַך־שטיבעל, די ווענט קומען זיך צוזאַמען מיט'ן דאַך אין דער פאָרם פון אַ היטעל־צוקער, און אַ קלאַפּען־פענסטער עפענט זיך פון פאָרענט. „וואָרום וואוינט ער דאָ? צוליעב דעם גאָרטען? — ניין, עס איז זעהר אַ פּיצעל גאָרטען. וועגען דאָס בילינע דירה־געלד? — אויך ניט. דער פּרייז איז גאַנץ הויך, 1 שילינג 3 פּענס אַ וואָך. ווייל עס איז נאָהענט צו זיין ארבייט? — ניין, עס איז 6 מייל ווייט און עס קומט איהם אויס צו געהן צופוס הין און צוריק 12 מייל יעדען טאָג. ער וואוינט דאָ, ווייל דער קאָטעדזש איז געווען צום פּערדינגען און ער האָט געוואָלט האָבען אַ הייזעל פאַר זיך אַליין, וואו דאָס זאָל ניט זיין, פאַר וועלכען עס איז פּרייז און אין וועלכען עס איז צושטאַנד." — דאָס פאָלגענדע איז די סטאַטיסטיק פון 12 הייזער אין לאַנגטאָפט מיט 12 שלאָף־צימערן, 38 דערוואַקסענע און 36 קינדער:

(זעה טאַבעלע אויף נעקסטער זייט)

| הויז נומער | שלאָף־צימער | דערוואַקסענע | קינדער | צאָהל פּערזאָנען | הויז נומער | שלאָף־צימער | דערוואַקסענע | קינדער | צאָהל פּערזאָנען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | 1 | 3 | 5 | 8 | 7 | 1 | 3 | 3 | 6 |
| 2 | 1 | 4 | 3 | 7 | 8 | 1 | 3 | 2 | 5 |
| 3 | 1 | 4 | 4 | 8 | 9 | 1 | 2 | — | 2 |
| 4 | 1 | 5 | 4 | 9 | 10 | 1 | 2 | 3 | 5 |
| 5 | 1 | 2 | 2 | 4 | 11 | 1 | 3 | 3 | 6 |
| 6 | 1 | 5 | 3 | 8 | 12 | 1 | 2 | 4 | 6 |

## 9. קענט.

קעניגטאָן איז געוועזען העכסט ט[illegible]ג איבערפילט אין 1859, ווען עס האָט זיך בעוויזען די דיפטעריט און דער קהלה־דאָקטאָר האָט אָנגעפיהרט א מעדיצינישע אונטערזוכונג וועגען דער לאַגע פון די אָרימערע קלאַסען. ער האָט געפונען, אז אין אָט דעם גע־גענד וואו עס ווערען בעשעפטיגט פיעלע ארבייטער, זיינען פער־שיידענע „קאָטס" צערשטערט געוואָרן און קיין נייע זיינען ניט געבויט געוואָרן. אין איין בעצירק זיינען געשטאַנען 4 הייזער, וועלכע מען האָט אָנגערופען פליגעל־שטייגען; יעדעס הויז האָט געהאַט 4 צימערן מיט די פאָלגענדע דימענסיאָנען אין פוס און צאָל:

| | |
|---|---|
| קיך — — — — — — — — — — — | 6,6×8,11×9,5 |
| הינטער־קיך — — — — — — | 6,3×4,6×8,6 |
| שלאָפצימער — — — — — — | 6,3×5,10×8,5 |
| שלאָפצימער — — — — — — — | 6,3×8,4×8,3 |

## 10. נאָרטהאמפּטאָנשיר.

ברינוואָרטה, פּיקפאָרד און פלאָאָר: אין אָט די דערפער שלעפען זיך אַרום אום ווינטער פון 20 ביז 30 מאַן אין די גאַ־סען אוים מאַנגעל אין ארבייט. די ארענדאַטאָרס פעראַקערן ניט אַלעמאָל גענוג די תבואה און ריבען־פעלדער, און דער לענדלאָרד האָט אויסגעפונען אז עס לוינט זיך איהם בעסער צונויפצו־וואַר־פען אַלע זיינע פאַרמס אין 2 אָדער 3. דערפון נעהמט זיך דער מאַנגעל אין בעשעפטיגונג. בעת פון איין זייט פון פארקאַן בעט זיך

דאס פעלד מען זאל זי בעארבייטען, ווארפען די ארבייטער בע־טענדע בליקען אויפ'ן פעלד פון דער אנדער זייט פארקאן. שרעק־ליך איבערגעארבייט אין זומער און האלב־פערהונגערט אין ווינ־טער, איז קיין וואונדער ניט, ווען זיי זאגען אין זייער אייגענ־ארטיגען דיאלעקט, אז „דער גלח און די פריצים האבען זיך פערשווארן זיי צו ברענגען פון דער וועלט."

אין פלאאר געפינט מען ביישפיעלען פון מאן און ווייב מיט 4, 5 און 6 קינדער אין איין שלאף־צימער פון דער קלענסטער גרויס; אויך 3 דערוואקסענע מיט 5 קינדער, אדער א פאר פאלק מיט א זיידען און 6 קינדער אלע קראנק אויף שארלאך א. אז. וו. אין 2 הייזער מיט 2 שלאף־צימערן צוויי פאמיליען צו 8 אדער 9 דערוואקסענע אין יעדען.

11. ווילטשיר.

סטראטאן: בעזוכט 31 הייזער; 8 האבען נאר איין שלאף־צימער. פענטיל, אין דערזעלביגער קהלה: איין „קאט" ווערט פערדונגען פאר 1 שילינג 3 פענס א וואך צו 4 דערוואקסענע און 4 קינדער; א חוץ די ווענט האט דארט קיין זאך ניט גע־טויגט, פון דעם באדען פון גראב־געהאקטע שטיינער ביז דעם פערפוילטען שטרויענעם דאך.

12. וואוסטערשיר.

די צערשטערונג פון הייזער איז דא ניט אזוי שלעכט; דאך פון 1851 ביז 1861 האט זיך די צאהל איינוואוינער אויף יע־דען הויז פערגרעסערט פון 4,2 צו 4,6 פערזאן.

באדסעי: דא זיינען פאראן א סך „קאטס" מיט קליינע גערטנער. אייניגע ארענדאטארס זאגען, אז „די „קאטס" זייגען א גרויסע אנשיקענים, ווייל זיי ברענגען אהער די ארימע." איין זשענטעלמאן האט זיך אויסגעדריקט: „פאר די ארימע ווערט דערפון ניט בעסער; ווען מען זאל אויסבויען 500 „קאטס", וועלען זיי גלייך ווערן פערדונגען; עס איז א פאקט, וואס מעהר מען בויט, אלץ מעהר דארף מען" — די הייזער שאפען לויט זיין מיינונג די איינוואוינער, וועלכע על פי נאטור־געזעץ דריקען אויף „די מיטלען פון צושטעלען הייזער." דר. האנטער בעמערקט: „עס פערשטעהט זיך, די דאזיגע ארימע מוזען פון וואנעט עס אין

קומען, און אזוי ווי קיין ספּעציעלע אַנציהונגס־קראַפט, ווי לייכטע חלקים, איז אין באַדסעי ניטאָ, מוז די אורזאַך, וואָס טרייבט זיי אהער, מסתמא זיין אַן־אָבשטויסונג פון אַנדערע נאָך וועניגער בעקוועמע פּלעצער. ווען יעדער וואָלט געקאָנט קריגען אַ „קאָט" און אַ שטיקעל ערד נאָהענט צו זיין ארבייט־פּלאַץ, וואָלט ער אודאי ניט געקומען אין באַדסעי, וואו ער צאָהלט צוויי מאָל אזוי פיעל פאַר זיין פיצעל ערד איידער דער ערענדאַטאָר צאָהלט פאַר זיין ערד."

די שטענדיגע אויסוואַנדערונג אין די שטעדט, די שטענדיגע פאָרמירונג פון אַן איבער־בעפעלקערונג אויפ'ן לאַנד דורך אַ צענטראַליזאַציע פון פאַרמס, דורך דער פערוואַנדלונג פון אקערלאַנד אין פיטער־פעלדער, דורך דער מאַשינעריע א. אַז. וו. און די שטענדיגע פעריאָגונג פון דער לאַנד־בעפעלקערונג דורך דער צערשטערונג פון די קאָטעדזשעס, געהען האַנד אין האַנד. וואָס לעדיגער אַ דיסטריקט איז פון מענשען, אַלץ גרעסער איז זיין „רעלאַטיווע איבערבעפעלקערונג," אַלץ גרעסער איז זייער דרוק אויף די בעשעפטיגונגס־מיטלען, אַלץ גרעסער איז דער אַבסאָלוטער איבערפלוס פון דער אַגריקולטור־בעפעלקערונג אריבער זיינע מיטלען צו קריגען וואוינונגען, אַלץ גרעסער, פאָלגליך, איז די לאָקאַלע איבער־בעפעלקערונג און די פערפעסטיגסטע צוזאַמענפּאַקונג פון מענשען. די ענגע צונויפדריקונג פון מענשען אין צעוואָרפענע קליינע דערפער און מארק־שטעדטלעך געהט צוזאַמען מיט דער געוואַלטזאַמער אָבציהונג פון מענשען פון דער אויבערפלעך פון לאַנד. די נאָכאַנאַנדיגע אַרויסזעצונג פון די ערד־אַרבייטער, טראָץ דעם וואָס זייער צאָהל ווערט קלענער, און דערצו די וואַקסענדע מאַסע פון זייער פּראָדוקט איז די וויעג פון זייער פּאָרפעריזם. זייער ענדליכער פּאָופּעריזם איז אַ מאָטיוו פאַר זייער פעריאָגונג און עס איז דער הויפּט־קוואַל פון זייער עלענדער וואוינונג־לאַגע, וועלכע ברעכט זייערע לעצטע כחות פון ווידערשטאַנד און מאַכט זיי פאַר פּשוט'ע שקלאַווען צו די לאַנד־אייגענטימער און אַרענדאַטאָרס,[169] אזוי אַז דער מינימום ארבייטלוין בעפעסטיגט זיך פאַר זיי ווי אַ נאַטור־געזעץ.

---

[169] „די עהרווירדיגע אַרבייט פון דעם „הײנד" [דעם טאָג־אַרבייטער אויפ'ן

פון דער אַנדער זייט איז דאָס לאַנד, טראָץ זיין שטענדיגער „רעלאַטיווער איבער־בעפעלקערונג", אין דערזעלביגער צייט ניט גענוג בעפעלקערט. דאָס צייגט זיך אַרויס ניט נאָר לאָקאַל אין די פּונקטען, וואו דער אָבפלוס פון מענשען צו די שטעדט, די מינען, אייזענבאַהנען א. אַז. וו. קומט פאָר צו־שנעל, נאָר עס צייגט זיך אומעטום, אין שניט־צייט, אַזוי גוט ווי אין פריהלינג און זומער, אין אַלע צייטען ווען די זעהר אויפגעפּאַסטע און אינ־טענסיווע ענגלישע אַגריקולטור פאָדערט עקסטראַ הענד. עס זיי־נען אַלעמאָל דאָ צופיעל ערד־אַרבייטער פאַר די געוועהנליכע בע־דערפעגישען און שטענדיג צו־ווענינ פאַר די אויסנאַהמסווייזע אָדער צייטווייליגע בעדערפעגישען פון דער בעאַרבייטונג פון דער ערד.[170] דעריבער געפינט מען אין די אָפיציעלע דאָקומענטען די ווידערשפּרעכענדע קלאַגען פון דיזעלביגע ערטער אי וועגען אַ דוחק, אי וועגען אַן איבערפלוס אין אַרבייט. דער צייטווייליגער

---

פעלד] מאַכט זיין לאַגע עהרווירדיג. ער איז ניט קיין שקלאַוו, נאָר אַ סאָל־דאַט פון פריעדען און פערדיענט אַ פּלאַץ אין אַ וואוינונג פאַר פערהייראַטע, פערזאָרגט פון דעם לענדלאָרד, וועלכער בעהויפּטעט איבער איהם די מאַכט פון צוואַנג־אַרבייט, ווי דאָס לאַנד איבער דעם סאָלדאַט. ער קריגט ניט דעם מאַרק־פּרייז פאַר זיין אַרבייט, אַזוי ווי דער סאָלדאַט קריגט ניט אַזאַ פּרייז פאַר זיין אַרבייט. אַזוי ווי דעם סאָלדאַט, אַזוי כאַפּט מען איהם אויך ווען ער איז יונג, אונוויסענד, קען נאָר זיין אייגענעם פאַך און זיין אייגענעם געגענד. אַ פריהע הייראַט און די ווירקונג פון די פערשיידענע געזעצען פון וועגן אַ תושב מאַכען אויף איהם דעמזעלביגען איינדרוק, ווי די רעקרוטירונג און די געזעצען פון מיליטער־שטראָף מאַכען אויף דעם סאָלדאַט." (דר. האַנטער אין „פּאַבליק העלטה", 7טען ראַפּאָרט 1864, לאָנדאָן 1865, ז. 132.) אַמאָל טרעפט, אַז אַן אויסנאַהמסווייז גוטהערציגער לענדלאָרד ווערט ווייכער, בעטראַכטענ־דיג די איינזאַמקייט, וואָס ער האָט געשאַפען. „עס איז אַ מעלאַנכאָלישע לאַ־גע פאַר אַ מענשען צו זיין אַליין אין זיין לאַנד," האָט געזאָגט לאָרד לעיסטער, בעת מען האָט איהם גראַטולירט צום חנוכת הבית פון זיין הויף הוקהאַם. „איך קוק אַרום מיר און זעה ניט קיין אַנדער הויז אַ חוץ מיינס. איך בין דער ריעז פון דעם ריעזען־טורם און האָב אויפגעגעסען אַלע מיינע נאָכבאַרען."

[170] אַן עהנליכע בעוועגונג קאָן מען די לעצטע 10 יאָהר זעהן אין פראַנק־רייך, אין דעם ערך ווי די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן האָט אַרומגעכאַפּט די אַגר־קולטור און פערטריבען די איבעריג־געוואָרענע לאַנד־בעפעלקערונג אין די שטעדט. דאָרט זיינען אויך איינגעטראָטען פערערגערטע אומשטענדען פון די וואוינונגען און אַנדערע פערהעלטענישען ביי דעם מקור פון די איבעריג־

אדער לאקאלער ארבייט־מאנגעל איז ניט גורם קיין העכערונג פון ארבייט־לוין, נאר די ווייבער און קינדער ווערן אריינגעשטופּט אין דער פעלד־ארבייט, און עס קומט ארונטער אלץ צו א נידעריגערער אלטער־שטופע. ווי נאר עס פערגרעסערט זיך די עקספּלואטאציע פון ווייבער און קינדער, ווערט זי פון איהר זייט א נייער מיטעל צו מאכען איבערפליסיג די מענליכע ערד־ארבייטער און צו האלטען נידעריג זייער לוין. אין מזרח־ענגלאנד בליהט א שעהנע פרוכט פון אט דעם שעדליכען קרייז — דער אזויגערופענער „גאנג“־סיסטעם („גאנג“ מיינט א באנדע, א טרופּע מענשען), צו וועלכע איך וויל זיך צוריקקהערן בקצור.171

דער גאנג־סיסטעם געפינט זיך כמעט אויסשליסליך אין לינקאלנשיר, האנטינגדאנשיר, קאמברידזשיר, נארפאלק, סאפאלק און נאטהינגאמשיר, וואו ניט־וואו אויך אין די ארומיגע גראפשאפטען פון נארטהאמפּטאן, בעדפארד און רוטהלאנד. אלס בייישפּיעל וועט אונז דיענען לינקאלנשיר. א גרויסער טייל פון אט

געוואָרענע. ווענען דעם איינענטימליכען „פּראָלעטאַריאַט פּאַנסיע“ (פּראָלעטאַריאַט פון באַדען), וואָס דער פּאַרצעלירסיסטעם (צעברעקלונג פונם לאַנד אין קליינע חלקים) האָט געשאַפען, זעה צווישען אַנדערע די פריהער ציטירטע שריפט פון קאָלינס „ל'עקאָנאָמיע פּאָליטיק“ און קאַרל מאַרקס „דער 18־טער ברומער פון לואי באָנאַפּאַרט“, ניו יאָרק 1852, ז. 56 און ווייטער. אין 1846 האָט די שטאָדטישע בעפעלקערונג בעטראָפען 24,42 און די דאָרפישע 75,58 פּראָצענט, אין 1861 איז די שטאָדטישע בעפעלקערונג געווען 28,26 און די דאָרפישע 71,14 פּראָצענט. אין די לעצטע יאָהרען איז דער אַרונטערפאַל פון דעם דאָרפישען פּראָצענטטייל פון דער בעפעלקערונג נאָך גרעסער געוואָרען. שוין אין 1846 האָט געזונגען פּיער דופּאָן אין זיין „אַרבייטער“:

"Mal Vetus, loges dans des trous
Sous les Combles. dans les decombres
Nous Vivons avec les hiboux
Et les larrons, amis des ombres."

(„שלעכט געקליידעט, אין דירות ווי לעכער,
אונטערן דאַך, צווישען שטויב און שמוץ,
לעבען מיר מיט די נאַכטפויגלען
און מיט גנבים — פריינד פון פינסטערניש.“)

171) דער 6־טער און לעצטער ראַפּאָרט פון דער „טשילדרענס עמפּלאָימענט קאָמישאָן“, פּובליצירט סוף מערץ 1867, בעהאַנדעלט נאָר דעם אַגריקולטור גאַנג־סיסטעם.

דער גראפשאפט איז נייעס לאנד, געוועזענע זומפען אדער, ווי אין איניגע פון די דערמאנטע גראפשאפטען, ניט לאנג צוריק אבגעוואונען לאנד פון ים. די דאמף־מאשין האט אין פרט פון אבציהען דאס וואסער אויפגעטאן וואונדער. וואס עס איז פריהער געוועזן זומפ און זאמד־בערג טראגט איצטער א רייכען ים פון תבואה און ברענגט אריין די העכסטע גרונד־רענטע. דאס אייגענע איז אויך ריכטיג וועגען דעם קינסטליך־געוואונענעם זומפלאנד, ווי אויפ'ן אינזעל פון אקזאלם און אין אנדערע קהלות אויפ'ן ברעג פון דעם טרענט. אין דעם ערך וואס עס זיינען אויפגעקומען נייע פארמס, זיינען ניט נאר ניט געבויט געווארן קיין נייע קאטעדזשעס, נאר אפילו די אלטע זיינען ארונטערגעריסען געווארן, און דער צושטעל פון א־בייט האט געמוזט קומען פון די אפענע דערפער, מיילען ווייט, דורך לאנגע וועגען, וואס שלענגלען זיך ארום די זייטען פון די בערג. דארטען נאר האט די בעפעלקערונג פריהער געפונען א בעשיצונג פון די לאנג־אנהאלטענדע פערפלייצונגען פון ווינטער. די ארבייטער, וואס וואוינען אויף די פארמס פון 400 ביז 1000 אקער די גרויס (זיי הייסען Confined labourers — איינגעצוימטע ארבייטער), דיענען אויסשליסליך פאר די דויערענדע שווערע ארבייטען, וואס ווערן געטאן מיט דער הילף פון פערד. אויף יעדע 100 אקער קומט אויס אין דורכשניט קוים איין קאטעדזש. אן ארענדאטאר פון זומפיג־לאנד, צום ביישפיעל, האט עדות געזאגט פאר דער אונטערזוכונג־קאמיסיע ווי פאלגט: „מיין פארם פערנעהמט איבער 320 אקער, דורכאויס תבואה־לאנד. זי האט ניט קיין קאטעדזש. איין ארבייטער וואוינט איצט ביי מיר. איך האב פיער פערד־קנעכט, וואס וואוינען אין דער נאכבארשאפט ארום. די לייכטע ארבייט, פאר וועלכער עס זיינען נויטיג א סך הענד, ווערט געטאן דורך גאנגס."[372] דער באדען פאדערט א סך לייכטע פעלד־ארבייט, ווי אויסיעטען די ווילדע גראזען, ארומהאקען, געוויסע בעמיסטיגונג־ארבייטען, אויסרייניגען די שטיינער, א. אז. וו. דאס ווערט געטאן דורך די גאנגס אדער ארגאניזירטע באנדעס, וועלכע וואוינען אין די אפענע דערפער.

די באנדע בעשטעהט פון 10 ביז 40 אדער 50 פערזאן, פרויען

[372] Children's Employment Commission 6th Report, Evidence, p. 37, n. 173

און יונגע פּערזאָנען פון ביידערליי געשלעכטער (פון 13 ביז 18
יאָהר), הגם אינגלעך פון 13 יאָהר ווערן מעהרסטענטיילס אויס־
געשלאָסען, און קינדער פון ביידערליי געשלעכטער (6 ביז 13
יאָהר). בראש שטעהט דער „גאַנג מאַסטער" (דער פיהרער פון
דער באַנדע), שטענדיג א געוועהנליכער ערד־אַרבייטער, דאָס רוב
אַן אַזויגערופענער שלעכטער קערל, אַ הולטאַי, אַ ניט־געזעצטער
מענש, אַ פער'שכור'טער, אָבער מיט אַ געוויסען אונטערנעהמונגס־
גייסט און געשעפטליכער פעהיגקייט. ער זאַמעלט צונויף די באַנ־
דע, וועלכע אַרבייט אונטער איהם, ניט אונטער דעם פּערמער. דאָס
רוב מאַכט ער אָב מיט'ן פּערמער אויף שטיק־אַרבייט, און זיין
הכנסה, וואָס שטייגט אין דורכשניט ניט פיל איבער די פער־
דיענסטען פון אַ געוועהנליכען ערד־אַרבייטער, העננט כמעט
אינגאַנצען אָב פון זיין פעהיגקייט צו קאָנען אַרויסציהען פון זיין
באַנדע די גרעסטע סומע אַרבייט אין דער מעגליכסט קירצעסטער
צייט. די פּערמערס האָבען אויסגעפונען, אַז פרויען אַרבייטען
טיכטיג נאָר אונטער דער אויפזיכט פון מענער, אָבער ווען פרויען
און קינדער האָבען שוין איינמאָל זיך אַריינגעצויגען אין דער אַר־
בייט, גיבען זיי אַוועק אַלע זייערע כחות מיט אַן עכטער פער־
ביסענקייט, ווי פוריע האָט דאָס שוין בעמערקט, בעת דער דער־
וואַקסענער מאַן־אַרבייטער איז אַזוי אויסגערעכענט, אַז ער עקאָ־
נאָמיזירט זיינע כחות וויפיעל ער קאָן. דער „גאַנג־מאַסטער" געהט
פון איין הויף צו דעם אַנדערן און בעשעפטיגט אויף דעם אופן
זיין באַנדע פון 6 ביז 8 מאָנאַט אין יאָהר. עס איז דעריבער
פיעל איינטרעגליכער און זיכערער פאַר די אַרבייטער־פאַמיליען
צו האַנדלען מיט איהם, איידער מיט דעם איינצעלנעם פּערמער,
וועלכער בעשעפטיגט קינדער נאָר ווען־ניט־ווען. אָט דער אומ־
שטאַנד פערשטאַרקט זיין איינפלוס אין די אָפענע דערפער אַזוי
פיעל, אַז אין אַ סך פלעצער קאָן מען ניט קריגען צו דינגען קינדער
סיידען דורך זיין פערמיטלונג. אָבגעבען קינדער איינציגווייז אויף
אַרבייט, אָבגעטיילט פון דער באַנדע, איז זיין נעבען־געשעפט.

די „שאָטען־זייטען" פון דעם סיסטעם זיינען די איבער־אַר־בייט פון די קינדער און יונגע פערזאָנען, די גרויסע מאַרשרוטען, וואָס זיי מוזען יעדען טאָג דורכמאַכען, געהענדיג צו דער אַרבייט אין הויפען, וועלכע זיינען 5, 6 און אָפט 7 מייל ווייט, און ענדליך די דעמאָראַליזאַציע פון די באַנדעס. הגם דער „גאַנג"־מייסטער, וועלכען מען רופט אין איניגע געגענדען „דהי דרייווער" (דער אָנטרייבער), איז בעוואָפענט מיט אַ לאַנגען שטעקען, געברויכט ער איהם אָבער נאָר זעהר זעלטען, און אַ קלאַגע וועגען ברוטאַלער בעהאַנדלונג איז אַן אויסנאַהם. ער איז אַ דעמאָקראַטישער קיסר אָדער אַ מין ראַצען־פאַנגער פון האַמעלן. ער מוז, הייסט עס, אויפהאַלטען זיין פאָפולאַריטעט צווישען זיינע אונטערטאַנען און ער בינדט זיי צו צו זיך דורך דעם רייץ פון דעם ציגיינערשען לע־בען, וואָס בליהט אונטער זיין ממשלה. גראָבע הפקרות, לוסטיגע אויסגעלאַסענקייט און די אונפערשעהמטעסטע פרעכהייט זיינען די צוציהונגען פאַר דער באַנדע. מעהרסטענטיילס צאָהלט דער גאַנג־מייסטער אויס זייערע שכירות אין אַ שענק, דאַן געהט ער אַהיים גוט שכור'לאַך, בראש פון דער פּראָצעסיע, אָנגעשפּאַרט רעכטס און לינקס אויף די אָרעמס פון אַ שטאַרק־געבויטער נקבה, די קינדער און יונגע פערזאָנען שלעפען זיך נאָך פון הינטען, שריי־ענדיג און זינגענדיג גראָבע, מיאוס'ע ליעדלעך. אויף דעם צו־ריקוועג איז דאָס, וואָס פוריע רופט אָן „פּהאַנעראָגאַמיע" [עפענט־ליכער ביישלאָף] אַ טעגליכע פּאַסירונג. שוואַנגערנדיגע דריי־צעהן און פערצעהן יאָהריגע מיידלעך פון זייערע חברים איינגלעך פון דעמזעלביגען עלטער זיינען אַ געוועהנליכע ערשיינונג. די אָפענע דערפער, וועלכע שטעלען־צו דעם קאָנטינגענט פון די „גאַנגס", ווערן סדום און עמורה'ס174 און ליפערן נאָך אַמאָל אַזוי־פיעל איללעגיטימע געבורטען, ווי דאָס גאַנצע איבעריגע קיניג־רייך. דער מאָראַלער כאַראַקטער אַלס פערהייראַטע פרויען פון די מיידלעך, וואָס האָבען זיך אויפגעהאָדעוועט אין אַט דער שוהל, איז שוין פריהער אָנגעדייט געוואָרן. זייערע קינדער, אויב דער אָפּיום פּטר'ט זיי ניט אַוועק, זיינען געבוירענע רעקרוטען פון אַט די גאַנגס.

174 „אַ העלפט פון די מיידלעך פון לודפאָרד זיינען רואינירט געוואָרן צוזאַמען מיט דער באַנדע". (ד. ג. אנהאנג, ז. 6, זאַטע 32).

די באנדע אין איהר קלאסישער כארם, ווי מיר האבען זי בעשריבען, הייסט דער עפענטליכער, געוועהנליכער אדער וואנ־דערענדער „גאנג”, ווארים עס זיינען אויך פאראן פריוואטע „גאנגס”. זיי זיינען צונויפגעשטעלט ווי די געוועהנליכע גאנגס, נאר צעהלען וועניגער מיטגליעדער און ארבייטען אנשטאט אונ־טער א גאנג־מייסטער, אונטער אן אלטען פארם־קנעכט, וועלכען דער פארמער קאן ניט בעשעפטיגען פאר אנאנדער ארבייט. דער ציגיינער־שפאס פערשווינדט דא, אבער ווי אלע זאגען עדות, קריגען די קינדער וועניגער געצאהלט און אן ערגערע בעהאנדלונג.

דער גאנג־סיסטעם, וועלכער שפרייט זיך אלץ מעהר אויס זינט די לעצטע יאהרען,[175] עקזיסטירט, פערשטעהט זיך, ניט צו־ליעב דעם גאנג־מייסטער. ער עקזיסטירט רייכער צו מאכען די גרויסע ארענדאטארס[176] און אינדירעקט די לענדלארדס.[177] פאר דעם ארענדאטאר קאן ניט זיין קיין זינרייכערע מעטאדע, ווי אזוי צו האלטען זיינע ארבייטער טיעף אונטער דעם נארמאלען גראד און דאך אלעמאל האבען גרייט עקסטרא הענד פאר אלע עקסטרא ארבייטען, ווי אזוי ארויסצושלאגען אזויפיעל ווי מעגליך ארבייט מיט אזוי וועניג ווי מעגליך געלד,[178] און דערצו מאכען, אז די

[175] „דער סיסטעם איז אין די לעצטע יאהרען זעהר אויסגעוואקסען. אין איינינע פלעצער איז ער ערשט ניט לאנג איינגעפיהרט געווארן, אין אנדערע, וואו ער איז עלטער, ווערן אלץ מעהר און יונגערע קינדער בעשעפטיגט אין דעם „גאנג.” (ד. ג. ז. 79, נאטען 174.)

[176] „קליינע ארענדאטארס בענוצען ניט די גאנג־ארבייט.” „זי ווערט ניט בענוצט אויף ארים לאנד, נאר אויף לאנד, וואס ברענגט אריין פון 2 פונט ביז 2 פונט 10 שילינג רענט פער אקער.” (ד. ג. ז. 17, 14.)

[177] איינעם פון אט די הערען האבען זיינע רענטען אזוי גוט געשמעקט, אז ער האט מיט כעס געענטפערט דער אונטערזוכונגס־קאמיסיע, אז דער גאנצער געשריי קומט נאר פון דעם נאמען פון דעם סיסטעם. ווען אנשטאט „גאנג” זאל מען עס אנרופען די „יוגענדליכע אינדוסטריעלע אגריקולטור־קא־אפעראטיווע זעלבסטערהאלטונג־אסאציאציע”, וואלט אלעס געווען אין ארדנונג.

[178] „גאנג־ארבייט איז וועלוועלער איידער אנדערע ארבייט, דאס איז די אורזאך ווארום מען בעשעפטיגט זי,” האט געזאגט א געוועזענער גאנג־מייסטער. (ד. ג. ז. 17, נאטע 14.) „דער גאנג־סיסטעם איז פאזיטיוו דער ביליגסטער פאר דעם ארענדאטאר און פונקט אזוי ענטשיעדען דער שעדליכסטער פאר די קינדער”, האט געזאגט אן ארענדאטאר. (דארט גופא, ז. 16, נאטע 3.)

דערוואַקסענע מענער אַרבייטער זאָלען ווערן איבערפליסיג. פון אַט דער פריהערדיגער בעשרייבונג קאָן מען פערשטעהן, ווי אַזוי מען קאָן מודה זיין פון איין זייט די מעהר אָדער וועניגער אַרבייטלאָזיגקייט פון דעם ערד־אַרבייטער, און אין דערזעלביגער צייט דערקלערן פון דער אַנדער זייט, אַז דער „גאַנג"־סיסטעם איז אַ „נויטווענדיגקייט", מחמת דעם דוחק אין דערוואַקסענע אַרבייטער און זייער אויסוואַנדערונג אין די שטעדט.179 דאָס פעלד, וואָס איז אויסגערייניגט פון ווילדע געוויקסען, און די מענשליכע ווילדע געוויקסען פון לינקאָלנשיר און אַנדערע פלעצער זיינען דער פּאָליוס און געגען־פּאָליוס פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן.180

---

179 „קיין ספק ניט, אז א סך פון די אַרבייט, וואָס ווערט איצט געטאָן דורך די קינדער אין די גאַנגס, איז פריער געטאָן געוואָרן פון מענער און פרויען. וואו פרויען און קינדער ווערן בעשעפטיגט, זיינען איצט מעהר מענער אַרבייטלאָז ווי פריער." (ד. ג. ז. 43, נאָטע 202.) דאַגעגען הערן מיר צווישען אַנדערס: „די אַרבייט־פּראַגע אין אַ סך אַגריקולטור־דיסטריקטען, ספּעציעל איז די תבואה פּראָדוצירענדע, ווערט אַזוי ערנסט מחמת דער אויסוואַנדערונג און דער גרינגקייט, וואָס די אייזענבאַהנען מאַכען אַריבערצוקלייבען זיך אין די גרויסע שטעדט, אַז איך (דאָס דאַזיגע „איך" איז פון דעם לאַנד־אַגענט פון אַ גרויסען לענדלאָרד) האַלט, אַז מען קאָן אָהן די קינדער־אַרבייט אַבּסאָלוט ניט אויסקומען." (ד. ג. ז. 180.) די אַרבייט־פּראַגע אין די ענגלישע אַגריקולטור־דיסטריקטען, אין אונטערשייד פון דער איבעריגער ציוויליזירטער וועלט, פּיינט די פּראַגע פון די אַרענדאַטאָרם און די לענדלאָרדס: ווי אַזוי אויפצוהאַלטען, טראָץ דער אַלץ גרעסערער אויסוואַנדערונג פון די ערד־אַרבייטער, אַ גענוגענדע, רעלאַטיווע איבערבעפעלקערונג און דורכדעם „דעם מינימום אַרבייט־לוין פאַר די ערד־אַרבייטער."

180 דער „פּאַבליק העלטה רעפּאָרט", וואָס איך האָב פריער ציטירט, אין וועלכען דער „גאַנג"־סיסטעם ווערט בעהאַנדעלט פערבייגעהענדיג, רעדענדיג וועגען דער קינדער־שטערבליכקייט, איז געבליבען אומבעקאַנט פאַר דער פּרעסע און ממילא פאַר דעם ענגלישען פּובליקום. דאַגעגען האָט דער לעצטער בעריכט פון דער „טשילדרענס עמפּלאָימענט קאָמישאָן" געגעבען ווילקאָמענע „סענזאַציאָנעלע" פּרעס־שפּייז. בעת די ליבעראַלע פּרעסע האָט געפרעגט, ווי אַזוי דאָס קומט, אַז די פיינע זשענטעלמען און לעדיס, די שטיצער פון דער שטאַאַט־קירך, מיט וועלכע לינקאָלנשיר איז פול, פּערזענליכקייטען, וועלכע שיקען אויף אייגענע קאָסטען „מיסיאָנען" צו פערבעסערן די מאָראַל פון די ווילדע ביים דרום־ים" אין די אַנטיפּאָדען — ווי אַזוי זיי קאָנען דערלאָזען אויפוואַקסען אַזאַ סיסטעם אויף זייערע גיטער, ביי זיך אונטערן נאָז. האָט די

## ו) אירלאנד.

צום סוף פון אָט דעם אָבטייל מוזען מיר נאָך אריבערגעהן א ווײַלע אין אירלאַנד. קודם כל די פאַקטען, וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך דאָ.

אירלאַנד'ס בעפעלקערונג האָט אין יאָהר 1841 געגרייכט 8,222,664 פּערזאָן; אין 1851 איז זי ארונטערגעפאַלען צו 6,623,985, אין 1861 צו 5,850,309, אין 1866 צו 5½ מיליאָן, אומגעפעהר צו דעם שטאַנד, וואו זי איז געשטאַנען אין 1801. די פערקלענערונג האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דעם הונגער־יאָהר

פיינערע פּרעסע זיך אבגעגעבען אינגאַנצען מיט בעטראַכטונגען וועגען דער גראָבער פערדאָרבענקייט פון די דאָרף־לייט, וועלכע פועל'ן ביי זיך צו פערקויפען זייערע קינדער אין אזא שקלאַווערייִ! אונטער אַט די פערפלוכטע אומשטענדען, צו וועלכע די „עדעל־הערציגע" האָבען פערדאַמט דעם דאָרף־מאַן, וואָלט קיין וואונדער ניט געווען, ווען ער וואָלט זאָגאַר אויפגעפרעסען זיינע אייגענע קינדער. וואָס עס איז ווירקליך וואונדערבאַר, איז וואָס ער האָט נאָך אָלעם דעם דאָך אויפגעהאַלטען אין א גרויסען טייל א געזונדטען כאַראַקטער. די אָפיציעלע בעריכט־אָבגעבער בעווייזען, אַז די עלטערן אפילו אין די גאַנג־דיסטריקטען האַסען דעם „גאַנג"־סיסטעם. „מען געפינט א סך בעווייזען אין די עדות־זאָגונגען, וואָס מיר האָבען צונויפגעזאַמעלט, אַז די עלטערן וואָלטען אין א סך פאַלען געווען דאַנקבאַר, ווען מען זאָל איינפיהרן א צוואַנג־נעזעץ, וואָס וואָלט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו קאָנען ביישטעהן די נסיונות און דעם דרוק, אונטער וועלכע זיי זיינען אָפט אונטערוואָרפען. אַמאָל טרייבט זיי דער קהלה־בעאַמטער, אַמאָל דער ארבייט־געבער, סטראַשענדיג זיי אַליין אָבצוזאָגען פון דער ארבייט, אַז זיי זאָלען שיקען די קינדער צו פערדיענען איידער אין דער שוהלע. . . . די גאַנצע פערוויסטעטע צייט און קראַפט; אַלע צרות, וואָס די איבערגעוועהנליכע און נוצלאָזע אויסמאַטערונג פערשאַפט דעם דאָרף־מאַן און זיין פאַמיליע; יעדער פאַל, וואו די עלטערן קאָנען צושרייבען דעם מאָראַלען חורבן פון זייער קינד צו דער ענגשאַפט אין די קאָטעדזשעס אָדער צו די שמוציגע איינפלוסען פון דעם גאַנג־סיסטעם, מוז אויפרייצען אין דער ברוסט פון די אָרימע ארבייטער אזוינע געפיהלען, וועלכע מיר קאָנען גאַנץ גוט פערשטעהן און וועלכע מען דאָרף דאָ ניט נעהענטער פּאַנאַנדערגליעדערן. זיי מוזען פיהלען, אַז עס איז זיי אָנגעטאָן געוואָרן א סך קערפּערליכע און גייסטיגע יסורים דורך אומשטענדען, פאַר וועלכע זיי זיינען אויף קיין אופן ניט פעראַנטוואָרטליך; צו וועלכע, אויב עס וואָלט נאָר געלעגען אין זייער מאַכט, זיי וואָלטען קיינמאָל ניט געגעבען זייער צושטימונג, און אַנטקעגען וועלכע זיי האָבען קיין כח ניט צו קעמפּפען." (ד. ג. ז. XX נאָטע 82, XXIII, נאָטע 96.)

1846, אזוי אז אירלאַנד האָט אין וועניגער ווי 20 יאָהר פער־לוֹרן מעהר ווי $5/16$ פון איהר פאָלקס־מאַסע.[181] די גאַנצע אויס־וואַנדערונג פון מאַי 1851 ביז יולי 1865 האָט בעטראָפען 1,391,487 פערזאָן; די אויסוואַנדערונג אין די לעצטע 5 יאָהר, פון 1861 ביז 1865 — מעהר ווי א האַלבער מיליאָן. די צאָהל פון בעוואוינטע הייזער האָט זיך פון 1851 ביז 1861 פערקלענערט אויף 52,990. פון 1851 ביז 1861 איז די צאָהל ארענדעס פון 15 ביז 30 אַקער־פאַרמס געוואַקסען אויף 61,000, די ארענדעס פון פאַרמס איבער 30 אַקער איז געוואַקסען אויף 19,000, בעת דער סך הכל פון אַלע ארענדעס איז געפאַלען אויף 120,000 — אַן ארונטערפאַל, הייסט עס, וואָס נעהמט זיך אויסשליסליך פון דער פערניכטונג פון פאַרמס וועניגער ווי 15 אַקער, מיט אַנדערע ווער־טער: פון זייער צענטראַליזאַציע.

די פערקלענערונג פון דער בעפעלקערונג איז נאַטירליך גע־ווען בעגלייט, איינגאַנצען גענומען, פון א פערקלענערונג פון דער מאַסע פראָדוקטען. פאַר אונזער צוועק וועט זיין גענוג צו בע־טראַכטען די 5 יאָהר פון 1861 ביז 1865, אין וועלכער צייט אי־בער א האַלבער מיליאָן האָבען אויסגעוואַנדערט און די אַבסאָלוטע פאָלקס־צאָהל איז געפאַלען אויף מעהר ווי $1/3$ מיליאָן.

**טאַבעלע א. די פיה.**

| יאָהר | פערד: סך הכל | פערד: פערקלע־נערונג | בהמות: סך הכל | בהמות: פערקלע־נערונג | בהמות: פערמעהרונג |
|---|---|---|---|---|---|
| 1860 | 619,811 | —— | 3,606,374 | —— | —— |
| 1861 | 614,232 | 5,993 | 3,471,688 | 138,316 | —— |
| 1862 | 602,894 | 11,338 | 3,254,890 | 216,798 | —— |
| 1863 | 579,978 | 22,916 | 3,144,231 | 110,695 | —— |
| 1864 | 562,158 | 17,820 | 3,262,294 | —— | 118,063 |
| 1865 | 547,867 | 14,291 | 3,493,414 | —— | 231,120 |

[181] די בעפעלקערונג פון אירלאַנד: 1801 — 5,319,867 פערזאָן; 1811 — 6,084,996; 1821 — 6,869,544; 1831 — 7,828,347; 1841 — 822,664.

| יאָהר | שעפּסען: סך-הכּל | שעפּסען: פערקלענערונג | שעפּסען: פערמעהרונג | חזירים: סך-הכּל | חזירים: פערקלענערונג | חזירים: פערמעהרונג |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1860 | 3,542,080 | — | — | 1,271,072 | — | — |
| 1861 | 3,556,050 | — | 13,970 | 1,102,042 | 169,030 | — |
| 1862 | 3,456,132 | 99,918 | — | 1,154,324 | — | 52,282 |
| 1863 | 3,308,204 | 147,228 | — | 1,067,458 | 86,866 | — |
| 1864 | 3,366,941 | — | 58,737 | 1,058,480 | 8,978 | — |
| 1865 | 3,688,742 | — | 321,801 | 1,299,893 | — | 241,413 |

פון אָט דער טאַבעלע בעקומען מיר דעם רעזולטאַט:182

| פערד | בהמות | שעפּסען | חזירים |
|---|---|---|---|
| אבסאָלוטע פערקלענערונג | אבסאָלוטע פערקלענערונג | אבסאָלוטע פערמעהרונג | אבסאָלוטע פערמעהרונג |
| 27,358 | 116,626 | 146,6 8 | 28,819 |

לאָמיר זיך איצט ווענדען צו דער אַגריקולטור, וועלכע גיט די לעבענס־מיטלען פאַר די פיה און מענשען. אין דער פאָלגענדער טאַבעלע איז די פערקלענערונג אָדער פערמעהרונג אויסגערעכענט פאַר יעדען בעזונדערן יאָהר אין פאַרגלייך מיט דעם פריהערדיגען יאָהר. די תבואות פאַסען אום ווייץ, האָבער, גערשטען, קאָרן, באָב און ארבעס; די גרינס — בולבע, ריבען, מאַנגאָלד, בוראקעס, מערען, פּאַסטערנאַק א. אז. וו.

אין דעם יאָהר 1865 זיינען צוגעקומען אונטער דער רובריק גראָז־לאַנד 127,470 אַקער, הויפּטזעכליך ווייל דער שטח אונטער דער רובריק „אונבענוצט, וויסט לאַנד און „באָג“ (טאָרף־זומפּ)“ איז פערקלענערט געוואָרן אויף 101,543 אַקער. ווען מיר פערגלייכען די פּראָדוקטען פון 1865 מיט 1864, געפינען מיר אַ פערקלענערונג אין תבואות אויף 246,667 פערטלען, איינגעטיילט: ווייץ 48,999, האָבער 166,605, גערשטען א. אז. וו. 29,892; די פערקלענערונג אין בולבע איז געווען 446,398 טאָן, אָבוואָויל

182 דער רעזולטאַט וואָלט אויסגעקומען נאָך וועניגער גינסטיג, ווען מיר וואָלטען געגאַנגען נאָך ווייטער צוריק. אין 1865 זיינען געווען שעפּסען 3,688,742, אָבער אין 1856 זיינען געווען 3,694,294; חזירים אין 1865 — 1,99,893, אָבער אין 1858 — 1,409,883.

דער שטח, אויף וועלכען זיי זיינען געווען פערזעעט איז געווען גרעסער אין 1865. (זעה טאבעלע ג.)

## טאבעלע ב.

פערגרעסערונג אדער פערקלענערונג פון דעם שטח, וואס ווערט פעראקערט אויף תבואה און גראז.

| יאר | תבואות | גרינסען | | גראז און קלעווער | |
|---|---|---|---|---|---|
| | פארקלענערונג | פארקלענערונג | פארגרעסערונג | פארקלענערונג | פארגרעסערונג |
| | אקער | אקער | אקער | אקער | אקער |
| 1861 | 15,701 | 36,974 | ——— | 47,969 | ——— |
| 1862 | 72,734 | 74,785 | ——— | ——— | 6,623 |
| 1863 | 144,719 | 19,358 | ——— | ——— | 7,724 |
| 1864 | 122,437 | 2,317 | ——— | ——— | 47,486 |
| 1865 | 72,450 | ——— | 25,741 | ——— | 68,970 |
| 1861-65 | 428,041 | 107,984 | ——— | ——— | 82,834 |

| יאר | פלאקס | | סך הכל קולטיווירט לאנד | |
|---|---|---|---|---|
| | פארקלענערונג | פארגרעסערונג | פארקלענערונג | פארגרעסערונג |
| | | אקער | אקער | איער |
| 1861 | ——— | 19,271 | 81,873 | ——— |
| 1862 | ——— | 2,055 | 138,841 | ——— |
| 1863 | ——— | 63,922 | 92,431 | ——— |
| 1864 | ——— | 87,761 | ——— | 10,493 |
| 1865 | 50,159 | ——— | 28,218 | ——— |
| 1861-65 | ——— | 122,850 | 330,860 | ——— |

## טאבעלע ג.

פערמעהרונג אָדער פערקלענערונג פון דעם קולטיווירטען שטח, פון דעם פראָדוקט פער אַקער און פון דעם פראָדוקט אין סך הכל 1865 פערגליכען מיט 1864.[183]

| פראָדוקט | אַקער קולטיווירטעם לאנד 1864 | אַקער קולטיווירטעם לאנד 1865 | 1865 פער־מעהרט | 1865 פער־קלענערט | פראָדוקט פער אַקער 1864 | פראָדוקט פער אַקער 1865 | 1865 פער־מעהרט | 1865 פער־קלענערט | פראָדוקט אין סך־הכל 1864 | פראָדוקט אין סך־הכל 1865 | 1865 פער־מעהרט | 1865 פער־קלענערט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | צענטנער | צענטנער | צענטנער | צענטנער | פערטעל | פערטעל | פערטעל | פערטעל |
| ווייץ | 276,483 | 266,989 | — | 9,494 | 13,3 | 13,0 | — | 0,3 | 875,782 | 826,783 | — | 48,999 |
| האבער | 1,814,886 | 1,745,228 | — | 69,658 | 12,1 | 12,3 | 0,2 | — | 7,826,332 | 7,859,727 | — | 166,605 |
| גערשטען | 172,700 | 177,102 | 4,402 | — | 15,9 | 14,9 | — | 1,0 | 761,909 | 732,017 | — | 29,892 |
| בערע } קארן | 8,894 | 10,091 | 1,197 | — | 16,4 | 14,8 | — | 1,6 | 15,160 | 13,989 | — | 1,171 |
| | | | | — | 8,5 | 10,4 | 1,9 | — | 12,680 | 18,364 | 5,684 | — |
| | | | | | טאן | טאן | טאן | טאן | טאן | טאן | טאן | טאן |
| בולבע | 1,039,724 | 1,066,260 | 26,536 | — | 4,1 | 3,6 | — | 0,5 | 4,312,368 | 3,865,990 | — | 446,398 |
| ריבען | 337,355 | 334,212 | — | 3,143 | 10,3 | 9,9 | — | 0,4 | 3,467,659 | 3,101,683 | — | 165,976 |
| מאנגאלד | 14,073 | 14,839 | 316 | — | 10,5 | 13,3 | 2,8 | — | 147,284 | 191,937 | 44,653 | — |
| קרויט | 31,821 | 33,622 | 1,801 | — | 9,3 | 10,4 | 1,1 | — | 297,375 | 350,252 | 52,877 | — |
| פלאקס* | 301,693 | 251,433 | — | 50,260 | *34,2 | *25,2 | — | *9,0 | 64,506 | 39,561 | — | 24,945 |
| היי | 1,609,569 | 1,678,493 | 68,924 | — | 1,6 | 1,8 | 0,2 | — | 2,607,153 | 3,068,707 | 461,554 | — |

* שטיין פון 14 פונט געוויכט.

זעה נאָטע 183 אויף נעקסטער זייט.

פון דער בעוועגונג פון אירלאַנד'ס בעפעלקערונג און באָדען־פּראָדוקציאָן געהען מיר איבער צו דער בעוועגונג אין בייטעל פון זיינע לענדלאָרדס, גרעסערע ארענדאַטאָרס און אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטען. זי שפּיעגעלט זיך אָב אין דעם שטייגען און פאַלען פון דעם איינקונפט־שטייער. אַלס דערקלערונג צו דער נעקסטער טאַבעלע ד, דאַרף מען בעמערקען, אז רובריק ד (פּראָפּיטען א חוץ די ארענדאַטאָרס' פּראָפּיטען) שליסען אויך איין די אַזוי־גערופענע „פּראָפעסיאָנעלע" פּראָפּיטען, ד. ה. די הכנסות פון אדוואָקאַטען, דאָקטוירים א. אז. וו.; און די רובריקען ג און ה, אין וועלכע עס ווערט ניט אָנגעגעבען קיין ספּעציעלע פּרטים, שליסען איין די הכנסות פון בעאַמטע, אָפיציערען, שטאַאַט־סינעקוריסטען, די וואָס האַלטען די וועקסלען פון שטאַאַט־הלוואות א. אז. וו.

אונטער רובריק ד איז דער דורכשניטליכער יעהרליכער וואוקס פון הכנסה פון 1853 ביז 1864 געווען ניט מעהר ווי 0,93 בעת אין גרויס־בריטאַניען פאַר דערזעלבער פּעריאָדע האָט עס בעטראָפען 4,58. די פאָלגענדע טאַבעלע צייגט די פערטיילונג פון די פּראָפּיטען (אויסשליסענדיג די ארענדע־פּראָפּיטען) פאַר די יאָהרען 1864 און 1865:

[189] די פאַקטען וואָס זיינען געגעבען אין טעקסט, זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון דעם מאַטעריאַל פון דער „אַגריקולטורעל סטאַטיסטיקס, אירלאַנד, דזשענעראַל אַבסטראַקט, דובלין" פאַר די יאָהרען 1860 א. וו. און ד. ג. „טייבלס עסטימייטעד אוועראיידזש פּראָדיוס עצט." די דאָזיגע סטאַטיסטיק איז אָפיציעל און ווערט יעהרליך פאָרגעלעגט דעם פּאַרלאַמענט. — הוספה צו דער 2טער אויסגאַבע. די אָפיציעלע סטאַטיסטיק צייגט פאַר'ן יאָהר 1872 א פערקלענערונג אין קולטיווירטען שטח פון באָדען (אין פערגלייך מיט 1871) פון 134,915 אַקער. אַנשטאַט דעם איז געווען א „פערמעהרונג" אין דער קולטיווירונג פון גרינסען (ריבען, מאַנגאָלד א. ד. ג.) די פערקלענערונג אין שטח פון קולטיווירטען באָדען: 16,000 אַקער פאַר ווייץ, 14,000 אַקער פאַר האָבער, 4,000 אַקער פאַר גערשטען און קאָרן, 66,632 אַקער פאַר בולבעס, 34,667 פאַר פלאַקס און 30,000 אַקער ווענינגער אין לאָנקעס, קלעווער, וויקע און ריבזאַמען. דער ווייץ־פערזועטער באָדען צייגט פאַר די לעצטע 5 יאָהר פאָלגענדען פערקלענערטען מאַסשטאַב: אין 1868 — 285,000 אַקער; 1869 — 280,000 אַקער; 1870 — 259,000 אַקער; 1871 — 244,000 אַקער; 1872 — 228,000 אַקער. פאַר דעם יאָהר 1872 געפינען מיר אין רונדע ציפער א פערמעהרונג פון 2600 פערד, 80,000 בהמות, 68,609 שעפּסען און א פערקלענערונג פון 236,000 חזירים

## טאַבעלע ד.

### דער איינקונפט־שטייער פון די שטייער־שולדיגע הכנסות אין אירלאַנד (אין פונטען סטערלינג).[184]

| | 1860 | 1861 | 1862 |
|---|---|---|---|
| רובריק א גרונד־רענט — — — — — — — | 13,893,829 | 13,003,554 | 13,398,938 |
| רובריק ב ארענדע־פּראָפיטען — — — — | 2,765,387 | 2,773,644 | 2,937,899 |
| רובריק ד אינדוסטריעלע א. א. פּראָפיטען | 4,891,652 | 4,836,203 | 4,858,800 |
| סך הכל פון די רובריקען א ביז ה — — | 22,962,885 | 22,998,394 | 23,597,574 |

| | 1863 | 1864 | 1865 |
|---|---|---|---|
| רובריק א גרונד־רענט — — — — — — — | 13,494,091 | 13,470,700 | 13,801,616 |
| רובריק ב ארענדע־פּראָפיטען — — — — | 2,938,823 | 2,930,874 | 2,946,072 |
| רובריק ד אינדוסטריעלע א. א. פּראָפיטען | 4,846,497 | 4,546,147 | 4,850,199 |
| סך הכל פון די רובריקען א ביז ה — — | 23,658,631 | 23,236,298 | 23,930,340 |

### רובריק ד.[185] הכנסה פון פּראָפיטען (איבער 60 פונט סט.) אין אירלאַנד.

| | 1864 | | 1865 | |
|---|---|---|---|---|
| | פונט סט. | צאָל פון פערזאָנען | פונט סט. | צאָל פון פערזאָנען |
| יעהרליכע סך הכל הכנסה — — — — | 4,368,610 | 17,467 | 4,669,979 | 18,081 |
| יעהרליכע הכנסה איבער 60 און אונטער 100 פונט סט. — — — | 238,626 | 5,015 | 222,575 | 4,703 |
| פון דער יעהרליכער ס"ה הכנסה | 1,979,066 | 11,321 | 2,028,471 | 12,184 |
| דאָס איבעריגע פון דער יעהרליכער ס"ה הכנסה — — — — — — — | 2,150,818 | 1,131 | 2,418,933 | 1,194 |
| דערפון — — — — — — — | 1,083,906 | 910 | 1,097,937 | 1,044 |
| | 1,066,912 | 121 | 1,320,996 | 186 |
| | 430,535 | 105 | 584,458 | 122 |
| | 646,377 | 26 | 736,448 | 28 |
| | 262,610 | 3 | 274,528 | 3 |

[184] „Tenth Report of the Commissioners of Inland Revenue," Lon. 1865.

[185] די יעהרליכע סך הכל הכנסה אונטער רובריק ד איז אנדערש אין אַם

ענגלאנד, א לאנד מיט אן ענטוויקעלטער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן און הויפטזעכליך אינדוסטריעל וואלט פערבלוטעט צום טויט, ווען זיין בעפעלקערונג וואלט אזוי פיעל אבגעצויגען געווארן ווי די אירישע בעפעלקערונג. אירלאנד איז אבער אין דער איצטיגער צייט נישט מעהר ווי דורך א וואסער־גראבען אבגעצוימטער אגריקולטור־דיסטריקט פון ענגלאנד, וועמען עס שטעלט צו תבואה, וואל, פיה און אינדוסטריעלע און מיליטערישע רעקרוטען.

די ענטפעלקערונג פון אירלאנד האט געלאזט א סך לאנד ניט קולטיווירט, האט זעהר פערמינערט די באדען־פראדוקטען[136] און טראץ דעם גרעסערן שטח, וואס איז אבגעגעבען געווארן פאר פיה־צוכט, האט זי מיטגעבראכט אין איניגע צווייגען אן אבסאלוטע פערקלענערונג, אין אנדערע א פארטשריט, וואס איז קוים ווערטה צו דערמאנען און וועלכער ווערט נאכאנאנד אונטערבראכען פון ריקשריטען. פונדעסטוועגען זיינען מיט דעם פאלען פון דער בעפעלקערונג נאכאנאנד געשטיגען די רענטע פון באדען און די ארענדע־פראפיטען, הגם די לעצטע ניט אזוי בעשטענדיג ווי די ערשטע. די דערקלערונג פון דעם איז לייכט פערשטענדליך. פון איין זייט האט זיך צוליעב דעם, וואס קליינע פארמס זיינען קאנסאלידירט געווארן און אקער־לאנד איז פערוואנדעלט געווארן אין לאנקעס, א גרעסערער טייל פון דעם גאנצען פראדוקט פערוואנדעלט אין מעהר־פראדוקט. דער מעהר־פראדוקט איז געוואקסען, אבוואהל דער גאנצער פראדוקט, פון וועלכען ער מאכט נאר אויס א ברוך־טייל, איז קלענער געווארן. פון דער אנדער זייט איז דער געלד־ווערטה פון דעם דאזיגען פראדוקט געשטיגען נאך שנעלער ווי זיין מאסע, צוליעב דעם געשטיגענעם ענגלישען מארק־פרייז

---

דער טאבעלע איידער אין דער פאריגער, צוליעב געוויסע אראבציהונגען, וואס דאס געזעץ ערלויבט.

[136] אויב דער פראדוקט פער אקער ווערט אויך לפי ערך קלענער, דארף מען ניט פערגעסען, אז ענגלאנד האט אנדערטהאלבען הונדערט יאהר נאכאנאנד עקספארטירט אינדירעקט דעם באדען פון אירלאנד, ניט געבענדיג זיינע בעארבייטער צומאל די מיטלען אפילו נאר אומצוקעהרן די בעשטאנד־טיילען פון דעם באדען, וואס זיינען ערשעפט געווארן.

פון פלייש, וואָל, א. אז. וו. אין די לעצטע 20 און ספּעציעל אין די לעצטע 10 יאָהר.

צעברעקעלטע פּראָדוקציאָנס-מיטלען, וועלכע דיענען דעם פּראָדוצירער אליין ווי בעשעפטיגונגס-מיטלען און לעבענס-מיטלען, נים פערגרעסערענדיג זייער אייגענעם ווערטה דורך א פערקערפּערונג אין זיי פון פרעמדער ארבייט, זיינען ניט מעהר קאַפּיטאַל, ווי דער פּראָדוקט, וואָס ווערט פערצעהרט פון זיין אייגענעם פּראָדוצירער, איז סחורה. אויב צוזאַמען מיט דער בעפעלקערונג פון דער פאָלקס מאַסע איז אויך פערקלענערט געוואָרן די מאַסע פּראָדוקציאָנס-מיטלען, וואָס ווערן אָנגעווענדעט אין דער אַגריקולטור, דאַן איז די קאַפּיטאַל-מאַסע, וואָס ווערט אין איהר פערווענדעט, גרעסער געוואָרן, ווייל א טייל פון די פריהער צעברעקעלטע פּראָדוקציאָנס-מיטלען איז פערוואַנדעלט געוואָרן אין קאַפּיטאַל.

דער גאַנצער קאַפּיטאַל פון אירלאַנד, א חוץ פון דער אַגריקולטור, וואָס איז אריינגעלעגט געוואָרן אין אינדוסטריע און האַנדעל האָט זיך אין די לעצטע 20 יאָהר זעהר לאַנגזאַם אַקומולירט, און אונטער גרויסע און שטענדיגע שוואַנקונגען. אויף אַזוי פיעל שנעלער, פערקעהרט, האָט זיך ענטוויקעלט די צענטראַליזאַציע פון זיינע אינדיווידועלע בעשטאַנדטיילען. ענדליך, ווי קליין עס איז ניט געווען זיין אבסאָלוטער וואוקס, רעלאַטיוו אָבער, ד. ה. לפי ערך צו דער פערשווינדענדער בעפעלקערונג, איז ער זעהר פיעל געוואַקסען.

אָט דאָ, הייסט עס, וויקעלט זיך אויף פאַר אונזערע אויגען, אויף א גרויסען מאַסשטאַב, א פּראָצעס, וואָס קיין בעסערן קאָן זיך די אָרטאָדאָקסישע פּאָליטישע עקאָנאָמיע ניט ווינשען, כדי צו בעשטעטיגען איהר דאָגמאַ, אז עלענד, קומט פון אַן אבסאָלוטער איבער-בעפעלקערונג, און אז די ענטפעלקערונג ברענגט ווידער אריין א גלייכגעוויכט. דאָס איז א פיעל-וויכטיגערער עקספּערימענט איידער די מגפה פון מיטען דעם 14טען יאָהרהונדערט, וואָס איז אזוי פערהערליכט געוואָרן פון די מאַלטהוזיאַנער. אגב אורחא בעמערקט: אויב דאָס אליין איז שוין געווען א מלמדישע נאאיוויטעט צו מעסטען די פּראָדוקציאָנס-פערהעלטנישען און די צוגעפּאַסטע בעפעלקערונג-פערהעלטענישען פון 19טען יאָהרהונ-

רערט מיט דעם מאסשטאב פון דעם 14טען יאהרהונדערט, האט די נאאיוויטעט נאך פערזעהן א חוץ דעם אז בעת יענע מגפה און די פארקלענערונג פון דער בעפעלקערונג, וואס איז געקומען דורך איהר, האט אויף דער זייט פון קאנאל, פון ענגלאנד, געבראכט בעפרייאונג און בערייכערונג פון דער אגריקולטור־בעפעלקערונג, האט זי אויף יענער זייט, אין פראנקרייך, מיטגעבראכט נאך א גרעסערע פערקנעכטונג און א שווערערן עלענד.*186

דער הונגער פון 1846 אין אירלאנד האט געטויטעט מעהר ווי א מיליאן מענשען, אבער נאר די ארימע טייוואלים. דעם רייכטום פון לאנד האט ער ניט דעם קלענסטען היזק. די אויסוואנדערונג פון די נעקסטע 20 יאהר, אן אויסוואנדערונג, וואס האלט נאך אלץ אין וואקסען, האט ניט פערקלענערט, א שטייגער ווי דער 30 יאהריגער קריעג, די פראדוקציאנס מיטלען צוגלייך מיט דער פערקלענערונג פון דער צאהל מענשען. דער איירישער זשעניע האט ערפונדען א גאנץ נייע מעטאדע ווי אזוי אריבערצופעקלען אן ארים פאלק פאר טויזענדער מייל פון דעם שוי־פלאץ פון זיין עלענד. די עמיגראנטען, וואס האבען זיך בעזעצט אין די פעראייניגטע שטאאטען, האבען יעהרליך געשיקט סומען געלד אהיים, רייזע־קאסטען פאר די צוועקגעבליבענע. יעדע טרופע, וואס וואנדערט אויס היינטיגס יאהר, ציהט נאך זיך אנאנדער טרופע נעקסטען יאהר. אנשטאט עס זאל אירלאנד עפעס קאסטען, איז די עמיגראציע אויף דעם אופן נאר איינער פון די איינטרעגליכסטע צווייגען פון זיין עקספארט־געשעפט. ענדליך איז זי א סיסטעמאטישער פראצעס, וועלכער מאכט ניט ... נאך אויף א ווײלע א לאך אין דער בעפעלקערונג, נאר אזעלכער, וואס

186* אזוי ווי אירלאנד ווערט בעטראכט אלס דאס געלויבטע לאנד פון דעם „בעפעלקערונגס־פרינציפ“, האט טה. סאדלער געשריבן, איידער ער האט פארעפנטליכט זיין ווערק וועגן דער בעפעלקערונג, זיין בארימטן בוך: “Iroland, its Evils and their Remedies.” לאנדאן 1829, צווייטע אויסגאבע אין וועלכן ער האט באוויזן דורך א פארגלייכונג פון דער סטאטיסטיק פון די איינצעלנע פראווינצן און אין יעדער פראווינץ פון די איינצעלנע גראפשאפטן, אז דער עלנט הערשט דארט ניט, ווי מאלטוס וויל האבן, לפי ערך צו דער בעפעלקערונג־צאהל, נאר גראד אין אן אומגעקערטער פערהעלטניש צו איהר.

שלעפט פון איהר יעהרליך ארויס מעהר מענשען איידער די גע־בורטען קאנען ממלא זיין, אזוי אז דער אבסאלוטער בעפעלקע־רונגס־גראד פאלט פון יאהר צו יאהר.**186

וואס זיינען געוועזן די פאלגען פאר די צוריקגעבליבענע, פאר די ארבייטער פון אירלאנד, וואס זיינען בעפרייט געווארן פון דער איבערבעפעלקערונג? דער פועל יוצא איז, אז די רעלאטיווע אי־בערבעפעלקערונג איז היינט פונקט אזוי גרויס ווי פאר דעם יאהר 1864, אז דער ארבייט־לוין שטעהט פונקט אזוי נידעריג, אז די מאטערניש פון דער ארבייט איז נאך גרעסער געווארן, אז דער עלענד טרייבט דאס לאנד וויעדער צו א נייעם קריזיס. די אור־זאכען זיינען איינפאכע. די רעוואלוציע אין דער אגריקולטור האט געהאלטען טריט גלייך מיט דער אויסוואנדערונג. די פראָ־דוקציאָן פון דער רעלאטיווער איבערבעפעלקערונג האט נאך איבער־גערגעשטיגען די אבסאלוטע ענטפעלקערונג. איין בליק אויף טא־בעלע ב בעווייזט, ווי די פערוואנדלונג פון אקער־לאנד אין גראז־פעלדער מוז ווירקען נאך שארפער אין אירלאנד ווי אין ענגלאנד. דא, אין ענגלאנד, ווערט מיט דער פיה־צוכט פערגרעסערט די קולטיווירונג פון גרינסען, דארט ווערט זי קלענער. בעת א גרויסע צאהל אקער לאנד, וואס זיינען פריהער בעארבייט געווארן, פוס־טעווען איצטער אדער ווערן פערוואנדעלט אין שטענדיגע גראז־פעלדער, דיענט א גרויסער טייל פון דעם פריהער אונבענוצטען וויסטען לאנד און די טארף־בלאטעס צו פערגרעסערן די פיה־צוכט. די קלענערע און מיטעלע פערמערס — איך נעהם אריין אין דעם חשבון אלע, וועלכע בעארבייטען ניט מעהר ווי 100 אקער — מאכען נאך אלץ אויס 4/5 פון דער גאנצער צאהל.***186 זיי ווערן אלץ מעהר, און גאר אין א גאנץ אנדער גראד ווי פריהער, צעדריקט פון דער קאנקורענץ פון א קאפיטאליסטיש בעטריבענער

**186 פאר דער צייט פון 1851 ביז 1874 גרייכט די גאנצע צאהל אויס־וואנדערער ביז 2,325,922.

***186 לויט א טאבעלע אין מוירפי'ס "Ireland, Industrial, Political and Social" 1870. האבען 94.6 פראצענט פון די ארענדעס ניט דער־גרייכט די גרויס פון 100 אקער, און נאר 5,4 פראצענט פארמס זענען איבער 100 אקער גרויס.

**אגריקולטור,** און ליפערן דעריבער שטענדיג נייע רעקרוטען אין דעם קלאס פון לוין־ארבייטער.

די איינציגע גרויסע אינדוסטריע פון אירלאנד, די לייוועגט־פאבריקאציע, פאדערט פערהעלטניסמעסיג ווענינ דערוואקסענע מענער און בעשעפטיגט בכלל, טראץ איהר אויסשפרייטונג זינט דער פרייז פון באוועל איז געשטיגען אין 1861-1866, א פער־העלטניסמעסיג אונבעדייטענדען טייל פון דער בעפעלקערונג. אזוי ווי יעדע אנדערע גרויסע אינדוסטריע, פראדוצירט זי שטענדיג דורך די נאכאנאנדיגע שוואנקונגען א רעלאטיווע איבער־בעפעלקע־רונג אין איהר אייגענער ספערע, אפילו ביי אן אבסאלוטען וואוקס אין דער מענשען־מאסע, וואס זי ציהט אין זיך אריין. דער עלענד פון דער דארפישער בעפעלקערונג שאפט די גרונדלאגע פאר די ריעזיגע העמדער־פאבריקען א. ד. ג., וואס זייער ארבייטער־אר־מעע איז גרעסטענטיילס צעשפרייט איבערן גאנצען לאנד. מיר געפינען דא ווידער דעם פריהער־געשילדערטען סיסטעם פון דער הויז־ארבייט, וועלכער אין דער מעטאדע פון איבערארבייט און ניט־דערצאהלען בעזיצט זיינע אייגענע מיטלען צו שאפען איי־בעריג־געווארענע ארבייטער. ענדליך, ווען אפילו די ענטפעלקע־רונג האט דא ניט אזעלכע צעשטערענדע פאלגען ווי אין א לאנד פון א ענטוויקעלטער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן, קומט זי דאך ניט פאר אהן א שטענדיגער צוריקווירקונג אויף דעם איינ־לענדישען מארק. די אויסוואנדערונג לאזט איבער ניט נאר לעדיגע הייזער, נאר אויך רואינירטע הויז־פערדינגער. די לעבער, וואס די אויסוואנדערונג מאכט דא, בעגרעניצט ניט נאר די לאקאלע נאכ־פראגע אויף ארבייט, נאר אויך די הכנסות פון די קליינע קרע־מער, האנדווערקער און קליינע האנדעלס־לייט בכלל. דערפון נעהמט זיך די פערקלענערונג פון די הכנסות צווישען 60 און 100 פונט סט. אין טאבעלע ה.

א קלארער בילד פון דער לאגע פון די ערד־ארבייטער (טאג־לוינער) אין אירלאנד געפינט זיך אין די בעריכטען פון די איי־רישע אינספעקטארען פון דער פערוואלטונג פאר ארימע (1870)186***אלס בעאמטע פון א רעגירונג,וועלכע האלט זיך נאר

***,,Reports from the Poor Law Inspectors on the Wages of Agri-

דורך באיאָנעטען און דורך אַן אָפענעם אָדער פערדעקטען בעלאַ־גערונג־צושטאנד, מוזען זיי אָבהיטען אַלע שפּראך־פּאַרזיכטיגקייטען, וואס זייערע קאָלעגען אין ענגלאנד זיינען ממאס; טראָץ דעם אָבער ערלויבען זיי ניט זייער רעגירונג זיך צו פערוויעגען מיט אילוזיעס.

לויט זיי נאָך האָט די אַלע זעהר נידעריגע לוין־ראטע ביי ערד־ארבייט זיך אויפגעהויבען אין די לעצטע 20 יאָהר אויף 50 ביז 60 פּראָצענט, און שטעהט איצט דורכשניטליך ביי 6 ביז 9 שילינג אַ וואָך. אָבער הינטער אָט דער לפנים'דיגער העכערונג בעהאלט זיך אַ ווירקליכער ארונטערפאל פון'ם לוין, וואָרים זי גלייכט זיך צומאָל ניט אוים מיט דעם געשטיגענעם פּרייז אויף די נויטווענדיגע לעבענסמיטלען, וואס איז פאָרגעקומען אונטער דער צייט. אַלס בעווייז קאָן דיענען דער פאָלגענדער אויסצוג פון די אָפיציעלע חשבונות פון אַן איירישען וואָרקהאוז.

דער וועכענטליכער דורכשניט פון לעבענס־קאָסטען פער קאָפּ.

| דער יאָהר, וואס ענדיגט זיך | נאָהרונג | קליידונג | סך הכל |
|---|---|---|---|
| 29 סעפּט. 1849 | 1 שיל. 3¼ פּעני | 3 פּענים | 1 שיל. 6¼ פּעני |
| 29 " 1869 | 2 " 7¼ " | 6 " | 3 " 1¼ " |

דער פּרייז פון די נויטווענדיגע לעבענס־מיטלען איז אַלזאָ כמעט צוויי מאָל אזוי די גרוים און דער פּרייז פון קליידונג איז פּונקט צוויי מאָל אזוי פיעל ווי פאר 20 יאָהרען.

אָפילו ווען מען זאָל ניט נעהמען אין בעטראכט אָט די ניט־גלייכע פערהעלטניש ([פון לוין און לעבענס־קאָסטען], וואָלט דער פּשוט'ער פערגלייך פון דער לוין־ראטע, אויסגעדריקט אין געלד, נאָך ווייט ניט געגעבען קיין ריכטיגען רעזולטאָט. פאר דעם הונגער איז דער גרעסטער טייל פון די אגריקולטור־לוינען געצאָהלט געוואָרען „אין נאטורא", און נאָר דער קלענסטער טייל אין געלד; היינט איז צאָהלען אין געלד דער רעגעל. פון דעם אליין קומט שוין אוים, אַז וואס עס זאָל ניט זיין די סומע פון דעם

cultural Laborers in Dublin 1870" זעה אויך "Agricultural Labourers [Ireland] Return etc." 8th of March 1861, London, 1862.

ווירקליכען לוין, האט זיין געלד־ראטע געמוזט שטייגען. „פריהער פאר דעם הונגער האט דער געדונגענער ערד־ארבייטער געקריגען א שטיקעל לאנד, וואו ער האט פערזעעט בולבעס; ער האט אויך געהאט די מעגליכקייט צו האדעווען א חזיר און צו האלטען עופות. היינטיגען טאג מוז ער ניט נאר קויפען אלע זיינע לע־בענס־מיטלען, נאר עס פעהלט איהם אויך די הכנסה, וואס ער האט געהאט פון דעם פערקויף פון חזירים, עופות און אייער."[187]

פאקטיש זיינען די געדונגענע ערד־ארבייטער פריהער געווען צוזאמענגעגאסען מיט די קליינע פערמערס און האבען פארמירט מעהרסטענטיילס א מין הינטער־וואך פון די מיטעלע און גרעסע־רע פארמס, אויף וועלכע זיי האבען געארבייט. ערשט זינט דער קאטאסטראפע פון 1846 האבען זיי אנגעפאנגען אויסצומאכען א טייל פון דעם קלאס ריינע לוין־ארבייטער — א ספעציעלער קלאס, וואס איז פערבונדען מיט זיינע לוין־בעלי בתים נאר דורך געלד־בעציהונגען.

מיר ווייסען וואס זייער וואוינונג־צושטאנד איז געווען פאר 1846. זינט דאמאלסט איז ער נאך ערגער געווארן. איין טייל פון די געדונגענע ארבייטער, וועלכער ווערט דערוויילע קלענער פון טאג צו טאג, וואוינט נאך אויף די לענדערייען פון די פער־מער, אין איבערגעפילטע הייזלאך, וואס זייער אבשייליכקייט שטייגט ווייט אריבער דאס ערגסטע, וואס די ענגלישע לאנד־דיס־טריקטען האבען אונז בעוויזען פון דעם מין. און דאס איז דער צושטאנד אומעטום, א חוץ אין איייניגע געגענדען פון אלסטער; אין דרום — אין די גראפשאפטען קארק, לימעריק, קילקעני, א. אז. וו.; אין מזרח — אין ווילקאו, וועקספארד א. אז. וו.; אין צענטער פון אירלאנד — אין קינגס און קווינס קאונטי, אין דער גראפשאפט דובלין א. אז. וו.; אין צפון — אין די גראפשאפטען דאון, אנטרים, טייראן א. אז. וו.; ענדליך אין מערב — אין סליגא, ראסקאמאן, מייא, גאלוויי א. אז. וו. „די הייזלאך פון די ערד־ארבייטער," רופט אויס איינער פון די אינספעקטארען, „זיי־נען א שאנד פאר דער רעליגיאן און דער ציוויליזאציע פון'ם לאנד." (ד. ג. ז. 12.) כדי צו מאכען אט די וואוין־גריבער מעהר

[187] דארט גופא, ז. 29, 1.

אַנציהענד פאַר די טאָג־לוינער, קאָנפיסקירט מען סיסטעמאַטיש די שטיקלעך ערד, וואָס געהערן צו די הייזלאַך פון שנים קדמניות אָן. „דאָס בעוואוסטזיין, אַז די לענדלאָרדס און זייערע פּערוואַלטער קאָנען זיי בעהאַנדלען אויף אַזאַ אופן, האָט ביי די געדונגענע ערד־אַרבייטער אַרויסגערופען געפיהלען פון אונצופריעדענקייט און פיינדשאַפט אַנטקעגען יענע, וועלכע בעהאַנדלען זיי ווי אַ רעכט־לאָזע ראַסע.״ (ד. ג. ז. 12.)

דער ערשטער אַקט פון דער אַגריקולטורעלער רעוואָלוציע איז געווען אַרונטערצורייסען די הייזלעך, וואָס האָבען זיך געפונען אויף די אַרבייט־פעלדער. דאָס איז געשעהן אויף דעם גרעסטען מאַסשטאַב און פּונקט ווי עס וואָלט דערויף געווען אַ בעפעהל פון אויבען. פיעלע אַרבייטער זיינען אויף דעם אופן געצוואונגען צו זוכען אַ וואוין־אָרט אין די דערפער און שטעדטלאַך. דאָרטן האָט מען זיי אַריינגעוואָרפען ווי אַלטע זאַכען אין דאַך־קעמערלאַך, אין לעכער, אין קעלערס און אין די שמוציגסטע ווינקלען פון די ערגסטע קוואַרטאַלען. טויזענדער אייערישע פאַמיליען, וועלכע אַפילו לויט דאָס עדות פון די ענגלענדער, וואָס זיינען דורכגעדרונ־גען פון נאַציאָנאַלע פאָראורטיילען, צייכענען זיך אויס מיט זייער זעלטענער צוגעבונדענקייט צו די היימישע פייער ווענט, מיט זייער זאָרגלאָזער מונטערקייט און הויזליכער זיטען־ריינקייט, האָבען זיך מיט איינמאָל געפונען אַריבערגעזעצט אין די טרייב־הייזער פון פערברעכען. די מענער האָבען איצט געמוזט זוכען אַרבייט ביי די אַרומיגע אַרענדאַטאָרס און זיינען געדונגען געוואָרן פון טאָג — די אונזיכערסטע פאָרם פון לוין. דערצו „האָבען זיי געהאַט צו געהן גרויסע שטרעקען צו דער אַרבייט און פון דער אַרבייט, דורכ־גענעצט פון רעגען און אויסגעזעצט צו אַנדערע שלאַקען, וועלכע ברענגען אָפט מיט שוואַכקייטען, קראַנקהייטען און דערמיט גרויסען עלענד.״ (ד. ג. ז. 25.)

„די שטעדט האָבען פון יאָהר צו יאָהר געמוזט אַריינגעהמען אַלץ, וואָס האָט זיך גערעכענט אַלס איבערפליסיגע אַרבייטער פון די לאַנד־דיסטריקטען״; (ד. ג. ז. 27.) און מען האָט זיך נאָך גע־וואונדערט, „וואָס אין די שטעדט און דערפער געפינט זיך אַן איי־בערפלוס און אויפ'ן לאַנד איז אַ דוחק אָדער עס האַלט ביי אַ דוחק אין אַרבייטער!״ (ד. ג. ז. 26.) דער אמת איז, אַז דער

דאזיגער דוחק לאזט זיך נאר פיהלען „אין שניט־צייט אדער אין פריה־יאהר, ווען די ערד־ארבייט איז דרינגליך, בעת אין אנדערע צייטען פון יאהר בלייבען א סך הענד אהן ארבייט"; (ד. ג. ז. 1) אז „נאכדעם ווי מען גראבט אויס די בולבעס, פון אקטאבער ביז'ן נעקסטען פריהלינג... האבען זיי מעהר ניט קיין בעשעפטיגונג" (ד. ג. ז. 32), און אז אפילו אין דער בעשעפטיגטער צייט „פערלירן זיי אפט גאנצע טעג און מוזען אויסשטעהן אלערליי אונטערברעכונגען אין דער ארבייט" (ד. ג. ז. 25.)

אט די רעזולטאטען פון דער אגריקולטורעלער רעוואלוציע, דאס הייסט פון דער פערוואנדלונג פון אקער־לאנד אין גראז־פעלדער, פון דער אנוועגדונג פון מאשינעריע, פון די שטרענגסטע ארבייט־איינשפארונגען א. אז. וו. — ווערן נאך פערשארפט דורך די מושטער־לענדלארדס — אזוינע, וואס אנשטאט צו פערצעהרן זייערע רענטען אין אויסלאנד, זיינען זיי אזויפיעל גנעדיג צו וואוינען אין אירלאנד אויף זייערע גיטער. כדי דאס געזעץ פון נאכפראגע און אנבאט זאל אויף קיין אופן ניט פערלעצט ווערן, בעציהען די דאזיגע הערען כמעט זייער גאנצען „ארבייטער־צושטעל... פון זייערע קליינע פארמערס, וועלכע זיינען געצוואונגען צו געהן, ווען נאר מען רופט זיי, טהאן דעם לענדראד'ס ארבייט פאר א לוין, וואס איז אין פיעלע פאלען א סך נידעריגער איידער דער לוין פון געוועהנליכע טאג־ארבייטער, ניט קוקענדיג אויף די אונבעקוועמליכקייטען און היזקות, וואס זיי מוזען ליידען דערפון, וואס אין דער קריטישער צייט, ווען מען דארף זעען אדער שניידען, מוזען זיי זייער אייגענע פעלדער פערנאכלעסיגען." (ד. ג. ז. 30.)

די אונזיכערקייט און ניט־רעגעלמעסיגקייט פון דער בעשעפטיגונג, די ארבייט־אבשטעלונגען, וואס קומען אפט פאר און האלטען אן לאנג, אט די אלע צייכענס פון א רעלאטיווער איבערבעפעלקערונג פיגורירן דעריבער אין די בעריכטען פון די אינספעקטארען פון די „פור לאו" פערוואלטונג אלס אזויפיעל צרות, וואס דער איירישער ערד־ארבייטער פראלעטאריאט האט אויסצושטעהן. מען קאן זיך דערמאנען, אז מיר האבען אנגעטראפען עהנליכע ערשיינונגען אויך ביי דעם ענגלישען לאנד־פראלעטאריאט. דער אונטערשייד איז אבער, וואס אין ענגלאנד, א אינדוסטריעלעס

לאַנד, רעקרוטירט זיך דער אינדוסטריעלער רעזערוו אין די לאַנד־דיסטריקטען, בעת אין אירלאַנד, אַן אַגריקולטורעלעם לאַנד, רעקרוטירט זיך דער אַגריקולטורעלער רעזערוו אין די שטעדט, די ערי מקלט פון די פערטריבענע לאַנד־אַרבייטער. אין ענגלאַנד פערוואַנדלען זיך די איבעריג־געוואָרענע ערד־אַרבייטער אין פאַבריק־אַרבייטער; אין אירלאַנד בלייבען די, וואָס זיינען פערשטופּט געוואָרן אין די שטעדט, ערד־אַרבייטער און געהען שטענדיג זוכען אַרבייט צוריק אויפ'ן לאַנד, בעת זיי דריקען אין דערזעלביגער צייט אויף דעם שטאָדטישען לוין.

די אָפיציעלע בעריכט־אָבגעבער רעזומירן די מאַטעריעלע לאַגע פון דעם געדונגענעם ערד־אַרבייטער ווי פאָלגט: „אָבוואויל ער לעבט מיט דער גרעסטער שפּאָרזאַמקייט, איז זיין לוין קוים גענוג צו בעזאָרגען זיין פאַמיליע מיט שפּייז און צו צאָהלען דירה־געלד, אויף צו קליידען זיך מיט זיין ווייב און קינד הענגט ער אָב פון אַנדערע קוואַלען. . . . די לופט פון זייערע וואוינונגען צוזאַמען מיט די אַנדערע דחקות, וואָס זיי האָבען אויסצושטעהן, מאַכט זייער קלאַס עלול אין אַ גאַנץ בעזונדערן גראַד צו ווערן קראַנק אויף טיפוס און שווינדזוכט.‟ (ד. ג. ז. 21, 13.) נאָך דעם איז קיין וואונדער ניט, אַז לויט דאָס איינשטימיגע עדות פון די אינספּעקטאָרען זיינען די רייהען פון אָט דעם קלאַס דורכגעדרונגען פון אַ פינסטערער אונצופריעדענהייט, אַז זיי בענקען נאָך דער פערגאַנגענהייט, פערשילטען די געגענוואַרט און זיינען פערצווייפעלט וועגען דער צוקונפט, אַז „זיי גיבען זיך איבער צו דעם שעדליכען איינפלוס פון אַגיטאַטאָרס,‟ און האָבען נאָר איין פיקסע אידעע, אויסצו־וואַנדערן נאָך אַמעריקאַ. אָט דאָס איז דער אוטאָפּיסטישער גן־עדן, אין וועלכען די גרויסע מאַלטהוזיאַנישע פּאַנאַצעאַ, די ענטפעלקערונג, האָט פערוואַנדעלט דאָס גרינע אירין!

וואָס פאַר אַ גליקליכען לעבען אַפילו די פעהיגע איירישע אינדוסטריע אַרבייטער פיהרן, וועט זיין גענוג צו בעווייזען מיט איין ביישפּיעל:

„אויף מיין בעזוך ניט לאַנג צוריק אין צפון־טייל פון אירלאַנד,‟ זאָגט דער ענגלישער פאַבריק־אינספּעקטאָר ראָבערט בייקער, „איז מיר פאָרגעקומען צו זעהן די אָנשטרענגונגען פון אַ פעהיגען איירישען אַרבייטער, וועלכער האָט אָבגעשפּאָרט פון זיי־

נע נויט־בעדערפטיגסטע מיטלען צו געבען זיינע קינדער אן ער־ציהונג. איך גיב איבער זיינע רייד ווערטערליך, ווי איך האב עס געהערט פון זיין מויל. אז ער איז א פעהיגער פאבריק־ארבייטער קען מען פערשטעהן דערפון, וואס מען האט איהם בעשעפטיגט ביי ארטיקלען פאר דעם מאנטשעסטער מארק. דזשאהנסאן: — איך בין א האמערער (ביטלער) און ארבייט פון 6 אין דער פריה ביז 11 ביי נאכט, פון מאנטאג ביז פרייטאג; שבת ענדיגען מיר אום 6 אוהר אבענדס און האבען 3 שטונדען פאר מאהלצייטען און רוה. איך האב 5 קינדער. פאר אט דער ארבייט קריג איך 10 שילינג 6 פענס א וואך; מיין פרוי ארבייט אויך און פערדיענט 5 שילינג א וואך. דאס עלטסטע מיידעל, צוועלף יאהר אלט, פאסט אויף אויפ'ן הויז. זי איז אונזער קעכין און איינציגע אויסהעל־פערין. זי ריכט אוים די קינדער אין שוהלע. א מיידעל, וואס געהט פערביי דאס הויז, וועקט מיך אויף האלב 6 אין דער פריה. מיין פרוי שטעהט אויך אויף און געהט אוועק גלייך מיט מיר. מיר עסען ניט פאר'ן אוועקגעהן צו דער ארבייט. דאס צוועלף־יאהריגע קינד גיט אכטונג אויף די קלענערע דעם גאנצען טאג, אום 8 אוהר געהען מיר אהיים איבערבייסען. מיר טרינקען טהעע איינמאל א וואך; זאנסט עסען מיר א געקעכץ אמאל פון האָ־בער־גריץ, אמאל פון „קארן"־מעהל אויב מיר קאנען זיך פערגינען. ווינטער טרינקען מיר אביסעל וואסער מיט צוקער צו דעם „קארן"־מעהל. זומער האבען מיר עטליכע בולבעס, וואס מיר פערזעען אליין אויף א שטיקעל ערד, און ווען זיי געהען אוים, קעהרן מיר זיך צוריק צו דעם געקעכץ. אט אזוי געהט עס טאג אוים, טאג איין, זונטאג און א גאנצע וואך, דעם גאנצען יאהר כסדר. איך בין אלעמאל זעהר פערמאטערט נאך דער ארבייט. אמאל זעהען מיר א ביסען פלייש, אבער זעהר זעלטען. דריי פון אונזערע קינ־דער געהען אין שוהלע און מיר צאהלען א פעני א וואך פאר יעדעס קינד. אונזער דירה־געלד איז 9 פענס א וואך. טארף אויף צו הייצען קאסט וועניגסטענס 1 שילינג 6 פענס אלע פערצעהן טעג."188 אט דאס זענען איירישע לוינען, אט דאס איז דאס איי־רישע לעבען!

---

188) „רעפארט אינספ. און פעקטארים, 31 אקטאבער 1866," ז. 96.

דער פאקט איז, אז דער איירישער עלענד איז ווידער גע־וואָרן די טעגליכע טהעמע אין ענגלאנד. סוף יאָהר 1866 און אָנ־הויב 1867 האָט איינער פון די איירישע לאנד־מאגנאטען, לאָרד דאָפערין, זיך גענומען זוכען א לעזונג צו דער פראגע אין דער „טיימז”. „ווי מענשליך פון אזעלכע גרויסע הערען!”

פון טאַבעלע ה האָבען מיר געזעהן, אז אין יאָהר 1864 האָ־בען דריי מעהרווערטה־מאכער אריינגעשטעקט אין קעשענע פון א פראָפיטען־סך הכל פון 4,368,610 פונט סט. נאָר 262,610; אין 1865 אָבער האָבען דיזעלביגע דריי ווירטואָזען פון „אבסטי־נענץ” אריינגעשטעקט צו זיך אין קעשענע 274,448 פונט סט. פון א פראָפיטען־סך הכל פון 4,669,979 פונט סט.; אין 1864 האָבען 26 מעהרווערטה־מאכער ארויסגעקריגען 646,377 פונט סט.; אין 1865 האָבען 28 מעהר־ווערטה־מאכער געמאכט 736,448 פונט סט.; אין 1864 האָבען 121 מעהר־ווערטה־מאכער געגרייכט 1,066,912 פונט סט.; אין 1865 — 186 מעהרווערטה־מאכער 1,320,996 פונט סט.; אין 1864 — 1131 מעהרווערטה־מאכער 2,150,818 פונט סט.; כמעט די העלפט פון דעם יעהרליכען סך הכל פראָ־פיט; אין 1865 — 1194 מעהרווערטה־מאכער 2,418,933 פונט סט.; מעהר ווי די העלפט פון דעם יעהרליכען סך הכל פראָפיט. דעם לייב'ס חלק אָבער, וואָס גאָר א קליינע צאָהל לאנד־מאגנאטען אין ענגלאנד, שאָטלאנד און אירלאנד פערשלינגט פון דער יעהר־ליכער סומע פון די גרונד־רענטען, איז אזוי אונגעהויער גרויס, אז די ענגלישע שטאאט'ס חכמה האַלט ניט פאר פאסיג צו גע־בען דעמזעלביגען סטאטיסטישען מאטעריאל פאר דער פערטיילונג פון די גרונד־רענטען, ווי פאר דער פערטיילונג פון די פראָפיטען. לאָרד דאָפערין איז איינער פון אָט די לאנד־מאגנאטען. אז רענט־צינזען און פראָפיטען קאָנען אמאָל זיין „איבער'ן מאָס,” אָדער אז זייער איבערפלוס איז אויף וועלכען עס איז אופן צוזאמענ־געבונדען מיט דעם איבערפלוס פון פאָלק'ס עלענד, איז, פערשטעהט זיך, א געדאנק, וואָס איז אי „ניט־אנשטענדיג,” אי „אומגעזונד [unsound], ער האַלט זיך ביי די פאקטען. דער פאקט איז, אז אזוי ווי די איירישע בעפעלקערונג ווערט קלענער, אזוי ווערן אלץ גרעסער די איירישע ארענדע צינזען; אז די ענטפעלקערונג „טהוט גוט” די לאנד־אייגענטימער, ממילא אויך דעם גרונד און

באָדען, און ממילא אויף דעם פאָלק, וואָס איז נישט מעהר ווי א צוגאָב צום באָדען. ער דערקלערט דעריבער, אז אירלאנד איז נאָך אַלץ איבערבעפעלקערט און דער שטראָם פון אויסוואנדערונג פליעסט נאָך אַלץ צו־לאנגזאם. כדי צו זיין פאָלשטענדיג גליק־ליך, מוז אירלאנד לויז ווערן וועניגסטענס פון נאָך ⅓ מיליאָן ארבייט־מענשען. זאָל קיינער ניט מיינען, אז אָט דער לאָרד, וועל־כער איז נאָך פאָעטיש אויך, איז א דאָקטאָר פון סאנגראדאָ'ס שוה־לע, וועלכער האָט יעדעס מאָל, וואָס ער האָט געפונען, אז זיין פאציענט איז ניט בעסער, געהייסען שלאָגען צו אָדער און נאָך אמאָל שלאָגען צו אָדער, ביז דער קראנקער האָט צוזאמען מיט זיין בלוט אויך פערלאָרען זיין קראנקהייט. לאָרד דאָפערין פערלאַנגט א נייעם אָדער־שלאָגען נאָר פון ⅓ מיליאָן, אנשטאָט אומגעפעהר 2 מיליאָן, וואָס אירלאנד מוז פאקטיש פערלירן, כדי דאָס „טויזענדיעהריגע רייך" זאָל קאָנען אויפגעבויט ווערן. דער בעווייז קאָן לייכט געליפערט ווערן.

| 1 | 2 | 3 | 4 |
|---|---|---|---|
| פארמס ניט אריבער 1 אקער | פארמס אריבער 1 אקער און ניט מעהר ווי 5 | פארמס אריבער 5 אקער און ניט מעהר ווי 15 | פארמס אריבער 15 און ניט אריבער 30 אקער |
| צאהל / אקער | צאהל / אקער | צאהל / אקער | צאהל / אקער |
| 48,653 / 25,394 | 82,037 / 288,916 | 176,368 / 1,836,310 | 136,578 / 3,051,343 |

| 5 | 6 | 7 | 8 |
|---|---|---|---|
| פארמס אריבער 30 און ניט אריבער 50 אקער | פארמס אריבער 50 און ניט אריבער 100 אקער | פארמס אריבער 100 אקער | דער גאנצער שטח (שליסט איין טארף און וויסט לאנד) |
| צאהל / אקער | צאהל / אקער | צאהל / אקער | אקער |
| 71,961 / 2,906,274 | 54,247 / 3,983,880 | 31,927 / 8,227,807 | 20,319,924 |

די צענטראליזאציע האָט פון 1851 ביז 1861 הויפטזעכליך פערניכטעט פארמס פון די ערשטע 3 קאטאָגאָריען — אונטער 1 אקער און ניט איבער 15 אָקער. די מוזען פערשווינדען פריהער ווי אַלע. דאָס גיט אונז 307,058 איבעריג־געוואָרענע פערמערס, און רעכענענדיג די פאמיליעס אויף דעם נידעריגען דורכשניט פון 4 פערזאָן, האָבען מיר 1,228,232 פערזאָן. ווען מען זאָל מאַ־

כען די איבערטריבענע השערה, אז ¼ פון דער צאהל האט נאך דער דורכגעפיהרטער אגריקולטור־רעוואלוציע ווידער געפונען א בעשעפטיגונג, בלייבען אויסצו־וואנדערן 921,174 פערזאן. די קאטעגאריען 4, 5, 6 פון איבער 15 און ניט איבער 100 אקער, זיינען, ווי מען ווייס עס אין ענגלאנד שוין לאנג, צו־קליין פאר דער קאפיטאליסטישער תבואה־קולטיווירונג, און פאר הטדעוועז שעפסען כמעט גארניט צו בעטראכטען. לויט דער־עלביגער השערה ווי פריהער מוזען, הייסט עס, אויסוואנדערן נאך 788,761 פערזאן, צוזאמען — 1,709,532. און אזוי ווי דער אפעטיט קומט ערשט מיט'ן עסען, וועלען די אויגען פון די לענדלארדס באלד ענטדעקען, אז אירלאנד מיט 3½ מיליאן איז נאך אלץ אין א עלענדער לאגע, און דערפאר עלענד, ווייל זי איז נאך אלץ איבער־בעפעלקערט. פאלגליך מוז איהר ענטפעלקערונג נאך געהן ווייטער, כדי זי זאל קאנען דערפילען איהר אמת'ן בערוף — צו זיין א שעפסען־שטעג און פיטער־פעלד פאר ענגלאנד.*[188]

---

*[188] ווי אזוי דער הונגער און זיינע פאלגען זיינען פלאנמעסיג אויסגע־נוצט געווארן פון די איינצעלנע גרונד־אייגענטימער, ווי אויך פון דער ענגלישער געזעצגעבונג, כדי דורכצוזעצען מיט געוואלט די אגריקולטור־רעוואלוציע און שיטערער צו מאכען די בעפעלקערונג פון אירלאנד ביז דעם ערך, וואס זאל צופריעדען שטעלען די לענדלארדס, וועל איך אויספיהרליכער בעווייזען אין דעם דריטען באנד פון אט דעם ווערק, אין דעם אבטייל וועגען דעם גרונד־אייגענטום. איך וועל דארטען זיך אויך אומקעהרען צו דער לאגע פון די קליינע פערמער און די לאנד־ארבייטער. דא וויל איך נאר ברענגען איין ציטאט. נאסאו וו. סיניאר זאגט צווישען אנדערעס אין זיין נאכ'ן טויט געדרוקטער שריפט "Journals, Conversations and Essays relating to Ireland." לאנדאן 1868, 2טער באנד, ז. 282: „נו, זאגט דר. ג., מיר האבען בעקומען אונזער פור לאו און עס איז א גרויסער אינסטרומענט צו פערזיכערן די לענדלארדס מיט א זיעג. נאך איינער און א שטארקערער אינסטרומענט איז די אויסוואנדערונג. . . . קיין פריינד פון אירלאנד קאן ניט וועלען, אז דער קריעג (צווישען די לענדלארדס און די קליינע קעלטישע פערמער) זאל זיך פערלענגערן — און נאך וועניגער, אז ער זאל זיך ענדיגען מיט א זיעג פון די פערמער. וואס שנעלער ער (דער קריעג) וועט זיך ענדיגען, וואס שנעלער אירלאנד וועט ווערן א לאנד צו פיטערן פיה (grazing couutry) מיט א לפי ערך קלייינער בעפעלקערונג, וואס עס פאדערט זיך אין א פיטער־לאנד, אלץ בעסער פאר אלע קלאסען." — די ענגלישע קארן־געזעצען פון 1815 האבען געזיכערט אירלאנד מיט דעם מאנאפאל פון פרייען ארייגפיהר פון תבואה אין גרויס־

אַט די איינבערענגליכע מעטאָדע האָט, ווי אַלע גוטע זאַכען אין דער וועלט, אויך איהר שלעכטע זייט. מיט דער אַקומולאַציע פון גרונד־רענטען איז אירלאַנד האַלט גלייכע טריט די אַקומולאַ־ציע פון אירלענדער אין אַמעריקא. דער איירישמאַן, וואָס איז פערטריבען געוואָרן אין גלות דורך שעפּסען און אָקסען, שטעהט אויף אויפ׳ן אנדער זייט ים ווי אַ רעבעלישער פעניער. און די יונגע ריעזען־רעפּובליק הויבט זיך אויף אַנטקעגען דער אַלטער קי־ניגין פון די ימים דראָהענדיג און נאָך מעהר דראָהענדיג.

Acerba fata Romanos Agunt
Scelusque fraterna necis.

[אַ בייזער מזל טרייבט ארום די רוימער —
דאָס פערברעכען פון ברודער־מאָרד.
האראַץ, עפּאָדען, 7.]

---

בריטאַניען. זיי האַבען אויף דעם אופן קינסטליך בעגייסטערט די תבואה־קול־טיווירונג. אַט דער מאָנאָפּאָל איז פּלוצלונג בעזייטיגט געוואָרן מיט דער אָב־שאַפונג פון די קאָרן־געזעצען. אַבגעזעהן פון אַלע אַנדערע אומשטענדען, איז שוין אַט די פּאַסירונג אַליין געווען גענוג צו געבען אַ מעכטיגען אויפשוואונג דער פערוואַנדלונג פון איירישען אַקער־לאַנד אין גראָז־פעלדער, דער צענטראַ־ליזאַציע פון די פאַרמס און דער ארויסזעצונג פון די קליינע פּויערים. נאָכ־דעם ווי מען האָט די גאַנצע צייט פון 1815 ביז 1846 געריהמט די פרוכטבאַר־קייט פון דעם איירישען באָדען און מען האָט הויך דערקלערט, אַז ער איז פון דער נאַטור גופא בעשטימט געוואָרן פאַר דער קולטיווירונג פון ווייץ, האָ־בען פון איצט אַן די אַגראָנאָמען, עקאָנאָמען און פּאָליטיקער פּלוצלונג ענט־דעקט, אַז ער טויג גאָר ניט פאַר קיין אַנדער זאַך אַ חוץ צו פּראָדוצירן גריז־שפּייז פאַר בהמות! הערר לעאָנס דע לאַווערן האָט זיך אביסעל צוגעאיילט איבערצוזאָגען אַט די תורה אויף דער אַנדער זייט פון קאַנאַל. מען דאַרף טאַקע נאָר זיין אַזאַ „ערנסטער״ מענש ווי לאַווערן צו לאָזען זיך פאַנגען פון אַזוינע קינדערייען.

## פיער־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

# די אַזויגערופענע אורשפּרינגליכע אַקומולאַציע.

### 1. דער סוד פון דער אורשפּרינגליכער אַקומולאַציע.

מיר האָבען געזעהן ווי געלד ווערט פערוואַנדעלט אין קאַפּיטאַל, ווי דורך קאַפּיטאַל ווערט געמאַכט מעהרווערטה און פון מעהרווערטה מעהר קאַפּיטאַל. אָבער די אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל איז משער אַפּריהעה דעם מעהרווערטה, דער מעהרווערטה איז משער די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן און די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן איז משער די פריהערדיגע עקזיסטענץ פון גרעסערע מאַסען פון קאַפּיטאַל און אַרבייט־קראַפט אין די הענד פון סחורה־פּראָדוצירער. אָט די גאַנצע בעוועגונג זעהט אויף דעם אופן אויס ווי זי וואָלט זיך אַרומדרעהען אין אַ פעהלערהאַפטען קרייז, פון וועלכען מיר קאָנען זיך אַרויסדרעהען נאָר ווען מיר נעהמען אָן אַ פריהערדיגע „אורשפּרינגליכע" אַקומולאַציע (אַדאַם סמיטה'ס "previous accumulations")— אַן אַקומולאַציע, וועלכע איז ניט דער רעזולטאַט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, נאָר פערקעהרט זיין אָנהויב־פּונקט.

אָט די אורשפּרינגליכע אַקומולאַציע שפּיעלט אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע אומגעפעהר דיזעלביגע ראָליע, ווי דער זינדענפאַל אין דער טעאָלאָגיע. אָדם הראשון האָט אַ ביס געטאָן דעם עפּעל און דערמיט איז די זינד געקומען אויף דעם גאַנצען מענשענגעשלעכט. איהר אורשפּרונג, הייסט עס, דערקלערט זיך, ווען מען בעשרייבט איהם ווי אַן אַנעקדאָט פון דער פערגאַנגענהייט. אַמאָל־אַמאָל, אַ לאַנגע צייט צוריק, זיינען געווען צוויערליי סאָרטען מענ־

שען; אויף איין זייט די פליסיגע, אינטעליגענטע, און דערהויפט שפארזאמע, פני, און אויף דער אנדער זייט די פוילע לודערס, וועלכע האבען פערהולטעוועט אלץ, וואס זיי האבען געהאט און נאך מעהר. אזוי איז עס געקומען, וואס די ערשטע האבען אנגע־קליבען עשירות און די לעצטע האבען לסוף מעהר גאר ניט געהאט צו פערקויפען א חוץ זייער אייגענע הויט. פון דאמאלס אן האלט זיך די ארימקייט פון דער גרויסער מאסע, וועלכע האט נאך אלץ גארניט וואס צו פערקויפען א חוץ זיך אליין, טראץ דעם וואס זי טהוט אלע ארבייט, און דער רייכטום פון די ווענינע, וועלכער וואקסט אלץ מעהר, אבוואויל זיי האבען שוין לאנג אויפגעהערט צו ארבייטען.

די לעגענדע פון דעם טעאלאגישען זינדען־פאל דערצעהלט אונז טאקע ווארום דער מענש איז פערדאמט געווארען צו עסען זיין ברויט אין דעם שוויים פון זיין פנים: די היסטאריע אבער פון דעם עקאנאמישען זינדען־פאל פערענטפערט אן אנגעוועהטאג־טע שאלה, דערמיט וואס זי בעוויזט אונז, ווי אזוי עס געפינען זיך מענשען, וועלכע האבען גאר ניט נויטיג מקיים צו זיין דעם „בזיעת אפיך".

אט אזוינע פשוט'ע קינדערייען ווערען נאכאנאנד איבערגע־קייעט פון דאס ניי. הערר טהיער, צום ביישפיעל, האט אפילו געהאט די עזה פארצוברענגען מיט דעם פייערליכען ערנסט פון א שטאאטסמאן אזוינע נארישקייטען פאר די אמאל אזוי גייסט־רייך געוועזענע פראנצויזען, אין א בוך, וואו ער האט געמיינט, אז ער האט געמאכט א תל פון די פערשאלטענע אנגריפען פון סאַ־ציאליזם אנטקעגען דאס אייגענטום. ווי נאר די אייגענטום־פראַ־גע קומט ארויף, האלט מען עס פאר א הייליגע פליכט צו פראקלא־מירען דעם שטאנדפונקט פון דעם קינדערשען א״ב־ביכעל אלס דעם איינציג־גערעכטען פאר יעדען עלטער און פאר אלע שטופען פון ענטוויקלונג.**188 אין דער ווירקליכער געשיכטע, ווי עס איז גוט

---

**188 געטהע, וועלכער האט ניט געקאנט פערטראגען אזוינע שטותים, האט זיי אויסגעלאכט אין דער פאלגענדער פארם פון פראגע און ענטפער („קאטעכיזאציאן"):

לעהרער: בעדענק, א קינד, וואהער זינד דיזע גאבען?
דו קאנסט ניכטס פון דיר זעלבער האבען.

בעקאַנט, שפּיעלען די גרויסע ראָליע עראָבערונג, אונטעריאָכונג, רויב און מאָרד, קורץ — געוואַלט. אין דער ערעלער פּאָליטישער עקאָנאָמיע האָט פון אייביג אָן געהערשט די אידיליע. רעכט און „ארבייט" זיינען אַלעמאָל געוועזן די איינציגע מיטלען פון רייך ווערן — נאַטירליך מיט דער אויסנאַהם אַלע מאָל פון „היינטיגען יאָהר." אין דער אמת'ן זיינען די מעטאָדען פון דער אורשפּרינג־ליכער אקומולאַציע אַלץ וואָס איהר ווילט, נאָר ניט אידיליש.

געלד און סחורה זיינען לכתחילה ניט קיין קאַפּיטאַל, פּונקט אַזוי ווייניג ווי פּראָדוקציאָנס־ און לעבענס־מיטלען זיינען קאַפּי־טאַל. זיי מוזען ערשט פערוואַנדעלט ווערן אין קאַפּיטאַל. אָבער די דאָזיגע פערוואַנדלונג גופא קאָן נאָר פּאַרקומען אונטער בע־שטימטע אומשטענדען, וועלכע מוזען זיך צונויפקומען אין איין פּונקט. צוויי־ערליי זעהר פערשיידענע סאָרטען סחורה־בעזיצער מו־זען זיך צוזאַמענקומען פנים אל פנים און אין קאָנטאַקט איינע מיט די אַנדערע: פון איין זייט אייגענטימער פון געלד, פון פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען, פון לעבענס־מיטלען, וועלכען זוכען צו פערגרעסערן די ווערטה־סומע, וואָס זיי בעזיצען, דורך דעם איינקויף פון פרעמ־דער ארבייט־קראַפט; פון דער אַנדער זייט פרייע ארבייטער, די פערקויפער פון זייער אייגענער ארבייט־קראַפט און דעריבער פער־קויפער פון ארבייט. פרייע ארבייטער אין דעם טאָפּעלטען זין, וואָס אי זיי אַליין געהערן ניט דירעקט צו די פּראָדוקציאָנס־מיט־לען, ווי דהיינו שקלאַווען, לייב־אייגענע א. אז. וו., אי די פּראָ־דוקציאָנס־מיטלען געהערן ניט צו זיי, ווי צום ביישפּיעל ביים פּויער, וואָס האָט זיין אייגענע ווירטשאַפט: זיי זיינען פריי דער־פון [נקי מנכסיו], לויז און לעדיג. מיט אָט דער צוטיילונג פון דעם סחורה־מאַרק האָבען מיר פאַרטיג די גרונד־בעדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. די קאַפּיטאַל־שייכות איז משער ווי א תנאי קודם די צושיידונג צווישען די ארבייטער און דעם אייגענטום אין די מיטלען, דורך וועלכע זייער ארבייט קאָן

קינד: אָי, אַלעס האָב' איך פאַם פאַפּאַ.
לעהרער: און דער, וואָהער האָט עס דער?
קינד: פאַם גראָספּאַפּאַ.
לעהרער: ניכט דאָך! וואָהער האָט עס דען דער גראָספּאַפּאַ בעקאָמען?
קינד: דער האָט עס גענאָמען.

רעאליזירט ווערן. וויבאלד די קאפיטאליסטישע פראדוקציאן האט זיך שוין איינמאל געשטעלט אויף איהרע אייגענע פיס, האלט זי ניט נאר אויף די דאזיגע צושיידונג, נאר זי רעפראדוצירט זי וואס וויטער אלץ אויף א גרעסערן מאסשטאב. דער פראצעס, וועלכער שאפט די קאפיטאל־שייכות, קאן דעריבער ניט זיין קיין אנדער זאך, ווי דער פראצעס, וואס צושיידט דעם ארבייטער פון דעם איי־גענטום און זיינע ארבייט־בעדינגונגען — א פראצעס, וועלכער פער־וואנדעלט פון איין זייט די געזעלשאפטליכע לעבענס־ און פראדוק־ציאנס־מיטלען אין קאפיטאל, און פון דער אנדער זייט די דירעק־טע פראדוצירער אין לוין־ארבייטער. די אזויגערופענע אורשפרינג־ליכע אקומולאציע איז דעריבער ניט קיין אנדער זאך, ווי נאר דער היסטארישער שיידונגס־פראצעס צווישען דעם פראדוצירער און די פראדוקציאנס־מיטלען. ער ערשיינט אלס „אורשפרינגליך", ווייל ער מאכט אויס די פארגעשיכטע פון קאפיטאל און פון'ם פראדוקציאנס־אופן, וואס איז צוגעפאסט צו איהם.

די עקאנאמישע סטרוקטור פון דער קאפיטאליסטישער גע־זעלשאפט איז ארויסגעוואקסען פון דער עקאנאמישער סטרוקטור פון דער פעאדאלער געזעלשאפט. די אויפלעזונג פון דער לעצטער האט בעפרייט די עלעמענטען פון דער ערשטער.

דער דירעקטער פראדוצירער, דער ארבייטער, האט געקאנט שאפען איבער זיין אייגענער פערזאן, ערשט נאכדעם ווי ער האט אויפגעהערט צו זיין געבונדען צום באדען און האט אויפגעהערט צו זיין דער קנעכט אדער לייב־אייגענער פון אנאנדער פערזאן. כדי צו ווערן א פרייער פערקויפער פון ארבייט־קראפט, וועלכער טראגט־אוועק זיין סחורה וואו ער קאן געפינען פאר איהר א מארק, האט ער, נאך וויטער, געמוזט לויז ווערן פון דער הערשאפט פון די צעכען, פון זייערע תקנות וועגען לעהרלינגע און געזעלען און פון אלע זייערע ארבייט־שטערענדע פארשריפטען. אויף דעם אופן ערשיינט די געשיכטליכע בעוועגונג, וועלכע פערוואנדעלט די פרא־דוצירער אין לוין־ארבייטער, פון איין זייט אלס זייער בעפרייאונג פון קנעכטשאפט און דעם צוואנג פון די צעכען; און פאר אונ־זערע בורזשואזע געשיכט־שרייבער עקזיסטירט נאר אט די זייט אליין. פון דער אנדער זייט אבער ווערן אט די ניי־בעפרייטע פערקויפער פון זיך אליין, ערשט נאכדעם ווי זיי זיינען בערויבט

געוואָרן פון זייערע אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און פון אַלע גאַ־ראַנטיען פאַר זייער עקזיסטענץ, וואָס די אַלטע פעאָדאַלע איינ־ריכטונגען האָבען זיי געגעבען. און די געשיכטע פון אָט דער עקס־פּראָפּריאַציע זייערע איז ניט געבויט אויף בלויזע השערות. זי איז פערשריבען אין די אַנאַלען פון דער מענשהייט מיט אונאויס־לעשליכע אותיות פון בלוט און פייער.

די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטען, אָט די נייע מאַכטהאָבער, האָבען פון זייער זייט געמוזט ניט נאָר אַרויסשטופּען די האַנד־ווערק מייסטערס פון די צעכען, נאָר אויך די פעאָדאַלע פּריצים, די בעזיצער פון די קוואַלען פון רייכטום. פון אָט דער זייט שטעלט זיך אַרויס זייער עולה לגדולה ווערן ווי די פּרוכט פון אַ זיעגרייכען קאַמף אין אַנטקעגען דער פעאָדאַלער מאַכט און איהרע אויפרעגענ־דע פּריווילעגיעס, אין אַנטקעגען די צעכען און די קעטען, וואָס זיי האָבען אַרויפגעלעגט אויף דער פרייער ענטוויקלונג פון דער פּראָ־דוקציאָן און אויף דער פרייער עקספּלואַטאַציע פון מענשען דורך מענשען. די ריטער פון דער אינדוסטריע האָבען אָבער פּועל גע־ווען צו פערשטופּען די ריטער פון שווערד נאָר דורכדעם, וואָס זיי האָבען זיך בענוצט מיט פּאַסירונגען, צו וועלכע זיי האָבען גאָרנישט בייגעטראָגען. זיי האָבען זיך אַרויפגעאַרבייט דורך פּונקט אַזוינע געמיינע מיטלען, ווי די, דורך וועלכע דער רוימישער פריי־געמאַכטער קנעכט האָט אַמאָל זיך געמאַכט פאַר דעם האַר פון זיין געוועזענעם פּאַטראָנוס [בעשיצער].

דער אָנהויב־פּונקט פון דער ענטוויקלונג, וועלכע האָט געשאַ־פען אי דעם לוין־אַרבייטער, אי דעם קאַפּיטאַליסט, איז געווען די קנעכטשאַפט פון דעם אַרבייטער. דער פאָרטשריט איז בעשטאַ־נען אין אַ פאָרם־ענדערונג פון דער דאָזיגער קנעכטשאַפט, אין דער פערוואַנדלונג פון דער פעאָדאַלער עקספּלואַטאַציע אין אַ קאַפּי־טאַליסטישער. כדי צו פערשטעהן דעם גאַנג פון דער ענטוויקלונג, דאַרפען מיר ניט געהן זעהר ווייט צוריק. הגם מיר בעגעגענען די ערשטע אָנפאַנגען פון אַ קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן, אין פער־איינצעלטע פאַלען, שוין אין 14טען און 15טען יאָהרהונדערט, אין אייניגע שטעדט אויפ'ן מיטלענדישען ים, דאַטירט דער קאַפּיטאַליס־טישער צייט־אַלטער ערשט פון דעם 16טען י. ה. דאָרט וואו ער טרעט אַרויס, איז די אָבשאַפונג פון דער לייבאייגענשאַפט שוין

לאנג דורכגעפיהרט געווארן, און דער גלאנץ־פונקט פון מיטעלאל־טער, דער בעשטאנד פון פרייע שטעדט, האט שוין פון א לאנגער צייט געהאלטען אין אונטערגעהן.

אין דער געשיכטע פון דער אורשפרינגליכער אקומולאציע זיינען היסטאריש עפאכע מאכענד אלע רעוואלוציעס, וועלכע דיע־נען אלס הויבשטאנגען פאר דעם זיך־פארמירענדען קאפיטאליסטי־שען קלאס; דערהויפט אבער יענע מאמענטען, אין וועלכע גרוי־סע מאסען מענשען ווערן פלוצלונג און מיט געוואלט אבגעריסען פון זייערע לעבענסמיטלען און אנגעווארפען אויפ'ן ארבייט־מארק אלס פויגעל־פרייע פראלעטאריער. די עקספראפריאציע פון דעם אגריקולטור־פראדוצירער, דעם פויער, פון דעם גרונד און באדען איז די גרונדלאגע פון דעם גאנצען פראצעס. מיר מוזען זי דעריבער בעטראכטען צוערשט. איהר געשיכטע נעהמט אן פערשיידענע קאלירען אין פערשיידענע לענדער און לויפט דורך די פערשיידע־נע פאזען אין א פערשיידענעם סדר און אין פערשיידענע עפא־כען. נאר אין ענגלאנד, וואס מיר נעהמען דעריבער אלס ביי־שפיעל, בעזיצט זי א קלאסישע פארם.[189]

## 2. די עקספראפריאציע פון גרונד און באדען, וואס איז בעגאנגען געווארן אנטקעגען דער אגריקולטור־בעפעלקערונג.

אין ענגלאנד איז די לייב־אייגענשאפט, אין לעצטען טייל

[189] אין איטאליען, וואו די קאפיטאליסטישע פראדוקציאן ענטוויקעלט זיך פריהער ווי אומעטום, קומט אויך די אויפלעזונג פון די לייבאייגענשאפט־שייכותן פאר אם פריהסטען. דער לייבאייגענער ווערט דא בעפרייט איידער ער האט זיך געזיכערט א וועלכען עס איז חזקה־רעכט אויפ'ן גרונד און באדען. זיין בעפרייאונג האט איהם דעריבער גלייך פערוואנדעלט אין א פויגעל־פרייען פרא־לעטאריאט, וועלכער האט דערצו נאך געפונען פארטיג אנגעגרייט פאר איהם זיינע נייע בעלי בתים אין די שטעדט, וואס זיינען געבליבען פון דער צייט פון די רוימער. ווען די רעוואלוציע פון דעם וועלט־מארק, ארום דעם סוף פון 15טען י. ה., האט פערניכטעט צפון־איטאליען'ס קאמערציעלע איבערגעוויכט, איז ענטשטאנען א בעוועגונג אין דער פערקעהרטער ריכטונג. די ארבייטער פון די שטעדט זיינען מאסענווייז געטריבען געווארן אויפ'ן לאנד און האבען

פון 14טען יאהרהונדערט, שוין פאקטיש געווען פערשוואונדען. די גרויסע מעהרצאהל פון דער בעפעלקערונג[190] איז בעשטאנען דאמאלסט, און נאך מעהר אין 15טען י. ה., פון פרייע פויערים־בעלי בתים, אונטער וועלכען פעאדאלען טיטול זייער אייגענטום־רעכט זאל ניט געוועזען זיין פערדעקט. אויף די גרעסערע פריצישע גיטער איז דער פריהערדיגער „ביילִיף" (פערוואלטער), וועלכער איז אליין געווען א לייבאייגענער, פערביטען געווארן אויף א פרייען ארענדאטאר. די לוין־ארבייטער פון דער אגריקולטור זיינען בעשטאנען טייל ווייז פון פויערים, וועלכע האבען אויסגענוצט זייער פרייע צייט ארבייטענדיג ביי די גרויסע גרונד־אייגענטימער, און טיילווייז פון א זעלבשטענדיגען, רעלאטיוו און אבסאלוט ניט־צאהלרייכען קלאס, אייגענטליכע לוין־ארבייטער. אפילו די לעצטע זיינען פראקטיש אויך געווען אין דערזעלביגער צייט בעלי בתישע פויערים, ווארים א חוץ זייער לוין האבען זיי בעקומען צוגעטיילט אן ערך 4 אדער מעהר אקער לאנד צוזאמען מיט זייערע קאטעדזשעס. אויסער דעם האבען זיי צוזאמען מיט די ריכטיגע פויערים גענעגט בענוצען דאס געמיינדע־לאנד, אויף וועלכען זיי־

---

געגעבען אזא שטויס פארווערטס דער „קליינער קולטור" אין דער פארם פון גערטנעריי, וואס איז קיינמאל פריהער אזוינס ניט געזעהן געווארן.

[190] „די קליינע גרונד־אייגענטימער, וועלכע האבען אליין בעארבייט זייערע אייגענע פעלדער און האבען גענאסען א בעשיידענע חיונה . . . האבען דאמאלסט אויסגעמאכט א פיעל וויכטיגערן טייל פון דער נאציאן איידער איצטער. . . . ניט ווייניגער ווי 160,000 גרונד־אייגענטימער, וועלכע האבען מיט זייערע פאמיליען געמוזט אויסמאכען $1/7$ פון דער גאנצער בעפעלקערונג האבען געלעבט פון קליינע „פריי־האלד" פאסעסיעס (פריי־האלד מיינט אינגאנצען פרייעס אייגענטום). די דורכשניט הכנסה פון אזוינע קליינע גרונד־בעזיצער ווערט געשאצט פון 60 ביז 70 פונט סט. א יאהר. עס איז בערעכענט געווארן, אז די צאהל פון די, וואס האבען בעארבייט זייער אייגענעם גרונד־בעזיץ, איז געווען גרעסער איידער די צאהל פון די וואס האבען געהאלטען אין ארענדע א פרעמדען באדען." (מאקאליי, „היסטארי אוו ענגלאנד", 10טע אויפלאגע, לאנדאן 1854, באנד 1, ז. 333 און 334.) נאך אין לעצטען דריטעל פון 17טען יאהרהונדערט זיינען $4/5$ פון ענגלישען פאלק געווען ערד־ארבייטער. (ד. נ. ז. 413.) — איך ציטיר מאקאליי'ן, ווייל ער, אלס סיסטעמאטישער פאלסיפיצירער פון געשיכטע, „בעשנייַדט" דערארטיגע פאקטען וואו נאר מעגליך.

ערע בהמות האָבען זיך געפיטערט, און פון וועלכען זיי האָבען געקריגען בוי־האָלץ, האָלץ צום הייצען, טאָרף א. אַז. וו.191

אין אַלע לענדער פון אייראָפּא איז די פעאָדאַלע פּראָדוקציאָן כאַראַקטעריזירט דורך דער צוטיילונג פון'ם באָדען צווישען אַזויפיעל בעזיצער וויפיעל מעגליך. די מאַכט פון דעם פעאָדאַלען פּריץ, ווי די מאַכט פון יעדען הערשער, איז געבויט ניט אויף דעם בעטרעף פון זיינע ארענדע־צינזען, נאָר אויף דער צאָהל פון זיינע אונטערטאַנען, און די לעצטע איז אָבגעהאָנגען פון דער צאָהל בעלי בתישע פּויערים.192 הגם דער ענגלישען באָדען, נאָך דער נאָרמאַנישער ערָאבערונג, איז איינגעטיילט געוואָרן אין ריעזיגגרויסע באַראָניען, וואָס איינאיינציגע פון זיי האָט אָפט איינגעשלאָסען 900 אַלטע אַנגלאָ־זאַקסישע לאָרדשאַפטען, איז ער אָבער געווען אָנגעשפּרינקעלט מיט קליינע פּויערים־ווירטשאַפטען און נאָר וואו־ניט־וואו דורכגעבראָכען פון גרעסערע פּריצישע גיטער. אַזוינע אומשטענדען צוזאַמען מיט דער פּראָספּעריטעט פון די שטעדט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם 15טען י. ה., האָבען מעגליך געמאַכט יענעם פאָלקס־רייכטום, וואָס דער קאַנצלער פאָרטעסקיו שילדערט מיט אַזעלכע שעהנע רייד אין זיין

---

191 מען מוז קיינמאָל ניט פערגעסען, אַז אַפילו דער לייבאייגענער איז ניט נאָר געווען אַן אייגענטימער, לאָז זיין אַ פּאַנשצינע שולדיגער אייגענטימער, פון דעם שטיקעל באָדען, וואָס האָט געהערט צו זיין הויז, נאָר ער איז אויך געווען אַ מיט־אייגענטימער אין דעם געמיינדע־לאַנד. „דער פּויער איז דאָ (אין שלעזיען) אַ לייבאייגענער." פונדעסטוועגען בעזיצען אָט די לייבאייגענע געמיינדע־גיטער. די שלעזיער האָט מען נאָך ניט געקאָנט איבעררעדען, זיי זאָלען צוטיילען זייערע געמיינדע־גיטער, בעת אין דער ניימאַרק איז קוים דאָ אַ דאָרף, וואו אָט די צוטיילונג איז ניט דורכגעפיהרט געוואָרען מיט דעם גרעסטען ערפאָלג." (מיראַבאָ, „די פּרייסישע מאָנאַרכיע" (פראַנצ.), לאָנדאָן, 1788, ב. 2, ז. 125, 126.)

192 יאַפּאַן, מיט זיין ריין־פעאָדאַלער אָרגאַניזאַציע פון דעם גרונד־אייגענטום און זיין ענטוויקעלטער קליין־בויערען־ווירטשאַפט, גיט אונז אַ פיעל־טרייערן בילד פון דעם אייראָפּעאישען מיטעלאַלטער איידער אַלע אונזערע ביכער איבער היסטאָריע, וועלכע זיינען מייסטענס דיקטירט פון בורזשואַזע פאָראורטיילען, עס איז גאַנץ בעקוועם צו זיין „ליבעראַל" אויפ'ן השבון פון מיטעלאַלטער.

„לאודיבוס לעגום אנגליאע''; אָבער זיי האָבען אויסגעשלאָסען די מעגליכקייט פון דעם קאפּיטאל־רייכטום.

דער פאַרשפּיעל פון דער רעוואָלוציע, וועלכע האָט געשאפען דעם באזיס פון דעם קאפּיטאליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, איז פאָרגעקומען אין דעם לעצטען דריטעל פון 15טן און אין די ערש־טע צעהנדליגער פון דעם 16טען יאָהרהונדערט. א מאסע פויגעל־פרייע פּראָלעטאריער איז געוואָרפען געוואָרן אויף דעם ארבייטס־מארק דורך דער אויפלעזונג פון די באנדעס פעאָדאלע דיענער, וועלכע, ווי סער דזשיימס סטואַרט האָט ריכטיג בעמערקט, „האָ־בען אומעטום נוצלאָז אָנגעפילט הויז און הויף.'' אָבוואויל די קעניגליכע מאַכט — אליין א פּראָדוקט פון דער בורזשואזער ענט־וויקלונג — אין איהר שטרעבען צו אבסאָלוטער הערשאפט, האָט מיט געוואַלט פערשנעלערט די אויפלעזונג פון די דאָזיגע באנדעס, איז זי אָבער אויף קיין פאל ניט געווען די איינציגע אורזאך פון זייער אויפלעזונג. פיעל מעהר האָט דער גרויסער פעאָדאלער פּריץ, אין זיין גאוה'דיגען קאמף אנטקעגען קעניגטום און פּארלאמענט, געשאפען א סך א גרעסערן פּראָלעטאריאט, דורכדעם וואָס ער האָט מיט געוואַלט פערטריבען די פויערים פון'ם גרונד און באָדען, אויף וועלכען זיי האָבען געהאט דעמזעלבינגען רעכטס־מיטעל ווי ער אליין, און דורך אוזורפּאציע, אונגעזעצליכער אָנאייגענונג פון זייער געמיינדע־לאנד.

דעם דירעקטען אָנשטויס דערצו האָט אין ענגלאנד ספּעציעל געגעבען דאָס אויפבליהען פון דער פלאנדערישער וואָל־מאנופאַק־טור און דאָס שטייגען פון די וואָל־פּרייזען, וואָס איז געקומען דער־מיט. דעם אלטען פעאָדאל־אדעל האָבען די גרויסע פעאָדאלע מלחמות איינגאנצען פערשלונגען, דער נייער אדעל איז געווען א קינד פון זיין צייט, פאר וועלכער געלד איז געווען די מאַכט פון אלע מעכטע. פערוואנדלונג פון אקער־לאנד אין שעפּסען־לאָנקעס איז געוואָרן זיין לאָזונג־וואָרט. האריסאָן, אין זיין "Description of England. Prefixed to Holinshed's Chronicl". בעשרייבט ווי די עקספּראָפּריאציע פון די קליינע פויערים האָט רואינירט דאָס לאנד. "What care our great incroachers" וואָס קימערט עס אונזערע גרויסע אוזורפּאטאָרען?) די וואוינונגען פון די פויערים

און די קאַטעהזשעס פון די ארבייטער זיינען מיט געוואַלט ארונ־טערגעריסען געוואָרן אָדער געלאָזט פערפוילט ווערן. „ווען מען וויל פערגלייכען", זאָגט האַריסאָן, „די אַלטע רעגיסטערס פון יע־דען ריטער־גוט, וועט מען אויסגעפינען, אַז עס זיינען פערשוואונ־דען געוואָרן אָהן אַ צאָהל הייזער און קליינע פּויערים־ווירטשאַפ־טען, אַז דאָס לאַנד שפּייזט אַ סך ווייניגער מענשען, אַז אַ סך שטעדט זיינען אונטערגעגאַנגען, הגם עס וואַקסען אויס איינינגע נייע. . . . וועגען שטעדט און דערפער, וועלכע מען האָט צער־שטערט פאַר שעפּסען־שטעגען, און אין וועלכע עס זיינען נאָר גע־בליבען שטעהן די פריצישע הייזער, וואָלט איך עפּעס געקאָנט דערצעהלען."

די קלאַגע פון יענע אַלטע כראָניקעס זיינען אַלעמאָל איבער־טריבען, אָבער זיי פערצייכענען גענוי דעם איינדרוק, וואָס די רע־וואָלוציע אין די פּראָדוקציאָנס־פערהעלטניסען האָט געמאַכט אויף דעם מענשען פון יענער צייט. אַ פערגלייך צווישען די שריפטען פון דעם קאַנצלער פאָרטעסקיו און טהאָמאַס מאָר מאַכט קלאָר דעם טיעפען גראָבען צווישען דעם 15טען און 16טען יאָהרהונדערט. דער ענגלישער אַרבייטער־קלאַס, ווי טהאָרנטאָן דריקט עס ריכטיג אויס, איז מיט איין מאָל, גאָר אָהן צווישען־שטופען, אַרונטערגע־פאַלען פון זיין גאָלדערנעם אין זיין אייזערנעם צייט־אַלטער.

די געזעצגעבונג האָט זיך דערשראָקען פאַר אָט דער רעוואָ־לוציע. זי איז נאָך ניט געשטאַנען אויף דער הויך פון ציוויליזאַ־ציע, וואו די "Whealth of the Nation" [דער נאַציאָנאַל־רייכטום], דאָס הייסט די פאָרמירונג פון קאַפּיטאַל און די אומבעקימערטע עקספּלואַטאַציע און פעראָרעמונג פון די פאָלקס־מאַסען, גילטען אַלס דער העכסטער שפּיץ פון דער גאַנצער שטאַאַט־חכמה. אין זיין געשיכטע פון הענרי VII זאָגט בייקאָן: „אַרום יענער צייט (1489) האָבען זיך געמעהרט די קלאַגען וועגען דער פערוואַנדלונג פון אַקערלאַנד אין פּיטער־פעלדער (פאַר שעפּסען־שטעגען א. אז. וו.), וועלכע מען קאָן לייכט אויפּפּאַסען מיט אַ קליינער צאָהל פּאַסטוכער; און אַרענדעס אויף מעהרערע יאָהרען, אויפ'ן גאַנ־צען לעבען און אויף יעהרליכער קינדיגונג (פון וואָס אַ גרויסער טייל פון די Yeomen [פרייע פערמער] האָט געלעבט), זיינען פער־וואַנדעלט געוואָרן אין פּריצישע גיטער. דאָס האָט אַרויסגערופען

א פערוויסטונג פון פאלק און ממילא א פערוויסטונג פון שטעדט, קירכען, מעשר. . . . די חכמה פון דעם קעניג און פון דעם פארלאמענט אין יענער צייט אבצושטעלען דעם דאזיגען שלעכטען צושטאנד איז געווען צו בעוואונדערן. . . . זיי האבען גענומען מיטלען אנטקעגען דער דאזיגער ענטפעלקערענדער אוזורפאציע פון די געמיינדע־לענדערייען (depopulating inclosures) און אנטקעגען דער ענטפעלקערענדער פיטער־ווירטשאפט ( depopulating pasture )".

אן אקט פון הענרי VII, 1489, ק. 19, האט פערבאטען די צערשטערונג פון אלע פויערים־הייזער, צו וועלכע עס געהערן ווענינגסטענס 20 אקער לאנד. אין אן אקט 25, הענרי VII, איז דאסזעלבינע געזעץ בענייט געווארן. עס דערצעהלט ך דארטן צווישען אנדערעס, אז „פיעלע פארמס און גרויסע סטאדעס פיה, דערהויפט שעפסען, זיינען קאנצענטרירט אין רשות פון אייניגע מענשען, וואס דורכדעם זיינען די גרונד־רענטען זעהר געוואקסען און די עד־בעארבייטונג איז זעהר געפאלען, קירכען און הייזער זיינען ארונטערגעריסען געווארן און אונגעהויער גרויסע פאלקס־מאסען האבען פערלוירן די מיטלען פון חיונה פאר זיך און זייערע פאמיליען." דאס געזעץ האט דעריבער בעפוילען ווידער אויפצובויען די חרוב־געווארענע פויערשע הייזער, האט בעשטימט די פראפארציע צווישען תבואה־לאנד און פיטער־לאנד א. אז. וו. אן אקט פון 1533 בעקלאגט, וואס אייניגע אייגענטימער בעזיצען 24,000 שעפסען, און ער בעשרענקט זייער צאהל אויף 2000.[193]

דער געשריי פון פאלק און די געזעצגעבונג, וואס האט געדויערט 150 יאהר נאך הענרי VII, אנטקעגען דער עקספראפריאציע פון די קליינע פערמער און פויערים, זיינעןביידע גלייך געבליבען פרוכטלאז. דעם סוד פון זייער ערפאלגלאזיגקייט ענטדעקט פאר אונז בייקאן, אליין ניט וויסענדיג. „דער אקט פון הענרי VII", זאגט ער אין זיינע עססעים „סיוויל אנד מאראל," סעקט. 20, איז געווען טיעף און בעוואונדערונגסווערטה, דערמיט וואס ער האט געשאפען לאנד־ווירטשאפטען און אקערבוי־הייזער פון א בע־

---

[193] אין זיין „אוטאפיע" רעדט טהאמאס מאר וועגען דעם זאנדערבארען לאנד, וואו „שעפסען פרעסען אויף די מענשען." (אוטאפיע, ראבינסאן'ס איבערזעצונג, לאנדאן 1869, ז. 41.)

שטימטער נארמאל־מאס; דאס הייסט ער האט געקריגען פאר זיי א שטח לאנד, וואס האט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו ברענגען אויף דער וועלט אונטערטאנען מיט א גענוגענדען רייכטום און אהן א קנעכטישער לאגע, און צו האלטען דעם פלוג אין די הענד פון אייגענטימער און ניט פון בלויז געדונגענע."*[193]

וואס די קאפיטאליסטישע פראדוקציאן האט געפאדערט, איז פערקעהרט געווען א קנעכטישע לאגע פון דער פאלקס־מאסע, זיי אליין זאלען ווערן פערוואנדעלט אין געדונגענע און זייערע אר־בייט־מיטלען אין קאפיטאל. בעת דער דאזיגער איבערגאנג־פע־ריאדע האט די געזעצגעבונג געזוכט אויפצוהאלטען די 4 אקער לאנד ביי דעם קאטעדזש פון דעם דארפישען לוין־ארבייטער, און האט איהם פערבאטען אריינצונעהמען שכינים אין זיין קאטעדזש. נאך אין 1627, אין דער ממשלה פון דזשיימס I, איז ראדזשער קראקער פון פראנט מילל פעראורטיילט געווארן, פאר וואס ער האט

*[193] בייקאן בעשרייבט דעם צוזאמענהאנג צווישען א פרייער וואוילהא־בענדער פויערשאפט און א גוטער אינפאנטעריע. „עס איז געווען זעהר וויכ־טיג פאר דער מאכט און אויפפיהרונג פון'ם קיניגרייך צו האבען פארמס אויף א מאסשטאב, וואס זיינען גענוג אויסצוהאלטען טיכטיגע מענער אויסער נויט, און א גרויסער טייל פון'ם באדען פון קיניגרייך פעסטצובינדען אין בעזיץ פון דער „יאמאנרי" אדער לייטע פון מיטעלער לאגע, צווישען עדעללייט און „קאטשערדזשערס" און פויערים־קנעכט. . . . ווארים עס איז די אלגעמיינע מיי־נונג פון די בעסטע קריעגםמענער . . . אז די הויפט שטארקייט פון אן ארמעע בעשטעהט אין דער אינפאנטעריע אדער פוס־פאלק. אבער כדי צו מאכען א גוטע אינפאנטעריע, דארף מען האבען מענשען, וועלכע זיינען אויפגעוואקסען ניט אין א קנעכטישער אדער ארימער לאגע, נאר פריי און אין א געוויסער וואוילהאבענקייט. ווען א שטאאט האט מעהרסטענטיילס עדעללייט און פיינע הערען, בעת די פויערים און די אקערלייט זיינען נאר זייערע ארבייט־מענשען אדער אקער־קנעכט, אדער הויז־וואוינער, ד. ה. בעהויזטע בעטלער, קאנט איהר האבען א גוטע קאוואלעריע, אבער קיינמאל ניט קיין גוטע, שטאנד־האפטיגע פוס־לייט. . . . מען זעהט דאס אזויפיעל אין פראנקרייך און איטאליען און אין אייניגע אנדערע אויסווערטיגע געגענדען, וואו פאקטיש אלץ איז איינ־געטיילט אין אדעל און א עלענדער פויערשאפט . . . אז זיי זיינען געצוואונ־גען צו בעשעפטיגען געדונגענע באנדעס שווייצער און דערגלייכען פאר זייערע אינפאנטעריע־באטאליאנען, וואס צוליעב דעם קומט אויס, אז די דאזיגע נא־ציאנען האבען א סך מענשען און ווייניג סאלדאטען." (The Reign of Henry VII etc. Verbatim Report from Kennet's England. etc. 1719, London 1870 p. 308.

געבויט א קאטעדזש אויף דעם פראנט מילל הויף אהן די 4 אקער לאנד, וואס מוזען געהערן צו דעם לצמיתות. נאך שפעטער, אין דער ממשלה פון טשארלז I, 1638, איז בעשטימט געווארן א קי־ניגליכע קאמיסיע, צו צווינגען די דורכפיהרונג פון די אלטע געזעצען, ספעציעל דאס געזעץ וועגען די 4 אקער לאנד. אפילו אין קראמוועל'ס צייט איז געווען פערבאטען צו בויען א הויז אין א קרייז פון 4 מייל ארום לאנדאן, סיידען עס האט געהאט צו זיך 4 אקער לאנד. אפילו אין דער ערשטער העלפט פון 18טען י. ה. האט מען זיך געקלאגט, ווען די קאטעדזש פון דעם לאנד־ארבייטער האט ניט געהאט צו זיך איינעם אדער צוויי אקער לאנד. היינ־טיגען טאג איז ער גליקליך, ווען ער האט א קליין גערטענדעל, אדער ווען ער קאן כאטש דינגען א פאר שטרייפען לאנד ווייט אוועק פון זיין קאטעדזש. „לענדלארדס און פארמערס", זאגט דר. האנטער, „האנדלען דא האנד אין האנד. עטליכע אקער לאנד מיט יעדער קאטעדזש וועט מאכען דעם ארבייטער צופיעל אונאב־הענגיג."[194]

דער פראצעס פון עקספראפריאירן מיט געוואלט די פאלקס־מאסען האט געקריגען א נייעם שרעקליכען אנשטויס אין 16טען י. ה. דורך דער רעפארמאציע און דער קאלאסאלער גנבה פון די קירכען־גיטער, וואס איז געקומען דערנאך. די קאטוילישע קירך איז אין דער צייט פון דער רעפארמאציע געווען די פעאדאלע איי־גענטימערין פון א גרויסען טייל פון דעם ענגלישען גרונד און באָ־דען. די אונטערדריקונג פון די מאנאסטירען א. אז. וו. האט ארייינגעשליידערט זייערע איינוואוינער אין די רייהען פון דעם פראלעטאריאט. די קירכען־גיטער גופא זיינען גרעסטענטיילס אוועקגעשענקט געווארן צו די רויבזיכטיגע קיניגליכע פאווארי־טען, אדער זיינען פערקויפט געווארן פאר א שפאט־פרייז צו שפע־קולירענדע ארענדאטארס און שטאדט־בירגער, וועלכע האבען ארויסגעטריבען מאסענווייז די אלטע תושבים און האבען צוזא־

[194] דר. האנטער, ד. ג., ז. 134 — דער סכום לאנד, וואס איז בעצייכענט געווארן (אין די אלטע געזעצען), וואלט היינט בעטראכט ווערן אלס צו־גרויס און ניכער ווי א מיטעל, וואס וואלט געהאט די פעולה זיי צו פערוואנדלען אין קליינע ארענדאטארס." George Roberts: "The Social History of the People of the Southern Counties of England in past Centuries," London 1786, p. 184, 185,

מענגעוואָרפען זייערע ווירטשאַפטען אין איינעם. דאָס געזעצליך־גאַראַנטירטע אייגענטום־רעכט, וואָס די פעראָרימטע לאַנד־מענשען האָבען געהאַט אויף א טייל פון די מעשר־אָבצאָהלונגען צו דער קירך (Tythes) זיינען שטילערהייט קאָנפיסקירט געוואָרען.[195] "Pauper ubique jacet." [אומעטום זיינען פאַראַן אָרימעלייט] האָט אויסגערופען די קיניגין עליזאַבעטה נאָך איהר רייזע דורך ענגלאַנד. אין דעם 43טען יאָהר פון איהר רעגירונג איז מען ענדליך געווען געצוואונגען אָנצוערקענען אָפיציעל דעם פּאָופּעריזם דורך דער איינפיהרונג פון שטייערן פאַר אָרימע. „די פערפאַסער פון אָט דעם געזעץ האָבען זיך הפנים געשעהמט צו דערקלערן די גרונדען פון זיין נויטיגקייט, וואָרים געגען אַלע טראַדיציאָנעלע מנהגים האָבען זיי איהם אַרויסגעגעבען גאָר אָהן א „פּרעאַמבל״ [א מאָטיווירענדע הקדמה].[196] דורך די געזעצען 16, טשאַרלז I, 4, איז עס דערקלערט געוואָרען אַלס א געזעץ אויף שטענדיג, און פאַקטיש האָט עס ערשט אין 1834 בעקומען א נייע און שטרענגערע פאָרם.[197]

---

[195] „דאָס רעכט פון אָרימע אויף א חלק אין די מעשר אָבצאָהלונגען צו דער קירך איז פעסטגעשטעלט דורך דעם זין פון די ווערטער פון די אַלטע סטאַטוטען.“ J. D. Tucket: "A History of the Past anfl Present State of the Laboring Population," London 1346, Vol. II,, p. 804, 805.

[196] Wm. Cobbett: "A History of the Protestant Reformation," 471.

[197] דעם פּראָטעסטאַנטישען „גייסט״ קאָן מען דערזעהן צווישען אַנדערעם פון דאָס פאָלגענדע. אין מערב ענגלאַנד האָבען פערשיידענע גרונדאייגענטימער און רייכע אַרענדאַטאָרס זיך צוזאַמענגענומען און אויסגעאַרבייט צעהן פראַגען וועגען דער ריכטיגער אויסטייטשונג פון עליזאַבעטה'ס געזעץ פאַר אָרימע און האָבען זיי פאָרגעלעגט פאַר דעם בעריהמטען יוריסט פון יענער צייט, סאַרזשענט סניגגע (שפּעטער א ריכטער אונטער דזשיימס I) צו הערן זיין מיינונג. „די ניינטע פראַגע: איינע פון די רייכע אַרענדאַטאָרס פון דער קהלה האָבען אויסגעקלערט א קלוגען פּלאַן, ווי אַזוי צו קאָנען אויסמיידען אַלע שוועריגקייטען ביים דורכפיהרן דעם דאָזיגען אַקט. זיי שלאָגען פאָר מען זאָל אויפבויען א געפענגניש אין דער קהלה. אַז אָרימאַן, וואָס וועט ניט וועלען זיך לאָזען איינשפּאַרן אין דער דאָזיגער געפענגניש, זאָל אָבגעזאָגט ווערן פון אונטערשטיצונג. דאַן זאָל מען אַרויסגעבען א בעקאַנטמאַכונג צו דער נאָכבאַרשאַפט, אַז יעדערער וואָס וויל דינגען די אָרימע פון אָט דער קהלה, זאָל אַריינגעבען א פערזיגעלטען אָנבאָט, אין א בעשטימטען טאָג, פון דעם נידעריגסטען פּרייז, פאַר וועלכען זיי ווילען אָבנעהמען די דאָזיגע אָרימע לייט פון אונזערע הענד. די פאָרשלאָגער פון אָט דעם פּלאַן שטעלען זיך פאָר,

אַט די דירעקטע ווירקונגען פון דער רעפאָרמאַציע זיינען ניט גע־
ווען איהרע העכסט־דויערנדע ווירקונגען. דאָס קירכען־אייגענטום
האָט פאָרמירט דעם רעליגיעזען פונדאַמענט פון די טראַדיציאָנע־

אַז עס זיינען פאַראַן אין די דערבייאיגע גראַפשאַפטען מענשען, וועלכע ווילען
ניט אַרבייטען און האָבען ניט קיין פערמעגען אָדער קרעדיט זיך צו ערווערבען
אַ ארענדע אָדער אַ שיף, אַזוי אַז זיי זאָלען קאָנען לעבען ניט אַרבייטענ־
דיג. אַזו'נע מענשען קאָנען זיין געניינט צו מאַכען זעהר פאָרטיילהאַפטע
אָנבאָטען צו דער קהלה. מאָמע'ר וועט זיך מאַכען, אַז די אָרימע וועלען נעהן
קאַפּוט אונטער דער בעהאַנדלונג פון אַזאַ ארענדאַטאָר, וועט די עבירה פאַלען
אויף זיין קאָפּ, וואָרים די קהלה וועט דערמיט האָבען אָבגעטאָן איהר פליכט
צו די דאָזיגע אָרימע. מ'ר האָבען אָבער מורא, אַז דער איצטיקער אַקט וועט
ניט ערלויבען אַזאַ אויסגערעכענטען מיטעל פון דעם כאַרט; איהר מוזט אָבער
וויסען, אַז די אַנדערע „פּריי־האָלדערס" (אונאָבהענגיקע גרונד־בעזיצער) פון אַז
דער גראַפשאַפט און פון די אַרומ'גע וועלען זיך אַנשליסען אָן זיינז, כדי צו
הייסען זייערע מיטגליעדער פון דער האוז אָוו קאָממאָנס פאָרצולעגען אַ גע־
זעץ, וואָס זאָל געבען דאָס רעכט פון איינשפּאַרונג און צוואַנגס אַרבייט פאַר
די אָרימע, אַזוי אַז יעדע פערזאָן, וואָס וועט זיך ניט לאָזען אַריינזעצען אין
תפיסה, זאָל ניט זיין בערעכטיגט צו קיין אונטערשטיצונג. אַט דאָס, האָפען מיר,
וועט אָבהאַלטען מענשען אָן נויט צו פאָדערן אונטערשטיצונג." R. Blaky, „The
History of Political Literature from the earliest times", London
1855, Vol. II, p.84,85. — אין שאָטלאַנד איז די אָבשאַפונג פון דער לייבאייגענ־
שאַפט פאָרגעקומען הונדערטע יאָהרען שפּעטער איידער אין ענגלאַנד. נאָך אין יאָהר
1693 האָט פלעטשער פון סאַלהון דערקלערט אין דעם שאָטישען פּאַרלאַמענט: „די
צאָהל בעטלער אין שאָטלאַנד ווערט געשאַצט אויף ניט וועניגער ווי 200,000.
דאָס איינציגע מיטעל, וואָס איך, אַ פּרינציפּיעלער רעפּובליקאַנער, קאָן פאָרשלאָ־
גען, איז, ווידער איינצופיהרען דעם אַלטען צושטאַנד פון לייבאייגענשאַפט און
מאַכען די אַלע, וואָס קאָנען ניט בעזאָרגען זייער אייגענע חיונה, פאַר שקלאַווען."
אַזוי אויך עדען: „דהי' סטייט אָוו דהי פּור," באַנד 1, קאַפּ 1, ז. 60 און 61: „די
פערקלענערונג פון דער לייבאייגענשאַפט, זעהט אויס, האָט מיט זיך נויטיגערווייז
געבראַכט דעם פּאָופּעריזם. מאַנופאַקטור און האַנדעל זיינען די ביידע עלטערן פון
די אָרימע פון אונזער נאַציאָן." עדען, אַזוי גוט ווי יענער שאָטישער רעפּובלי־
קאַנער פון פּרינציפּ, האָט נאָר אַ טעות אין דעריין, וואָס עס איז ניט די אָבשאַ־
פונג פון דער לייבאייגנשאַפט, נאָר די אָבשאַפונג פון דעם פּויער'ס אייגענטום
אויפ'ן גרונד און באָדען, וואָס עס האָט איהם געמאַכט פאַר אַ פּראָלעטאַריער און
פּאָופּער. — אין פראַנקרייך, וווּ די עקספּראָפּריאַציע איז פאָרגעקומען אויף
אַנאַנדער אופן, זיינען די אָרדאָנאַנץ פון מולין, 1571, און דער עדיקט פון 1656
גלייך צו ענגלאַנד'ס געזעצען פאַר אָרימע.

לע שייכות׳ן פון דעם גרונד־אייגענטום. מיט זיין פאלען האבען אויך די דאזיגע שייכות׳ן זיך לענגער ניט געקאנט האלטען.[198]

נאך אין די לעצטע צעהנדליגע יאהרען פון 17טען י. ה. איז די „יאמאנרי" [דער שטאנד פון אונאבהענגיקע פויערים] געווען גרעסער אין צאהל איידער דער קלאס ארענדאטארס. זי האט אויסגעמאכט קראמוועל׳ס הויפט שטארקייט, און אפילו מאקאליי איז מודה, אז זי איז געשטאנען אין א פארטיילהאפטען קאנטראסט צו די פער׳שכור׳טע מיסט־יונקערס און זייערע משרתים, די דארף גלחים, וועלכע האבען געמוזט חתונה האבען מיט די מעטרעסען, וואס זייערע הערען האבען אוועקגעווארפען. אפילו די דארפישע לוין־ארבייטער זיינען נאך געווען מיט־בעזיצער אין דעם געמיינדע־אייגענטום. אומגעפעהר אין יאהר 1750 איז די „יאמאנרי" שוין פערשוואונדען געווארן[199] און אין די לעצטע צעהנער יאהרען פון 18טען י. ה. איז פערשוואונדען דער לעצטער שפור פון דעם געמיינדע־אייגענטום פון די פויערים. מיר לאזען דא אויס פון בעטראכט די ריין־עקאנאמישע אורזאכען פון דער אגריקולטור־רעוואלוציע. מיר בעהאנדלען דא נאר די געוואלט־מיטלען, וואס זיינען בענוצט געווארן.

נאך דער רעסטאוראציע [ווידער ארויפזעצונג אויפ׳ן טראן] פון די סטוארטס האבען די גרונד־אייגענטימער געזעצליך דורכ־

---

[198] הערר ראדזשערס, אבוואויל ער איז דאמאלסט געווען פראפעסאר פון פאליטישער עקאנאמיע אין אקספארד, אין דעם נעסט פון פראטעסטאנטישער ארטאדאקסיע, בעטאנט אין זיין פאררעדע צו דער „היסטארי או אגריקאלטשור" די פאופעריזירונג פון דער פאלקסמאסע דורך דער רעפארמאציע.

[199] "A Letter to Sir T. C. Banbury. Brt.: On the High Price of Provisions." By a Suffolk Gentleman, Ipswich 1795, p. 4. אפילו דער פאנאטישער פערטיידיגער פון דעם סיסטעם פון גרויסע פארמס, דער פערפאסער פון דער "Inquiry into the Conditions of large farms etc." London 1773, p. 133. זאגט: „איך בעקלאג דעם פערלוסט פון אונזער „יאמאנרי", דעם קלאס מענער, וועלכער האט פאקטיש אויפגעהאלטען די אונאבהענגיגקייט פון אונזער פאלק, און עס טהוט מיר לייד צו זעהן, ווי זייערע ערד־שטיקער זיינען איצט אין די הענד פון מאנאפאליזירענדע לארדס, פערדונגען צו קליינע פערמער, וועלכע האלטען זייערע ארענדעס אויף אזוינע בעדינגונגען, אז זיי זיינען כמעט ווי קנעכט און מוזען ביי יעדער אומגליקליכער געלעגענהייט זיין גרייט צו קומען ווען מען רופט זיי."

געזעצט אַ אוזורפּאַציע [אַ רויב], וואָס איז דורכגעפיהרט געוואָרן אויפ'ן קאָנטינענט נאָר אָהן אַ געזעצליכער פאָרמאַליטעט. זיי האָבען אָבגעשאַפט די פעאָדאַלע פערפאַסונג בנוגע דעם בעזיץ פון באָדען, ד. ה. זיי האָבען אַראָבגעשאָקעלט פון זיך אַלע זייערע לייס־טונגס־פליכטען צום שטאַאט, האָבען „אָבגעצאָהלט" דעם שטאַאט מיט שטייערן אויף די פויערים און די איבעריגע פאָלקס־מאַסען, האָבען אויסגעווירקט פאַר זיך דאָס מאָדערנע רעכט פון פּריוואַט אייגענטום אויף די גיטער, אויף וועלכע זיי האָבען פריהער נאָר געהאַט אַ פעאָדאַלען טיטול און האָבען ענדליך אַרויפגעצוואונגען אויף די ענגלישע לאַנד־אַרבייטער יענע געזעצען וועגען בעזעצען זיך (Laws of Settlement), וועלכע האָבען געמאַכט פון דעם ערד־אַרבייטער פונקט אַזאַ צוגעהעריגען צו דער געמיינדע, ווי באָריס גאָדונאָוו'ס „פּריקאַז" (עדיקט) האָט דעם רוסישען פויער געמאַכט פאַר אַ צוגעהעריגען צו דער ערד, אויף וועלכער ער איז געזעסען.

די „גלאָריאָז רעוואָלושאָן" (די גלאָררייכע רעוואָלוציע) האָט געבראַכט אין הערשאַפט צוזאַמען מיט ווילהעלם דעם דריטען[200] [ווילִיאַם אָוו אָראַנזש] אויך דעם לענדלאָרד און די קאַפּיטאַליס־טישע מעהרווערטה־מאַכער. זיי האָבען אַריינגעפיהרט די נייע ערא, דערמיט וואָס זיי האָבען אויסגעאיבט אויף אַ קאָלאָסאַלען מאַסשטאַב די גניבות פון די שטאַאַט־גיטער, וועלכע זיי האָבען ביז־אהער בעטריבען נאָר אויף אַ בעשיידענעם אופן. די דאָזיגע לענ־דערייען זיינען אוועקגעשענקט געוואָרן, פערקויפט געוואָרן פאַר שפּאָט־פּרייזען, אָדער פשוט צוגעשריבען געוואָרן צו פּריוואַט גי־טער דורך דירעקטער אוזורפּאַציע.[201] דאָס אַלעס איז געשעהן אָהן

---

[200] וועגען דער פּריוואַט־מאָראַל פון אָט די בורזשואַזע העלדען — צווי־שען אַנדערעס דאָס פאָלגענדע: „די גרויסע שטיקער לאַנד, וואָס זיינען אוועקגעשענקט געוואָרן צו ליידי אָרקנעי אין אירלאַנד, אין יאָהר 1695, זיינען אַן עפענטליכער ביישפּיעל פון דעם קעניג'ס ליידענשאַפט און דער דאַמע'ס איינפלוס. . . . מען נעהמט אָן, אַז די ווערטהפולע פערדיענסטען פון דער ליידי אָרקנעי זיינען בעשטאַנען אין foeda labiorum ministeria [שמוציגע ליעבעס דיענסטען]." (אין בריטיש מוזעאום, די סלאָון מאַנוסקריפּט קאָלעקשאָן נומר 4224. דער טיטול פון מאַנוסקריפּט איז: "The character and behav-ioui of King William Sunderland etc. represented in original Letters to the Duke of Shrebury from Somers, Halifax Oxford. עס איז פול מיט קוריאָזען.

[201] „די אומגעזעצליכע אויסברענגונג פון די קרוין־גיטער, טיילווייז דורך

וועלכער עס איז נעזעצליכער פארם. די שטאאט־גיטער, וואס זיינען אט אזוי בעטריגעריש אנגעאייגענט געווארן, צוזאמען מיט דעם רויב פון די קירכען־גיטער, אויף וויפיעל זיי זיינען ניט צוריק אבגענומען געווארן בעת דער רעפובליקאנישער רעוואלוציע, שטעלען צוזאמען די גרונדלאגע פון די היינטיגע פירשטליכע בעזיצטימער פון דער ענגלישער אליגארכיע.[202] די בירגערליכע קאפיטאליסטען זיינען געוועז צופריעדען מיט דער אפעראציע, צווישען אנדערע טעמים — כדי צו פערוואנדלען דעם גרונד און באדען אין א ריין האנדעלס ארטיקעל, אויסצושפרייטען דעם געביט פון דער אגריקולטור אויף א גרויסען פארם־סיסטעם, צו פערמעהרען דעם צושטעל פון פויגעל־פרייע פראלעטאריער פון דארף א. אז. וו. א חוץ דעם איז די נייע לאנד־אריסטאקראטיע געוועז דער נאטירליכער שותף פון דער נייער באנקא־קראטיע, פון דער אקארשט פון איי ארויסגעקראכענער „הויכער פינאנץ” און פון די גרויסע מאנופאקטוריסטען, וועלכע האבען זיך געשטיצט אויף די שוץ־צאהלען. די ענגלישע בורזשואזיע האט געהאנדעלט אין איהרע אינטערעסען פונקט אזוי ריכטיג ווי די שוועדישע שטאדט־בירגער, וועלכע האבען פערקעהרט, האנד אין האנד מיט זייערע עקאנאמישע חבירים, די פויערים, אונטערשטיצט די קיניג צוצונעהמען מיט געוואלט פון דער אריסטאקראטיע די קרוין־לענדער, וואס זיי האבען גע'גנב'ט. דאס האט פאסירט זינט דעם יאהר 1604, אונטער טשארלז X און טשארלז XI.

דאס געמיינדע־אייגענטום — דורכאויס פערשיידען פון דעם שטאאט־אייגענטום, וואס איז אקארשט בעטראכט געווארן — איז געוועזן אן אלט־גערמאנישע אינסטיטוציע, וועלכע איז געבליבען לע־

---

פערקויף און טיילווייז דורך פערשענקונג, מאכט אויס א סקאנדאלעזען קאפיטעל אין דער ענגלישער געשיכטע . . . א גיגאנטישער בעטרוג, מיט וועלכען מען האט בעשווינדעלט דאס פאלק.” F. W. Newman, Lectures on Political Economy,'' London, 1851, p. 29, 30. ענגעלס איז דערביי מוסיף: „וועגען די פרטים ווי אזוי די היינטיגע ענגלישע גרויס גרונדבעזיצער זיינען געקומען צו זייער בעזיץ, זעה ''Our Old Nobility,'' by Noblesse Oblige, Loudon 1879.

[202] לעזט צ. ב. ש. ע. בוירק'ס שריפט וועגען דאס הערצאגליכע הויז פון בעדפארד, פון וועמעס פאמיליע עס איז ארויסגעקומען לארד דזשאהן ראסעל, דער „טאם־טיט פון ליבעראליזם.”

בען אונטער דעם צודעק פון פּעאַדאַליזם. מיר האָבען געזעהן, ווי די געוואַלטיגע בערויבונג פון דעם דאָזיגען געמיינדע־אייגענטום, בעגלייט דאָס רוב פון אַ פערוואַנדלונג פון אַקער־לאַנד אין פוטער־פעלדער פאַר פיה, פאַנגט זיך אָן ביים סוף פון 15טען י. ה. און האַלט אָן דורכ'ן 16טען י. ה. אָבער דאַמאָלסט איז דער פּראָצעס פאָרגעקומען ווי אַ אינדיווידועלע געוואַלט־טהאַט, אַנטקעגען וועלכער די געזעצגעבונג האַט לאַנג געקעמפּט אָהן ערפאָלג. דער פאָרטשריט פון 18טען י. ה. האָט זיך ארויסגעצייגט אין דעריין, וואָס דאָס געזעץ גופא איז איצט געוואָרן אַ הילף־מיטעל צו בערויבען דאָס פאָלק־לאַנד, הגם די גרויסע ארענדאַטאָרם האָבען אַ חוץ דעם אויך אָנגעווענדט זייערע קליינע אונאָבהענגיגע פּריוואַט־מעטאָדען.[203] די פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרם פון דעם רויב איז די פאָרם פון די „ביללס פאָר אינקלאָזשורס אָוו קאָממאָנס" (געזעצען איינצוצוימען דאָס געמיינדע־לאַנד); מיט אַנדערע ווערטער: דעקרעטען, דורך וועלכע די לענדלאָרדס האָבען זיך אַליין אוועקגעשענקט דאָס פאָלק־לאַנד אַלס פּריוואַט־אייגענטום, דעקרעטען פון פאָלקס־עקספּראָפּריאַציע. סער פ. מ. עדען איז אַליין סותר זיינע כיטרע אַדוואָקאַטסקע טענות, אין וועלכע ער זוכט ארויסצושטעלען דאָס געמיינדע־אייגענטום אַלס דאָס פּריוואַט־אייגענטום פון די גרויסע גרונד־אייגענטימער, וועלכע זיינען געוואָרען די שטעל־פערטרעטער פון די פעאַדאַלען, דערמיט וואָס ער פערלאַנגט אַן „אַלגעמיינעם פּאַרלאַמענט־אַקט איינצוצוימען די געמיינדע־לענדערייען" און איז דערמיט מודה, אַז מען דאַרף האָבען אַ פּאַרלאַמענטאַרישען שטאַאַט־שטרייך כדי זיי צו פערוואַנדלען אין פּריוואַט־אייגענטום, און פאָדערט אַפילו, אַז די געזעצגעבונג זאָל בעווילינען אַ „שאָדען־ערזאַץ" פאַר די עקספּראָפּריאירטע אָרימע.[204]

---

[203] „די ארענדאַטאָרם האָבען פערבאָטען די קאָטעדזשערם צו האַלטען וועלכע עס איז לעבעדיגע ברואים אַ חוץ זיך אַליין, אונטער דעם אויסרייד, אַז אויב זיי וועלען האַלטען פיה אָדער עופות, וועלען זיי גנב'נען פוטער פון די שפּייכלערם. זיי פלעגען אויך זאָגען: האַלט די קאָטעדזשערם אָרים וועט איהר זיי האַלטען פלייסיג. אָבער דער אמת'ער פאַקט איז, אַז די ארענדאַטאָרם אוזורפּירען אויף דעם אופן דאָס גאַנצע רעכט אויף די געמיינדע־לענדערייען." "A Political Enquiry into the Consequences of enclosing Waste Lands," London 1875, p. 75.

[204] עדען, „דהי סטייט אָוו דהי פּור," פאָררעדע.

בעת דאס פלאץ פון די אונאבהענגיגע „יאָמען" איז פערנו־מען געוואָרן פון „טענאנטס־אט־וויל" — קליינע פערמער אויף איין־יאָהריגע ארענדעס —, א קנעכטישע חברה, וואס העננט אב פון דעם מוטהווילען פון'ם לענדלאָרד, האט די סיסטעמאטישע בערויבונג פון דעם געמיינדע־אייגענטום, צוזאמען מיט דעם רויב פון די שטאאט־גיטער, ספעציעל געהאָלפען אָנוואקסען יענע גרויסע פארמס, וועלכע מען האט אין 18טען י. ה. אנגערופען קאפיטאל־פארמס[205] אָדער סוחרישע פארמס[206] און האבען „פריי געשטעלט" די לאנד־בעפעלקערונג אלס פראָלעטאריאט פאר דער אינדוסטריע.

דער 18טער יאָהרהונדערט האט אָבער נאָך ניט בעגריפען אזוי פיעל ווי דער 19טער י. ה., אז נאציאָנאל־רייכטום און פאָלקס־ארמוט בעטייטען דיזעלביגע זאך. דעריבער איז אָנגעגאנגען א שטארקע פאָלעמיק אין דער עקאָנאָמישער ליטעראטור פון יענער צייט וועגען די איינצוימונגען פון די געמיינדע־לענדערייען. איך גיב דאָ איבער פון דער מאסע מאטעריאל, וואס ליעגט פאר מיר, עטליכע שטעלען, ווייל דורכדעם וועלען זיך לעבעדיג ארויסווייזען די צושטאנדען פון דער צייט.

„אין א סך קהלות פון הערטפאָרדשיר," שרייבט אן אויפגערעגטע פעדער, „זיינען 24 פארמס, וואס צעהלען אין דורכשניט פון 50 ביז 150 אקער, צוזויפגעשמאָלצען געוואָרן אין 3 פארמס."[207] „אין נאָרטהאמפשיר און לינקאָלנשיר איז די איינצוימונג פון די געמיינדע־לענדערייען פאָרגעקומען אויף א זעהר גרויסען מאסשטאב, און די מעהרסטע נייע לאָרדשאפטען, וואס זיינען געשאפען געוואָרן דורך די דאָזיגע איינצוימונגען, זיינען פערוואנדעלט געוואָרן אין פיטער־פעלדער; אלס פאָלגע דערפון האבען איצט

[205] "Capital Farms," "Two Letters on the Flour Trade and the Dearness of Corn," by a Person in Business, London 1767, p. 19.

[206] "Merchant Farms," ("An Inquiry into the Present High Prices of Provisions," London 1767, p. 11 n.) אט די אויסגעצייכענטע שריפט, וועלכע איז ערשיענען אנאנים, איז פערפאסט געוואָרן פון דעם רעווערענד נאטהאניעל פארסטער.

[207] Thomas Wright, "A Short Address to the Public on the Mopnopoly of large farms," 1779, p. 2, 3.

פיעלע לארדשאפטען קיין 50 אקער ניט אונטער'ן פלוג, וואו פריהער זיינען 1500 אקער בעארבייט געווארן. . . . די חורבות פון די פריהערדיגע וואוין־הייזער, שפייכלערס, שטאלען א. אז. וו. זיינען די איינציגע שפורען פון די פריהערדיגע איינוואוינער. 100 הייזער און פאמיליען זיינען אין מאנכע פלעצער צוזאמענגעשרומפט געווארן . . . ביז 8 אדער 10. . . . די גרונד־אייגענטימער אין די מעהרסטע קהלות, וואו די איינצוימונגען זיינען ערשט פארגעקומען מיט 15 אדער 20 יאהר צוריק, זיינען זעהר ווייניג אין צאהל אין פערגלייך מיט די, וואס האבען בעארבייט דאס לאנד אין דעם אפענעם פעלד צושטאנד. עס איז ניט קיין אומגעוועהנליכע זאך צו זעהן 4 אדער 5 רייכע פיה־מייכטערס פערנעהמען גרויסע, ניט־לאנג צוריק איינגעצוימטע לארדשאפטען, וועלכע האבען זיך פריהער איינגעפונען אין די הענד פון 20 ביז 30 פערמערס און פונקט אזוי פיעל קלענערע אייגענטימער און בעזיצער. אט די אלע זיינען צוזאמען מיט זייערע פאמיליען ארויסגעווארפען געווארן פון זייער בעזיצטום, ווי אויך א סך אנדערע פאמיליען, וועלכע זיי האבען בעשעפטיגט און אויסגעהאלטען."[208]

ניט נאר וויסטע לאנד, נאר אפט אויך לאנד, וואס איז בעארבייט געווארן געמיינשאפטליך, אדער וואס איז געהאלטען געווארן אונטער א בעשטימטען אבצאהל צו דער געמיינדע, איז צוגענומען געווארן פון דעם דערבייאיגען לענדלארד אונטער דעם אויסרייד פון איינצוימונג. „איך רייד דא וועגען דער איינצוימונג פון אפענע פעלדער און לענדרייען, וואס זיינען שוין געוועזן קולטיווירט. אפילו אלע שריפטשטעלער, וועלכע פערטיידיגען די איינצוימונגען, זייען מסכים, אז אט די לעצטע מעשים פערמעהרן דעם מאנאפאל פון די פארמען, העכערן דעם פרייז פון די לעבענסמיטלען און פראדוצירן אן אנטפעלקערונג . . . און אפילו די איינצוימונג פון וויסטע לענדערייען, ווי עס קומט איצט פאר, בערויבט דעם ארימאן פון א טייל פון זיינע לעבענסמיטלען און פערגרעסערט די פארמס, וועלכע זיינען שוין צו גרויס."[209]

[208] Rev. Addington, "Enquiry into the Reasons for or against enclosing open fields," London 1772, p. 27, 43 passim.

[209] Dr. R. Rice, "Observations on Reversionary Pyaments. 6th Ed. by W. Morgan," London 1805, Vol. II. p. 155. אדרינגטאן, פארסטער, לעזען דארף מען

„ווען דאָס לאנד — זאָגט דר. פרייס — פאלט אריין אין די הענד פון עטליכע גרויסע ארענדאטאָרס, ווערן די קליינע פערמער (וועלכע ער האָט פריהער בעצייכענט אלס „א סך קליינע אייגענטימער און פערמער, וועלכע ציהען חיונה פאר זיך און זייערע פאמיליען פון דער ערד, וואָס זיי בעארבייטען, פון שעפסען, עופות און חזירים א. ד. ג., וואָס זיי שיקען ארויס זיך פיטערן אויף דעם געמיינדע־לאנד, אזוי אז זיי האָבען ניט נויטיג צו קויפען קיינע לעבענסמיטלען”) פערוואנדעלט אין מענשען, וועלכע מוזען פערדיענען אויף חיונה ארבייטענדיג פאר אנדערע, און זיינען געצוואונגען איינצוקויפען אויפ'ן מארק אלץ וואָס זיי ברויכען. . . . עס ווערט אפשר מעהר ארבייט אויפגעטאָן, ווייל עס איז דאָ א גרעסערער צוואנג דערצו. . . . שטעדט און מאנופאקטורען וועלען וואקסען, ווייל מעהר מענשען, וועלכע זוכען בעשעפטיגונג, ווערן פעריאָגט אין זיי. דאָס איז דער אופן, אויף וועלכען די קאָנצענטראציע פון די פארמסווירקט נאטירליכערהייט, און ווי אזוי זי האָט טאקע שוין א צייט מיט יאָהרען ווירקליך געווירקט אין אָט דעם קיניגרייך.[210]

ער פאסט צוזאמען די אלגעמיינע ווירקונג פון די איינצוימונגען ווי פאלגט: „די לאגע פון די נידעריגע פאלקס־קלאסען האָט זיך בכלל פערערגערט אין יעדער הינזיכט; די קלענערע גרונדבעזיצער און פערמער זיינען אראָבגעדריקט געוואָרען ביז צו דעם שטאנד פון טאָג־לוינער און געדונגענע מענשען, און פערדיענען אויפ'ן לעבען אין דעם צושטאנד איז אין דערזעלביגער צייט געוואָרען שווערער.”[211]

## די אוזורפאציע פון דעם געמיינדע־לאנד און די רעוואלוציע

קענט, פרייס און דזשיימס אנדערסאָן און פערגלייכען מיט זיי די היפּאָקריטישע פלוידערייען פון מאקקולאָ אין זיין קאטאלאָג: "The Literature of Political Economy," London 1845.

[210] דאָרט גופא, ז. 147.

[211] דאָרט גופא, ז. 150. דאָס דערמאָנט אונז אָן דעם אלטען רוים. „די רייכע האָבען פערכאפּט דעם גרעסטען טייל פון די געמיינשאפטליכע לענדעריען. זיי האָבען זיך פערלאָזען אויף די אומשטענדען פון דער צייט, אז מען וועט ביי זיי די דאָזיגע לענדערייען ניט אבנעהמען און האָבען דעריבער צוגעקויפט די נאָהענטע שטיקער ערד פון די ארימע, טיילס מיט זייער ווילען און טיילס מיט געוואלט, אזוי אז זיי האָבען איצט מעהר קולטיווירט גאר ווייט־אויסגעשפּרייטע לאנדגיטער אנשטאָט איינצעלנע פעלדער. זיי האָבען

פון דער אַגריקולטור, וואָס איז געקומען דערמיט, האָבען [illegible] געהאַט אַזאַ שאַרפע ווירקונג אויף דעם אַגריקולטור־אַרבייטער, אַז אַפילו ווי עדען אַליין גיט צו, האָט זייער לוין, צווישען 1765 און 1780, אָנגעהויבען צו פאַלען אונטער דעם מינימום, און האָט גע־מוזט נתמלא ווערן דורך צדקה־אונטערשטיצונג פון דער קהלה. זייער אַרבייט־לוין, זאָגט ער, „האָט נאָר געקלעקט אויף די אַבסאָ־לוט־נויטווענדיגסטע לעבענס־בעדערפעניסען.”

לאָמיר נאָך אַ ווײַלע זיך צו־הערען צו אַ פערטיידיגער פון די איינצוימונגען און אַ געגנער פון דעם דר. פּרייס. „עס איז ניט קיין ריכטיגער שלוס, אַז עס מוז ווערען אַן ענטפעלקערונג, ווייל די מענשען פערשווענדען ניט מעהר זייער אַרבייט אין אָפענעם פעלד. . . . אויב פערוואַנדלענדיג קליינע פּויערים אין מענשען, וואָס מוזען אַרבייטען פאַר אַנדערע, ווערט אַרויסגעגעבען מעהר אַרבייט, איז דאָס אַ פאָרטייל, וועלכען די נאַציאָן (צו וועלכער, פערשטעהט זיך, די דאָזיגע פערוואַנדעלטע געהערען ניט) מוז ווע־לען האָבען. . . . דער פּראָדוקט וועט זיין אַ גרעסערער, ווען זייערע פעראייניגטע אַרבייטען וועלען אָנגעווענדט ווערען אויף איין פאַרם: עס וועט אָט אַזוי געשאַפען ווערען אַ מעהר־פּראָדוקט פאַר די מאַ־נופאַקטורען, און דורכדעם וועלען די מאַנופאַקטורען, איינע פון

בענוצט שקלאַווען פאַר דער ערד־אַרבייט און פיה־צוכט, ווייל די פרייע מענ־שען פלעגען צוגענומען ווערן פון דער אַרבייט צום קריעגדיענסט. דער בע־זיץ פון שקלאַווען האָט זיי איינגעבראַכט גרויסע געווינסען, ווייל אַזוי ווי זיי זיינען געווען בעפרייט פון קריעג־דיענסט, האָבען זיי אונגעשטערט זיך גע־קאָנט פערמעהרן און האָבען אַ סך קינדער. אַזוי האָבען די מעכטיגע פער־כאַפּט אַלע רייכטימער און דער גאַנצער געגענד איז געווען פול מיט שקלאַ־ווען. די איטאַליענער זיינען, פערקעהרט, געוואָרן אַלץ ווייניגער, פערניכטעט דורך אָרימקייט, שטייערן און קריעג־דיענסט. אין צייטען פון פריעדען האָבען זיי ניט געהאַט קיין אַרבייט, ווייל די רייכע האָבען דעם באָדען געהאַט אין זייער בעזיץ און האָבען בענוצט שקלאַווען אַנשטאַט פרייע לייט צו בעאַר־בייטען די ערד.” (אַפּפּיאַן, „רוימישע בירגער קריעגע,” בוך 1, קאַפּ. 7.) אָט די שטעלע בעציהט זיך אויף דער צייט פאַר די ליציניש געזעצען. דער קריעג־דיענסט, וואָס האָט אַזוי פיעל מיטגעבראַכט דעם חורבן פון די רוימישע פּלעבייער, איז אויך געווען אַ הויפּטמיטעל, דורך וועלכען קאַרל דער גרויסער האָט שנעל פערוואַנדעלט די פרייע דייטשע פּויערים אין העריגע און לייב־אייגענע.

די גאלד־מינען פון דער נאציאן, זיך פערמעהרן פראפארציאנעל צו דעם פראדוצירטען סכום תבואות.״[212]

די סטאַישע זעעלען־רוה, מיט וועלכער דער פאליטישער עקאָ־נאָם בעטראַכט די אונפערשעהמטעסטע פערלעצונג פון דעם „היי־ליגען אייגענטום־רעכט״ און די גרעבסטע געוואלט־טהאט אנט־קעגען פערזאָנען, אזוי לאנג ווי זיי זיינען נויטיג אויפצובויען די גרונדלאגע פון דעם קאפיטאליסטישען פראָדוקציאָנס־אופן, צייגט אונז צווישען אנדערע דער פילאנטראָפּישער, און „טאָרי״ דערצו, סער פ. מ. עדען. די גאנצע רייה רויבערייען, גרויל־טהאטען און פאלקס־עלענד, וואָס האבען בעגלייט די געוואלטזאמע פאלקס־עקס־פראפריאציע פון לעצטען דריטעל פון 15טען י. ה. ביז צום סוף פון 18טען י. ה. טרייבט איהם נאָר צו דעם „טרויסטליכען״ שלום: „די ריכטיגע פראָפּאָרציע צווישען אקער־לאנד און פיה־לאנד האָט געמוזט פעסטגעשטעלט ווערן. אין גאנצען 14טען און גרעסטען טייל פון 15טען י. ה. איז נאָך געווען 1 אקער פוטער־לאנד אויף 2, 3 און אפילו 4 אקער קולטיווירטען לאנד. אין מיטען פון 16טען י. ה. האָט זיך געענדערט די פראָפּאָרציע צו 2 אקער פיה־לאנד אויף 2 אקער קולטיווירטען לאנד, און שפּעטער 2 פיה־לאנד צו 1 אקער־לאנד, ביז ענדליך איז ארויסגעקומען די ריכטיגע פּראָפּאָר־ציע: 3 אקער פיה־לאנד צו 1 אקער קולטיווירטען לאנד.״

אין 19טען יאָהרהונדערט איז נאטירליך פערלאָרען געוואָרן אפילו די עראינערונג פון דעם צוזאמענהאנג צווישען דעם אקער־פויער און דעם געמיינדע־אייגענטום. שוין ניט צו רעדען פון די שפּעטערדיגע צייטען — האָט די לאנד־בעפעלקערונג ווען עס איז געקריגען איין פרוטה שאָדען־ערזאַץ פאר די 3,511,770 אקער גע־מיינדע־לאנד, וואָס מען האָט פון איהר אוועקגערויבט צווישען

[212] "An Inquiry into the Connections between the Present Prices of Provisions etc." p. 124, 129. עהנליכע רייד אבער מיט א פערקעהרטער טענדענץ זיינען די פאלגענדע: „די ארבייטער ווערן פערטריבען פון זייערע קאטע־דזשעס און געיאגט אין די שטעדט, כדי דארטן צו זוכען ארבייט; אבער דורכדעם בעקומט זיך א גרעסערער איבערשוס און עס פערמעהרט זיך אויף דעם אופן דער קאפיטאל." "The Perils of the Nation," 2nd Ed.. London 1843, p. XIV.

1801 און 1831 און איז פארלאמענטאריש אוועקגעשענקט גע־ווארן דורך די לענדלארדס צו די לענדלארדס?

דער לעצטער גרויסער פראצעס פון עקספראפריאציע, דורך וועלכען מען האט אוועקגענומען דעם גרונד און באדען פון דעם אקער־פויער איז ענדליך די אזוי־גערופענע Clearing of Estates (אברייניגונג די מענשען פון די גיטער). אלע ביזאהער בעטראכטע ענגלישע מעטאדען האבען געפונען זייער הויך־פונקט אין דער דא־זיגער „אברייניגונג". ווי מיר האבען געזעהן אין דעם פאריגען אבטייל, בעת מיר האבען געשילדערט דעם מאדערנעם צושטאנד, געהט אן איצטער, ווען עס זיינען שוין מעהר ניטא קיין אונאב־הענגיקע פויערים אבצורוימען, אן „אברייניגונג" פון די קאטע־דזשעס, אזוי אז די אקער־ארבייטער האבען אפילו אויף דעם בא־דען, וואס זיי בעארבייטען, שוין מעהר ניט קיין פלאץ וואו צו וואוינען. וואס אבער די „קלירינג אוו עסטייטס" בעטייט אין דעם אייגענטליכען זין, דאס דערוויסען מיר זך נאר אין דעם געלויבטען לאנד פון דער מאדערנער ראמאן־ליטעראטור, די הויך־לענדער פון שאטלאנד. דארט צייכענט זיך אויס דער פראצעס דורך זיין סיסטעמאטישען כאראקטער, דורך דער גרויס פון דעם מאסשטאב, אויף וועלכען ער ווערט דורכגעפיהרט מיט איין קלאפ (אין אירלאנד זיינען די לענדלארדס געגאנגען אזוי ווייט ווי אב־רוימען עטליכע דערפער מיט איין מאל; אין שאטלאנד האנדעלט זיך וועגען שטרעקען לאנד, וואס זיינען אזוי גרויס ווי דייטשע הערצאגטימער) — און ענדליך דורך דער בעזונדערער פארם פון דעם אוועקגערויבטען גרונד־אייגענטום.

די קעלטען פון הויך־שאטלאנד זיינען בעשטאנען פון קלא־נען [שבטים אדער משפחות] און יעדער קלאן איז געוועזן דער איי־גענטימער פון דעם באדען, אויף וועלכען ער איז געזעסען. דער פערטרעטער פון דעם קלאן, דער הויפטמאן אדער „גרויסער מאן" איז נאר געוועזן דער טיטולארער אייגענטימער פון דעם דאזיגען באדען, פונקט ווי די קעניגין פון ענגלאנד איז די טיטולארע איי־גענטימערין פון דעם גאנצען נאציאנאלען באדען. ווען עס האט געלונגען דער ענגלישער רעגירונג צו אונטערדריקען די מלחמות, וואס די דאזיגע „גרויסע מענער" האבען אנגעפיהרט צווישען זיך,

און זייערע שטענדיגע איבערפאַלען אויף די נידער־שאָטישע פלאַנ־
לענדער, האָבען די קלאַן־הויפּטלייט בשום אופן ניט אויפגעגעבען
זייער אַלטע מלאכה פון רויבעריי; זיי האָבען נאָר געענדערט די
פאָרם. אויף זייער אייגענער אויטאָריטעט האָבען זיי פערוואַנ־
דעלט זייער טיטולאַרען אייגענטום־רעכט אין אַ פּריוואַט־אייגענ־
טום רעכט, און אַזוי ווי די קלאַן־לייט, וועמעס בלוט זיי האָבען
איצט מעהר ניט געדאַרפט פערגיסען, האָבען זיך געשטעלט אַנט־
קעגען זייער שטרעבונג רייך צו ווערן, האָבען זיי בעשלאָסען צו
פערטרייבען די דאָזיגע קלאַן־לייט מיט אָפענער געוואַלט. „אַ
קיניג פון שאָטלאַנד וואָלט מיט דעמזעלביגען רעכט געקאָנט בע־
שליסען צו פערדריאָגען אַלע זיינע אונטערטאַנען אין ים,“ זאָגט
פּראָפעסאָר ניומאַן.[213] אָט די רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך אָנ־
געפאַנגען אין שאָטלאַנד נאָך דעם לעצטען אויפשטאַנד פון דעם
פּרעטענדענט, קאָן מען נאָכפאָלגען אין איהרע ערשטע פאַזען ביי
סער דזשיימס סטואַרט[214] און דזשיימס אַנדערסאָן.[215] פון סטו־
אַרט'ן דערוויסען מיר זיך, אַז אין יענער צייט, אין דעם לעצטען
דריטעל פון 18טען יאָהרהונדערט, האָט דאָס שאָטישע הויך־לאַנד
פאָרגעשטעלט מיט זיך אין אַ קליינעם מאָסשטאַב אַ בילד פון דעם
צושטאַנד, אין וועלכען איירָאָפּאַ האָט זיך געפונען מיט 400
יאָהר פריהער. ווען מען האָט אָנגעהויבען אין סטואַרט'ס צייט
צו פערטרייבען די געלס פון'ם באָדען, האָט מען זיי פערבאָטען
אין דערזעלביגער צייט אויסצו־וואַנדערן, כדי זיי טרייבען איבער
געוואַלט נאָך גלאַזאָגו און אַנדערע פאַבריק־שטעדט.[216]

[213] F. W. Newman, "Lectures on Political Economy," London 1851, p. 132

[214] סטואַרט זאָגט: „די רענטע פון די דאָזיגע לענדער (ער געברויכט
על פּי טעות די עקאָנאָמישע קאַטעגאָריע פון גרונד־רענטע אויף דעם טריבוט,
וואָס די ערד־אַרבייטער (taskmen) האָבען געצאָהלט די קלאַן־הויפּטלייט) איז
דורכאויס אונבעדייטענד אין פערגלייך מיט זייער אומפאַנג; ווען מען פער־
גלייכט אָבער די צאָהל מענשען, וואָס אַ פאַרם האַלט אויס, קאָן מען געפינען,
אַז איין שטיק באָדען אין די הויך לענדער פון שאָטלאַנד דערנעהרט צעהן
מאָל מעהר מענשען איידער אַ לאַנד פון דעמזעלביגען ווערטה אין די רייכ־
סטע פּראָווינצען.“ Works etc. Edited by his son, General Sir James Steuart,
London 1801. Vol. I, ch. 16, p. 204.

[215] James Anderson, "Observations on the means of exciting a spirit of National Industry etc." Edinburgh 1771.

[216] אין יאָהר 1860 זיינען די על פּי געוואַלט עקספּראָפּריאירטע עקס־

אלס בײַשפּיעל פון דער מעטאָדע, וואס האט געהערשט אין דעם 19טען י. ה.,[217] וועט דא זיין גענוג די „אבריינינונג", וואס די הערצאָגין פון סוטהערלאנד האט דורכגעפיהרט. אט די עקאָנאָמיש געלעהרטע פערזאָן האט בעשלאָסען גלייך אין אָנהויב פון איהר רעגירונג פאָרצונעהמען א עקאָנאָמישע ראדיקאלע קוראַציע און צו פערוואנדלען די גאנצע גראפשאפט, וועלכע איז שוין דורך פריהערדיגע עהנליכע פראָצעסען רעדוצירט געוואָרן צו אַן איינוואוינערשאפט פון 15,000, אין א שעפּסען־וועג. פון 1814

---

מארטירט געווארן נאך קאנאדא אונטער פאלשע פערשפּרעכונגען. איינינע זייגען אנטלאפען אין די בערג און אין די ארומיגע אינזלען. זיי זיינען פערפאלגט געווארן פון פאליציסטען, האבען זיך געשלאגען מיט זיי און זיינען אנטרונען געווארן.

[217] „אין די הײַך־לענדער פון שאטלאנד", זאגט בוקאנאן, דער קאמענטאטאר פון אדאם סמיטה, 1814, „ווערט דער אלטער אייגענטום־צושטאנד יעדען טאג אומגעווארפען. . . . דער לענדלארד, אהן שום איינזעהעניש מיט דעם ארענדאטאר בירושה (אויך א קאטעגאריע, וואס איז דא פאלש אנגעווענדעט) באט אן זיין לאנד צו דעם העכסטען פרייז־געבער, און אויב יענער איז א פערבעסערער (improver), פיהרט ער דירעקט איין א נייעם סיסטעם פון קולטיווירונג. דער באדען, וואס איז פריהער געווען בעזעצט מיט קליינע פויערים, איז געווען בעפעלקערט לפי ערך פון די פראדוקטען, וואס ער האט ארויסגעגעבען; אונטער דעם נייען סיסטעם פון פערבעסערטער קולטיווירונג און העכערע רענטען, ווערט ארויסגעקריגען דער העכסט מעגליכער פראדוקט מיט די קלענסטע מעגליכע קאסטען, און צו דעם צוועק ווערן בעזייטיגט די הענד, וועלכע זיינען איצט געווארן נוצלאז. . . . די, וואס זיינען ארויסגעווארפען געווארן פון זייער היים־לאנד, זוכען צו פערדיענען אויף א לעבען אין די פאבריק־שטעדט א. אז. וו." David Buchanan, "Obrservation on Adam Smith's 'Wealth of Nations,'" Edinburgh 1814, Vol. IV, p. 144. „די שאטישע גרויסע הערען האבען אויסגעריסען פאמיליען ווי מען רייסט אויס ווילדע קרייטיכער, זיי האבען בעהאנדעלט דערפער און זייער בעפעלקערונג, ווי אינדיאנער בעהאנדלען אין זייער ראכע די העהלען פון ווילדע חיות . . . א מענש ווערט פערשאכערט פאר דעם וואל פון א שעפּס אדער פאר דעם פנר פון א לאהם און אפילו פאר נאך װעניגער. . . . ווען די מאנגאלען זיינען איבערגעפאלען די צפון־פראווינצען פון כינא, האבען זיי פארגעשלאגען אויף זייער ראטה אויסצוראטען אלע איינוואוינער און פערוואנדלען זייער לאנד אין פוטער־פעלדער. אט אזא פארשלאג האבען פיעלע הויך־שאטישע לענדלארדס אויסגעפיהרט אין זייער אייגענעם לאנד אנטקעגען זייערע אייגענע לאנדסלייט." George Ensor, "An Inquiry concerning the Population of Nations," London 1818, p. 215, 216.

ביז 1820 זיינען די דאָזיגע 15,000 איינוואוינער, אומגעפעהר 3000 פאמיליען, סיסטעמאטיש פערי‍אָגט און אויסגעראָט געוואָרן. אלע איהרע דערפער זיינען צערשטערט און פערברענט געוואָרן, אלע איהרע פעלדער זיינען פערוואנדעלט געוואָרן אין לאָנקעס. ברויטישע סאָלדאטען זיינען קאָמאנדירט געוואָרן פאר אָט דער עקזעקוציע, און עס איז געקומען צו געשלעג מיט די איינוואוינער. אן אלטע פרוי איז פערברענט געוואָרן אין די פלאמען פון איהר שטיבעל, וואָס איז אונטערגעצונדען געוואָרן, ווייל זי האָט זיך ענטזאגט אוועקצוגעהן. אָט אזוי האָט זיך די דאָזיגע מאַדאם אָנגעאייגענט 794,000 אקער לאנד, וועלכע האָבען פון אייביג אָן געהערט צו דעם קלאַן. פאר די פערטריבענע איינוואוינער האָט זי אָבגעלעגט אומגעפעהר 6000 אקערביים ברעג ים, 2 אקער פאר א פאמיליע. די דאָזיגע 6000 אקער זיינען ביז דאנען געלעגען וויסט און האָבען קיין הכנסה ניט אריינגעבראכט די אייגענטימער. די הערצאָגין איז אין איהר גוט הארץ נעגאנגען אזוי ווייט צו פערדינגען דאָס דאָזיגע לאנד פאר א רענטע פון דורכשניטליך 2 שילינג 6 פענס צו די קלאַן־לייט, וועלכע האָבען זינט הונדערטע יאָהרען פערגאָסען זייער בלוט פאר איהר פאמיליע. זי האָט איינגעטיילט דאָס גאנצע אוועקגערויבטע קלאַן־לאנד אין 29 גרויסע שעפסען־פארמס, יעדע פארם בעוואוינט פון אן איינציגער פאמיליע, דאָס רוב פון ענגלישע פארמקנעכט. אין יאָהר 1825 זיינען די 15,000 גאלען שוין פערביטען געוואָרן אויף 131,000 שעפסען. דער טייל איינגעבוירענע, וואָס איז מגולגל געוואָרן אויפ'ן ים־ברעג, האָט געזוכט צו לעבען פון פאנגען פיש. זיי זיינען געוואָרן אמפיביען און האָבען געלעבט, ווי אן ענגלישער שרייבער האָט געזאָגט, האַלב אויף דער יבשה און האלב אויפ'ן וואסער און פוןביידען צוזאמען נאָר האלב געלעבט.[218]

---

[218] ווען די איצטיגע הערצאָגין פון סאטערלאנד האָט אויפגענומען אין לאנדאן מיט גרויס פאראַד די פרוי ביטשער סטאָו, די פערפאסערין פון „אנקעל טאָם'ס קעבין", כדי ארויסצוווייזען איהר סימפאטיע פאר די נעגערשקלאַווען פון דער אמעריקאנער רעפובליק — א סימפאטיע, וואָס זי און איהרע אנדערע אריסטאקראטקעס האָבען פאַרזיכטיג אונטערדריקט אין דער צייט פון בירגער־קריג, ווען יעדעס „נאָבעל" ענגליש הארץ האָט געקלאפט

די בראווע גאלען אָבער האָבען נאָך שווערער געמוזט אָב־קומען פאַר זייער בערג־ראָמאַנטישער פערעהרונג פון די „גרויסע כענער" פון דעם קלאַן. דער גערוך פון זייערע פיש איז אריין אין נאָז פון די גרויסע מענער. זיי האָבען דערשמעקט אין דעם א געוויסען פראָפיט און האָבען פערדונגען דעם ים־ברעג צו די לאָנדאָנער גרויסע פיש־הענדלער. די גאלען זיינען א צווייטען מאָל פערטריבען געוואָרן.219

ענדליך אָבער ווערט א טייל פון די שעפסען־פעלדער פער־וואנדעלט אין געיעג־פלעצער. מען ווייס, אַז אין ענגלאַנד זיינען קיין ריכטיגע וועלדער ניטאָ. די ווילדע טיערען אין די פארקס פון די גרויסע שטעדט זיינען רוהיגע הויז־פיה, פעט ווי לאָנ־דאָנער אָלדערמען. שאָטלאַנד איז דעריבער דער לעצטער מקום מקלט פאַר דער „נאָבעלער ליידענשאַפט".

„אין די הויכלענדער," זאָגט סאָמערס אין יאָהר 1848, „וואקסען אוים וועלדער ווי שוועמלעך*219 דאָ אויף איין זייט פון גייק האָט איהר דעם נייען וואלד פון גלענפעשיע און דאָרט אויף דער אַנדער זייט, דעם נייען וואלד פון ארדוועריקיע. אין דערזעלביגער ליניע האָט איהר דעם „בלעק־מאָונט," אַ אונגע־הויערע וויסטעניש, אויך ניט לאַנג צוריק איינגעפיהרט. פון מזרח צו מערב, פון דער נאָכבארשאַפט פון אבערדין ביז צו די

---

פאו די שקלאַווען־האַלטער — האָב איך אין דער „ניו־יאָרק טריביון" געגע־בען די פאַקטען וועגען די סאַטערלאַנד שקלאַווען. (ערטערווייז בענוצט פון ־ארעי אין „דהי סלייוו טרייד", לאָנדאָן 1853, ז. 202, 203). מיין אַרטיקעל איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַ שאָטלענדישער צייטונג און האָט אַרויס־גערופען אַ שעהנע פּאָלעמיק צווישען דער דאָזיגער צייטונג און די אונטער־לעקער פון די סאָטערלאַנדס.

219 אינטערעסאַנטעס וועגען אָט דעם פיש־האַנדעל געפינט מען ביי דאַוויד אורקהארדט: „פּאָרטפאָליאָ, נייע סעריע". נאַססאַו וו. סעניאָר, אין זיין נאָכ'ן טויט אַרויסגעגעבענעם ווערק, וואָס מיר האָבען אויבען ציטירט: „דזשויר־נאַלס, קאָנווערזיישאַנס, עססעיס עטצ.", לאָנדאָן 1868, בעצייכענט „די פּראָ־צעדור אין סאָטהערלאַנד־שיר אַלס איינע פון די וואוילטעטיגסטע „אַבריינ־גונגען" (קלירינגס) זינט מענשעס געדענקען".

*219 די „דיר פאָרעססטס" (הירשען־וועלדער) פון שאָטלאַנד ענטהאַלטען ניט קיין איינציגען בוים. מען טרייבט אַוועק די שעפסען און טרייבט אַרויף די הירשען אויף די נאַקעטע בערג און מען רופט עס אַז אַ „דיר פאָרעסט". אַלזאָ, אפילו ניט קיין וואַלד־קולטיווירונג!

פעלזען פון אבאן, האט איהר איצטער א גאנצע ליניע פון וועל־
דער; בעת אין אנדערע טיילען פון די הויכלענדער געפינען זיך
די נייע וועלדער פון לאך ארכייג, גלענגארי, גלענמאריסטאן א.
אז. וו. . . . די פערוואנדלונג פון זייער לאנד אין שעפסען־פעל־
דער האט פערטריבען די גאלען אויף אן אונפרוכטבארן באדען.
איצטער פערנעהמען הירשען דעם פלאץ פון די שעפסען און יענע
ווערען פערטריבען ווערן אויף נאך א וויסטערן באדען און אין
נאך א טרויעריגערן עלענד. . . . די הירשען־וועלדער און דאס
פאלק קאנען ניט עקזיסטירן איינע נעבען די אנדערע. איינס
אדער דאס אנדערע מוז אבטרעטען דאס פלאץ. לאזט די גע־
יעגען וואקסען אין צאהל און אומפאנג אין דעם נעקסטען פערטעל
יאהרהונדערט ווי אין דעם פערגאנגענעם און איהר וועט מעהר
ניט געפינען קיין גאלען אויף זייער היימישער ערד. אט די בע־
וועגונג צווישען די הויכלאנד־אייגענטימער איז ביי איינינע א
זאך פון אמביציע, א מעשה פון ספארט א. אז. וו.; אנדערע אבער,
די מעהר פראקטישע, פיהרן אן דעם האנדעל אין הירשען אויס־
שליסליך מיט א קוק אויף דעם פראפיט, וואס שטעקט אין דעם.
ווארים עס איז א פאקט, אז א שטיק בארג־לאנד, וואס איז אויס־
גלעגט פאר'ן געיעג, איז אין א סך פאלען גאר קיין פערגלייך
ניט מעהר פראפיטליך איידער פון שעפסען־פעלדער. . . . דער
ספארט־מאן, וואס זוכט א געיעג־וואלד, שטעלט זיך ניט אב פאר
קיין פרייז און דער איינציגער גרעניץ איז די גרויס פון זיין געלד־
בייטעל. . . . די ליידען, וואס זיינען אויסגעמיילט געווארן צו
די הויכלענדער, זיינען ניט ווייניגער גרויזאם איידער די ליידען,
וואס די פאליטיק פון די נארמאנישע קיניגען האט געבראכט אויף
ענגלאנד. די הירשען האבען געקריגען גרעסערע שפיעלרוימען,
בעת די מענשען זיינען פערטריבען געווארן אין א ענגען און
וואס ווייטער אלץ אן ענגערן קרייז. . . . איין פרייהייט נאך דער
אנדערער איז אוועקגערויבט געווארן פון'ם פאלק. . . . און די
אונטערדריקונג וואקסט נאך מיט יעדען טאג. די אבריינינונג
און פערטריבונג פון פאלק ווערט בעטריבען פון די אייגענטימער
ווי א פעסטער פרינציפ, ווי אן אגריקולטור נויטווענדיגקייט,
פונקט ווי בוימער און ווילד־געוויקס ווערן אויסגעהאקט אין די
ווילדערנישען פון אמעריקא און אויסטראליע; און אט אזוי געהט

זיך אָן די אָפּעראַציע אין איהר רוהיגען, געשעפטמעסיגען גאנג."[220]

דער רויב פון די קירכען־גיטער, די בעטריגערישע פערנעה־מונג פון די שטאאט־גיטער, די גניבה פון דעם געמיינדע־אייגענ־

---

[220] ראבערט סאמערס: "Letters from the Highlands: or the Famine of 1547," London 1848, 12, 28. די דאזיגע בריעף זיינען צוערשט ערשיע־נען אין דער „טיימז". די ענגלישע עקאנאמען האבען נאטירליך ערקלערט די הונגער־נויט פון די גאלען אין 1847 אלס א פאל־גע פון זייער — איבערבעפעלקערונג. יעדענפאלס האבען זיי גע־דריקט אויף דעם פונקט פון זייערע נאהרונגס־מיטלען. — דאס „קלירינג אוו עסטייטס", אדער ווי עס האט געהייסען אין דייטשלאנד „באורענלעגען", איז פארגעקומען אין דייטשלאנד ספעציעל נאך דעם דרייסיג־יעהריגען קריעג, און האט נאך אין 1790 ארויסגערופען בויערן־אויפשטאנדען אין קורזאקסען. אי־בערהויפט האט עס געהערשט אין מזרח־דייטשלאנד. אין די מעהרסטע פריי־סישע פראווינצען האט ערשט פרידריך דער צווייטער געזיכערט די פויערים זייער אייגענטום־רעכט. נאך דער עראבערונג פון שלעזיען האט ער געצוואונ־גען די גרונד־הערען וויעדער אויפצובויען די פויערשע הייזער, די שפייכ־לערס א. אז. וו. און אויסצושטאטען די פויערשע גיטער מיט פיה און ארבייט־געציינג. ער האט געדארפט האבען סאלדאטען פאר זיינע ארמעען און שטייערן־צאהלער פאר זיין שטאאט־קאסע. איבעריגענס וואס פאר אן אנגענעהם לעבען דער פויער האט געפיהרט אונטער פרידריך'ס פינאנץ־סיסטעם און רעגירונג־מישמאש פון דעספאטיזם, ביוראקראטיע און פעאדאליזם, קאן מען זעהן פון דער פאלגענדער שטעל פון זיין בעוואונדערער מיראבא: — „דער פלאקס מאכט אויס איינעם פון די גרעסטע רייכטימער פון דעם לאנדווירט אין נארד־דייטשלאנד. צום אונגליק אבער פאר דעם מענשליכען מין גיט עס נאר א מיטעל זיך צו בעווארענען פון דעם עקסטרעמסטען עלענד און ניט קיין קוואל פון וואוילשטאנד. די דירעקטע שטייערן, די הויף־דיענסטען, די פאנשטשיזנע־ארבייט פון אלערליי סארטען דערדריקען דעם דייטשען פויער, וועלכער מוז נאך א חוץ דעם אלעם צאהלען אינדירעקטע שטייערן פאר אלץ וואס ער קויפט... און כדי איהם אינגאנצען צו דערשלאגען, טאר ער נאך ניט וואגען צו פערקוי־פען זיינע פראדוקטען וואו און ווי ער וואלט געקאנט. ער וואגט אויך ניט צו קויפען וואס ער בעדארף ביי דעם סוחר, וועלכער וואלט איהם געליפערט די סחורות פאר א ביליגערן פרייז. אט די אלע אורזאכען רואינערן איהם אונ־בעמערקליך, און ער וואלט ניט געווען אימשטאנד צו צאהלען זיינע שטייערן פינקטליך אין צייט, ווען ער וואלט ניט געהאט די שפינערייַ; זי גיט איהם א מיטעל אויסצוקומען, דורכדעם וואס זי בעשעפטיגט אויף א ניצליכען אופן זיין ווייב, זיינע קינדער, זיין געזינד, זיינע קנעכט און איהם אליין. אבער וואס פאר א קמצנישען לעבען, שוין אפילו מיט אט דעם הילף־מיטעל! זומער ארבייט ער ווי א פערקויפטער שקלאוו ביים אקערן און ביים ארייננעהמען פון פעלד. ער ענדיגט ארבייטען 9 אוהר ביי נאכט און שטעהט אויף 2 אוהר

טום, די אוזורפאציע און מיט אונדערבארעמליכסטען טעראָריזם דורכגעפיהרטע פערוואנדלונג פון דעם פעאָדאלען און קלאן־איי־גענטום און דעם מאָדערנעם פריוואט־אייגענטום — דאָס זיינען

---

פארטאג, נאר כדי אבצוטאן די ארבייט, וואס ער מוז. אין ווינטער וואלט ער אייגענטליך געדארפט מעהר רוהען, כדי אנצוזאמלען כחות אויף שפע־טער: אבער עס וואלט איהם ניט געבליבען קיין תבואה אויף ברויט און אויף זריעה, ווען ער וואלט געמוזט פערקויפען די תבואה, כדי צו קריגען געלד מיט וואס צו צאהלען זיינע שטייערן. כדי צו פערשטעקען אט די לאך, מוז ער דעריבער שפינען . . . און ער מוז דיירביי אנשטרענגען אלע זיינע כחות. אט אזוי געהט דער פויער אום ווינטער צו בעט ערשט ארום האלבע נאכט אדער אום 1 אוהר און שטעהט אויף אום 5 אדער 6, אדער ער לעגט זיך אום 9 אוהר און הויבט זיך אויף אום 2 אוהר, און דאס געהט אזוי אן אלע טאג פון זיין לעבען א חוץ זונטאגס. דאס וועניג שלאפען און צופיעל ארביי־טען גראבט אונטער דעם מענשענ'ס געזונט, און דערפון נעהמט זיך דאס, וואס די מענער און פרויען אין דארף עלטערן זיך א סך פריהער איידער אין שטאדט." (מיראבא, „וועגען דער פרייסישער מאנארכיע," לאנדאן 1788, ב. III. ז. 212. פראנצויזיש.)

הוספה צו דער צווייטער אויסגאבע. — אין אפריל 1866, 18 יאהר נאך דער פערעפענטליכונג פון ראבערט סאמערס' אויבען ציטירטען ווערק, האט פראפעסאר לעאן לעווי געהאלטען א פארטראג אין דער „סאסייעטי אוו ארטס" וועגען דער פערוואנדלונג פון שעפסען־פעלדער אין הירשען־וועלדער, אין וועל־כען ער שילדערט דעם פארטשריט פון דער פערוויסטונג אין די שאטישע הויכ־לענדער. ער זאגט צווישען אנדערעם: ענטפעלקערונג און פערוואנדלונג אין בלויזע שעפסען־פעלדער האבען געגעבען דעם בעקוועמסטען מיטעל צו קריגען א הכנסה אהן אן אויסלעג. . . . אויף דעם ארט פון די שעפסען־פעלדער איז דער הירשען־וואלד געווארן דער געוועהנליכער איבערבייט אין די האכלענדער. די שעפסען ווערן פערטריבען דורך ווילדע חיות, פונקט ווי מען האט פריהער פערטריבען די מענשען, כדי צו מאכען פלאץ פאר די שעפסען. . . . מען קאן מארשירן פון די גיטער פון דעם גראף פון דאלהויז ביז צו דזשאהן א'גראאטס און מעהר גארנישט זעהן ווי וואלד־לאנד. — אין א סך (פון די דאזיגע וועלדער) זיינען דער פוקס, די ווילדע קאץ, דער מארדער, דער אילטיס, דער וויעזעל, דער אלפען־האז געוועהנליכע איינוואוינער, און אין דער לעצטער צייט האט דער קראליק, די וועווערקע און דער ראץ זיך אויף אריבערגעקליבען אהין. אונגעהויערע שטרעקען לאנד, וועלכע האבען פיגו־רירט אין דער סטאטיסטיק פון שאטלאנד אלס אויסנאהמוייז גרויסע און פרוכט־בארע פיטער־פעלדער, זיינען איצט אויסגעשלאסען פון יעדער קולטיווירונג און פערבעסערונג און געווידמעט איינגאנצען דעם געיעג־פערגעניגען פון עט־ליכע פערזאנען פאר א קורצער צייט פון יאהר."

דער „לאנדאן עקאנאמיסט" פון 2טען יוני 1866, זאגט: „א שאטלענדיש

אלץ געווען אזויגע אידילישע מעטאָדען פון דער אורשפּרינגליכער אקומולאציע. זיי האָבען עראָבערט דאָס פעלד פאר דער קאפּיטאליסטישער אגריקולטור, האָבען פערקערפערט דעם גרונד און באָדען אין קאפּיטאל און האָבען געשאפען פאר דער שטאָדטישער אינדוסטריע דעם נויטיגען צושטעל פון א פויגעל־פרייען פּראָלעטאריאט.

## 3. בלוטיגע געזעצגעבונג אנטקעגען די עקספּראָפּריאירטע זינט דעם סוף פון 15טען יאָהרהונדערט. — געזעצען ארונטערצודריקען דעם ארבייט־לוין.

דער פּראָלעטאריאט, וואָס איז געשאפען געוואָרן דורך דער

---

בלאט האט בעריכטעט לעצטע וואך צווישען אנדערע נייעס ווי פאלגט: „איינע פון די בעסטע שעפּסען־פארמס אין סאטהערלאנדשיר, פאר וועלכער מען האט נעבאטען אנומעלט, ווען עס איז אויסגעגאנגען דער אלטער ארענדע־קאנטראקט, א יעהרליכע רענטע פון 1200 פונט סט., ווערט איצט פערוואנדעלט אין א הירשען־וואלד!" דא ווירקען דיזעלביגע פעאדאלע אינסטינקטען . . . ווי אין דער צייט, ווען דער נארמאנישער עראָבערער . . . האט צערשטערט 36 דערפער, כדי צו שאפען דעם „נייען וואלד". . . . צוויי מיליאן אקער, וועלכע נעהמען אריין איינינע פון שאטלאנד'ס פרוכטבארסטע לענדערייען, זיינען גאר אינגאנצען חרב געווארן. דאס נאטירליכע גראז פון גלען טילט האט זיך גערעכענט פאר די נאהרהאפטעסטע אין דער גראפשאפט פערטה; דער „דיר פארעסט" פון בען אולדער איז געווען דער בעסטער גראז־גרונד אין דעם ווייטען דיסטריקט פון באדענאק; איין טייל פון דעם „בלעק מאונט פארעסט" איז געווען דאס טייערסטע שאטישע פוטער־לאנד פאר די שווארץ־געזיכטיגע שעפּסען. וועגען דער שטרעקע פון דעם וויסט־געלעגטען גרונד און באדען פאר דעם געיעג־ספּאָר קאן מען זיך מאכען א בעגריף פון דעם פאקט, ■אס ער פאסט אום א פיעל גרעסערן שטח איידער די גאנצע פערטה גראפ■■פט. מען קאן אבשאצען דעם פערלוסט פון לאנד פאר פּראָדוקציאנס־קוועלען אלס פאלגע פון אט דער געוואלטזאמער פערוויסטונג דערפון, וואס דער באדען פון'ם בען אולדער פארעסט האט געקאנט דערנעהרן 15,000 שעפּסען, און ער ■עטרעפט נאר א דרייסיגטעל פון דעם גאנצען געיעג־רעזערוו פון שאטלאנד.... ■אס גאנצע געיעג־לאנד איז דורכאויס אונפּראָדוקטיוו . . . עס וואלט פונקט ■וי גוט געקאנט פערזונקען ווערן אין די פלוסען פון דעם נארד־ים. די שטארקע האנד פון דער געזעצגעבונג האט געדארפט מאכען א סוף פון אזוינע לויט קאפּריז געשאפענע וויסטעניישען אדער מדבריות."

אויפלעזונג פון די באנדעם פעאדאלע דיענער און דורך דער געוואלטזאמער עקספראפריאציע פון די פערטריבענע פון גרונד און באדען, אט דער פויגעל־פרייער פראלעטאריאט האט בשום אופן ניט געקאנט אריינגעזויגט ווערן פון די פריש־אויפקומענדע מאנופאקטורען אזוי שנעל ווי זיי זיינען ארויסגעווארפען געווארן אין דער וועלט אריין. פון דער אנדער זייט האבען אט די מענשען, וואס זיינען פלוצלונג ארויסגעשליידערט געווארן פון זייערע צוגעוועהנטע לעבענס דרכים, זיך ניט געקאנט פונקט אזוי פלוצלונג צופאסען צו דער דיסציפלין פון דעם נייעם צושטאנד. זיי זיינען מאסענהאפט פערוואנדעלט געווארן אין בעטלער, רויבער, וואגאבונדען — טיילווייז אויס נייגונג, אבער אין די מעהרסטע פאלען דורך דעם צוואנג פון די אומשטענדען. דעריבער געפינען מיר סוף־15טען און דורך דעם גאנצען 16טען י. ה. א בלוטיגע געזעצגעבונג אין גאנץ מערב־איראפא אנטקעגען וואגאבונדאזש. די פאטערס פון דעם איצטיגען ארבייטער־קלאס זיינען נאך בעשטראפט געווארן פאר זייער ארויפגעצוואונגענער פערוואנדלונג אין וואגאבונדען און פאופערס. די געזעצגעבונג האט זיי בעהאנדעלט אלס „פרייוויליגע” פערברעכער און האט אנגענומען, אז עס הענגט אב פון זייער גוטען ווילען פארטצוזעצען זייער ארבייט אונטער די אלטע אומשטענדען, וועלכע עקזיסטירן ניט מעהר.

אין ענגלאנד האט די דאזיגע געזעצגעבונג זיך אנגעפאנגען אונטער הענרי דעם זיבעטען.

הענרי VIII, 1530: אלטע און ארבייטס־אונפעהיגע בעטלער קריגען אן ערלויבניש צו בעטלען. פערקעהרט, שמיץ און טורמע פאר קרעפטיגע וואגאבונדען. זיי זאלען צוגעבונדען ווערן צום הינטען פון א וואגען און מען זאל זיי שמייסען ביז בלוט גיסט זיך פון קערפער, דערנאך מוזען זיי שווערן, אז זיי וועלען זיך אומקעהרן צו זייער געבורט־פלאץ, אדער דארט וואו זיי האבען געוואוינט די לעצטע דריי יאהר, און „וועלען זיך שטעלען ארבייטען.” וואס פאר א גרויזאמע איראניע! אין די געזעצען 27 הענרי VIII ווערט דאס פאריגע געזעץ ווידערהאלט און נאך פערשארפט דורך א נייעם צוזאץ. ווערט איינער ארעסטירט צום צווייטעל מאל פאר וואגאבונדאזש, זאל מען איהם נאך אמאל שמייסען און דערצו אבשניידען א האלבען אויער; ביים דריטעל מאל אבער דארף דער

שולדיגער היינגעריכטעט ווערן ווי א שווערער פערברעכער און א פיינד פון דער געזעלשאפט.

עדווארד VI : א געזעץ פון זיין ערשטען רעגירונגס־יאהר, 1547, פעראָרדענט, אז יעדערער וואס ענטזאגט זיך צו ארבייטען, זאל געהערן אלס שקלאוו צו דעם מענשען, וועלכער האט איהם גע'מסר'ט אלס פוילענצער. דער בעל הבית זאל דעם שקלאוו געבען צו עסען ברויט מיט וואסער, שוואכען געטרענק און אזוינע אבגעוואָרפענע שטיקלעך פלייש, ווי ער האלט פאר רעכט. ער האט דאס רעכט איהם צו צווינגען צו טהאן יעדע ארבייט, ווי עקעלהאפטיג זי זאל ניט זיין, דורך שמיץ און קעטען. ווען דער שקלאוו געהט אוועק אויף 14 טעג, איז ער פעראורטיילט צו שקלאַ־ווערייַ אויפ'ן גאנצען לעבען און זאל געבראנדמארקט ווערן אויפ'ן שטערן אדער אויפ'ן רוקען מיט דעם בוכשטאב S ; און אויב ער לויפט אוועק צום דריטען מאל, זאל ער היינגעריכטעט ווערן ווי א פערברעכער. דער בעל הבית קאן איהם פערקויפען, אוועקשענקען אדער פערדינגען ווי א שקלאוו, פונקט ווי א שטיק בעוועגליך אייגענטום אדער פיה. אויב די שקלאווען מאכען א פערשווערונג אנטקעגען דער הערשאפט, דארפען זיי אויך היינגעריכטעט ווערן. די פריעדען־ריכטער, ווען מען ברענגט פאר דעם פאל פאר זיי, מוזען זעהן צו כאפען די קערלען. ווען מען געפינט אויס, אז א וואַגאבונד איז דריי טעג ארומגעגאנגען לעדיג, זאל מען איהם אוועקפיהרן אין זיין געבורטס־אָרט און אויסברענען מיט א רויט־גליהענדען אייזען דעם בוכשטאב V אויף זיין ברוסט, און שטעלען איהם ארבייטען, געשמידט אין קעטען, אויפ'ן גאס אדער ביי אנדערע ארבייט. אויב דער וואגאבונד גיט אן א פאלשען געבורטס־אָרט, זאל ער אלס שטראף אבגעגעבען ווערן אלס לעבענסלענגליכער שקלאף אין דעם דאָזיגען אָרט, צו די איינוואוינער אדער צו קהל, און זאל געבראנדמארקט ווערן מיט א בוכשטאב S . אלע פערזאנען האבען דאס רעכט אוועקצונעהמען די קינדער פון די וואגאבונדען און זיי האלטען אלס לעהרלינגע, די אינגלעך ביז צום 24־טען יאהר און די מיידלעך ביז צום 20יגסטען יאהר. אויב זיי לויפען אוועק, זאלען זיי ביז דעם דאָזיגען עלטער זיין די שקלאַ־ווען פון די לעהר־מייסטערס, וועלכע מעגען זיי שמידען אין קעטען, שמייסען, א. אז. וו. ווי זיי ווילען. יעדער מייסטער מעג

ארויפלעגען אן אייזערנעם רינג ארום האלז, ארימס אדער פיס פון זיין שקלאוו, כדי איהם צו דערקענען און זיין זיכער מיט איהם.[221] דער לעצטער טייל פון אט דעם געזעץ פערזארגט, אז געוויסע ארימע לייט קאנען בעשעפטיגט ווערן פון דעם ארט אדער פון די פערזאנען, וועלכע ווילען זיי געבען עסען און טרינקען און געפינען פאר זיי ארבייט. אט דער סארט געמיינדע־שקלאווען האט אנגעהאלטען אין ענגלאנד ביז טיעף אין 19טען י. ה. אריין אונטער דעם נאמען Roundsmen (אומגעהער).

עליזאבעטה, 1572: בעטלער אהן אן ערלויבניש־שיין און אריבער 14 יאהר אלט זאלען קריגען שווערע שמיץ און געבראנדמארקט ווערן אויפ'ן לינקען אויער, אויב קיינער וויל זיי ניט נעהמען אין דיענסט אויף צוויי יאהר; ווען זיי ווידערהאלען דאס פערברעכען און זיינען איבער 18 יאהר אלט, זאלען זיי הינגעריכט ווערן, אין פאל קיינער וויל זיי ניט נעהמען אויף צוויי יאהר אין דיענסט; ווען זיי טהוען דאס אבער א דריטען מאל, זאלען זיי הינגעריכטעט ווערן אהן גנאד, ווי שטאאט־פערברעכער. עהנליכע געזעצען: 18 עליזאבעטה ק. 13 און 1597.*[221]

---

[221] דער פערפאסער פון דער „עססעי אן טרייד עצט." בעמערקט: „אונטער דער רעגירונג פון עדווארד V האבען די ענגלענדער, ווי עס שיינט זיך ווירקליך אבגעגעבען מיט דער ערמוטיגונג פון די מאנופאקטורען און דער בעשעפטונג פון די ארימע. מען קאן דאס ארויסזעהן פון א מערקווירדיגען געזעץ, אין וועלכען עס שטעהט, אז אלע וואגאבונדען זאלען געבראנדמארקט ווערן" א. אז. וו. (דארט גופא, ז. 8.)

*[221] טהאמאס מאר זאגט אין זיין אוטאפיא: „אזוי פאסירט עס, אז א גייציגער און ניט־זאט ווערענדער הלעיטני, אן אמת'ע פעסט פאר זיין געבורטסלאנד, כאפט אריין און צוימט ארום טויזענדער אקער לאנד, און שרעקט אזויפיעל אן די פויערים, וואס זיצען אוי דעם דאזיגען לאנד, דורך געוואלט אדער רמאות, אז זיי זיינען געצוואונגען אלעם אויסצופערקויפען. דורך איין מיטעל אדער אנאנדערן, מעג עס בויגען אדער ברעכען, ווערן זיי געצוואונגען אוועקצוגעהן — ארימע, עלענדע נשמות נעבעך! מענער, ווייבער, יתומים, אלמנות, יאמערענדע מוטערס מיט זייערע זויג־קינדער, מיט זייער גאנצען הויז־האלט, וועניג מיטלען אבער א סך מיילער, ווארים די ערד־ארבייט פאדערט א סך הענד. זיי שלעפען זיך אוועק, זאג איך, פון זייערע בעקאנטע און געוועהנטע היימען און קאנען ניט געפינען קיין מקום מנוחה. דער פערקויף פון זייער גאנצען האב און גוטס, הגם עס האט ניט קיין גרויסען ווערטה, וואלט פונדעסטוועגען אונטער אנדערע אומשטענדען עפעס געקאנט אריינברענגען, אבער

דזשיימס 1: יעדער איינער, וואָס וואַנדעלט אַרום און בעטעלט, ווערט דערמיט דערקלערט אַלס אַ מאַשעניק און וואַגאַבונד. די פריעדענס־ריכטער (וועלכע בעשטעהן, פערשטעהט זיך, פון גרונד־בעזיצער, אינדוסטריעלע און גייסטליכע) פון די „פּעטטי סעשאָנס" האָבען די פולמאַכט זיי עפענטליך צו לאָזען שמייסען, און פאַר דעם ערשטען פערברעכען פערשפּאַרן אין געפענגעניש אויף 6 מאָנאַט, פאַר דעם צווייטען — אויף 2 יאָהר. אין דער צייט, וואָס זיי זיצען אין טורמע, זאָל מען זיי שמייסען אַזוי אָפט און אַזויפיעל, ווי די ריכטער דענקען אַז מען דאַרף. . . . די אונפערבעסערליכע און געפעהרליכע אַרומשלעפּער זאָלען געבראַנדמאַרקט ווערן מיט אַ בוכשטאַב R· אויפ'ן לינקען שולטער און געשטעלט ווערן צו צוואַנג־אַרבייט, און אויב מען כאַפּט זיי דערנאָך ווידער בעטלענדיג, זאָלען זיי הינגעריכטעט ווערן אָהן גנאָד.

---

אַזוי ווי זיי זיינען פלוצלונג אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין דרויסען, מוזען זיי עס אוועקגעבען פאַר אַ שפּאָט־פּרייז. און ווען זיי האָבען זיך אַזוי לאַנג אַרומגעשלעפּט, ביז דער לעצטער גראָשען איז שוין פערצעהרט געוואָרן, וואָס קאָנען זיי אַנדערש טהאָן ווי גנב'נען, און דאָן, ביי גאָט, לויט אַלע פאָרמען פון געזעץ געהאַנגען ווערן, אָדער זיך נעהמען צום בעטלען? און אויך דאָן ווערן זיי איינגעשפּאַרט אין געפענגניש אַלס וואַגאַבונדען, ווייל זיי שלעפּען זיך אַרום און אַרבייטען ניט — זיי, וועמען קיין מענש וויל ניט נעהמען צו דער אַרבייט, ווי שטאַרק זיי זאָלען זיך ניט בעטען." פון אָט די אָרימע נע־ונד'ניקעס, וועגען וועלכע טהאָמאַס מאָר זאָגט, אַז מען צווינגט זיי צו גנב'נען, „זיינען 72,000 גרויסע און קליינע גנבים הינגעריכטעט געוואָרן אונטער דער רעגירונג פון הענרי VIII." (האָללינסהעד, „דיסקריפּשאָן אָוו ענגלאַנד," באַנד 1, ז. 186.) אין עליזאַבעטה'ס צייטען „זיינען די אַרומשלעפּער רייהענווייז געהאַנגען געוואָרן, און עס איז געוועהנליך ניט אוועקגעגאַנגען אַ יאָהר, אין וועלכען עס זיינען ניט אומגעקומען אויף דער תליה, אין איין פּלאַץ אָדער אַנאַנדערן, דריי אָדער פיער הונדערט אַזוינע." Strype,"Annals of the Reformation etc. during Queen Elizabeth,s Happy Reign," 1725, Vol. II. לויט דעמזעלבען סטריפּ זיינען אין סאָמערסעטשיר, אין איין איינציגען יאָהר 40 פּערזאָן הינגעריכטעט געוואָרן, 35 געבראַנדמאַרקט, 37 געשמיסען און 183 אַרויסגעלאָזט אַלס „אונפערבעסערליכע וואַגאַבונדען." פונדעסטוועגען, זאָגט אָט דער מענשענפריינד, שליסט אָט די גרויסע צאָהל אַנגעקלאָגטע ניט איין אַפילו אַ פינפטעל פון די ווירקליכע פערברעכער, אַ דאַנק דער נאַכלעסיגקייט פון די פריעדענס־ריכטער און דער נאַרישער מיטלייד פון פאָלק. ער לעגט נאָך צו: די אַנדערע גראַפשאַפטען אין ענגלאַנד זיינען ניט געווען אין קיין בעסערער לאַגע ווי סאָמערסעטשיר און אַ סך זיינען נאָך אַפילו געווען אין אַן ערגערער לאַגע.

אַט די פּעראָרדנונגען זיינען געבליבען אין קראַפט ביז דעם אָנ־פאנג פון 18טען י. ה. און זיינען ערשט אָבגעשאַפט געוואָרען דורך 12 אננא ק. 23.

עהנליכע געזעצען זיינען געווען אין פראַנקרייך, וואו אַרום דעם מיטען פון 17טען י. ה. איז אויפגעריכט געוואָרען א גאַנצע מלוכה פון וואַגאַבונדען אין פּאַריז, נאָך אין אָנהויב פון לואי דעם 16טען'ס רעגירונג (דאָס געזעץ פון 13טען יולי 1777) האָט יעדער געזונט־געבויטער מענש פון 16 ביז 60 יאָהר, וואָס האָט ניט קיין מיטלען צום לעבען און ארבייט ניט ביי א וועלכער עס איז מלאכה, געזאָלט געשיקט ווערען אויף קאטאָרגע. דעמזעלביגען כאראַקטער האָט דאָס געזעץ פון קאַרל V פאַר די נידערלענדער פון אָקטאָבער 1537, דער ערשטער עדיקט פון די שטאַאטען און שטעדט פון האָלאַנד, דעם 19טען מערץ 1614, דאָס „פּלאַקאַאַט" פון די פּעראייניגטע פּראָווינצען פון 25טען יוני 1649 א. אז. וו.

אַט אַזוי איז די לאַנד־בעפעלקערונג פריהער מיט געוואַלט עקספּראָפּריאירט געוואָרען פון גרונד און באָדען, פּעריאָגט געוואָרען פון זייערע היימען און געמאַכט פאַר וואַגאַבונדען, און דערנאָך געשמיסען, געבראַנדמאַרקט און געמאַטערט דורך משונה'דיגע טער־ראָריסטישע געזעצען אין דער דיסציפּלין אריין, וואָס איז נויטיג פאַר דעם לוין־סיסטעם.

עס איז ניט גענוג, וואָס די ארבייט־בעדינגונגען קאָנצענטרי־רען זיך אויף איין פּאָליוס אַלס קאַפּיטאַל, בעת אויף דעם אַנדער פּאָליוס זיינען מענשען, וועלכע האָבען גאָרנישט צו פּערקויפען א חוץ זייער ארבייט־קראַפט. עס איז אויך ניט גענוג, וואָס זיי זיי־נען געצוואונגען זיך פריייוויליג צו פּערקויפען. אין כסדר'דיגען גאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן ענטוויקעלט זיך אַן ארבייטער־קלאַס, וועלכער צוליעב זיין ערציהונג, טראַדיציע און געוועהנהייט אנערקענט די אומשטענדען פון דעם דאָזיגען פּראָ־דוקציאָנס־אופן אַלס זעלבסטפערשטענדליכע נאַטור־געזעצען. די אָרגאַניזאַציע פון דעם ענטוויקעלטען קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוק־ציאָנס־פּראָצעס צעברעכט יעדען ווידערשטאַנד; די שטענדיגע שאַפונג פון א רעלאַטיווער איבערבעפעלקערונג האַלט דאָס גע־זעץ פון נאָכפראַגע און אָנבאָט, און פאָלגליך דעם ארבייט־לוין, אין דעם איינגעפאַהרענעם וועג, וואָס שטימט מיט די פּערווער־

טונג-בעדערפענישען פון קאפיטאל; דער שטומער צוואנג פון די
עקאנאמישע פערהעלטנישען פערזיעגעלט לסוף די הערשאפט פון
דעם קאפיטאליסט איבערן ארבייטער. דירעקטע געוואלט, א חוץ
עקאנאמישע, ווערט טאקע נאך אלץ אנגעווענדעט, אבער נאר
אויסנאהמווייז. פאר דעם געוועהנליכען גאנג פון די פאסירונ-
גען קאן דער ארבייטער איבערגעלאזט ווערן צו די „נאטור-געזע-
צען פון דער פראדוקציאן,” ד. ה. צו זיין אבהענגיקייט פון קאפי-
טאל, וואס נעהמט זיך פון די פראדוקציאנס-בעדינגונגען גופא און
אין דורך זיי גאראנטירט און פעראייביגט. אנדערש איז די זאך
אין פערלויף פון דער היסטארישער ענטשטעהונג פון דער קאפי-
טאליסטישער פראדוקציאן. די וואקסענדע בורזשואזיע מוז הא-
בען און נעברויכען די מאכט פון'ם שטאאט, כדי צו רעגולירן
דעם ארבייט-לוין, דאס הייסט אריינצו-צווינגען איהם אין די גרע-
ניצען, וואס פערזיכערן די מעהרווערטה מאכעריי, צו פערלענגערן
דעם ארבייטס-טאג און צו האלטען דעם ארבייטער גופא אין דעם
נארמאלען גראד פון אבהענגיגקייט. דאס איז א וויכטיגער עלע-
מענט פון דער אזויגערופענער אורשפרינגליכער אקומולאציע.

דער קלאס לוין-ארבייטער, וועלכער איז ענטשטאנען אין דער
לעצטער העלפט פון 14טען יאהרהונדערט, האט דאמאלסט און
אין דעם נעקסטען יאהרהונדערט אויסגעמאכט בלויז א קנאפען
טייל פון דער בעפעלקערונג, און זיין לאגע איז געווען שטארק בע-
שיצט דורך דער זעלבסטשטענדיגער פויערים-ווירטשאפט אויפ'ן
לאנד און דער צעך-ארגאניזאציע אין שטאדט. אויפ'ן לאנד און
אין שטאדט זיינען דער מייסטער און די ארבייטער געשטאנען
נאהענט איינע צו די אנדערע געזעלשאפטליך. די אונטערטעניג-
קייט פון דער ארבייט צום קאפיטאל איז נאר געווען פארמעל;
ד. ה. דער פראדוקציאנס-אופן גופא האט נאך ניט געהאט קיין
ספעציפיש קאפיטאליסטישען כאראקטער. דער וואריאבלער עלע-
מענט פון קאפיטאל האט א סך אריבערגעוואוינען זיין קאנסטאנ-
טען טייל. די נאכפראגע אויף לוין-ארבייט איז דעריבער שנעל-
געוואקסען מיט יעדער אקומולאציע פון קאפיטאל, בעת דער אנ-
באט פון ארבייט איז געקומען זעהר לאנגזאם. א גרויסער טייל
פון דעם נאציאנאלען פראדוקט, וואס איז שפעטער פערוואנדעלט
געווארען אין אן אקומולאציאנס-פאנד פון קאפיטאל, איז נאך דא-

מאַלסט אריינגעגאנגען אין דעם קאָנזומציאָנס־פאָנד פון דעם אר־בייטער.

די געזעצגעבונג וועגען לוין־ארבייט — וואָס איז פון אָנהויב אָן געווען געציעלט אויף דער עקספּלואַטאַציע פון דעם ארבייטער, און איז אויך אין איהר ווייטערדיגען גאנג אַלעמאָל געווען פיינד־ליך[222] — האָט זיך אָנגעהויבען אין ענגלאַנד מיט דעם „סטאטוט אָוו לייבאָרערס" עדוואַרד III, 1349. צו דעם סטאטוט פערגלייכט זיך די אָרדאָנאַנץ פון 1350, וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרן אין פראַנקרייך אין נאָמען פון דעם קיניג זשאַהן. די ענגלישע און פראַנצויזישע געזעצגעבונג לויפען פאַראַלעל איינע צו די אנדערע און שטימען איין אין זייער אינהאַלט. אין דעם ערך ווי די אר־בייטער־געזעצען זוכען צו צווינגען א פערלענגערונג פון דעם אר־בייטס־טאָג, וועל איך דאָ ניט בעהאַנדלען, ווארים דער פונקט איז שוין דערקלערט געוואָרן פריהער (אכטער קאַפּיטעל, 5.).

דער „סטאטוט אָוו לייבאָרערס" (ארבייטער־געזעץ) איז ארויסגעגעבען געוואָרן אויף דעם דרינגענדען פערלאַנג פון דעם „האוז אָוו קאָממאָנס." „פריהער," האָט נאַאיוו געזאָגט א טאָרי, „האָבען די אָרימע פערלאַנגט אזא הויכען ארבייט־לוין, אז זיי האָבען געשטעלט אין געפאַהר די אינדוסטריע און דעם רייכטום. איצט איז זייער לוין אזוי נידעריג, אז ער שטעלט פונקט אזוי־פיעל אין געפאַהר די אינדוסטריע און דעם רייכטום, אָבער אויף אַנאַנדער אופן און אפשר געפעהרליכער ווי דאמאָלסט."[223] א געזעצליכער לוין־טאַריף איז פעסטגעשטעלט געוואָרן פאַר שטאָדט און לאַנד, פאַר שטיק־ארבייט און טאָג־ארבייט. די לאַנד־ארבייטער זאָלען זיך פערדינגען אויפ'ן יאָהר, די שטאָדטישע ארבייטער — אויפ'ן

---

[222] „אַלעמאָל ווען די געזעצגעבונג פּרובירט צו שליכטען די שטרייטיג־קייטען צווישען די מייסטערס און זייערע ארבייטער, זיינען איהרע ראַט־געבער שטענדיג די מייסטערס," זאָגט אדאם סמיטה. „דער גייסט פון די געזעצען איז דאָס אייגענטום," זאָגט לינגע.

[223] „סאָפיזם אָוו פרי טרייד," לאנדאָן 1850, ז. 53. ער זאָגט דערצו מיט כעס: „מיר זיינען שטענדיג געווען גרייט זיך איינצושטעלען פאַר דעם בע־שעפטיגער פון די ארבייטער. קאָן מען גארנישט ניט טהאָן פאַר די בעשעפ־טיגטע?"

„אָפּענעם מאַרק.״ עס איז פערבאָטען געוואָרן דורך אַ געפענגניש־שטראָף צו צאָהלען אַ העכערן איידער דעם געזעצליכען לוין, אָבער אָננעהמען אַ העכערן לוין ווערט שטאַרקער בעשטראָפט איידער צאָהלען אַ העכערן לוין. אַזוי אויך געפינען מיר אין די פּאַראַגראַפען 18 און 19 פון דעם לעהרלינג־געזעץ פון עליזאַבעטה אַ צעהן־טאָגיקע געפענגניש־שטראָף פאַר דעם, וואָס צאָהלט אַ העכערן לוין, און דאַגעגען אַ איין־און־צוואַנציג טאָגיקע געפענגניש־שטראָף פאַר דעם, וואָס נעהמט אָן אַ העכערן לוין. אַ געזעץ פון 1360 האָט פערשאַרפט די שטראָפען און געגעבען אפילו דעם מייסטער די מאַכט אַרויסצוצווינגען אַרבייט לויט'ן געזעצליכען לוין־טאַריף דורך קערפּערליכער שטראָף. אַלע פעראייניגונגען, אָבמאַכען, שבועות א. ד. ג., דורך וועלכע די מויערער און די סטאָליערס האָבען זיך געגענזייטיג געבונדען, זיינען דערקלערט געוואָרן בטל ומבוטל. די קאָאַליציעס [פעראייניגונג] פון אַרבייטער ווערן בעהאַנדעלט ווי אַ שווערער פערברעכען פון דעם 14טען יאָהרהונדערט ביז 1825, אין וועלכען יאָהר די אַנטי קאָאַליציאָנס־געזעצען זיינען אָבגעשאַפט געוואָרן. דער גייסט פון דעם אַרבייטער־געזעץ פון 1349 און פון די שפּעטיגערע געזעצען, וואָס זיינען אַרויסגעשפּראָצט פון איהם, בעווייזט זיך קלאָר אַרויס דערפון, וואָס אַ מאַקסימום פון דעם אַרבייט־לוין איז טאַקע דיקטירט געוואָרן פון דעם שטאַאט, אָבער אויף קיין פאַל ניט קיין מינימום.

אין 16טען יאָהרהונדערט האָט זיך די לאַגע פון די אַרבייטער, ווי מיר ווייסען, זעהר פערערגערט. דער געלד־לוין איז געשטיגען, אָבער ניט פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם קלענער געוואָרענעם ווערטה פון געלד און דעם שטייגען פון די סחורה־פּרייזען, וואָס קומט דערמיט. דער לוין איז אַלזאָ אין דער ווירקליכקייט געפאַלען. פונדעסטוועגען זיינען די געזעצען צו האַלטען די לוינען נידעריג געבליבען אין קראַפט, צוזאַמען מיט דעם שניידען די אויערן און בראַנדמאַרקען די דאָזיגע, „וואָס קיינער וויל זיי ניט נעהמען אין דיענסט.״ דורך דעם געזעץ וועגען לעהרלינגע, 5 עליזאַבעטה קאַ. 3, האָבען די פריעדענס־ריכטער בעקומען די מאַכט פעסטצושטעלען געוויסע לוינען און צו קאָנען זיי ענדערן לויט די צייטען פון יאָהר און די פּרייזען פון סחורות. דזשיימס I האָט אויסגעצווינגען אָט די אַרבייט־רעגולאַציאָנען אויך אויף וועבער,

שפּינער און אַלע מעגליכע אַרבייטער־קאַטעגאָריען.[224] דזשאָרדזש II האָט אויסגעצויגען די געזעצען אַנטקעגען אַרבייטער־קאָאַליציעס אויף אַלע מאַנופאַקטורען.

אין דער אייגענטליכער מאַנופאַקטור־פּעריאָדע איז דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן שוין געוואָרן גענוג שטאַרק, אַז די געזעצליכע רעגולירונג פון דעם אַרבייט־לוין איז געווען פּונקט אַזוי ניט דורכפיהרבאַר, ווי איבערפליסיג; מען האָט אָבער געוואָלט, אין פאַל פון אַ נויט, האָבען צום האַנד די וואַפען פון דעם אַלטען אַרסענאַל. דאָס געזעץ 8, דזשאָרדזש II האָט נאָך פערבאָטען אַ טאָג־לוין פון מעהר ווי 2 שילינג $7\frac{1}{2}$ פּענס פאַר די שניידער־געזעלען אין לאָנדאָן און אומגעגענד, אַ חוץ אין פאַלען פון אַלגעמיינעם טרויער; 13, דזשאָרדזש III, ק. 68, האָט נאָך

[224] פון אַ פּאַראַגראַף אין דעם סטאַטוט 2, דזשיימס I, ק. 6 קאָן מען זעהן, אַז אייניגע געוואַנט־מאַכער האָבען זיך גענומען דאָס רעכט אַלס פריעדענסריכטער צו דיקטירן אָפיציעל דעם לוין־טאַריף אין זייערע אייגענע ווערקשטאַטען. — אין דייטשלאַנד, דערהויפּט נאָך דעם 30 יאָהריגען קריעג, זיינען געווען פיעלע געזעצען אַרונטערצודריקען דעם אַרבייט־לוין. „דער דוחק אין דיענער און אַרבייטער איז געווען זעהר אונבעקוועם פאַר די לאַנד־פּריצים אין די ענטפעלקערונג געגענדען. אַלע דאָרף־לייט האָט מען פערבאָטען צו פערדינגען צימערן צו ניט־פערהייראַטע מענער און פרויען; אַלע אַזעלכע קוואַרטיראַנטען האָבען געמוזט אַנגעצייגט ווערן צו די בעאַמטע און זיי זיינען אַריינגעזעצט געוואָרען אין געפענגעניש, אויב זיי האָבען ניט געוואָלט ווערן קיין דיענער — אַפילו ווען זיי זיינען געווען בעשעפטיגט ביי אַנדערע אַרבייט, דהינו ווען זיי האָבען פערזעעט די פעלדער פאַר די פּויערים אַלס טאָג־לויינער, אָדער אַפילו ווען זיי האָבען געהאַנדעלט מיט תבואה. (קייזערליכע פּריווילעגיען און סאַנקציעס פאַר שלעזיען 1, 125.) דורך אַ גאַנצען יאָהרהונדערט הערט מען נאָכאַנאַנד ביטערע קלאָגען אין די פעראָרדנונגען פון די לאַנדהעררען וועגען די פערדאָרבענע און מוטוויליגע יונגען, וועלכע ווילען ניט לעבען אונטער די שווערע בעדינגונגען און שטעלען זיך ניט צופריעדען מיט דעם געזעצליכען לוין. דעם איינצעלנעם פּריץ ווערט פערבאָטען צו געבען מעהר איידער די טאַקסע, וואָס די לאַנדשאַפט האָט פעסטגעשטעלט. און דאָך זיינען די בעדינגונגען פון דיענסט נאָך דעם קריג אָפטמאָל געווען בעסער איידער מיט 100 יאָהר שפּעטער. די פּאַרם קנעכט אין שלעזיען האָבען אין 1652 געקריגען צוויי מאָל אַ וואָך פלייש, בעת אַפילו אין אונזער יאָהרהונדערט זיינען פאַראַן געגענדען, וואו זיי האָבען געקריגען פלייש נאָר דריימאָל אַ יאָהר. אויך דער טאָג־לוין איז נאָכ'ן קריעג געווען העכער איידער אין די נעקסטע יאָהרהונדערטען." (ג. פּרייטאָג.)

איבערגעגעבען די רעגולירונג פון דעם ארבייט־לוין פון די זיי־דען־ארבייטער צו די פריעדענס־ריכטער; נאך אין 1796 האט מען געמוזט האבען צוויי אורטיילען פון די העכערע געריכטס־הייזער, כדי צו ענטשיידען, צי די בעפעהלען פון די פריעדענס־ריכטער וועגען ארבייט־לוין זיינען גילטיג פאר ניט־אגריקולטור ארבייטער; נאך אין 1799 האט אן אקט פון פארלאמענט בע־שטעטיגט, אז דער לוין פון די מינען־ארבייטער פון שאטלאנד איז רעגולירט דורך א סטאטוט פון עליזאבעטה'ס צייט און דורך צוויי שאטלענדישע געזעצען פון 1661 און 1671. ווי פיעל אבער די אומשטענדען האבען זיך דערווייל געענדערט, קאן מען זעהן פון א פאל, וואס איז קיינמאל פריהער ניט געהערט געווארן אין דעם ענגלישען אונטערהויז. דארט, וואו מען האט אריבער 400 יאהר בנוגע דעם ארבייט־לוין אלץ פאבריצירט געזעצען אויסשליס־ליך וועגען דעם מאקסימום, וועלכען דער לוין טאר ח"ו ניט אריבער־שטייגען, האט אין 1796 וויטברעד פארגעשלאגען א געזעצליכען לוין־מ י נ י מ ו ם פאר לאנד־ארבייטער. הגם פיטט האט זיך געשטעלט דאגעגען, האט ער דאך צוגעגעבען, אז די „לאגע פון די ארימע איז גרויזאם." ענדליך, אין 1813 זיינען די געזעצען וועגען לוין־רעגולאציע אבגעשאפט געווארען. זיי זיינען געווען א לעכערליכע אנאמאליע, זינט דער קאפיטאליסט האט רעגולירט די פאבריק דורך זיין פריוואט־געזעצגעבונג און האט דעם לוין פון די לאנד־ארבייטער געלאזט ממלא זיין ביז צו דעם נויטיגסטען מינימום דורך דער קצבה לעניים. די בעשטימונגען פון די אר־בייטער־געזעצען מכח קאנטראקטען צווישען מייסטער און לוין־ארבייטער, וועלכע ערלויבען נאר א ציוויל־קלאגע אנטקעגען דעם מייסטער, וואס האט געבראכען דעם קאנטראקט, אבער א קרימי־נאל־קלאגע אנטקעגען דעם ארבייטער, וואס האט געבראכען דעם קאנטראקט, שטעהען נאך אין פולער בליהונג ביז היינטיגען טאג.*

די גרויזאמע געזעצען אנטקעגען די קאאליציעס [טרייד־יוניאנס] זיינען אין 1825 געפאלען פאר דער דראהענדער האלטונג פון פראלעטאריאט. טראץ דעם זיינען זיי נאר געפאלען טייל־

* אבגעשאפט אין 1875, זעה הערה, זייט 664.

ווייז. איינינע שעהנע איבערבלייבעכצען פון די אלטע געזעצען זיי־
נען ערשט פערשוואונדען אין 1859. ענדליך האט עס אויסגעזעהן,
ווי דער פארלאמענט־אקט פון 29טען יוני 1871 האט בעזייטיגט
די לעצטע שפורען פון דער דאזיגער קלאסען־געזעצגעבונג, דורך
דער געזעצליכער אנערקענונג פון די טרייד־יוניאנס. אבער א
פארלאמענט־אקט פון דעמזעלביגען דאטום (An act to amend the cri-
minal law relating to Violence, threats and molestations) האט פאקטיש
ווידער איינגעפיהרט דעם פאריגען צושטאנד אין א נייער פארם.
דורך אט דעם פארלאמענטארישען דריידעל זיינען די מיטלען, מיט
וועלכע די ארבייטער קאנען זיך בעדיענען ביי א סטרייק אדער
לאקאוט ארויסגענומען געווארן פון דעם אלגעמיינעם געזעץ און
געשטעלט געווארן אונטער אן אויסנאהם־שטראף געזעצגעבונג, און
די אויסטייטשונג פון דעם דאזיגען געזעץ איז איבערגעגעבען גע־
ווארן אין די הענד פון די פאבריקאנטען גופא, אין זייער אייגענ־
שאפט אלס פריעדענס־ריכטער. צוויי יאהר פריהער האט דאס־
זעלבע „האוז אוו קאממאנס" און דערזעלביגער גלאדסטאן, אויף
זיין בעוואוסטען עהרליכען אופן, אריינגעבראכט א געזעץ־פראָ־
יעקט אבצושאפען אלע אויסנאהם־שטראף געזעצען אנטקעגען דעם
ארבייטער־קלאס. אבער ווייטער ווי ביז דער צווייטער לעזונג
האט מען עס קיינמאל ניט געלאזט קומען, און אזוי האט זיך די
זאך געשלעפט, ביז ענדליך די „גרויסע ליבעראלע פארטיי", דורך
א פעראייניגונג מיט די טאריעס, האט געקראגען דעם מוט זיך
צו שטעלען אפען אנטקעגען דעמזעלביגען פראלעטאריאט, וועלכער
האט איהר געהאלפען בעקומען די הערשאפט. נאך ניט צופריעדען
מיט אט דעם פערראטה, האט די „גרויסע ליבעראלע פארטיי" ער־
לויבט די ענגלישע ריכטער, וועלכע דרעהען צו יעדער צייט מיט'ן
עק אין דיענסט פון די הערשענדע קלאסען, אויסצוגראבען פון דאס
ניי די פערעלטערטע געזעצען אנטקעגען „קאנספיראציעס" און
זיי אנצווענדען אויף ארבייטער־קאאליציעס. מען זעהט דערפון,
אז דער ענגלישער פארלאמענט האט מיט ווידערווילען און נאר
אונטער דעם דרוק פון די מאסען געלאזט פאלען די געזעצען אנט־
קעגען סטרייקס און טרייד־יוניאנס, נאכדעם ווי ער אליין האט
פינף יאהרהונדערטען נאכאנאנד, מיט א העכסט ציניזשער אונ־

פערשעהמטקייט פונקציאָנירט אַלס אַ שטענדיגע טרייד־יוניאָן פון די קאַפּיטאַליסטען אַנטקעגען די אַרבייטער.

אויף דער אַנדער זייט האָט די בורזשואַזיע אין פראַנקרייך געוואַגט גלייך אין אָנהויב פון דעם רעוואָלוציאָנס־שטורם אַוועקצונעהמען פון די אַרבייטער דאָס אָקאָרשט ערוואָרבענע אַסאָציאַציאָנס־רעכט. דורכ'ן געזעץ פון 14טען יוני 1791 האָט זי דערקלערט אַלע אַרבייטער־קאָאַליציעס אַלס „אַן אַטענטאַט אויף דער פרייהייט און דער ערקלערונג פון די מענשען־רעכטען," וואָס קאָן בעשטראָפט ווערן מיט 500 ליווער און פערלוסט פון די אַקטיווע בירגער־רעכטען אויף איין יאָהר.[225] דאָס דאָזיגע געזעץ, וואָס האָט שטאַאַט־פּאָליצייאיש אַריינגעשטעלט דעם קאָנקורענץ־קאַמף צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט אין די ראַהמען, וואָס זיינען געווען בעקוועם פאַר'ן קאַפּיטאַל, האָט אַריבערגעלעבט רעוואָלוציעס און ענדערונגען אין דינאַסטיעס. אַפילו די „טעראָר־רעגירונג" האָט עס געלאָזט אונבעריהרט. עס איז נאָר גאָר ניט לאַנג צוריק אויסגעשטראָכען געוואָרן פון דעם „קאָד פּענאַל" [שטראָף־געזעצבוך].

קיין זאַך איז ניט מעהר כאַראַקטעריסטיש איידער דער אויסרייד פון אָט דעם בורזשואַזען קו ד'עטאַ [שטאַאַט־שטרייך]. שאַפּעליע, דער בעריכט־ערשטאַטער פון דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג,

[225] אַרטיקעל 1 פון דעם דאָזיגען געזעץ לויטעט: „אַזוי ווי די אַבשאַפונג פון אַלע סאָרטען קאָרפּאָראַציעס פון דעמזעלביגען שטאַנד און דערזעלבינער פּראָפעסיאָן איז איינער פון די יסודות פון דער פראַנצויזישער קאָנסטיטוציע, איז דעריבער פֿ...רבאָטען זיי ווידער איינצופיהרען אונטער וועלכען עס איז אויסרייד און אין ...געלכער עס איז פאָרם." אַרטיקעל IV דערקלערט: „ווען די בירגער, וועלכע גע...רן צו דערזעלביגער פּראָפעסיאָן, צום זעלביגען האַנדווערק אָדער בערוף, ב... ...טען זיך איינע מיט די אַנדערע און רעדען אָב צווישען זיך געמיינשאַפטליך ...נטזאָגען זייער מיטווירקונג אין זייער טרייד אָדער מלאכות, אָדער צו אַ... ...רנעהמען די אַרבייט נאָר מיט אַ בעשטימטען פּרייז, זאָלען די דערמאַנטע ...אַטונגען און אָבמאַכען . . . בעטראַכט ווערן אַלס דערווידער צו דער קאָנס...וציע און אַלס אַנגריפען אויף דער פרייהייט, ווי אויך אויף דער דערקלעהרו... פון די מענשען־רעכטען, א. אַז. וו." דאָס הייסט אַלס שטאַאַטס־פערברעכען גאָר ווי אין די אַלטע אַרבייטער געזעצען. "Revolutions de Paris," 1791, Vol. III, p. 523.

וועמען קאמיל דע מולין*[225] האט אנגערופען „עלענדער דאגמא־טיקער”, האט געזאגט: „הגם עס איז ווינשענסווערטה, אז דער ארבייט־לוין זאל שטייגען העכער איידער ער איז איצטער, כדי דער ארבייטער, וואס בעקומט דעם לוין, זאל זיך ניט געפינען אין דער אבסאלוטער אבהענגיקייט, וואס קומט פון ניט האבען די נויט־ווענדיגע לעבענס־מיטלען, וועלכע איז כמעט די אבהענגיקייט פון שקלאווריי,” פונדעסטוועגען טארן די ארבייטער זיך ניט פערשטענדיגען מכח זייערע אינטערעסען, האנדלען געמיינשאפטליך און דורכדעם מעסיגען זייער „אבסאלוטע אבהענגיגקייט, וועלכע איז כמעט שקלאווריי,” ווייל פונקט דורכדעם „פערלעצען זיי די פרייהייט פון זייער אמאליגען מייסטער, דעם איצטיגען אונטער־נעהמער” (די פרייהייט צו האלטען די ארבייטער אין שקלאוו־ריי !), און ווייל א קאאליציע אנטקעגען דער דעספאטיע פון דעם אמאליגען צעך־מייסטער — א שפאס אביסעל ! — איז א וויע־דער־אויפשטעלונג פון דעם צעך, וואס איז אבגעשאפט געווארן דורך דער פראנצויזישער קאנסטיטוציע ![226]

## 4. די ענטשטעהונג פון די קאפיטאליס־טישע ארענדאטארס.

נאכדעם ווי מיר האבען בעטראכט די געוואלטזאמע בעשא־פונג פון פויגעל־פרייע פראלעטאריער, די בלוטיגע דיסציפלין וועלכע האט זיי פערוואנדעלט אין לוין־ארבייטער, די שענדליכע טהעטיגקייט פון'ם שטאאט, וועלכער האט פאליצייאיש געמאכט שטייגען די אקומולאציע פון קאפיטאל, פערגרעסערענדיג דעם גראד עקספולאטאציע פון דער ארבייט — פרעגט זיך, פון וואנען זיינען די קאפיטאליסטען אורשפרינגליך געקומען ? די עקס־פראפריאציע פון דער לאנד־בעפעלקערונג האט דאך דירעקט בע־שאפען נאר די גרויסע גרונד־אייגענטימער. וואס איז שייך דער ענטשטעהונג פון דעם ארענדאטאר, קאנען מיר זי, אזוי צו זא־גען, אנטאפען מיט'ן האנד, ווייל זי איז א לאנגזאמער פראצעס, וואס האט זיך ארויסגעוויקעלט אין משך פון פיעלע יאהרהונדער־

---

225* "Revolutions de France," No' LXXVII.

226 Buchez et Roux. "Historie Parlumentaise," Voi. X, p. 193-95.

טען. די ליבאייגענע גופא, אזוי גוט ווי די פרייע קליינע לאנד־בעזיצער, האבען געהאלטען לאנד אונטער זעהר פערשיידענע בעזיץ־שייכות׳ן און זיינען דריבער אויך עמאנציפירט געווארן אונטער זעהר פערשיידענע עקאנאמישע בעדינגונגען.

אין ענגלאנד איז די ערשטע פארם פון דעם ארענדאטאר (פארמער) דער „ביילי̈ף" [פערוואלטער פון פריצישען הויף], וועלכער איז אליין געווען א ליבאייגענער. זיין פאזיציע איז עהנליך צו דער פאזיציע פון דעם אלט־רוימישען Villicus, נאר אין אן ענגערער ווירקונג־ספערע. אין דער צווייטער העלפט פון 14טען י. ה. ווערט ער פערביטען אויף אן ארענדאטאר, וועמען דער לענדלארד בעזארגט מיט זריעה, פיה און אקער־ווערקצייג. זיין לאגע איז ניט זעהר פערשיידען פון דער לאגע פון דעם פויער. נישט מעהר ער עקספלואטירט מעהר לוין־ארבייט. באלד ווערט ער א „מעטאיער" ד. ה. א האלב־ארענדאטאר. ער שטעלט־צו איין טייל פון דעם אגריקולטור־קאפיטאל, דער לענדלארד — דעם אנדער טייל. זיי צוטיילען זיך ביידע מיט דעם גאנצען פראדוקט אין בעשטימטע פראפארציעס לויט אן אבגעמאכטען קאנטראקט. אט די פארם פערשווינדט שנעל אין ענגלאנד, כדי צו מאכען פלאץ פאר דעם ריכטיגען ארענדאטאר, וועלכער פערווערטעט זיין אייגענעם קאפיטאל, דורכדעם וואס ער בעשעפטיגט לוין־ארבייטער, און צאהלט א טייל פון דעם מעהר־פראדוקט, אין געלד אדער אין נאטורא, דעם לענדלארד אלס גרונד־רענטע.

כל זמן, אין משך פון 15טען יאהרהונדערט, דער אונאבהענגיגער פויער און דער אקער־קנעכט [ד. ה. דעם פויער׳ס גע־דונגענער ארבייטער], וואס האט אויך אן אייגענע ווירטשאפט א חוץ זיין לוין־דיענסט, האבען זיך בערייכערט דורך זייער ארבייט, בלייבען דעם ארענדאטאר׳ס אומשטענדען און זיין פראדוקציאנס־פעלד גלייך מיטעלמעסיג. די אגריקולטור־רעוואלוציע אין לעצטען דריטעל פון 15טען י. ה., וועלכע האט געוועהרט אין משך פון כמעט דעם גאנצען 16טען י. ה. (מיט דער אויסנאהם אבער פון זיין לעצטען צעהנדליג יאהר), האט איהם בערייכערט פונקט אזוי שנעל, ווי זי האט פעראָרימט די לאנד־בעפעלקערונג.[227] די

[227] הארריסאן איז זיין „דיסקריפשאן אוו ענגלאנד" זאגט: „אבוואויל

אחורפאציע פון די געמיינדע־פיטערפעלדער האט איהם געגעבען די מעגליכקייט שטארק צו פערמעהרן זיין פיה־אינווענטאר כמעט אהן קאסטען, און די פערמעהרטע פיה, דורך זייער אנווענדונג אין דער אגריקולטור און דורך דעם פערקויף, האט איהם געגעבען א פיעל גרעסערן פראפיט, א חוץ גרעסערע בעמיסטיגונג־מיטלען צו פערבעסערן דעם באדען.

צו דעם איז אין 16טען י. ה. צוגעקומען א זעהר וויכטיגער מאמענט. די ארענדע־קאנטראקטען זיינען דאן געווען לאנגע, אפט אויף 99 יאהר. דאס שטענדיגע פאלען פון'ם ווערטה פון די עדעלע מעטאלען און פאלגליך פון'ם געלד האט געטראגען פאר די ארענ־דאטארס גאלדענע פרוכטען. דאס האט, אחוץ די אלע אנדערע אומשטענדען, וואס מיר האבען פריהער בעטראכט, געווארפען דעם ארבייט־לוין. א טייל דערפון איז צוגעגעבען געווארן צו די פראפיטען פון דער פארם. דאס שטענדיגע שטייגען פון די פרייזען פון תבואה, וואל, פלייש, קורץ פון אלע אגריקולטור־פראדוקטען, האט פערגרעסערט דעם ארענדאטאר'ס געלד־קאפיטאל אהן קיין שום מיה פון זיין זייט, בעת די רענטע, וואס ער האט געצאהלט, האט זיך גערעכענט לויט דעם אלטען געלד־ווערטה.[228] אט אזוי

4 פונט פון דער אלטער רענטע איז איצט אנגעוואקסען אפשר ביז 40 פונט, דאך דענקט דער ארענדאטאר ביים סוף פון זיין קאנטראקט, אז ער האט גע־מאכט א שלעכט געשעפט, אויב ער האט ניט אבגעלעגט די רענטע פאר 6 ביז 7 יאהר, 50 אדער 100 פונט."

[228] וועגען דעם איינפלוס פון דעם פאל אין ווערטה פון געלד, אין 16טען י. ה., אויף פערשיידענע קלאסען פון דער געזעלשאפט, זעה: "A Compendious or Briefe Examination of Certaine ordinary Complaints of Diverse of our Countrymen in these days. By W. S. Gertleman," London 1581. די דיאלאג־פארם פון דער דאזיגער שריפט האט מיטגעבראכט דערצו, אז מען האט עס א לאנגע צייט צוגעשריבען צו שעקספיר, און נאך אין 1751 האט מען עס פון דאס ניי ארויסגעגעבען אונטער זיין נאמען. איהר פערפאסער איז וויליאם סטאפארד. אין איין ארט רעזאנירט דער ריטער ווי פאלגט:

ריטער: איהר, מיין נאכבאר, דער לאנדווירט, איהר מייסטער קרעמער און איהר, פעטער קופערשמיעד און די אנדערע האנדווערקער, איהר מעגט אייערע אינטערעסען גאנץ גוט היטען. ווארים אין דעם ערך, וואס אלע זא־כען זיינען איצט טייערער ווי זיי זיינען געווען, אויף אזויפיעל שטייגט איהר מיט דעם פרייז פון אייערע סחורות און די לייסטונגען, וואס איהר פערקויפט אין דער הויף. מיר אבער האבען גארנישט צו פערקויפען, אויף וואס מיר

ווערט ער רייך אין דערזעלביגער צייט אויפ'ן חשבון אי פון זיי־נע לוין־ארבייטער, אי פון זיין לענדלאָרד. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס ענגלאַנד האָט ביים סוף 16טען י. ה. גע־האַט א קלאַס, לויט די דאַמאָלסדיגע צושטאַנדען, רייכע „קאַפּיטאַל־ארענדאַטאָרס."[229]

## 5. די צוריקווירקונג פון דער אגריקול־טורעלער רעוואָלוציע אויף דער אינ־דוסטריע.—די בעשאַפונג פון א אינלענדישען מארק פאַר דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל.

די עקספּראָפּריאַציע און פּעריאָגונג פון דער לאַנד־בעפעל־קערונג, וואָס האָט זיך שטענדיג ווידערהאָלט איין מאָל נאָך דעם אנדערן, האָט נאָכאַנאַנד צוגעשטעלט, ווי מיר האָבען געזעהן, דער שטאָדטישער אינדוסטריע מאַסען פּראָלעטאַריער, וועלכע זיינען געשטאַנען אינגאַנצען אויסערהאַלב פון די צעך־פערהעלטענישען — א שכל'דיגער אומשטאַנד, וואָס האָט דעם אלטען א. אַנדער־סאָן (מען דאַרף איהם ניט פערבייטען מיט דזשיימס אַנדערסאָן)

זאָלען קאָנען העכערען דעם פּרייז, כדי דערמיט אריינצובעקומען די זאכען, וואָס מיר מוזען קויפען." אין אנאַנדער אָרט פרעגט דער ריטער דעם דאָק־טאָר: „איך בעט אייך, וואָס זיינען דאָס פאַר א סאָרט מענשען, וועלכע איהר מיינט? און קודם, ווער זיינען די, וועלכע זאָלען ניט ליידען קיין היזק דער־ביי?" — דאָקטאָר: „איך מיין אלע יענע, וועלכע לעבען פון קויף און פער־קויף; ווארים ווי זיי קויפען טייער, אזוי פערקויפען זיי דערנאָך." — ריטער: „וואָס פאַר מענשען זיינען דאָס, וועלכע געווינען דערביי, ווי איהר זאָגט?" — דאָקטאָר: „באמת, אלע וועלכע בעאַרבייטען אליין פּאַסעסיעס אדער ארענדע־ניטער צאָהלענדיג די אלטע רענטע, דען בעת זיי צאָהלען לויט דער אלטער ראַטע, פערקויפען זיי לויט דער נייער; דאָס הייסט, זיי צאָהלען פאַר זייער לאַנד זעהר ביליג און פערקויפען אלץ וואָס וואַקסט אויף דעם לאַנד, טייער..." — ריטער: „וואָס פאַר א סאָרט מענשען זיינען די, וועלכע האָבען דערביי, ווי איהר זאָגט, א גרעסערן היזק איידער דער ריוח פון יענע?" — דאָקטאָר: „דאָס זיינען אלע עדעל־לייט, ריטער און אלע אנדערע, וועלכע לעבען ענטווע־דער פון א פעסטגעזעצטער רענטע, אדער פון א פעסטגעזעצטען געהאַלט, אדער זיי ווירטשאַפטען ניט אליין מיט זייער באָדען, אדער גיבען זיך ניט אָב מיט קויף און פערקויף."

[229] אין פראַנקרייך ווערט דער רעזשיסער, דער פערוואַלטער און קאָלעק־

**געמאכט גלויבען, אין זיין „היסטארי אוו קאמערס", אז דאס איז געווען א דירעקטער אויפטהו פון דער השגחה עליונה. מיר מורזען זיך פערווילען נאך אן אויגענבליק ביי אט דעם עלעמענט פון דער אורשפרינגליכער אקומולאציע. וואס די אונאבהעניגע, אליינווירטשאפטנדע לאנד־בעפעלקערונג איז שיטערער געווארן, האט געשטימט ניט נאר מיט'ן געדיכטער ווערן פון דעם אינדוסטריעלען פראלעטאריאט, ווי זשאפרוא סענ־הילער דערקלערט דאס געדיכטער ווערן פון דער וועלט־מאטעריע אין איין ארט דורך איהר**

טאר פון די אבצאהלונגען צו די פעאדאלע פריצים, אין פערלויף פון דעם פריהען מיטעלאלטער, באלד א געשעפטמענש, וועלכער שווינדעלט זיך ארויף אלס קאפיטאליסט דורך ערפרעסונג, בעטרוג א. אז. וו. די דאזיגע רעזשיסערען זיינען מאנכעסמאל אליין געווען פון די אדעליגע. צום ביישפיעל: „דאס איז די רעכענונג, וואס הערר זשאק דע טהארעיז, דער ריטערליכער קאסטעלאן פון בעזאנסאן, האט אבגעגעבען צו דעם העררן, וועלכער פיהרט אין דיזשאן די רעכענונגען פאר דעם הערצאג און גראף פון בורגונד, וועגען די רענטען וואס געהערן צו דער דערמאנטער שלאס־הערשאפט פון 25טען דעצעמבער 1359 ביז דעם 28טען דעצעמבער 1360." (אלעקסים מאנטעלי, "Historie des Materiaux manusr!ts etc." page 244.) עס ציינט זיך שוין דא, אזוי ווי אין אלע ספערען פון געזעלשאפטליכען לעבען, אז דעם לייב'ס חלק פאלט אריין צום פערמיטלער. אויף דעם עקאנאמישען געביט, צום ביישפיעל, שעפען אראב די שמאנט די פינאנסירען, בערזען־ספעקולאנטען, סוחרים און קליינע קרעמער; אין ציוויל עסקים שינדט דער אדוואקאט די הויט פוןביידע צדדים; אין דער פאליטיק איז דער פערטרעטער געווארן וויכטיגער איידער די וועהלער, דער מיניסטער מעהר איידער דער קעניג; אין דער רעליגיאן ווערט גאט אוועקגעשטופט אין הינטערגרונד דורך דעם „פערמיטלער" און דער לעצטער ווערט ווידער אויסגעשטויסען דורך די גלחים, וועלכע זיינען ווידער אונפערמיידליכע פערמיטלער צווישען דעם גוטען פאסטוך און זיינע שעפסען. — אין פראנקרייך אזוי ווי אין ענגלאנד זיינען די גרויסע פעאדאלע טעריטאריען געווען צוטיילט אין אונענדליך פיעל קליינע ווירטשאפטען, אבער אונטער ניט צו פערגלייכען ערגערע בעדינגונגען פאר דער לאנד־בעפעלקערונג. אין פערלויף פון 14טען יאהרהונדערט זיינען ענטשטאנען די פערמערס אדער טערריערס [ארענדעס]. זייער צאהל איז נאכאנאנד געוואקסען, ווייט אריבער 100,000. זיי האבען געצאהלט רענטען פון א צוועלפטיל ביז א פינפטעל פון דעם פראדוקט, אין געלד אדער און נאטורא. די דאזיגע טערריערס זיינען געווען פריצישע גיטער [Fiefs, sub-fiefs] איינגעטיילט לויט דעם ווערטה און אומפאנג פון די נחלאות, אייניגע פון וועלכע האבען אינגאנצען געהאט בלויזט עטליכע אקער. אט די אלע טערריערס האבען געהאט ביז א געוויסען גראד דאס רעכט פון יוריסדיקציע איבער די, וואס זיינען געזעסען אויפ'ן באדען; עס זיינען געווען פיער

שיטער ווערן אין אנאנדער ארט.[230] טראץ דער פערמינערטער צאהל פון זיינע בעארבייטער, האט דער באדען געטראגען פונקט אזוויפיעל אדער נאך מעהר פראדוקטען ווי פריהער, ווייל די רעוואלוציע אין די שייכות'ן פון גרונד אייגענטום איז געווען בעגלייט מיט פערבעסערטע מעטאדען פון קולטיווירונג, גרעסערער קאאפעראציע, קאנצענטראציע פון די פראדוקציאנס-מיטלען א. אז. וו., און ווייל די אגריקולטורעלע לוין-ארבייטער זיינען ניט נאר אינטענסיווער אנגעטריבען געווארן,[231] נאר אויך דאס פראדוקציאן-פעלד, אויף וועלכען זיי האבען געארבייט פאר זיך אליין, איז אלץ מעהר און מעהר איינגעצויגען געווארן. צוזאמען מיט דעם פריי-געשטעלטען טייל פון דער לאנד-בעפעלקערונג, ווערן אויף דעם אופן פרייגעשטעלט אויך זיינע פריהערדיגע נאהרונגס-מיטלען. זיי פערוואנדלען זיך איצטער אין א מאטעריעלען עלעמענט פון דעם וואריאבלען קאפיטאל. דער פויער, וואס איז ארויסגעזעצט געווארן אין דער לופטען, מוז איינקויפען זייער ווערטה, אין דער פארם פון ארבייט-לוין, פון זיין נייעם בעל הבית, דעם אינדוסטריעלען קאפיטאליסט. און אזוי ווי בנוגע די לעבענס-מיטלען, אזוי קאן מען אויך זאגען בנוגע די היימישע אגריקולטורעלע רויה-מאטעריאלען פון דער אינדוסטריע. זיי זיינען פערוואנדעלט געווארן אין א עלעמענט פון דעם קאנסטאנטען קאפיטאל.

לאמיר זיך פארשטעלען, צום ביישפיעל, אז א טייל פויערים אין וועסטפאלען, וועלכע האבען אין פריעדריך דעם צווייטען'ס צייט אלע געשפונען פלאקס, זיינען מיט געוואלט עקספראפריאירט און פערטריבען געווארן פון גרונד און באדען, און דער אנדער טייל, וואס איז געבליבען, איז פערוואנדעלט געווארן אין טאגלוינער פון די גרויסע פערמערס. אין דערזעלביגער צייט וואקסען אויס גרויסע פלאקס-שפינערייען און וועבערייען, אין וועלכע די „פריי-געשטעלטע" ארבייטען איצט פאר א לוין. דער פלאקס

שטופען. מען קאן זיך פארשטעלען די אונטערדריקונג פון דער לאנד-בעפעלקערונג אונטער אט די אלע קליינע טיראנען. מאנטעיל זאגט, אז עס זיינען דאמאלסט געווען אין פראנקרייך 160,000 געריכטען, וואו היינט זיינען גענוג 4000 טריבונאלען.

[230] אין זיין ווערק "Notions de Philoeophie Naturello" פאריז 1838.

[231] א פונקט, וואס ווערט בעטאנט פון סער דזשיימס סטוארט,

זעהט איצט אוים פונקט דיזעלבינע ווי פריהער. קיין פעדימל איז אין איהם ניט פערענדערט געווארן, אבער א נייע סאציאלע נשמה איז אריינגעזעצט געווארן אין זיין לייב. ער מאכט איצט אוים א טייל פון דעם קאנסטאנטען קאפיטאל פון דעם מאנופאקטור־מייסטער. פריהער איז ער געווען פערטיילט צווישען א גרויסער מאסע קליינע פראדוצירער, וועלכע האבען איהם אליין קולטיווירט און געשפונען מיט זייערע פאמיליען אין קליינע סכום'ען; איצט איז ער קאנצענטרירט אין די הענד פון איין קאפיטאליסט, וועלכער לאזט אנדערע שפינען און וועבען פאר איהם. די עקסטרא־ארבייט, וואס איז אויסגעגעבען געווארן אין דער פלאקס שפי־נעריי, האט זיך פריהער רעאליזירט אין א עקסטרא הכנסה פאר א גרויסער צאהל פויערים־פאמיליען, אדער אין פריעדריך דעם צווייטען'ס צייט — אין שטייערן „פור לע רוא דע פריסס."* איצטער רעאליזירט זי זיך אין דעם פראפיט פון עטליכע קאפי־טאליסטען. די שפינדלען און וועבשטוהלען, וואס זיינען פריהער געווען פערשפרייט איבער'ן גאנצען לאנד, זיינען איצט צוזאמענ־געדריקט אין עטליכע גרויסע ארבייט־קאזארמעס, גלייך ווי די ארבייטער, גלייך ווי דער רויה־מאטעריאל. די שפינדלען און וועב־שטוהלען און רויה־מאטעריאלען זיינען אנשטאט מיטלען פון אן אונאבהענגיקער עקזיסטענץ פאר שפינער און וועבער, איצט פער־וואנדעלט געווארן אין מיטלען זיי צו קאמאנדירן[232] און ארויסצו־זויגען פון זיי אונבעצאהלטע ארבייט. מען זעהט עס ניט אן אויף די גרויסע מאנופאקטורען און אויף די גרויסע פארמס, אז זיי זיי־נען צוזאמענגעשטעלט פון א סך קליינע פראדוקציאנס־ווערקשטא־טען און זיינען פארמירט דורך דער עקספראפריאציע פון א סך

---

* „ארבייטען פור לע רוא דע פריסס", וואס מיינט ווערטערליך: „פאר דעם קיניג פון פרייסען," איז א שפריך־ווארט, וואס בעטייט: ארבייטען פאר גארנישט, אדער ארבייטען פאר'ן טייוועל.

232 „איך וועל אייך," זאגט דער קאפיטאליסט, „לאזען האבען דעם כבוד מיר צו דיענען, בתנאי אז איהר זאלט דאס ביסעל, וואס אייך בלייבט, מיר אוועקגעבען פאר דער מיה, וואס עס מאכט מיר אייך צו קאמאנדירן." (זשאן זשאק רוססא, „אבהאנדלונג איבער פאליטישער עקאנאמיע." פראנצויזיש). זשע־נעווע, 1765.)

קליינע אונאָבהענגיקע פּראָדוצירער. דער גלייכער פערשטאַנד אָבער לאָזט זיך ניט פערפיהרן.

אין דער צייט פון מיראַבאָ, דעם לייב פון דער רעוואָלוציע, האָבען די גרויסע מאַנופאַקטורען נאָך געהייסען „מאַניפאַקטיר רע־איני", פעראייניגטע ווערקשטאַטען, אַ שטייגער ווי מיר רעדען וועגען צוזאַמענגעבונדענע פעלדער. „מיר זעהען נאָר," זאָגט מי־ראַבאָ, „די גרויסע מאַנו־אַקטורען, וואו הונדערטער מענשען אר־בייטען אונטער איין דירעקטאָר, און וועלכע מען רופט אָן געוועהנ־ליך פעראייניגטע מאַנופאַקטורען. פערקעהרט, יענע מאַנופאַק־טורען, וואו אַ זעהר גרויסע צאָהל ארבייטער ארבייט צעשפּליטערט, יעדערער אויף זיין אייגענער רעכענונג, רופט ניט ארויס אונזער קלענסטע אויפמערקזאַמקייט. מען שטעלט זיי אינגאַנצען אוועק אין הינטערגרונד. דאָס איז אַ זעהר גרויסער טעות, וואָרים זיי אליין נאָר מאַכען אויס אַ ווירקליך וויכטיגען בעשטאַנדטייל פון דעם פאָלקס־רייכטום. . . . די פעראייניגטע פאַבריק וועט וואונ־דערבאַר רייך מאַכען איינעם אָדער צוויי אונטערנעהמער, אָבער די ארבייטער זיינען נאָר בעסער אָדער ערגער בעצאָהלטע טאָג־לוי־נער און האָבען קיין חלק ניט אין דעם וואוילזיין פון דעם אונטער־נעהמער. אין דער צעטיילטער פאַבריק, דאַגעגען, ווערט קיינער ניט רייך, אָבער אַ מאַסע ארבייטער געפינען זיך אין אַ וואויל־שטאַנד. . . . די צאָהל פון די פלייסיגע און ווירטשאַפטליכע אר־בייטער וועט וואַקסען, ווייל זיי זעהען אין דעם קלוגען ארט לע־בען, אין דער טהעטיגקייט, אַ מיטעל צו פערבעסערן גרינדליך זייער לאַגע, אָנשטאָט צו געווינען אַ קליינע לוין־העכערונג, וועלכע קאָן קיינמאָל ניט זיין קיין וויכטיגער געגענשטאַנד פאַר דער צוקונפט, נאָר עס גיט זיי העכסטענס די מעגליכקייט עטוואָס בעסער צו לע־בען פון האַנד אין מויל. די צעטיילטע אינדיווידועלע מאַנופאַק־טורען, דאָס רוב פערבונדען מיט קליינע לאַנדווירטשאַפטען, זיינען די פרייע."[233] ווען מיראַבאָ האַלט די צעשפּליטערטע ווערקשטאַ־טען אויך פאַר עקאָנאָמישער און פּראָדוקטיווער איידער די „פער־אייניגטע", און זעהט אין די לעצטע בלויז קינסטליכע טרייב הויז־

[233] מיראַבאָ, „וועגען דער פּרייסישער מאָנאַרכיע," (פראַנצויזיש) לאָנ־דאָן 1788, באַנד 3, ז. 20—109.

פלאנצען אונטער דער אויפפאסונג פון די שטאאטס־רעגירונגען, דערקלערט זיך דאס פון דעם דאמאלדיגען צושטאנד פון א גרויסען טייל פון די מאנופאקטורען אויף דעם אייראפעאישען קאנטינענט.

די פאסירונגען, וועלכע האבען די קליין־פויערים פערוואנדעלט אין לוין־ארבייטער און זייערע לעבענסמיטלען און ארבייט־מיטלען אין מאטעריעלע עלעמענטען פון דעם אינדוסטריעלען קאפיטאל, האבען אין דערזעלביגער צייט געשאפען פאר דעם דאזיגען קאפיטאל זיין אינלענדישען מארק. פריהער האט די פויערשע פאמיליע געשאפען און בעארבייט די לעבענסמיטלען און רויה־שטאפען, וועלכע זי האט דערנאך גרעסטענטיילס אליין פערצעהרט. איצט זיינען אט די רויהשטאפען און לעבענסמיטלען געווארן סחורות. דער פויער פערקויפט זיי מאסענהאפט און געפינט זיין מארק אין די מאנופאקטורען. דערפאר פערוואנדלען זיך איצט די גארן, לייוועגט, גראבע וואלציייג — זאכען, וואס זייערע רויה־שטאפען האבען זיך אייגעפונען אין דער באלעבאטישקייט פון יעדער פויערשער פאמיליע און וואס זי האט אויסגעשפונען און אויסגעוועבט פאר איהר אייגענעם פערברויך — אין מאנופאקטור־ארטיקלען, וועלכע געפינען זייער אבזאץ־מארק גראד אין די לאנד־דיסטריקטען. די צאהלרייכע, צעווארפענע קונדען, וועלכע זיינען ביזאהער בעשטאנען פון א מאסע קליינע פראדוצירער, וואס ארבייטען אויף אייגענער רעכענונג, זיינען איצט קאנצענטרירט אין איין גרויסען מארק, וואס איז פערזארגט פון דעם אינדוסטריעלען קאפיטאל.[234] אט אזוי געהט האנד אין האנד מיט דער עקספראפ־

[234] „20 פונט וואל, פערוואנדעלט אויף א שטילען אופן אין דער יעהרליך גויטיגער קליידונג פון אן ארבייטער־פאמיליע, דורך איהר אייגענער פלייסיגקייט אין די צייטען צווישען אנדערע ארבייטען — דאס מאכט ניט קיין רעש. אבער ברענגט די וואל אויפ'ן מארק, שיקט זי אין דער פאבריק, דאן צום מעקלער, דערנאך צום הענדלער, האט איהר דערמיט גרויסע האנדעלס־אפעראציעס און א נאמינאלען קאפיטאל פערנומען אויף א סומע צוואנציג מאל אזוי־פיעל ווי דער ווערטה פון דער דאזיגער וואל. . . . דער ארבייטער־קלאס ווערט אויף דעם אופן עקספלואטירט, כדי אויפצוהאלטען אן עלענדע פאבריק־בעפעלקערונג, א פאראזיטישען קרעמער־קלאס און אן אויסגעטראכטען קאמערציעלען, געלד און פינאנציעלען סיסטעם.״ (דייוויד אורקהארט, „פאמיליאר ווארדס,״ לאנדאן 1855, ז. 120.)

ריאציע פון די געוועזענע זעלבסט־ווירטשאפטענדע פויערים און זייער צושיידונג פון זייערע פראדוקציאנס־מיטלען, די פערניכ־טונג פון דער דארפישער נעבען־אינדוסטריע, דער שיידונגס־פראָ־צעס פון מאנופאקטור און אגריקולטור. און נאר די פערניכטונג פון דעם דארפישען הויז־געווערב קאן געבען דעם אינעווענינגסטען מארק פון א לאנד די אויסברייטונג און דעם פעסטען בעשטאנד, אין וועלכען דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאנס־אופן נויטיגט זיך.

דאך אבער איז די אייגענטליכע מאנופאקטור־פעריאדע ניט פועל קיין ראדיקאלע אומגעשטאלטונג. מען קאן געדענקען, אז די מאנופאקטור נעהמט איין בלויז טיילוויז די נאציאנאלע פראָ־דוקציאן און רוהט אלעמאל אויף דער האנדווערק פון שטאדט און דער הויזליכער אינדוסטריע פון לאנד. אויב זי פערניכטעט זיי וואו עס איז אויף געוויסע פונקטען, אין בעזונדערע געשעפט־צווייגען, אונטער איין פארם, רופט זי זיי ווידער ארויס אנדערש־וואו, ווייל זי בעדארף זיי האבען אויף צו בעארבייטען דעם רויה־מאטעריאל ביז צו א בעשטימטען גראד. זי פראדוצירט דעריבער א נייעם קלאס פון קליינע דארפס־לייט, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט ערד־ארבייט בלויז אלס נעבען־צווייג און טהוען הויפטזעכליך אינדוסטריעלע ארבייט, כדי צו פערקויפען זייערע פראדוקטען צו דער מאנופאקטור דירעקט אדער דורך דער פערמיטלונג פון הענד־לער. דאס איז איין גרונד, אויב אפילו ניט דער הויפט גרונד, פון אן ערשיינונג, וועלכע פערווירט פון אנפאנג דעם פארשער פון דער ענגלישער געשיכטע. פון דעם לעצטען דריטעל פון 15טען יאהרהונדערט אן געפינט ער נאכאנאנד, א חוץ נאר אין אייניגע פעריאדען, ווי מען בעקלאגט זיך וועגען דעם, וואס די קאפיטאל־ווירטשאפט פערמעהרט זיך אויף'ן לאנד און די פויערים־ווירט־שאפט ווערט אלץ מעהר פערניכטעט. פון דער אנדער זייט גע־פינט ער שטענדיג די פויערים־ווירטשאפט זיך בעוויזענדיג פון דאס ניי, ווען אפילו אין א פערמינערטער צאהל און אונטער ער־גערע אומשטענדען.[235]

דער הויפט גרונד איז: ענגלאנד איז אין איין צייט הויפט־

[235] אן אויסנאהם דערצו איז קראמוועל'ס צייט. כל זמן די רעפובליק האט געוועהרט האט זיך די ענגלישע פאלקס־מאסע אין אלע איהרע שיכטען

זעכליך אַ תבואה־קולטיווירער, און אַנאַנדער צייט הויפּטזעכליך אַ פיה־ציכטער, אין פּעריאָדען וואָס בייטען זיך כסדר, און דער אומפאַנג פון דער פויערשער ווירטשאַפט ענדערט זיך לויט די דאָזיגע פּעריאָדען.

ערשט די גרויס־אינדוסטריע ברענגט צוזאַמען מיט די מאַשינען דעם דויערהאַפטען באַזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַגריקולטור, עקספּראָפּריאירט ראַדיקאַל די אונגעהויערע מעהרצאָהל פון דער לאַנד־בעפעלקערונג און דערענדיגט די שיידונג צווישען אַגריקולטור און די דאָרפישע הויז־אינדוסטריען, אויסרייסענדיג זייערע וואָרצלען — די שפּינערייען און וועבעריי.[236] זי עראָבערט דעריבער אויך צום ערשטען מאָל פאַר׳ן אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל דעם גאַנצען אינלענדישען מאַרק.[237]

---

ארויסגעהויבען פון דער דעגראַדאַציע, אין וועלכער זי איז געווען פערזונקען אונטער די טודאָרס.

[236] טאַקעט ווייס, אַז די מאָדערנע וואָל־אינדוסטריע איז ארויסגעקומען פון די אייגענטליכע מאַנופאַקטורען און פון דער צערשטערונג פון דער דאָרפישער אָדער הויזליכער מאַנופאַקטור, מיט דער איינפיהרונג פון דער מאַשינעריע. (זעה זיין אויבען־דערמאַנטען ווערק.) „דער פלוג, דער יאָך־געשפאַן זיינען געווען די ערפינדונג פון געטער און די בעשעפטיגונג פון העלדען; זיינען וועבשטוהל, שפּינדעל און שפּינראַד פון אַ ווענינגער עדעלער אבשטאַמונג? איהר טיילט פאַנאַנדער דעם שפּינראַד און דעם פלוג, די שפּינדעל און דעם יאָך־געשפאַן, און איהר בעקומט פאַבריקען און באַגאַדעלנעס, קרעדיט און קריזיסען, צוויי פיינדליכע נאַציאָנען, אַגריקולטורעלע און קאָמערציעלע.” (דייוויד אורקהאַרט, „פאַמיליאַר וואָרדס,” ז. 122.) איצט קומט אַבער קארעי און קלאָגט אָן ענגלאַנד — זיכער ניט מיט אונרעכט — אַז זי שטרעבט צו פערוואַנדלען יעדעס אַנדער לאַנד אין אַ בלויז אַגריקולטור־לאַנד, פאַר וועלכען ענגלאַנד זאָל זיין דער פאַבריקאַנט. ער בעהויפּטעט, אַז טערקיי איז אויף דעם אופן רואינירט געוואָרן, ווייל „די אייגענטימער און בעאַרבייטער פון׳ם באָדען זיינען גיט ערלויבט געוואָרן (דורך ענגלאַנד) זיך אַליין צו שטאַרקען דורך דער נאַטירליכער פעראייניגונג צווישען דעם פלוג און דעם וועבשטוהל, דעם האַמער און דער בראָניע.” („דהי סלייוו טרייד,” ז. 125.) לויט זיין מיינונג איז אורקהאַרט גופא איינער פון די הויפּט־אַגענטען פון טערקיי׳ס חורבן, וואו ער האָט אָנגעטריבען די פּראָפּאַגאַנדאַ פון פרייהאַנדעל אין די אינטערעסען פון ענגלאַנד. דאָס בעסטע דערביי איז, וואָס קארעי, אַגב אורחא אַ גרויסער רוסען־קנעכט, וויל פערהינדערן דעם דאָזיגען שיידונגס־פּראָצעס דורך דעם סיסטעם פון שוץ־טאַריף, וועלכער טרייבט דעם דאָזיגען פּראָצעס נאָך מעהר אָן.

[237] די פילאַנטראָפּישע ענגלישע עקאָנאָמען, ווי מיל, ראָדזשערס, גאָלד־

## 6. די ענטשטעהונג פון דעם אינדוסטרי־עלען קאַפּיטאַליסט.

דער וואוקס פון דעם אינדוסטריעלען[238] קאַפּיטאַליסט איז ניט פאָרגעקומען אויף דעמזעלביגען פּאַמעלאַכדיגען אופן, ווי דער וואוקס פון דעם ארענדאַטאָר. בלי ספק האָבען מאַנכע קליינע צעך־מייסטערס און נאָך מעהר, זעלבסטשטענדיגע קליינע האַנד־ווערקער, אָדער אַפילו לוין־אַרבייטער, זיך פערוואַנדעלט אין אָנ־פאַנג אין קליינע, ארויסשפּראָצענדיגע (ווערדענדע) קאַפּיטאַליס־טען, און דערנאָך, דורך ביסלעכווייז אַלץ ווייטערער עקספּלואַ־טאַציע פון לוין־אַרבייטער און אַלץ גרעסערער אַקומלאַציע, אין פאָלשטענדיגע קאַפּיטאַליסטען. אין דער קינדהייטס־פּעריאָדע פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן האָט עס אָפט פּאַסירט ווי אין דער קינדהייטס־פּעריאָדע פון די מיטעלאַלטערליכע שטעדט, וואו די פראַגע, ווער פון די אַנטלאָפענע לייבאייגענע זאָל זיין דער האַר און ווער דער דיענער, איז גרעסטענטיילס בעשלאָסען געוואָרן דורך דעם פריהערדיגען אָדער שפּעטערדיגען דאַטום ווען זיי זייַנען אַנטלאָפען געוואָרן. דער לאַנגזאַמער גאַנג פון אָט דער מעטאָדע האָט אויף קיין אופן זיך ניט געפּאַסט צו די האַנדעלס־נויטען פון דעם נייעם וועלט־מאַרק, וועלכען די גרויסע ענטדעקונגען פון 15טען י. ה. האָבען געשאַפען. אָבער דער מיטעלאַלטער האָט אַריבערגעבראַכט צוויי פערשיידענע פאָרמען פון קאַפּיטאַל, וועלכע וואַקסען אויס אין די פערשיידענסטע עקאָנאָמישע געזעלשאַפט־פאָרמאַציעס, און פאַר דער ערא פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָ־

---

וויז סמיטה, פאַסעט א. אז. וו., און ליבעראַלע פאַבריקאַנטען, ווי דזשאָהן ברייט און זיינע חברים, פרעגען די ענגלישע לאַנד־אַריסטאָקראַטען, אזוי ווי גאָט האָט געפרעגט קין'ען אויף זיין ברודער הבל, וואו זיינען אונזערע טויזענדער „פריי־האַלדערס" [זעלבסטשטענדיגע פויערים] אהינגעקומען? אבער פון וואַנען זייט איהר דען ארויסגעקומען? פון דער פערניכטונג פון יענע „פריי־האַלדערס." ווארום פרעגט איהר ניט ווייטער, וואו זיינען אהינגעקומען די אונאַבהענגיגע וועבער, שפּינער, האַנדווערקער?

[238] אינדוסטריעל ווערט דא געברויכט אין געגענזאַץ צו אַגריקולטורעל. אין דעם „קאַטעגאַרישען" זין איז דער ארענדאַטאַר אַן אינדוסטריעלער קאַפּי־טאַליסט, אזוי גוט ווי דער פאַבריקאַנט.

דוקציאָנס־אופן גילטען אלס קאפיטאל בכלל — דער וואוכער־קאפּיטאל און דער סוחר'ישער קאפּיטאל.

„געגענוועדטיג,” זאָגט אַן ענגלישער שרייבער, וועלכער בע־טראַכט אָבער ניט די ראָליע פון דעם סוחר'ישען קאפּיטאל, „געהט דער גאַנצער רייכטום פון דער געזעלשאפט צוערשט אין די הענד פון דעם קאפּיטאליסט . . . ער צאָהלט דעם גרונד־אייגענטימער די רענטע, דעם ארבייטער זיין לוין, דעם שטייער־און צעהנטען־זאמלער וואָס ער מאָהנט, און לאָזט א גרויסען טייל, אין פאקט דעם גרעסטען און שטענדיג צו־וואקסענדען טייל פון דעם יעהר־ליכען פראָדוקט פון דער ארבייט פאר זיך אליין. דער קאפּיטאליסט קאָן איצט בעטראַכט ווערן אלס דער ערשטער אייגענטימער פון דעם גאַנצען געזעלשאפטליכען רייכטום, אָבוואויל קיין געזעץ האָט איהם קיין רעכט ניט געגעבען אויף דעם דאָזיגען אייגענטום. . . . אָט די ענדערונג אין דעם אייגענטום איז געקומען דורך נעהמען פּראָצענטען אויף קאפּיטאל . . . און עס איז גאַנץ מערקווירדיג, אז די געזעצגעבער פון גאַנץ אייראָפּא האָבען דאָס געוואָלט פער־הינדערן דורך געזעצען אַנטקעגען דעם וואוכער. . . . די מאַכט פון דעם קאפּיטאליסט איבערן גאַנצען רייכטום פון לאַנד איז א פאָל־שטענדיגע רעוואָלוציע אין דעם אייגענטומס־רעכט, און דורך וועל־כען געזעץ אָדער דורך וועלכער רייה פון געזעצען איז זי דורכגע־פיהרט געוואָרען?”[239] דער פערפאסער האָט געזאָלט געדענקען, אז רעוואָלוציעס ווערן ניט געמאַכט דורך געזעצען.

דער געלד־קאפּיטאל, וואָס האָט זיך פאָרמירט דורך וואוכער און האנדעל, איז פערהינדערט געוואָרן פון צו ווערן פערוואַנדעלט אין אינדוסטריעלען קאפּיטאל דורך דער פעאָדאלער קאָנסטיטו־ציע אויפ'ן לאַנד און דורך דער צעך־אָרגאַניזאציע אין די שטעדט.[240] אָט די שטערונגען זיינען פערשוואונדען מיט דער אויפלעזונג פון דער פעאָדאלער געזעלשאפט און מיט דער עקספּראָפּריאציע און

---

[239] "The Natural and Artificial Rights of Property Contrasted," London 1832, p. 98. דער פערפאסער פון אָט דער אנאָנימער שריפט איז Th. Hodgskin.

[240] אפילו נאָך אין יאהר 1794 האבען די קליינע געוואנט־מאַכער פון לידז געשיקט א דעפּוטאציע צום פּארלאמענט מיט א פּעטיציע פאר א געזעץ, וואָס זאל פערבאָטען יעדען סוחר צו ווערן א פאבריקאנט. (דר. אייקין, אין זיין אוי־בען ציטירטען ווערק, לאנדאָן 1795.)

טיילווייזער פעריאָגונג פון דער לאַנד־בעפעלקערונג. די נייע מאַ־נופאקטור איז אויפגעבויט געוואָרן אין די האפען־שטעדט, אָדער אין אינלענדישע פונקטען אויסערהאַלב דעם קאָנטראָל פון אַלטע מוניציפּאַליטעטען און זייער צעך־אָרגאַניזאַציע. דעריבער האָבען מיר געזעהן אין ענגלאַנד א ביטערן קאמף פון די „קאָרפּאָריי־טאונז" [די אַלטע פּריווילעגירטע שטעדט] אנטקעגען די נייע אינ־דוסטריעלע פלאַנץ־שוהלען.

די ענטדעקונג פון די גאָלד־און זילבער־לענדער אין אמערי־קאַ, די אויסראָטונג, פערשקלאַפונג און דאָס בעגראָבען פון דער איינגעבוירענער בעפעלקערונג אין די מינען, די אָנפאַנגענדע ער־אָבערונג און בערויבונג פון מזרח־אינדיען, די פערוואַנדלונג פון אַפריקא אין א פּלאַץ פאַר א האַנדעל־גנייעג אויף די שווארץ־הויי־טיגע — בעצייכענען דעם זונען־אויפגאַנג פון דער ערא פון קאַ־פּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. אָט די אידילישע פּראָצעסען זיי־נען די הויפּט־מאָמענטען פון דער אורשפּרינגליכער אקומולאַ־ציע. גלייך נאָך זיי קומט די קאָמערציעלע מלחמה פון די איי־ראָפּעאישע נאַציאָנען, מיט דעם גאַנצען ערד־קוגעל אַלס די אַרע־נאַ. זי פאַנגט זיך אָן מיט דעם אויפשטאַנד פון די נידערלענדער אַנטקעגען שפּאַניען, נעהמט אָן א ריעזיגען אומפאַנג אין ענג־לאַנד'ס אנטי־יאקאָבינער קריעג, און שפּיעלט זיך נאָך איצט אָב אין די רויב־צוגען, ווי למשל די אָפּיום־מלחמות אנטקעגען כינא א. אז. וו.

די פערשיידענע מאָמענטען פון דער אורשפּרינגליכער אקו־מולאַציע פערטיילען זיך, מעהר אָדער ווייניגער אין א כראָנאָלאָ־גישער אָרדנונג, דערהויפּט אויף שפּאַניען, פּאָרטוגאַל, האָלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד. אין ענגלאַנד ווערן זיי ביים סוף 17טען י. ה. סיסטעמאַטיש צוזאַמענגעפאַסט אין דעם קאָלאָניאַל־סיסטעם, אין דעם סיסטעם פון שטאַאַט־שולדען, אין דעם מאָדערנעם שטייער־סיסטעם און אין דעם שוץ־טאריף סיסטעם. די דאָזיגע מע־טאָדען זיינען טיילווייז געבויט אויף דער ברוטאַלסטער געוואַלט, ווי צום ביישפּיעל דער קאָלאָניאַל־סיסטעם. אַלע אָבער האָבען בענוצט די שטאַאַט־מאַכט — די קאָנצענטרירטע און אָרגאַניזיר־טע געוואַלט פון דער געזעלשאַפט — כדי צו פערשנעלערן ווי אין א טרייב־הויז דעם פערוואַנדלונג־פּראָצעס פון דעם פעאָדאַלען פּראָ־

דוקציאָנס־אופן אין דעם קאפיטאליסטישען און צו פערקירצען די איבערגאנג־צייטען. די געוואַלט איז דער געבורטס־העלפער פון יעדער אַלטער געזעלשאַפט, וועלכע איז שוואַנגער מיט א נייער געזעלשאַפט. זי גופא איז אַן עקאָנאָמישע מאַכט (פּאָטענץ).

וועגען דעם קריסטליכען קאָלאָניאַל־סיסטעם זאָגט א מאַן, וועלכער האָט דעם קריסטענטום געמאַכט פאַר זיין ספּעציאַליטעט — וו. האָוויט: „די באַרבאַרייען און שרעקליכע גרוילטהאַטען פון די אזויגערופענע קריסטליכע ראַסען, אין יעדער געגענד פון דער וועלט און אנטקעגען יעדען פּאָלק, וואָס זיי האָבען געקאָנט אונטעריאָכען, געפינען צו זיך קיין גלייכען ניט אין וועלכען עס איז צייטאַלטער פון דער וועלט־געשיכטע, ביי וועלכער עס איז ראַסע, ווי ווילד און אונגעבילדעט, ווי גרויזאַם און אונפערשעהמט זי זאָל ניט זיין.״[241] די געשיכטע פון דער האָלענדישער קאָלאָניאַל־ווירטשאַפט — און האָלאַנד איז געווען די קאַפּיטאַליסטישע מוסטער־נאַציאָן פון דעם 17טען יאָהרהונדערט — „דעקט אויף אַן אונאיבערטרעפליך בילד פון פעררעאַט, אונטערקויפונג, מאָרד און נידערטרעכטיגקייט.״[242] קיין זאַך איז ניט אזוי כאַראַקטעריסטיש ווי איהר סיסטעם פון גנב׳נען מענשען אין צעלעבעס כדי צו קריגען שקלאַווען פאַר יאַוואַ. די מענשען־גנבים זיינען אויסגעלערנט געוואָרן פאַר דעם צוועק. דער גנב, דער דאָלמעטשער און דער פערקויפער זיינען געווען די הויפּט־אַגענטען אין דעם דאָזיגען האַנדעל, די איינגעבוירענע פּרינצען זיינען געווען די הויפּט־פערקויפער. די אָנגע׳גנב׳טע יונגע מענשען זיינען אַריינגעוואָרפען געוואָרן אין די געהיימע טורמעס פון צעלעבעס, ביז זיי זיינען גרייט געוואָרן פערשיקט צו ווערן אויף די שקלאַווען־שיפען. אַן אָפיציעלער בעריכט זאָגט: „אָט די איין שטאָדט

---

[241] Wm. Howitt, "Colonization and Christianity etc." London 1838, p. 9.

וועגען דער בעהאנדלונג פון די שקלאווען איז א גוטע קאמפילאציע צוזאמענגעשטעלט געווארן פון שארל קאנט: "Traite de la Legislation." בריסעל 1837. מען מוז דעם דאזיגען מאטעריאל שטודירן, כדי צו זעהן, וואס דער בורזשוא מאכט פון זיך און פון דעם ארבייטער, וואו ער קאן אונזשענירט געשטאלטען די וועלט נאך זיין אייגענעם בילד.

[242] Thomas Stamford Raffles, "Java and its Dependencies," London 1817.

פון מאַקאַסאַר, צום ביישפּיעל, איז פול מיט געהיימע טורמעס, איינע שוידערליכער פאַר דער אַנדערער, וועלכע זיינען אָנגעפּראָפּט מיט עלענדע, קרבנות פון גייציגקייט און טיראַניי, געשמידט אין קעטען, מיט געוואַלט אַוועקגעריסען פון זייערע פאַמיליען."
כדי צו פערכאַפּען מאַלאַקקאַ, האָבען די האָלענדער אונטערגעקויפט דעם פּאָרטוגעזישען גאָוורנאָר. ער האָט זיי אַריינגעלאָזט אין שטאָדט אין יאָהר 1641. זיי זיינען זאָפאָרט אַריינגעלאָפען צו איהם אין הויז און האָבען איהם ערמאָרדעט, כדי „אָבצוהאַלטען זיך" פון צו בעצאָהלען איהם די 21,875 פונט סט., דעם פּרייז פון זיין פעררראַט. וואו זיי האָבען נאָר אַריינגעשטעלט אַ פוס, איז געקומען אַ חורבן און אונטערגאַנג פון דער בעפעלקערונג. באַנזשואָוואַנגי, אַ פּראָווינץ פון יאַוואַ, האָט אין יאָהר 1750 געצעהלט אַריבער 80,000 איינוואוינער; אין 1811 זיינען נאָר געבליבען 8,000. אָט דאָס הייסט „דו קאָמערס" [זיסע קאָמערציע] !
די ענגלישע „איסט אינדיא קאָמפּאַני", ווי עס איז בעקאַנט, האָט בעקומען אַ חוץ די פּאָליטישע הערשאַפט אין מזרח־אינדיען, אויך דעם אויסשליסליכען מאָנאָפּאָל פון דעם טהעע־האַנדעל, אַזוי גוט ווי פון דעם כינעזישען האַנדעל בכלל, און אויך דעם טראַנספּאָרט־געשעפט פון און צו אייראָפּאַ. אָבער דעם ים־ברעג מסחר פון אינדיען און צווישען די אינזלען, ווי אויך דער אינלענדישער האַנדעל פון אינדיען, איז געוואָרן דער מאָנאָפּאָל פון די העכערע בעאַמטע פון דער קאָמפּאַניע. די מאָנאָפּאָלען פון זאַלץ, אָפּיום, בעטעל־פעפער און אַנדערע סחורות זיינען געווען אונאויסשעפּליכע מינען פון רייכטום. די בעאַמטע האָבען אַליין פעסטגעשטעלט דעם פּרייז און האָבען בערויבט דעם אומגליקליכען הינדו וויפיעל זייער הארץ האָט געגלוסט. דער גענעראַל־גאָווערנאָר האָט געהאַט אַ חלק אין דעם דאָזיגען פּריוואַט האַנדעל. זיינע פאַוואָריטען האָבען בעקומען קאָנטראַקטען אונטער בעדינגונגען, דורך וועלכע זיי האָבען קליגער ווי די אַלכעמיסטען געמאַכט גאָלד פון גאָרנישט. גרויסע פערמעגענס זיינען אַרויסגעשפּרונגען ווי שוועמלעך אין איין טאָג; די אורשפּרינגליכע אַקומולאַציע איז אָנגעגאַנגען ניט האָבענדיג אויסגעלעגט אַן איינציגען שילינג. די געריכטליכע פערפאָלגונג פון וואָרען הייסטינגס איז פול מיט אַזעל־

כע ביישפּיעלען. אָט איז איין פאַל. אַן אָפּיום קאָנטראַקט איז געגעבען געוואָרן צו אַ געוויסען סאַליוואַן אין דעם אויגענבליק, ווען ער איז אָבגעפאָהרן צוליעב אַן אָפיציעלען אויפטראַג אין אַ טייל פון אינדיען, וואָס איז געלעגען זעהר ווייט פון די אָפּיום־דיסטריקטען. סאַליוואַן האָט פערקויפט זיין קאָנטראַקט צו איי־נעם אַ געוויסען בינן פאַר 40,000 פונט סט.; בינן האָט דעם קאָנ־טראַקט פערקויפט דעמזעלבינגען טאָג פאַר 60,000 פונט סט., און דער לעצטער קויפער האָט דערקלערט, אז נאָך דעם אַלעם האָט ער אַרויסגעשלאָגען אַן אונגעהויערען ריוח. לויט איינעם פון די ליס־טען, וואָס זיינען פאָרגעלעגט געוואָרן פאַר'ן פּאַרלאַמענט, האָט די קאָמפּאַניע און איהרע בעאַמטע, פון 1757 ביז 1766, זיך געלאָזט שענקען פון די אינדיער 6 מיליאָן פונט סטערלינג! צווישען 1769 און 1770 האָבען די ענגלענדער פאַבריצירט אַ הונגער־צושטאַנד דורכדעם, וואָס זיי האָבען אָבגעקויפט די גאַנצע רייז פון לאַנד און האָבען עס ניט געוואָלט צוריק פערקויפען סיידען פאַר פאַבעלהאַפ־טיגע פרייזען.[243]

די בעהאַנדלונג פון די איינגעבוירענע איז נאַטירליך געווען די שוידערליכסטע אין די פּלאַנטאַציעס, וואָס זיינען געווען בע־שטימט בלויז פאַר דעם עקספּאָרט־האַנדעל, דהיינו וועסט־אינדיען און אין די רייכע און געדיכט־בעפעלקערטע לענ־דער, ווי מעקסיקאָ און אָסט־אינדיען, וועלכע זיינען איבערגעגע־בען געוואָרן צו רויב און מאָרד. אָבער אפילו אין די ריכטיגע קאָ־לאָניעס האָט זיך ניט פערלייקענט דער קריסטליכער כאַראַקטער פון דער אורשפּרינגליכער אַקומולאַציע. יענע ניכטערע ווירטו־אָזען פון דעם פּראָטעסטאַנטיזם, די פּוריטאַנער פון ניו־ענגלאַנד, האָבען אין יאָהר 1703, דורך בעשלוסען פון זייער „אַסעמבלי" [געזעצגעבענדע פערזאַמלונג] בעשטימט אַ פּרעמיום פון 40 פונט סט. פאַר יעדען אינדיאַנישען סקאַלפּ און פאַר יעדען געפאַנגע־נעם רויט־הויטיגען; אין יאָהר 1720 האָבען זיי בעשטימט אַ

[243] אין יאָהר 1866 זיינען געשטאָרבען פון הונגער אין דער איינציגער פּראָווינץ אָריססאַ איבער אַ מיליאָן הינדוס. ניט קוקענדיג אויף דעם האָט מען געזוכט צו בערייכערן די אינדישע שטאַאט־קאַסע דורך די פּרייזען, מיט וועלכע מען האָט פערקויפט די לעבענסמיטלען צו די פערהונגערטע מענשען.

פּרעמיום פון 100 פונט סט. פאַר יעדען סקאַלפּ; אין 1744, נאָכ־
דעם ווי מאַסאַטשוסעטס־בעי האָט דערקלערט אַ געוויסען שטאַם
אַלס רעבעלען, זיינען געווען פאָלגענדע פּרייזען: פאַר אַ מאַן'ס
סקאַלפּ פון 12 יאָהר און עלטער 100 פונט סט. (אין ניי געלד),
פאַר מענליכע געפאַנגענע 105 פונט סט., פאַר געפאַנגענע ווייב־
בער און קינדער 55 פונט סט., פאַר די סקאַלפּס פון ווייבער און
קינדער 500 פונט סטערלינג! עטליכע צעהנדליג יאָהר שפּעטער
האָט דער קאָלאָניאַל־סיסטעם נקמה גענומען פון דעם דור, וואָס
האָט אָבגעשטאַמט פון די פרומע „פּילגרים" פאָטערס, וועלכע זיי־
נען אונטער דער צייט געוואָרן רעבעליש. אונטער ענגלישע אָנ־
רייצונג און פאַר ענגלישען געצאָהלט זיינען זיי „טאָמאַהאָוקד" גע־
וואָרן פון די רויט־הויטיגע. דער בריטישער פּאַרלאַמענט האָט
דערקלעהרט, אַז בלוט־הינט און סקאַלפּירן זיינען „מיטלען, וועלכע
גאָט און נאַטור האָבען אַריינגעגעבען אין זיינע הענד."

דער קאָלאָניאַל־סיסטעם האָט צייטיג געמאַכט האַנדעל און
נאַוויגאַציע ווי אַ טרייב־הויז. די „געזעלשאַפטען מאָנאָפּאָליאַ"
(לוטהער) זיינען געווען מעכטיגע הויבשטאַנגען פאַר דער קאָנ־
צענטראַציע פון קאַפּיטאַל. די קאָלאָניען האָבען געזיכערט אַן אָב־
זאַץ־מאַרק פאַר די שפּראַצענדע מאַנופאַקטורען, און דורך דעם
מאָנאָפּאָל פון מאַרק — אַ פערגרעסערטע אַקומולאַציע. **די אוצרות,**
וואָס זיינען אָנגערויבט געוואָרן אויסערהאַלב אייראָפּאַ **דורך** די־
**רעקטער** גזילה, פערשקלאַפונג און רויב־מאָרד, זיינען געפלאָסען
צוריק צו דער מוטער־לאַנד און האָבען זיך דאָ פערוואַנדעלט אין
קאַפּיטאַל. האָלאַנד, וואָס האָט צוערשט פאָלשטענדיג ענטוויקעלט
דעם קאָלאָניאַל־סיסטעם, איז שוין אין יאָהר 1648 געשטאַנען
אויפ'ן הויכפּונקט פון איהר האַנדעלס־גרויסקייט. זי האָט גע־
האַט „כמעט אין איהר אויסשליסליכען בעזיץ דעם אָסט־אינדישען
האַנדעל און דעם פערקעהר צווישען דעם אייראָפּעאישען דרום־
מערב און צפון־מזרח. איהרע פישערייען, איהר מאַרין, איהרע
מאַנופאַקטורען האָבען אַריבערגעשטיגען יעדען אַנדערן לאַנד. די
קאַפּיטאַלען פון דער רעפּובליק זיינען אפשר געווען בעדייטענדער
איידער די קאַפּיטאַלען פון דעם איבעריגען אייראָפּאַ צוזאַמענגענו־
מען." גוליך פערגעסט צוצולעגען, אַז די פאָלקס־מאַסען אין
האָלאַנד זיינען שוין אין 1648 געווען מעהר איבערגעאַרבייט, פער־

אָרימטער און ברוטאַלער אונטערדריקט איידער די פעלקער־מאַסען פון דעם איבעריגען איירָאפּאַ צוזאַמענגענומען.

היינט צו טאָג ברענגט די אינדוסטריעלע פאָרהערשאַפט מיט זיך די קאָמערציעלע פאָרהערשאַפט. אין דער אייגענטליכער מאַנופאַקטור־פעריאָדע גיט פערקעהרט די קאָמערציעלע פאָרהערשאַפט אַ אינדוסטריעלע פאָרהערשאַפט. דערפון נעהמט זיך די איבערוויגענדע ראָליע, וואָס דער קאָלאָניאַל־סיסטעם האָט דאַמאָלסט געשפּיעלט. ער איז געווען „דער פרעמדער גאָט," וועלכער איז ארויפגעקראָכען אויפ'ן מזבח נעבען די אַלטע געצען פון איירָאפּאַ און האָט זיי איין שעהנעם טאָג געגעבען עטליכע גוטע קלעפּ און אַריבערגעוואָרפען איבער'ן פּאַרקאַן. ער האָט פּראָקלאַמירט די מעהרווערטה־מאַכעריי אַלס דעם לעצטען און איינציגען צוועק פון דער מענשהייט. ער איז געווען דער געבורטפּלאַץ פון דעם מאָדערנעם סיסטעם פון שטאַאַט־שולדען און קרעדיט.

דער סיסטעם פון עפענטליכען קרעדיט, דאָס הייסט פון שטאַאַט־שולדען, וועמעס אורשפּרונג מיר געפינען אין גענוא און ווענעדיג שוין אין מיטעלאַלטער, האָט אין דער מאַנופאַקטור־פעריאָדע פערכאַפּט גאַנץ איירָאפּאַ. דער קאָלאָניאַל־סיסטעם מיט זיין ים־האַנדעל און קאָמערציעלע מלחמות האָט געדיענט פאַר דעם קרעדיט־סיסטעם ווי אַ טרייב־הויז. אָט אַזוי האָט ער זיך צוערשט איינגעפעסטיגט אין האָלאַנד. די שטאַאַט־שולד, דאָס הייסט דעם שטאַאַט'ס אָבגעבען זיך — סיי ער איז דעספּאָטיש, קאָנסטיטוציאָנעל אָדער רעפּובליקאַניש — דריקט אַרויף איהר שטעמפּעל אויף דער קאַפּיטאַליסטישער ערא. דער איינציגער טייל פון דעם אַזויגערופענעם נאַציאָנאַל־רייכטום, וואָס געהט ווירקליך אַריין אין דעם קאָלעקטיוו־בעזיץ פון די מאָדערנע פעלקער, איז — זייער שטאַאַט־שולד.*[243] דעריבער איז טאַקע גאַנץ קאָנזעקווענט די מאָדערנע לעהרע, אַז אַ פאָלק איז אַלץ רייכער, וואָס טיעפער עס פערשולדיגט זיך. דער עפענטליכער קרעדיט

---

*[243] וויליאם קאָבבעט בעמערקט, אַז אין ענגלאַנד ווערן אַלע עפענטליכע אינסטיטוציעס בעצייכענט אַלס „קעניגליכע"; אַלס פערגיטיגונג דערפאַר איז אָבער דאָ די „נאַציאָנאַל"־שולד (National Debt).

ווערט די קרעדאַ [די אמונה] פון דעם קאפּיטאַל. און מיט דעם ענטשטעהען פון דער שטאַאט־פערשולדונג האָט די עבירה פון ניט זיין געטריי דעם שטאַאט־שולד פערנומען דעם פּלאַץ פון דער לעס־טערונג פון דעם הייליגען גייסט, פאר וועלכער עס איז ניטאָ קיין כפרה.

די עפּענטליכע שולד ווערט איינער פון די העכסטע ענערגי־שע הויבשטאַנגען פון דער אורשפּרינגליכער אקומולאַציע. אזוי ווי מיט א קלאַפּ פון דעם צויבער־שטעקעלע בעשענקט זי דאָס אונפּראָדוקטיווע געלד מיט א שאַפונגס־קראַפט און פערוואַנדעלט עס אויף דעם אופן אין קאפּיטאַל, ניט האָבענדיג אפילו נויטיג אויס־צוזעצען זיך צו דער טרחה און ריזיקע, וואָס איז אַלעמאָל פער־בונדען מיט אריינלעגען געלד אין דער אינדוסטריע אָדער אפילו אין פּריוואַטען וואוכער. די שטאַאט־קרעדיטאָרען גיבען אין דער ווירקליכקייט גאָרנישט, וואָרים די געליהענע סומע ווערט פער־וואַנדעלט אין עפּענטליכע שולד־פּאַפּיערען, וועלכע זיינען עובר לסוחר [לייכט נעגאָציאַבעל], און פונקציאָנירן אין זייערע הענד פּונקט ווי זיי וואָלטען געווען מזומן געלד. אָבער שוין אויסלאָ־זענדיג פון בעטראַכט דעם קלאַס לעדיג־געהענדע רענטיערס, וואָס ווערן דורכדעם געשאַפען, ווי אויך דעם איבערנאַכט־אויסגעוואַק־סענעם רייכטום פון די פינאַנציערען, וואָס שפּיעלען די ראָליע פון מעקלער צווישען דער רעגירונג און דעם פאָלק — אָבגעזעהן אויך פון די שטייערן־ארענדאַטאָרס, סוחרים, פּריוואַט־פאַבריקאַנטען, פאר וועמען א גוט שטיק פון יעדער נאַציאָנאַלער הלואה דיענט ווי א פון הימעל ארונטערגעפאַלענער קאפּיטאַל — האָט די שטאַאט־שולד ארויסגעבראַכט די אקציען־געזעלשאַפטען, דעם האַנדעל מיט נעגאָציאַבלע ווערטה־פּאַפּיערען פון אַלערליי סאָרטען, געוואַגטע ספּעקולאַציעס, אגיאָטאַזש [דאָס הויבען און וואַרפען דעם פּרייז פון די אקציעס אויף דער בערזע], מיט איין וואָרט: דעם בער־זען־שפּיעל און די מאָדערנע באַנקאָ־קראַטיע.

פון זייער געבורט אָן זיינען די גרויסע באַנקען, וואָס זיינען דעקאָרירט מיט נאַציאָנאַלע טיטולען, געווען בלויז געזעלשאַפטען פון פּריוואַטע ספּעקולאַנטען, וועלכע האָבען זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די רעגירונגען, און א דאַנק די פּריווילעגיען, וואָס זיי האָבען בעקומען, זיינען זיי געווען אימשטאַנד אויסצולייהען

געלד צו די רעגירונגען. עס איז דעריבער ניטאָ קיין ריכטיגערע מאָס, מיט וואָס צו מעסטען דאָס אָנוואקסען פון די נאַציאָנאַלע שולדען, ווי דאָס כסדר׳דיגע שטייגען פון די אַקציעס פון די דאָזיגע באַנקען, וועלכע האָבען זיך פאַלשטענדיג ענטוויקעלט פון דער צייט אָן, וואָס די „באַנק אָוו ענגלאַנד" איז געגרינדעט געוואָרען (1694). די באַנק אָוו ענגלאַנד האָט אָנגעפאַנגען דערמיט, וואָס זי האָט געליהען דער רעגירונג געלד אויף 8 פּראָצענט, און אין דער־זעלביגער צייט האָט דער פּאַרלאַמענט איהר געגעבען דאָס רעכט צו מינצען געלד פון דעמזעלביגען קאַפּיטאַל, דורכדעם וואָס זי האָט עס נאָכאַמאָל פערליהען דעם פּובליקום אין דער פאָרם פון באַנק־נאָטען. זי האָט געמעגט מיט די דאָזיגע נאָטען דיסקאָנ־טירן וועקסלען, אויסלייהען געלד אויף פערקויפטע סחורות און איינקויפען די עדעלע מעטאַלען. עס האָט לאַנג ניט געדויערט, ווי דאָס דאָזיגע קרעדיט־געלד, וואָס זי האָט אַליין פאַבריצירט, איז געוואָרן די מינץ, אין וועלכע די באַנק אָוו ענגלאַנד האָט גע־מאַכט אַנלייהען צו דעם שטאַאט גופא און האָט געצאָהלט פאַר׳ן שטאַאט די צינזען פון די עפענטליכע שולדען. ניט גענוג, וואָס זי האָט מיט איין האַנד געגעבען, כדי מיט דער אַנדער האַנד מעהר צוריקצונעהמען, איז זי נאָך געבליבען, אפילו בעת זי האָט גענו־מען, די אייביגע קרעדיטאָרין פון דער נאַציאָן ביז צום לעצטען שילינג, וואָס זי האָט אויסגעלעגט. ביסלעכווייז איז זי געוואָרן די אונפערמיידליכע קאַסע פון די מעטאַל־אוצרות פון לאַנד און דער מיטעלפּונקט, אַרום וועלכען דער גאַנצער האַנדעלס־קרעדיט דרעהט זיך. אַרום דערזעלביגער צייט, וואָס מען האָט אויפגע־הערט אין ענגלאַנד צו פערברענען מכשפות, האָט מען דאָרטען אָנ־געהויבען צו הענגען די, וואָס מאַכען פאַלשע באַנקנאָטען. וואָס פאַר א ווירקונג דאָס אויפקומען מיט איין מאָל פון דער דאָזיגער כאַלאַסטרע פון באַנקאָ־קראַטען, פינאַנציערען, רענטיערס, מעקלער, ספּעקולאַנטען און בערזען־וועלף, האָט געמאַכט אויף זייערע מיט־מענשען פון יענער צייט, בעווייזען די שריפטען פון יענער פּעריאָ־דע, צום ביישפּיעל באָלינגבראָוקס.**[243]

---

**[243] „ווען די טאַרטאַרען וואָלטען היינט פערפלייצט אייראָפּא, וואָלט עס געווען צימליך שווער זיי צו מאַכען בעגרייפען, וואָס דאָס איז ביי אונז א

צוזאַמען מיט די שטאַאַט־שולדען איז ענטשטאַנען אַ אינ־טערנאַציאָנאַלער קרעדיט־סיסטעם, וועלכער האָט גאַנץ אָפט פער־דעקט איינעם פון די קוועלען פון דער אורשפּרינגליכער אַקומו־לאַציע ביי איין פאָלק אָדער אַנאַנדערן. אַט אַזוי האָבען די געמיינ־הייטען פון דעם ווענעציאַנישען רויב־סיסטעם געשאַפען אַזאַ פער־באָרגענע גרונדלאַגע פון דעם קאַפּיטאַל־רייכטום אין האָלאַנד, וועמען די אונטערגעהענדע ווענעדיג האָט געליהען גרויסע סומען געלד. פּונקט דיזעלביגע שייכות איז אויך געווען צווישען האָלאַנד און ענגלאַנד. שוין אין אָנהויב פון 18טען יאָהרהונדערט זיינען די מאַנופאַקטורען פון האָלאַנד ווייט אריבערגעשטיגען גע־וואָרן, און זי האָט אויפגעהערט צו זיין די הערשענדע האַנדעל־און אינדוסטריע־נאַציאָן. איינס פון איהרע הויפּט־געשעפטען, פון 1701 ביז 1776, ווערט דעריבער דאָס אויסלייהען פון אונגעהויערע קאַפּיטאַלען, ספּעציעל צו איהר איבערמעכטיגען קאָנקורענט ענגלאַנד. עהנליכעס קומט איצט פאָר צווישען ענגלאַנד און די פעראייניגטע שטאַאַטען. מאַנכער קאַפּיטאַל, וואָס טרעט אַרויס אין די פעראייניגטע שטאַאַטען אָהן אַ געבורטשיין, איז ערשט נעכטען קאַפּיטאַליזירט געוואָרן אין ענגלאַנד פון קינדער־בלוט.

אַזוי ווי די שטאַאַט־שולדען שטיצען זיך אויף די שטאַאַט־הכנסות, וועלכע מוזען דעקען די יעהרליכע צינזען און אַנדערע צאָהלונגען, איז דער מאָדערנער סיסטעם פון שטייערן געוואָרן אַ נויטווענדיגע ערגענצונג פון דעם סיסטעם פון נאַציאָנאַלע אָנ־לייהען. די אָנלייהען גיבען דער רעגירונג די מעגליכקייט צו מאַ־כען אויסערגעוועהנליכע אויסגאַבען, וועלכע דער שטייערן־צאָה־לער פיהלט ניט גלייך, אָבער די אויסגאַבען פאָדערן דאָך העכערע שטייערן שפּעטער. פון דער אַנדער זייט צווינגען די הויכע שטיי־ערן, וואָס זיינען פעראורזאַכט געוואָרן דורך די כסדר־געמאַכטע שולדען, שטענדיג אויפצונעהמען נייע אָנלייהען ביי יעדע נייע אויסערגעוועהנליכע אויסגאַבען. דער מאָדערנער פינאַנץ־סיסטעם פון שטאַאַט, וואָס זיין דרעה־אַקס זיינען די שטייערן אויף די נויטיגסטע לעבענסמיטלען (פערהעכערענדיג דערמיט זייער פּרייז),

---

פינאַנץ־מאַן." (מאָנטעסקיו, „עספּרי דע לוא," לאָנדאָן אויסגאַבע, 1769, באַנד 4, ז. 33.)

טראָגט דעריבער אין זיך אַליין דאָס זוימען־קערענדעל פון אַ אווי־
טאָמאַטישען וואקסען. די צו־שווערע בעשטייערונג איז ניט אַ
צופאַל, נאָר ריכטיגער אַ פּרינציפּ. אין האָלאַנד, וואו דער דאָזי־
גער סיסטעם איז צוערשט איינגעפיהרט געוואָרן, האָט דעריבער
דער גרויסער פּאַטריאָט דע וויטט דאָס געלויבט, אין זיינע „מאַק־
סימען" [לעבענס־כּללים], אַלס דעם בעסטען סיסטעם, כּדי צו
האַלטען דעם לוין־אַרבייטער אונטערטעניג, שפּאָרזאַם, פלייסיג
און . . . איבערלאָדען מיט אַרבייט. דער צערשטערענדער איינ־
פלוס, וואָס אָט דער סיסטעם איבט אויס אויף די לוין־אַרבייטער
גופא, אינטערעסירט אונז דאָ אין דעם מאָמענט ווייניגער, איידער
די געוואַלטזאַמע עקספּראָפּריאַציע פון דעם פויער, דעם האַנדווער־
קער און אין קורצען, פון אַלע בעשטאַנדטיילען פון דעם נידעריי־
גען מיטעלקלאַס, וואָס קומט אַלס רעזולטאַט דערפון. וועגען דעם
זיינען ניטאָ קיין צוויי מיינונגען אפילו ביי די בורזשואַזע עקאָ־
נאָמיסטען. זיין עקספּראָפּריאירענדע ווירקזאַמקייט ווערט נאָך
פערשטאַרקט דורך דעם שוץ־טאַריף סיסטעם, וועלכער איז איינער
פון זיינע וויכטיגע טיילען.

די גרויסע ראָליע, וואָס די שטאַאַט־שולדען און דער מאָדער־
נער שטייערן־סיסטעם שפּילען ביי דער פערוואַנדלונג פון'ם געזעל־
שאַפטליכען רייכטום אין קאַפּיטאַל, ביי דער עקספּראָפּריאַציע פון
די זעלבסטשטענדיגע פּראָדוצירער און דער אונטערדריקונג פון
די לוין־אַרבייטער, האָט פערפיהרט פיעלע שרייבער, ווי קאָבעטט,
דאָבלדעי און אַנדערע, צו זוכען אין דעריין די גרונד־אורזאַך פון
דעם גאַנצען מאָדערנעם פאָלקס־עלענד.

דער סיסטעם פון „פּראָטעקציאָן" [שוץ־טאַריף] איז געווען
אַ קינסטליכער מיטעל צו פאַבריצירן פאַבריקאַנטען, צו עקס־
פּראָפּריאירן אונאָבהענגיגע אַרבייטער, צו קאַפּיטאַליזירן די נאַ־
ציאָנאַלע פּראָדוקציאָנס־ און לעבענס־מיטלען, צו פערקירצען מיט
געוואַלט דעם איבערגאַנג פון דעם אַלטערטימליכען אין דעם מאָ־
דערנעם פּראָדוקציאָנס־אופן. די אייראָפּעאישע שטאַאַטען האָבען
זיך אַרומגעריסען וועגען דעם פּאַטענט פון דער דאָזיגער ערפינ־
דונג, און וויבאַלד ער איז אַריינגעטראָטען אין דיענסט פון די
מעהרווערטה־מאַכער, האָבען זיי פאַר דעם צוועק געשונדען די
הויט ניט בלויז פון דעם אייגענעם פאָלק, אינדירעקט דורך שוץ־

אבצאהלונגען און דירעקט דורך עקספארט־פרעמיען א. אז. וו. זיי האבען מיט געוואלט אויסגעוואָרצעלט אלע אינדוסטריען אין זייערע אבהענגיקע לענדער, ווי ענגלאנד האט צום ביישפּיעל געטאן מיט דער איירישער וואָל־מאנופאקטור. אויף דעם אייראפּעאישען קאנטינענט איז דער פּראצעס, לויט קאלבערט׳ס ביישפּיעל, נאך זעהר פּערא‏יינפאכט געוואָרן. דער אורשפּרינגליכער קאפּיטאל פון די אינדוסטריעלע איז דא טיילווייז געקומען דירעקט פון דער שטאאט־קאסע. „צו וואס דארף מען געהן אזוי ווייט זוכען — שרייט אוים מיראבא — די אורזאך פון זאקסען׳ס מאנופאקטור גלאנץ פאר דעם זיבען יאהריגען קריעג? 180 מיליאן שטאאט־שולדען!"[244]

קאלאניאל־סיסטעם, שטאאט־שולדען, שווערע שטייערן, פּראטעקציאן, קאמערציעלע מלחמות א. אז. וו. — אט די יונגע שפּראצונגען פון דער אייגענטליכער מאנופאקטור־פּעריאדע, זיינען ריעזיג אויסגעוואקסען אין פערלויף פון דער קינדער־פּעריאדע פון דער גרוים־אינדוסטריע. די געבורט פון דער גרוים־אינדוסטריע ווערט געפּייערט דורך א גרויסער אויסשלאכטונג פון די אומשולדיגע. אזוי ווי די קיניגליכע פלאטע, אזוי קריגען די פאבריקען זייערע רעקרוטען דורך דער מעטאדע פון כאפּען. סער פ. מ. עדען, וועלכער איז אזוי הארטהערציג אנטקעגען די שרעקליכקייטען פון דער עקספּראפּריאציע, וואס האט אוועקגערויבט דעם גרונד און באדען פון דער לאנד־בעפעלקערונג זינט דעם לעצטען דריטעל פון 15טען י. ה. ביז צו זיין צייט, דעם סוף פון 18טען י. ה.; וועלכער גראטולירט מיט אזא זעלבסט־געפעליגקייט דעם דאזיגען פּראצעס, וואס איז „נויטווענדיג," כדי איינצופיהרן די קאפּיטאליסטישע אגריקולטור און „די ריכטיגע פּראפּארציע צווישען אקער־לאנד און פוטער־פעלדער" — ווייזט דאגעגען ניט ארוים דיזעלביגע עקאנאמישע איינזיכט אין דער נויטווענדיגקייט פון דעם קינדער־רויב און קינדער־שקלאווערייי פאר דער פערוואנדלונג פון דעם מאנופאקטור־בעטרייב אין דעם פאבריק־בעטרייב און פאר דער איינפיהרונג פון דער ריכטיגער שייכות צווישען קאפּיטאל און ארבייט־קראפט.

[244] מיראבא, „וועגען דער פּרייסישער מאנארכיע" (פראנצויזיש). לאנדאן, 1788, באנד 6, ז. 101.

ער זאגט: „עס איז אפשר כדאי דאס פובליקום זאל זיך פער־טראכטען, צי וועלכע עס איז אינדוסטריע, וואס פאדערט פאר איהר ערפאלג זי זאל אוועק׳גנב׳נען ארימע קינדער פון די קא־טעדזשעס און ווארקהאוזעס; וואס פאדערט זי זאל זיי האלטען שיכטענווייז ביי דער ארבייט כמעט גאנצע נעכט און זיי בערויבען פון דעם אבּרוהה, וואס איז אזוי נויטיג פאר אלעמען און נאך מעהר פאר קינדער; וואס פאדערט, אז מאסען ארבייטער פון ביידע געשלעכטער, פון פערשיידענע עלטערס און נייגונגען, זאלען אזוי צוזאמענגעווארפען ווערן אינאיינעם, אז די אנשטעקונג פון שלעכטע ביישפיעלען מוז פיהרען צו פערדארבענקייט און אויס־געלאסענקייט — צי אט אזא אינדוסטריע קאן פערמעהרן די סומע פון אינדיווידועלען אדער נאציאנאלען גליק?"[245]

„אין דערבּישיר, נאטינגהאמשיר און בעזונדערס אין לאנ־קאשיר," זאגט פיעלדען, „איז די אונלענגסט ערפונדענע מאשינעריע אנגעווענדעט געווארן אין גרויסע פאבריקען געבויט ביי די ברעג־טייכען, וואו דער שטראם האט געקאנט דרעהען די וואסער־ראד. טויזענדער הענד האבען זיך מיט אמאל געפאדערט אין די דא־זיגע פלעצער, וואס זיינען געווען ווייט פון שטעדט; ספּעציעל לאנקאשיר, וועלכע איז ביז יענער צייט פערגלייכמעסיג געווען שי־טער בעפעלקערט און ניט־פרוכטבאר, האט איצט מעהר ווי אלץ נויטיג געהאט א בעפעלקערונג. דערהויפּט האט מען געזוכט צו קריגען די קליינע און פלינקע פינגער. מיט איין מאל איז אויס־געוואקסען דער איינפיהר צו בעציהען לעהרלינגע (!) פון די פער־שיידענע קהלה־ווארקהאוזעס פון לאנדאן, בירמינגהאם און אנ־דערשוואו. פיעלע, פיעלע טויזענדער פון די דאזיגע קליינע הילפ־לאזע בעשעפינשען, פון 7 ביז 13 אדער 14 יאהר אלט, זיינען אזוי אריבערגעשיקט געווארן אין אט די צפון־געגענדען. דער מנהג איז געווען, אז דער מייסטער (ד. ה. דער קינדער־גנב) האט בע־דארפט זיינע לעהרלינגע קליידען, שפּייזען און לאזשירן אין א לעהרלינג־הויז נאהענט נעבען דער פאבריק. אויפזעהער זיינען בעשטעלט געווארן, אויפצופאסען אויף זייער ארבייט. עס איז געווען אין די אינטערעסען פון די דאזיגע שקלאווען־טרייבער צו

---

[245] עדען, „דהי סטייט אוו דהי פּור," בוך 2, קאפּיטעל 1, ז. 421.

מאַכען די קינדער ארבייטען ביז צום לעצטען גרעניץ, וואָרים זייער געצאָהלט איז אָבגעהאַנגען פון דעם סכום פּראָדוקטען, וואָס האָט געקאָנט ארויסגעפּרעסט ווערן פון יעדען קינד. גרויזאַמקייט איז געווען די נאַטירליכע פאָלגע. . . . אין א סך פאַבריק־דיסטריקטען, ספּעציעל אין לאַנקאַשיר, זיינען פּראַקטיצירט געוואָרן די האַרצ־רייסענדסטע ענוים אויף אַט די אומשולדיגע, פריינדליכע בעשע־פּענישען, וועלכע זיינען איבערגעגעבען געוואָרן צו די פאַבריק־מייסטערס. זיי זיינען געיאָגט געוואָרן צום טויט דורך צופיעל ארבייט . . . מען האָט זיי געשמיסען, געבונדען אין קעטען און געפּייניגט מיט די העכסט ראַפינירטע גרויזאַמקייטען . . . אין א סך פעלען זיינען זיי פערמאָרעט געוואָרן פון הונגער ביז הויט און ביין, בעת די בייטש האָט זיי געטריבען צו דער ארבייט. . . . אין איניגע פעלען זיינען זיי געטריבען געוואָרן צו בעגעהן זעלבסט־מאָרד! . . . די שעהנע און ראָמאַנטישע טאָלען פון דערבישיר, נאָטינגהאַמשיר און לאַנקאַשיר, ווייט פון די אויגען פון דער עפענטליכקייט, זיינען געוואָרן שוידערהאַפטע איינזאַמע תפיסות פון פּייניגונג און אָפט פון מאָרד! . . . די פּראָפיטען פון די פאַב־ריקאַנטען זיינען געווען אונגעהויער גרויס. דאָס האָט אָבער נאָר געררייצט זייערע וועלפעשיע אַפּעטיטען. זיי האָבען איינגעפיהרט די נאַכט־ארבייט; דאָס הייסט, נאָכדעם ווי זיי האָבען איין גרו־פּע הענד אויסגעמאַטערט דורך דער בייטאָגיגער ארבייט, האָבען זיי געהאַלטען גרייט אַנאַנדער גרופּע פאַר דער נאַכט־ארבייט. די טאָג־גרופּע האָט זיך געלעגט אין די בעטען, וואָס די נאַכט־גרופּע האָט אָקאָרשט פערלאָזען, און די נאַכט־גרופּע איז אריינגעקראָכען אין די בעטען, וואָס די טאָג־גרופּע האָט ערשט בעפרייט. עס איז א געוועהנליכע טראַדיציע אין לאַנקאַשיר, אַז די בעטען קיהלען זיך קיינמאָל ניט אָב.״[246]

מיט דער ענטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוק־ציאָן אין משך פון דער מאַנופאַקטור־פּעריאָדע האָט די עפענטלי־כע מיינונג פון אייראָפּא פערלאָרען דאָס לעצט ביסעל שאַנדע און איהר געוויסען. די נאַציאָנען האָבען זיך ציניש בעריהמט מיט יעדער אינפאַמיע, וועלכע האָט זיי נאָר געדיענט פאַר א מיטעל

[246] דזשאָהן פיעלדען: "The Curse of the Factory System." לאָנדאָן 1836,

פון קאפיטאל־אקומולאציע. לעזט צום ביישפיעל די נאאיווע האנ־דעלס־אנאלען פון דעם עהרווירדיגען א. אנדערסאן. עס ווערט דארט פאנאנדערגעפויקט אלס א נצחון פון דער ענגלישער שטאאט־חכמה, וואס אין דעם פריעדען פון אוטרעכט (1713) האט ענג־לאנד ארויסגעקריגען פון די שפאניער דורך דעם אזיענטא־פער־טראג די פריווילעגיע צו מעגען אנפירען דעם נעגער־האנדעל, וואס זי האט פריהער בעטריבען נאר צווישען אפריקא און דער ענגלי־שער וועסט־אינדיע, אויך צווישען אפריקא און דער שפאנישער אמעריקא. ענגלאנד האט דורכדעם געקריגען דאס רעכט צו בע־זארגען די שפאנישע אמעריקא ביז 1743 מיט 4800 נעגער א יאר. דאס האט אין דערזעלביגער צייט געגעבען אן אפיציעלען דעק־מאנטעל פאר דעם בריטישען האנדעל מיט קאנטרעבאנדע. ליי־

---

ז. 5 און 6. וועגען די גאר ערשטע שאנדטהאטען פון דעם פאבריק סיסטעם זעה דר. אייקין אין זיין איבען ציטירטען בוך, ז. 219, און גיסבארן'ס Enquiry into the Duties of them. 1795, באנד 2. — אזוי ווי די דאמף־מאשין האט אר בערבעזעצט די פאבריקען פון די וואסער־פאלען אויפ'ן לאנד אין מיטען פון די שטעדט, האט דער ענטזאגונגסלוסטיגער" מעהרווערטה־מאכער געפונען דעם קינדער־מאטעריאל גלייך ביים האנד און האט ניט בעדארפט זיך לאזען צושטעלער מיט געוואלט שקלאווען פון וואָרקהאוז. — ווען סער ר. פיעל (דער פאטער פון דעם „מיניסטער פון פלאוזיבליטעט") האט אריינגעבראכט זיין „ביל" צו בעשי־צען די קינדער (אין יאהר 1815), האט פראנסיס הארנער (דער מאור הגדול פון דעם ב ליאן־קאמיטעט און א אינטימער פריינד פון ריקארדא) געזאגט אין „האוז אוו קאממאנס": „עס איז אלגעמיין בעקאנט, אז אויף אן עפענטליכען אויספער־קויף פון די ווערטה זאכען פון א באנקראטירטער איז אנאנסירט געווארן צום פערקויף א באנדע, אויב ער מעג געברויכען אזא אויסדרוק, פאבריק־קינדער אלס א טייל פון דעם אייגענטום. פאר צוויי יאהרען (1813) איז פארגעקומען א העכסט אבשייליכער פאל פאר דעם „קינג'ס בענטש" (אויבער־געריכט). עס האט זיך גע־האנדעלט וועגען א געוויסער צאהל קליינע אינגלעך. א קירכען־קהלה פון לאנדאן האט זיי פערשאכערט צו א פאבריקאנט; דער פאבריקאנט האט זיי ווידער פער־שאכערט צו אנאנדערן. עליכע זיינען די קינדער ענטדעקט געווארן פון אייניגע וואוילטהעטיגע מענשען אין א צושטאנד פון אבסאלוטער פערהונגערונג. וועגען אנאנדער פאל, נאך א מנהר שוידערליכען, האט ער זיך דערוואוסט אלס מיטגליעד פון א פארלאמענטארישען אונטערזוכונגס־קאמיטעט. עטליכע יאהר צוריק האט א לאנדאנער קירכען־קהלה אבגעמאכט א קאנטראקט מיט א פאבריקאנט פון לאנקא־שיר, לויט וועלכען דער פאבריקאנט מוז אויף יעדע 20 געזונדע קינדער אננע־מען אין דער קויפ 1 אידיאט".

ווערפול איז פעט געוואָרן אויף דעם באזיס פון שקלאווען־האנדעל. דאָס איז געווען איהר מעטאָדע פון דער אורשפּרינגליכער אקומו־לאציע. און ביז דעם היינטיגען טאָג זיינען די ליווערפולער פּני דער פינדאר פון דעם שקלאווען־האנדעל, וועלכער האָט, לויט דער ציטירטער שריפט פון דר. אייקין פון יאָהר 1795, „דערהויבען דעם קאָמערציעלען אונטערנעהמונגס־גייסט ביז צו א ליידענשאפט, האָט געשאַפען בעריהמטע שיף־קאפּיטאנען און אריינגעבראכט אונ־געהויערע סומען געלד.‟ ליווערפול האָט אין יאָהר 1730 בעשעפ־טיגט 15 שיפען, אין 1751 — 53, אין 1760 — 74, אין 1770 — 96 און אין 1792 — 132 שיפען.

בעת די באוועל־אינדוסטריע האָט אין ענגלאנד איינגעפיהרט די קינדער־שקלאווריי, האָט זי אין דערזעלביגער צייט געגעבען אין די פעראייניגטע שטאאטען אַן אָנרעגונג פאר דער פערוואנדלונג פון דער פריהערדיגער מעהר אָדער ווייניגער פאטריארכאלישער שקלאַווען־ווירטשאפט אין א קאָמערציעלען סיסטעם פון עקספּלו־אטאציע. איבערהויפּט האָט די פערדעקטע שקלאווריי פון די לוין־ארבייטער אין איירָאָפּא געדארפט האָבען פאר איהר גרונד־לאַגע די ניט־פערדעקטע שקלאווריי אין דער נייער וועלט.[247]

טאנטאַע מאָלים עראַט [אַט אַזויפיעל מיה קאָסט עס] צו ענטבינדען די „אייביגע נאטור־געזעצען‟ פון דעם קאפּיטאַליס־טישען פּראָדוקציאָנס־אופן, דורכצופיהרען דעם צושיידונג־פּראָצעס צווישען די ארבייטער און די ארבייט־בעדינגונגען, אויף איין פּאָ־ליוס צו פערוואנדלען די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָן־ און לע־בענס־מיטלען אין קאפּיטאל, און אויף דעם אנטקעגענדיגען פּאָ־ליוס — די פאָלקס מאסע אין לוין־ארבייטער, אין פרייע „אר־בייטענדע קבצנים‟, אין אָט דעם קינסטליכען פּראָדוקט פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט.[248] אויב דאָס געלד, ווי אוגיער זאָגט,

[247] אין יאָהר 1790 זיינען אין דער ענגלישער וועסט־אינדיע געווען 10 שקלאווען אויף 1 פרייען, אין דער פראנצויזישער — 14 אויף 1, אין דער האָ־לענדישער — 23 אויף 1. Heury Brougham, "An Inqiry into the Colonial Po-licy of the European Powers," Edinburgh 1803, Vol. II, p. 74.

[248] דער אויסדרוק „ארבייטענדע קבצנים‟ (labouring pcor) געפינט זיך אין די ענגלישע געזעצען פון דער צייט אָן, ווען דער קלאס לוין־ארבייטער הויבט זיך אָן צו לאָזען מערקען. די „לייבארינג פּור‟ שטעהען אין געגענזאַץ פון איין זייט צו די idle poor [די לעדיג־געהענדע קבצנים], בעטלער א.

„קומט אויף דער וועלט מיט א מיטגעבארענעם בלוט־פלעק אויף איין באק,"[249] דאן קומט דער קאפיטאל טריפענדיג פון קאפ ביז די פיס, פון יעדען הויט־גריבעל, מיט בלוט און שמוץ.[250]

## 7. די היסטארישע טענדענץ פון דער קאפיטאליסטישער אקומולאציע.

וואס איז דער תמצית, אין וועלכען עס דריקט זיך אויס די אורשפרינגליכע אקומולאציע פון קאפיטאל, דאס הייסט זיין היס־טארישער אורשפרונג? אויף אזויפיעל, וואס זי איז ניט א די־

---

אז. וו., פון דער אנדער זייט צו יענע ארבייטער, וועלכע זיינען נאך ניט קיין אבגעפליקטע היהנער, נאר זיינען אייגענטימער פון זייערע ארבייט־מיטלען. פון די געזעצביכער איז דער אויסדרוק „לייבארינג פור" אריבערגעגאנגען אין דער פאליטישער עקאנאמיע: פון קולפעפער, דזש. טשיילד א. אז. וו. ביז צו אדאם סמיטה און עדען. דערפון קאן מען אורטיילען דעם „גוטען גלויבען" פון דעם "execrable political cant-monger," [דעם העסליכען פאליטישען פראַ־זען־דרעשער] עדמונד בוירק, ווען ער רופט אן דעם אויסדרוק „לייבארינג פור" "execrable Political cant," [א העסליכע פאליטישע פראזע]. אט דער פרעס־לאקיי, וועלכער האט געשפיעלט דעם ראמאנטיקער אנטקעגען דער פראנ־צויזישער רעוואלוציע, בעת ער איז געוועזן א פערקויפטער צו דער ענגלישער אליגארכיע, פונקט ווי ער האט געשפיעלט די ראליע פון א ליבעראל אנטקע־גען דער ענגלישער אליגארכיע, בעת ער איז געוועזן א פערקויפטער צו די נארד־אמעריקאנישע קאלאניעס, אין אנהויב פון די אמעריקאנער אונרוהען — איז געוועזן דורך און דורך א וואולגארער בורזשוא. „די געזעצען פון האנדעל זיינען די געזעצען פון דער נאטור און פאלגליך די געזעצען פון גאט." E. Burke, "Thoughts and Details on Scarsity," London 1800, p. 31. קיין וואונדער ניט, וואס ער האט שטענדיג, געטריי צו די געזעצען פון גאט און דער נאטור, זיך אליין פערקויפט אויף דעם בעסטען מארק! אין רעווערענד טאקער'ס שריפטען — טאקער איז געוועזן א גלח און א טארי, זאגסט אבער אן אנשטענדיגער מענש און א טיכטיגער פאליטישער עקאנאם — קאן מען גע־פינען זעהר א גוטע כאראקטעריסטיק פון אט דעם עדמונד בוירק, בעת ער איז געוועזן א ליבעראל. ביי דער שענדליכער כאראקטערלאזיגקייט, וואס הערשט היינט צו טאג און גלויבט אונטערטעניגסט אין „די געזעצען פון האנדעל," איז עס א פליכט צו בראנדמארקען ווידער און ווידער די בוירקס, וועלכע אונטערשיידען זיך פון זייערע נאכפאלגער נאר מיט איין זאך — טאלאנט!

[249] Marie Augier, "Du Credit Public."

[250] „דער „קווארטערלי רעוויוער" זאגט, אז קאפיטאל פערשפרייט טומעל

רעקטע פערוואַנדלונג פון שקלאַווען און לייבאייגענע אין לוין־אַר־בייטער, און פאָלגליך בלויז אַ פאָרם־איבערבייט, בעטייט זי נאָר די עקספּראָפּריאַציע פון די דירעקטע פּראָדוצירער; דאָס הייסט די אויפלעזונג פון פּריוואַט־אייגענטום, וואָס איז געבויט אויף איי־גענער אַרבייט.

פּריוואַט־אייגענטום, להיפך צום געזעלשאַפטליכען, קאָלעק־טיווען אייגענטום, בעשטעהט נאָר דאָרט, וואו די אַרבייט־מיטלען און די אַנדערע אויסערליכע בעדינגונגען פון דער אַרבייט געהערן צו פּריוואַט־מענשען. לויט דעם אָבער, צי די דאָזיגע פּריוואַט־מענשען זיינען די אַרבייטער אָדער די ניט־אַרבייטער, האָט אויך דאָס פּריוואַט־אייגענטום אַנאַנדער כאַראַקטער. די אונענדליכע שאַטירונגען, וואָס אָט דער חלוק גיט אויפ'ן ערשטען בליק, שפּיגע־לען נאָר אָב די צווישענדיגע שטופען, וואָס ליגען צווישען אָט דיביידע עקסטרעמען.

דעם אַרבייטער'ס פּריוואַט־אייגענטום פון זיינע פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען איז דער יסוד פון דעם קליין־בעטריב; דער קליין־בעטריב איז אַ נויטווענדיגער בעדינג פאַר דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָן און פאַר דער פרייער אינדי־ווידואַליטעט פון דעם אַרבייטער גופא. גאַנץ געוויס עקזיסטירט אָט דער פּראָדוקציאָנס־אופן [דער קליין־בעטריב], אויך אין דער שקלאַווערייַ, לייבאייגענשאַפט און אין אַנדערע אָבהענגיגקייט־פער־העלטענישען. אָבער ער בליהט נאָר, גיט אַרויס זיין גאַנצע ענער־גיע, דערגרייכט זיין פולע, איהם צוגעפּאַסטע קלאַסישע פאָרם,

---

און מחלקות און איז זעהר שרעקעדיג. דאַס איז זעהר אמת, עס איז אָבער ניט דער גאַנצער אמת. דער קאַפּיטאַל קאַן ניט פערטראָגען די אָבוועזענהייט פון פּראָפיט אָדער אַ זעהר קליינעם פּראָפיט, פּונקט ווי מען פלעגט זאָגען, אַז די נאַטור קאַן ניט פערטראַגען קיין וואַקואום (לעערקייט)。 מיט אַ ריכטיגען פּראָ־פיט ווערט דער קאַפּיטאַל מוטיג. איז 10 פּראָצענט זיכער, קאַן מען איהם אַנווענדען אומעטום; מיט זיכערע 20 פּראָצענט, ווערט ער לעבעדיג; 50 פּראָצענט מאַכט איהם געפעהרליך העזה'דיג; פאַר 100 פּראָצענט וועט ער טרעטען אַלע מענשליכע געזעצען אונטער די פיס; פאַר 300 פּראָצענט איז ניטאַ קיין פערברעכען, וואָס ער וועט ניט ריזיקירן, אפילו די געפאַהר פון געהן אויף דער תליה. ווען טומעל און מחלקות וועלען ברענגען אַ פּראָפיט, וועט ער גאַנץ פריי דערמונטערן די ביידע זאַכען. די קאָנטערבאַנדע און דער שקלאַ־ווען־האַנדעל האָבען גענוג בעוויזען די ריכטיגקייט פון אָט די בעהויפּטונגען.”
פּ. דזש. דאַנינג, „טרייד יוניאָנס און סטרייקס,” לאָנדאָן, 1860, ז. 36.

נאָר וואו דער ארבייטער איז דער פרייער פּריוואט-אייגנטימער
פון די ארבייט-בעדינגונגען, וואָס ער געברויכט מיט זיינע אייגענע
הענד — דער פויער פון דער ערד, וואָס ער בעארבייט, דער האנד-
ווערקער פון דעם געצייג, וועלכען ער געברויכט ווי א קינסטלער.

אָט דער אופן פון פּראָדוקציאָן איז משער א צעשפּליטערונג
פון דעם באָדען און פון די איבעריגע פּראָדוקציאָנס-מיטלען. אזוי
ווי ער שליסט אוים די קאָנצענטראציע פון די פּראָדוקציאָנס-מיט-
לען, אזוי שליסט ער אויך אוים די קאָאָפּעראציע, די צוטיילונג
פון דער ארבייט אין דעמזעלביגען פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס, די גע-
זעלשאפטליכע בעהערשונג און רעגולירונג פון דער נאטור און די
פרייע ענטוויקלונג פון די געזעלשאפטליכע פּראָדוקטיוו-קרעפטען.
ער פערטראָגט זיך נאָר מיט ענגע נאטור-געוואקסענע גרעניצען
פון דער פּראָדוקציאָן און דער געזעלשאפט. פעראייביגען איהם,
וואָלט געהייסען, ווי פּעקע׳ר זאָגט גאנץ ריכטיג: „פעראייביגען
על פּי דעקרעט די אלגעמיינע מיטעלמעסיגקיים." דערגרייכענ-
דיג א געוויסען הויך-גראד, רופט ער ארוים אין לעבען, די מאטע-
ריעלע מיטלען פון זיין אייגענער פערניכטונג. פון אָט דעם אוי-
גענבליק אָן הויבען זיך אָן צו רודערן קרעפטען און ליידענשאפ-
טען אין שוים פון דער געזעלשאפט, וועלכע פיהלען זיך ווי זיי
זיינען געפּענטעט פון איהר. זי מוז פערניכטעט ווערן; זי ווערט
פערניכטעט. איהר פערניכטונג, די פערוואנדלונג פון די אינדיווי-
דועלע און צעשפּליטערטע פּראָדוקציאָנס-מיטלען אין געזעלשאפט-
ליך-קאָנצענטרירטע: פאָלגליך פון דעם קליינטשיקען אייגענטום
פון די פיעלע אין דעם מאסענהאפטיגען אייגענטום פון די וועניגע,
פאָלגליך די עקספּראָפּריאציע פון דער גרויסער פאָלקס-מאסע פון
דעם גרונד און באָדען, פון די לעבענס-מיטלען און פון די ארבייט-
אינסטרומענטען — אָט די שרעקליכע און שווערע עקספּראָפּ-
ריאציע פון דער פאָלקס-מאסע שטעלט צוזאמען די פאָרגעשיכטע
פון קאפיטאל. זי נעהמט ארום א רייה געוואלטזאמע מעטאָדען,
פון וועלכע מיר האָבען דאָ געלאָזט דורכגעהן פאר אונזער בליק
נאָר די עפּאָכע-מאכענדע אלם די מעטאָדען פון רער אורשפּרינגלי-
כער אקומולאציע פון קאפיטאל. די עקספּראָפּריאציע פון די די-
רעקטע פּראָדוצירער ווערט דורכגעפיהרט מיט דעם אונדערבארהמ-
ליכסטען וואנדאליזם און אונטער דעם אָנרייץ פון די שענדליכ-

סטע, שמוציגסטע, קליינליכסטע און געמיינסטע ליידענשאַפטען. דאָס אליין פערהאָרעוועטע פּריוואַט־אייגענטום, וואָס רוהט, אַזוי צו זאָגען, אויף דער צונויפוואַקסונג פון דעם איינצעלנעם אונאָב־העננּיקען ארבייטס־אינדיווידום מיט זיינע ארבייט־בעדינגונגען, ווערט פערשטופּט דורך דעם קאַפּיטאַליסטישען פּריוואַט־אייגענ־טום, וואָס רוהט אויף דער עקספּלואַטאַציע פון דער פרעמדער, אָבער פאָרמעל פרייער ארבייט.[251]

אַזוי באַלד ווי אָט דער אומוואַנדלונג־פּראָצעס האָט גענוג פונאַנדערגעריסען די אַלטע געזעלשאַפט אין דער טיעף און אין אומפאַנג; אַזויבאַלד ווי די ארבייטער זיינען פערוואַנדעלט אין פּראָלעטאַריער און זייערע ארבייט־בעדינגונגען אין קאַפּיטאַל; אַזויבאַלד ווי דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן שטעהט שוין אויף זיינע איינענע פיס — דאַן געווינט די ווייטערדיגע פערגעזעלשאַפטונג פון דער ארבייט און די ווייטערדיגע פער־וואַנדלונג פון דער ערד און אַנדערע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין געזעלשאַפטליך אויסגענוצטע, ד. ה. אין געמיינשאַפטליכע פּראָ־דוקציאָנס־מיטלען: דאַן געווינט פאָלגליך די ווייטערדיגע עקס־פּראָפּריאַציע פון די פּריוואַט־אייגענטימער אַ נייע פאָרם. דאָס, וואָס מוז איצטער עקספּראָפּריאירט ווערן, איז שוין ניט מעהר דער ארבייטער, וואָס ארבייט פאַר זיך, נאָר דער קאַפּיטאַליסט, וואָס עקספּלואַטירט פיעלע ארבייטער.

אָט די עקספּראָפּריאַציע ווערט דורכגעפיהרט דורך דעם שפּיעל פון די אימאַנענטע געזעצען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן גופא, דורך דער צענטראַליזאַציע פון די קאַפּיטאַלען. אַ וועלכער עס איז איין קאַפּיטאַליסט דער'הרג'ט פיעלע אַנדערע. האַנד אין האַנד מיט אָט דער צענטראַליזאַציע אָדער דער עקס־פּראָפּריאַציע פון פיעלע קאַפּיטאַליסטען דורך ווייניגע, ענטוויקעלט זיך די קאָאָפּעראַטיווע פאָרם פון דעם ארבייט־פּראָצעס אויף אַ שטענדיג גרעסערן מאַסשטאַב, די בעוואוסטזיניגע טעכנישע אָנ־

[251] „מיר לעבען אין פאַלשטענדיג נייע געזעלשאַפטליכע פערהעלטני־שען . . . מיר שטרעבען פונאַנדערצורייסען יעדען סאָרט אייגענטום פון יעדען סאָרט ארבייט.” (זיסמאַנדי, „נייע פּרינציפּען פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע” (פראַנצ.), באַנד 2, ז. 434.)

ווענדונג פון דער וויסענשאַפט, די פּלאַנמעסיגע אויסנוצונג פון דער ערד, די פערוואַנדלונג פון די אַרבייט־מיטלען אין אַרבייט־מיטלען, וואָס קאָנען נאָר אַנגעווענדעט ווערן געמיינשאַפטליך, די עקאָנאָמיזירונג פון אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען דורך זייער גע־ברויך אַלס פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון קאָמבינירטער, געזעלשאַפט־ליכער אַרבייט, די פערשלינגונג פון אַלע פעלקער אין דעם נעץ פון'ם וועלט־מארק, און דערמיט דער אינטערנאַציאָנאַלער כאַ־ראַקטער פון דעם קאַפּיטאַליסטישען רעזשים. צוזאַמען מיט דער שטענדיג־אָבפאַלענדער צאָהל קאַפּיטאַל־מאַגנאַטען, וועלכע אוזור־פּירן און מאָנאָפּאָליזירן אַלע נוצען פון אָט דעם אומוואַנדלונג־פּראָצעס, וואַקסט די סומע פון עלענד, אונטערדריקונג, קנעכטשאַפט, דעגראַדאַציע און עקספּלואַטאַציע; אָבער דערמיט וואַקסט אויך די עמפּערונג פון דעם אַרבייטער־קלאַס, וועלכער ווערט שטענדיג גרעסער אין צאָהל, געשוהלט, פעראייניגט און אָרגאַניזירט דורך דעם מעכאַניזם פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס גופא. דער קאַפּיטאַל־מאָנאָפּאָל ווערט אַ שטערונג פאַר דעם פּראָ־דוקציאָנס־אופן, וואָס האָט אויפגעבליהט מיט איהם און אונטער איהם. די צענטראַליזאַציע פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און די פערגעזעלשאַפטונג פון דער אַרבייט דערגרייכען אַ פּונקט, וואו זיי קאָנען זיך ניט פערטראָגען מיט זייער קאַפּיטאַליסטישער הויט. די הויט ווערט צעפּלאַצט. עס שלאָגט די לעצטע שטונדע פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּריוואַט־אייגענטום. די עקספּראָפּריא־טאָרס ווערן עקספּראָפּריאירט.

דער קאַפּיטאַליסטישער אופן פון אַפּראָפּריאַציע (אָנאייגנונג), וואָס שטאַמט פון זיין פּראָדוקציאָנס־אופן, ד. ה. דאָס קאַפּיטאַליס־טישע פּריוואַט־אייגענטום, איז די ערשטע נעגאַציע [פערניינונג] פון דעם אינדיווידועלען פּריוואַט־אייגענטום, וואָס איז געגרינדעט אויף אייגענער אַרבייט. די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן אָבער רופט אַרויס מיט דער נויטווענדיגקייט פון אַ נאַטור־פּראָצעס איהר אייגענע נעגאַציע. עס איז אַ נעגאַציע פון אַ נעגאַציע. דאָס שטעלט ניט ווידער אויף דאָס פּריוואַט־אייגענטום פון דעם אַר־בייטער, עס שטעלט אָבער יאָ אויף דאָס אינדיווידועלע אייגענטום אויפ'ן יסוד פון די ערובערונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ערא: ד. ה. אויף דער קאָאָפּעראַציע און אויף דעם געמיינשאַפטליכען

בעזיץ פון דער ערד און די פראדוקציאנס־מיטלען, וואס זיינען פראדוצירט געווארן דורך דער ארבייט גופא.

די פערוואנדלונג פון דעם צעשפליטערטען פריוואט־אייגענטום, וואס איז געבויט אויף דער אייגענער ארבייט פון יחידים, אין קאפיטאליסטען פריוואט־אייגענטום, איז נאטירליך א פראצעס, וואס איז גארניט צו פערגלייכען מעהר לאנגוועהריג, געוואלטיג און שווער, איידער די פערוואנדלונג פון דעם קאפיטאליסטישען פריוואט־אייגענטום, וועלכער איז שוין פאקטיש געבויט אויף א געזעלשאפטליכען פראדוקציאנס־בעטריב, אין געזעלשאפטליכען אייגענטום. דארט האנדעלט זיך עס וועגען דער עקספראפריאציע פון די פאלקסמאסען דורך עטליכע אוזורפאטארען, דא האנדעלט זיך עס וועגען דער עקספראפריאציע פון עטליכע אוזורפאטארען דורך די פאלקס־מאסען.[252]

[252] „דער פארטשריט פון דער אינדוסטריע, וואס איהר ווילענלאזער און ווידערשטאנדלאזער טרעגער איז די בורזשואזיע, פיהרט איין אנשטאט דער איזאלירונג פון די ארבייטער דורך דער קאנקורענץ, זייער פעראייניגונג דורך דער אסאציאציע. מיט דער ענטוויקלונג פון דער גרויס־אינדוסטריע ווערט אלזא ארויסגעצויגען פון אונטער די פיס פון דער בורזשואזיע דער יסוד גופא, אויף וועלכען זי פראדוצירט און אייגענט זיך אן די פראדוקטען. זי פראדוצירט, הייסט עס, קודם איהרע אייגענע קברנים. איהר אונטערגאנג און דער זיעג פון פראלעטאריאט זיינעןביידע גלי. אומפערמיידליך. . . . פון אלע קלאסען, וועלכע שטעהען היינטיגען טאג אנטקעגען דער בורזשואזיע, איז נאר דער פראלעטאריאט א ווירקליך רעוואלוציאנערער קלאס. די איבעריגע קלאסען געהען אונטער און פערשווינדען מיט דער גרויס־אינדוסטריע; דער פראלעטאריאט איז איהר אייגענסטער פראדוקט. . . . די מיטעל־שטאנדען, דער קליינער פאבריקאנט, דער קליינער סוחר, דער בעל מלאכה, דער פויער, זיי אלע בעקעמפען די בורזשואזיע, כדי צו זיכערן זייער עקזיסטענץ אלס מיטעלשטאנדען פון אונטערגאנג . . . זיי זיינען רעאקציאנער, ווארים זיי זוכען צו דרעהען צוריק די ראד פון דער געשיכטע.” (קארל מארקס און פ. ענגעלס, „מאניפעסט פון דער קאמוניסטישער פארטיי,” לאנדאן 1847, ז. 9, 11.)

## פינף-און-צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

# די מאָדערנע טעאָריע פון קאָלאָניזאַציע.

די פּאָליטישע עקאָנאָמיע פערבייט פּרינציפּיעל איינע מיט די אַנדערע צוויי זעהר פערשיידענע סאָרטען פּריוואַט-אייגענטום, פון וועלכע איין סאָרט איז געבויט אויף דעם פּראָדוצירער'ס אייגענער אַרבייט, און דער אַנדער סאָרט — אויף דער עקספּלואַטאַציע פון פרעמדער אַרבייט. זי פערגעסט, אַז דער לעצטער סאָרט איז ניט נאָר אַ דירעקטער היפּך פון דעם ערשטען, נאָר אַז ער קאָן בלויז וואַקסען אויף יענעמס קבר.

אין מערב-איירָאָפּאַ, די היים פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, איז דער פּראָצעס פון דער אורשפּרינגליכער אַקומולאַציע מעהר אָדער וועניגער דורכגעפיהרט. דער קאַפּיטאַליסטישער רעזשים האָט דאָ ענטוועדער דירעקט אונטערוואָרפען אונטער זיין ממשלה די גאַנצע נאַציאָנאַלע פּראָדוקציאָן, אָדער, וואו די אומשטענדען זיינען וועניגער ענטוויקעלט, קאָנטראָלירט ער וועניגסטענס אינדירעקט די אונטערגעהענדע געזעלשאַפט-שיכטען, וועלכע עקזיסטירן נאָך נעבען איהם, הגם זיי געהערן צו אַ פערעלטערטען פּראָדוקציאָנס-אופן. אויף אָט דער פאַרטיגער וועלט פון קאַפּיטאַל ווענדעט אָן דער פּאָליטישער עקאָנאָם די אידעען פון רעכט און אייגענטום פון דער פאַר-קאַפּיטאַליסטישער וועלט מיט אַלץ מעהר אַנגסטליכען אייפער און אַלץ גרעסערער בעגייסטערונג, וואָס העכער די פאַקטען שרייען אין פּנים פון זיין אידעאָלאָגיע.

אין די קאָלאָניעס איז די זאַך אַנדערש.[253] דער קאַפּיטאַליסטישער רעזשים שטויסט זיך דאָרט אומעטום אָן אויף דעם ווידער-

---

[253] דאָ רעדט זיך וועגען ווירקליכע קאָלאָניעס מיט אַ יונגפרויליכען באָדען, וועלכע ווערן קאָלאָניזירט דורך פרייע איינוואַנדערער. די פעראייניגטע שטאַאַטען זיינען, עקאָנאָמיש גערעדט, נאָך אַלץ אַ קאָלאָניאַל-לאַנד פון איירָאָפּאַ.

שטאַנד פון אַ פּראָדוצירער, וועלכער אַלס בעזיצער פון זיינע איי־גענע אַרבייט־בעדינגונגען, בערייכערט דורך זיין אַרבייט זיך אַליין, אָנשטאָט דעם קאַפּיטאַליסט. דער ווידערשפּרוך פון אָט די צוויי פּונקט אַנטקעגנגעזעצטע סיסטעמען ווייזט זיך דאָ פּראַקטיש אַרויס אין זייער קאַמף. וואו דער קאַפּיטאַליסט האָט הינטער זיך די מאַכט פון דעם מוטער־לאַנד, זוכט ער אָבצורוימען פון וועג מיט געוואַלט דעם פּראָדוקציאָנ־ און אָנאייגנונגס־אופן, וואָס איז געבויט אויף אייגענער אַרבייט. דערזעלביגער אינטערעס, וואָס בעוועגט דעם חונף פון קאַפּיטאַל, דעם פּאָליטישען עקאָנאָם, צו דערקלערן אין דעם מוטער־לאַנד, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָ־דוקציאָנס־אופן איז טעאָרעטיש דער אייגענער וואָס זיין היפך, טרייבט איהם דאָ אַראָבצורעדען זיך פריי פון הארצען און אָפען דערקלערן דעם גענגענזאַץ פון דיביידע פּראָדוקציאָנס־אופנים. צוליעב אָט דעם צוועק בעווייזט ער, ווי די ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער אַרבייט, די קאָ־אָפּעראַציע, די אַרבייט־צוטיילונג, די אָנווענדונג פון מאַשינעריע אויף אַ גרויסען מאָסשטאַב א. אַז. וו. זיינען אונמעגליך אָהן דער עקספּראָפּריאַציע פון די אַרבייטער און אָהן דער פערוואַנדלונג פון זייער פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין קאַפּיטאַל, וואָס געהט דער־מיט. אין די אינטערעסען פון דעם אַזוי־גערופענעם נאַציאָנאַל־רייכטום זוכט ער קינסטליכע מיטלען איינצופיהרן די פאָלקס־אָרימקייט. זיין אַפּאָלאָגעטישער פאַנציר ווערט דאָ צעבראָקעלט אין שטיקלעך ווי צעפוילטעס ברען־האָלץ.

עס איז ע. ג. וויקפיעלד׳ס אַ גרויסע פערדיענסט, ניט וואָס ער האָט ענטדעקט עפּעס נייעס וועגען די קאָלאָניעס,[254] נאָר וואָס ער האָט אין די קאָלאָניעס ענטדעקט דעם אמת וועגען די קאַפּיטאַ־ליסטישע פערהעלטענישען אין דעם מוטער־לאַנד. אַזוי ווי דער פּראָטעקציאָן־סיסטעם אין זיינע אורשפּרונגען[255] האָט געזוכט צו

איבעריגענס געהערן צו דעם קלאַס אויך אַזוינע אַלטע פּלאַנטאַציעס, וואו די אָבשאַפונג פון שקלאַווערייי האָט אינגאַנצען רעוואָלוציאָנירט די פערהעלטע־נישען.

[254] וויקפיעלד׳ס עטליכע ליכט־בליקען וועגען דעם עצם פון די קאָלאָ־ניעס גופא זיינען אינגאַנצען פאָראויסגעזעהן געוואָרן פון מיראַבאָ דעם על־טערן, פון די פיזיאָקראַטען, און נאָך אַ סך פריהער פון ענגלישע עקאָנאָמען.

[255] שפּעטער איז עס געוואָרן אַ צייטווייליגע נויטווענדיגקייט אין דעם

פאבריצירן קאַפּיטאַליסטען אין מוטער־לאַנד, אַזוי האָט בעשטרעבט וויקפיעלד׳ס קאָלאָניזאַציאָנס־טעאָריע, וועלכע ענגלאַנד האָט אַ גאַנצע צייט געזוכט איינצופיהרן דורכ׳ן געזעץ, צו פאבריצירן לוין־ארבייטער אין די קאָלאָניעס. דאָס רופט ער אָן „סיסטעמאַטיק קאָלאָניזיישאָן" (סיסטעמאַטישע קאָלאָניזאַציע).

די ערשטע זאַך האָט וויקפיעלד ענטדעקט אין די קאָלאָניעס, אַז דאָס אייגענטום פון געלד, לעבענס מיטלען, מאַשינען און אנדערע פּראָדוקציאָנס־מיטלען שטעמפּעלט נאָך ניט אַ מענשען אַלס קאַפּיטאַליסט, ווען עס פעהלט דער קאָררעלאַטיוו (די ערגענצונג) — דער לוין־ארבייטער, דער אַנדערער מענש, וועלכער איז געצוואונגען זיך אַליין פרייוויליג צו פערקויפען. ער האָט ענטדעקט, אַז קאַפּיטאַל איז ניט אַ זאַך, נאָר אַ געזעלשאַפטליכע שייכות צווישען פּערזאָנען, וואָס שטעלט זיך איין דורך דער פערמיטלונג פון זאַכען.[256] הערר פּיעל — קלאָגט ער זיך פאַר אונז — האָט מיטגענומען מיט זיך פון ענגלאַנד צו דעם סוואַן ריווער [וועסט אויסטראַליע] לעבענסמיטלען און פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין בעטרעף פון 50,000 פונט סט. הערר פּיעל איז געווען פאָרזיכטיג גענוג מיטצוברענגען אַ חוץ דעם אויך 3000 פּערזאָן פון דעם ארבייטער־קלאַס, מענער, פרויען און קינדער. אַזוי באַלד ווי ער איז אָנגעקומען אין דעם בעשטימטען פּלאַץ, „איז הערר פּיעל געבליבען אָהן איין דיענער איהם צו מאַכען די בעט אָדער ברענגען איהם וואַסער פון טייך.[257] אומגליקליכער הערר פּיעל, וועלכער האָט אַלץ בעזאָרגט, נאָר ניט דעם עקספּאָרט פון די ענגלישע פּראָדוקציאָנס־פערהעלטענישען אין דעם סוואַן ריווער!

---

אינטערנאַציאָנאַלען קאָנקורענץ־קאַמפּ. וואָס אָבער זיין מאָטיוו זאָל ניט זיין, די פאָלגען בלייבען דיזעלביגע.

[256] „אַ נעגער איז אַ נעגער. אַ שקלאַוו ווערט ער ערשט אין בעשטימטע פערהעלטענישען. אַ באַוועל־מאַשין איז אַ מאַשין צו שפּינען באַוועל. נאָר אין בעשטימטע פערהעלטענישען ווערט זי קאַפּיטאַל. ווערט זי ארויסגעריסען פון די דאָזיגע פערהעלטענישען, איז זי פּונקט אַזוי ווייניג קאַפּיטאַל, ווי גאָלד איז אַן און פאַר זיך געלד, אָדער ווי צוקער איז דער פּרייז פון צוקער. . . . קאַפּיטאַל איז אַ געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָן־שייכות. ער איז אַ אַ היסטאָרישע פּראָדוקציאָנס־שייכות." (קאַרל מאַרקס, „לאָהנאַרבייט אונד קאַפּיטאַל," „נייע רהיינישע צייטונג" פון 7טען אַפּריל 1849.)

[257] ע. ג. וויקפיעלד, „ענגלאַנד און אַמעריקאַ," לאָנדאָן, 1833, ז. 33.

כדי צו קאָנען פערשטעהן די פאָלגענדע ענטדעקונגען, וואָס וויקפיעלד האָט געמאכט, מוז מען געבען צוויי פאָר־בעמערקונגען. מיר ווייסען, אַז פּראָדוקציאָנס־ און לעבענס־מיטלען, אַלס אייגענטום פון דעם דירעקטען פּראָדוצירער, פון דעם אַרבייטער גופא, זיינען ניט קיין קאפּיטאַל. זיי ווערן קאפּיטאַל נאָר אונטער אזוינע בעדינגונגען, אין וועלכע זיי דיענען צוגלייך אַלס מיטלען פון עקספּלואַטאַציע און בעהערשונג פון דעם אַרבייטער. אָבער אָט די קאַפּיטאַליסטישע נשמה זייערע איז אזוי אינטים פערייניגט ביי דעם פּאָליטישען עקאָנאָם אין קאָפּ מיט זייער מאַטעריעלער סובסטאַנץ, אַז ער האַלט זיי אונטער אַלע אומשטענדען פאר קאַפּיטאַל, אפילו ווען זיי זיינען פונקט דער היפך פון דעם. אזוי איז אויך ביי וויקפיעלד'ן. ווייטער: די צערשפּליטערונג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען אַלס אינדיווידועל אייגענטום פון פיעלע אונאָבהענגיקע אַרבייטער, וואָס אַרבייטען אויף זייער אייגענער רעכענונג, רופט ער אָן די גלייכע צוטיילונג פון קאַפּיטאַל. מיט דעם פּאָליטישען עקאָנאָם איז דיזעלביגע זאך, ווי מיט דעם פעאָדאַלען יוריסט. דער לעצטער האָט אויך אָנגעקלעבט זיינע פעאָדאַלע געזעץ־עטיקעטען אויף ריינע געלד־שייכות'ן.

„ווען קאַפּיטאַל", זאָגט וויקפיעלד, „וואָלט געווען צוטיילט צווישען אַלע מיטגליעדער פון דער געזעלשאפט אין גלייכע טיילען, דאן וואָלט קיין מענש ניט געהאַט קיין אינטערעס צו אקומולירן מעהר קאַפּיטאַל איידער ער קאָן אָנווענדען מיט זיינע אייגענע הענד. דאָס איז ביז א געוויסען גראַד דער פאַל אין די נייע אַמעריקאַנער קאָלאָניעס, וואו די ליידענשאַפט צו זיין אַן אייגענטימער פון לאַנד שטערט די עקזיסטענץ פון א קלאַס לוין־אַרבייטער."[258]

אזוי לאַנג, הייסט עס, ווי דער אַרבייטער קאָן פאר זיך אַליין אקומולירן, און דאָס קאָן ער, אזוי לאַנג ווי ער בלייבט דער אייגענטימער פון זיינע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, איז די קאַפּיטאַליסטישע אקומולאַציע און דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן אונמעגליך. עס פעהלט דער קלאַס לוין־אַרבייטער, וואָס איז דערצו אומבעדינגט נויטיג. ווי אזוי דען איז אין דער אַלטער אייראָפּא

[258] דאָרט גופא, באַנד 1, ז. 17, 18.

צושטאנד געקומען דאס עקספראפריאירן דעם ארבייטער פון זיינע ארבייט־בעדינגונגען, ד. ה. קאפיטאל און ארבייט? דורך א געזעלשאפטליכען אבמאך (Contrat Social) פון א גאנץ אריגינעלען סארט.

„די מענשהייט . . . האט אנגענומען אן איינפאכע מעטאדע צו העלפען די אקומולאציע פון קאפיטאל," וועלכע, פערשטעהט זיך, האט געשוועבט פאר איהר גערדאנק פון אדם הראשון'ס צייט אן אלס דער איינציגער און ענדליכער צוועק פון איהר עקזיסטענץ; „זי האט זיך איינגעטיילט אין אייגענטימער פון קאפיטאל און אייגענטימער פון ארבייט . . און אט די איינטיילונג איז געווען דער רעזולטאט פון א פרייוויליגער פערשטענדיגונג און קאמבינאציע."[259]

מיט איין ווארט: די מאסע פון דער מענשהייט האט זיך אליין עקספראפריאירט לכבוד פון „דער אקומולאציע פון קאפיטאל." אויב אזוי האט מען דאך געדארפט דענקען, אז דער אינסטינקט פון אט דעם זיך־פערלייקענדען פאנאטיזם וועט זיך פריי ארויסצייגען ספעציעל אין די קאלאניעס, אין דעם איינציגען פלאץ וואו עס עקזיסטירן מענשען און אומשטענדען, וועלכע וואלטען געקאנט אזא „קאנטרא סאסיאל" אריבערטראגען פון דעם טרוימענרייך אין דער ווירקליכקייט אריין. אבער צו וואס וואלט מען דאן איבערהויפט געדארפט האבען וויקפיעלד'ס פארגעשלאגענע „סיסטעמאטישע קאלאניזאציע", אין געגענזאץ צו דער נאטור־געוואקסענער קאלאניזאציע? אבער, אבער: „אין די צפון־שטאאטען פון אמעריקא מעג מען ־וויפלען, צי אפילו א צעהנטל פון דער בעפעלקערונג געהערט צו דער קאטעגאריע לוין־ארבייטער. . . . אין ענגלאנד . . . בעשטעהט די הויפט מאסע פון פאלק פון לוין־ארבייטער."[260]

יא, דער טריעב צו זעלבסט־עקספראפריאציע מצד דער ארבייטענדער מענשהייט לכבוד דעם קאפיטאל עקזיסטירט אזוי ווייניג, אז שקלאווערייי איז אפילו לויט וויקפיעלד'ס מיינונג די איינציגע נאטורגעוואקסענע גרונדלאגע פון דעם קאלאניאל־רייכטום.

---

[259] דארט גופא, ז. 18.
[260] דארט גופא, ז. 42, 43, 44.

זיין סיסטעמאַטישע קאָלאָניזאַציע איז נישט מעהר ווי אַן אויסהעלף אין א נויט, היות ווי ער האָט נעבעך צו טהאָן מיט פרייע מענשען און ניט מיט שקלאַווען. „די ערשטע שפּאַנישע קאָלאָניסטען אין סאַנטאָ־דאָמינגאָ האָבען ניט בעקומען קיין ארבייטער פון שפּאַניען. אָבער אָהן ארבייטער (ד. ה. אָהן שקלאַוועריי) וואָלט דאָס קאַפּיטאַל געגאַנגען קאַפּוט, אָדער וועניגסטענס וואָלט געמוזט צוזאַמענשרומפּען צו דער קליינער סומע, וואָס יעדער אינדיווידום קאָן אָנווענדען מיט זיינע אייגענע הענד. דאָס איז ווירקליך פאָרגעקומען אין דער לעצטער קאָלאָניע, וואָס די ענגלענדער האָבען געגרינדעט [די סוואַן ריווער קאָלאָניע], וואו א גרויסע מאַסע קאַפּיטאַל פון זריעה, פיה און אינסטרומענטען איז אונטערגעגאַנגען מחמת דעם דוחק אין לוין־ארבייטער, און וואו קיין קאָלאָניסט בעזיצט איצט ניט מעהר קאַפּיטאַל וויפיעל ער קאָן אַליין אָנווענדען מיט זיינע אייגענע הענד.”[261]

מיר האָבען געזעהן, אז די עקספּראָפּריאַציע פון דער פאָלקסמאַסע פון גרונד און באָדען איז די גרונדלאַגע פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן. דער עצם פון א פרייע קאָלאָניע בעשטעהט פערקעהרט דעריין, וואָס דער הויפּט טייל פון'ם באָדען איז נאָך אלץ פאָלקס־אייגענטום, און יעדער קאָלאָניסט קאָן דעריבער א טייל דערפון פערוואַנדלען אין זיין פּריוואַט־אייגענטום און אין אינדיווידועלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ניט שטערענדיג די שפּעטיגערע קאָלאָניסטען צו טהאָן דאָסזעלביגע.[262] דאָס איז דער סוד אי פון דעם וואוילשטאַנד פון די קאָלאָניעס, אי פון זייער אונהיילבאַרן חסרון — זייער ווידערשטאַנד אנטקעגען דער קאָלאָניזירונג פון קאַפּיטאַל. „וואו לאַנד איז זעהר ביליג, און אלע מענשען זיינען פריי, וואו יעדערער, וואָס וויל, קאָן לייכט קריגען א שטיק לאַנד פאַר זיך אליין, איז ארבייט ניט נאָר זעהר טייער, רעכענענדיג לויט דעם ארבייטער'ס חלק אין דעם פּראָדוקט, נאָר עס איז שווער צו קריגען קאָמבינירטע ארבייט אום יעדען פּרייז.”[263]

[261] דאַרט גופא, באַנד 2, ז. 5.

[262] „כדי צו ווערן אַ עלעמענט פון קאָלאָניזאַציע, מוז דאָס לאַנד ניט נאָר זיין אונקולטיווירט, נאָר עס מוז זיין קהל'שער אייגענטום, וואָס קאָן פערוואַנדעלט ווערן אין פּריוואַט־אייגענטום.” (דאַרט גופא, באַנד 2, ז. 125.)

[263] דאַרט גופא, באַנד 1, ז. 247.

אזוי ווי אין די קאלאניעס עקזיסטירט נאך ניט דעם ארביי־טער'ס צושיידונג פון די ארבייט־בעדינגונגען און זייער וואר־צעל, דעם גרונד און באדען, אדער ער עקזיסטירט נאר אין איינ־צעלנע פאלען, אדער אויף צו א בעשרענקטען מאסשטאב, עקזיס־טירט אויך נאך ניט די צושיידונג צווישען דער אגריקולטור און דער אינדוסטריע, און אויך ניט די פערניכטונג פון דער דארפישער הויז־אינדוסטריע. איז פון וואנען זאל זיך דא נעהמען דער אינ־לענדישער מארק פאר דעם קאפיטאל?

„קיין טייל פון דער בעפעלקערונג פון אמעריקא איז אויס־שליסליך אגריקולטורעל, א חוץ די שקלאווען און זייערע בעלי בתים, וועלכע קאמבינירן קאפיטאל און ארבייט פאר גרויסע ווערק. פרייע אמעריקאנער, וועלכע בעארבייטען אליין דעם באדען, פיהרן אן אין דערזעלביגער צייט פיעלע אנדערע בעשעפטיגונגען. א טייל מעבעל און ווערקצייג, וואס זיי געברויכען, מאכען זיי געוועהנ־ליך אליין. זיי בויען אפט אליין זייערע הייזער און פיהרען דעם פראדוקט פון זייער אייגענער אינדוסטריע אליין אויפ'ן מארק, ווי ווייט דער מארק זאל ניט זיין. זיי זיינען שפינער און וועבער, זיי פאבריצירן זייף און ליכט, שיך און קליידער פאר זייער אייגענעם געברויך. אין אמעריקא איז די ערד־ארבייט אפט א נעבען־גע־שעפט פון דעם שמיד, דעם מילער אדער דעם קרעמער.״[264] וואו בלייבט צווישען אזעלכע מאדנע מענשען דאס „ענטזאגונגס־פעלד״ פאר דעם קאפיטאליסט?

די גרויסע שעהנקייט פון דער קאפיטאליסטישער פראדוק־ציאן בעשטעהט אין דעריין, וואס ניט נאר זי רעפראדוצירט שטענ־דיג דעם לוין־ארבייטער אלס לוין־ארבייטער, נאר וואס זי פראָ־דוצירט, לפי ערך פון דער אקומולאציע פון קאפיטאל, שטענדיג א רעלאטיווע איבערבעפעלקערונג פון לוין־ארבייטער. אויף דעם אופן ווערט דאס געזעץ פון דער נאכפראגע און אנבאט פון ארבייט גע־האלטען אין דעם ריכטיגען גאנג, די לוין־שוואנקונגען ווערן איינ־געצוימט אין די גרעניצען, וואס זיינען צופריעדענשטעלענד פאר דער קאפיטאליסטישער עקספלואטאציע, און ענדליך איז דערמיט געזיכערט דעם ארבייטער'ס אונבעדינגט־נויטיגע סאציאלע אב־

[264] דארט גופא, ז. 21, 22.

הענגיגקייט פון דעם קאַפּיטאַליסט — אַן אבסאָלוטע אָבהענגי־
קייט־שייכות, וועלכע דער פּאָליטישער עקאָנאָם צו הויז, אין דעם
מוטער־לאַנד, קאָן מיט אַ גלאַט צינגעל אויס'כזב'ן אַלס אַ פרייע
קאָנטראַקט־שייכות פון קויפער און פערקויפער, פון גלייך־אונ־
אָבהענגיקע סחורה־בעזיצער: די בעזיצער פון דער סחורה קאַ־
פּיטאַל און פון דער סחורה ארבייט. אין די קאָלאָניעס אָבער
ווערט אָט די שעהנע פאַנטאַזיע צורונען. די אבסאָלוטע בע־
פעלקערונג וואַקסט דאָ פיעל שנעלער ווי אין דעם מוטער־לאַנד,
וואָרים אַ סך ארבייטער קומען דאָ אויף דער וועלט שוין אויס־
געוואַקסענע, און פונדעסטוועגן איז דער ארבייט־מאַרק שטענדיג
וועניגער ווי פול. דאָס געזעץ פון נאָכפראַגע און אָנבאָט פון
ארבייט צעפּאַלט אין שטיקער. פון איין זייט וואַרפט די אַלטע
וועלט נאָכאַנאַנד דאָ אריין אַן עקספּלואַטאַציע־לוסטיגען און אַ
ענטזאַגונג־בעדירפטיגען קאַפּיטאַל; פון דער אַנדער זייט שטויסט
זיך אָן די רעגעלמעסיגע רעפּראָדוקציאָן פון די לוין־ארבייטער אַלס
לוין־ארבייטער אויף די אונארטיגסטע און טיילווייז אונבעזיעג־
באַרע שטערונגען. וואָס איז געוואָרן פון דער פּראָדוקציאָן פון
איבעריגע לוין־ארבייטער לפי ערך צו דער אקומולאַציע פון קאַ־
פּיטאַל? דער היינטיגער לוין־ארבייטער ווערט מאָרגען אַן אונ־
אָבהענגיקער פּויער אָדער בעל מלאכה, וואָס ארבייט פאַר זיך
אַליין. ער פערשווינדט פון ארבייט־מאַרק, אָבער — ניט אין
וואָרק־האוז. אָט די שטענדיגע פערוואַנדלונג פון לוין־ארביי־
טער אין אונאָבהענגיקע פּראָדוצירער, וועלכע ארבייטען פאַר זיך
אַליין אָנשטאָט פאַר'ן קאַפּיטאַל, און אָנשטאָט צו מאַכען רייכער
דעם הערן קאַפּיטאַליסט, מאַכען זיי זיך אַליין רייך, האָט פון
איהר זייט אַ גאַנץ שעדליכע צוריקווירקונג אויף די צושטענדען
פון דעם ארבייט־מאַרק. ניט נאָר בלייבט דער גראַד עקספּלואַ־
טאַציע פון דעם לוין־ארבייטער ניט־אָנשטענדיג נידעריג, נאָר דער
ארבייטער פערלירט נאָך אַ חוץ דעם אינאייינעם מיט דער שייכות
פון אָבהענגיקייט אויך דעם געפיהל פון אָבהענגיקייט פון דעם
„ענטזאַגענדען" קאַפּיטאַליסט. דערפון נעהמען זיך די אַלע צרות,
וועלכע אונזער ע. ג. וויקפיעלד שילדערט אַזוי בראַוו, אַזוי בע־
רעדט און אַזוי ריהרענד.

דער צושטעל פון לוין־ארבייט, קלאָגט ער, איז ניט בעשטענ־

־יג, ניט רעגעלמעסיג און ניט גענוגענד. „זי, די לוין־ארבייט, איז
לעמאל ניט נאר צו־קליין, נאר אויך אונזיכער."[265] „אבוואויל דער
אדוקט, וואס ווערט צוטיילט צווישען דעם קאפיטאליסט און דעם
רבייטער, איז גרויס, נעהמט דער ארבייטער אזא גרויסען טייל, אז
נר ווערט באלד אליין א קאפיטאליסט. . . . פון דער אנדער זייט
זאנען וועניגע אנקלייבען גרויסע מאסען רייכטום, אפילו ווען זיי
זאלען לעבען אומגעוועהנליך לאנג."[266] די ארבייטער ערלויבען
בשום אופן ניט דעם קאפיטאליסט ניט צו צאהלען פאר דעם גרעס־
טען טייל פון זייער ארבייט. עס העלפט איהם ניט, ווען ער איז
אזוי כיטרע צו אימפארטירן צוזאמען מיט זיין אייגענעם קאפי־
טאל אויך זיינע אייגענע לוין־ארבייטער פון אייראפא. „זיי הערן
באלד אויף צו זיין לוין־ארבייטער; זיי פערוואנדלען זיך באלד
אין אונאבהענגיקע לאנד־אייגענטימער, אדער גאר אין קאנקורענ־
טען פון זייער אלטען בעל הבית אויף דעם לוין־ארבייט מארק
גופא."[267] בעגרייפט נאר די שרעקליכקייט! דער בראוועד קא־
פיטאליסט האט אליין פאר זיין אייגען גוט געלד אימפארטירט
פון אייראפא זיינע אייגענע לעבעדיגע קאנקורענטען! דא עקט
זיך דאך די וועלט! קיין וואונדער ניט, וואס וויקפיעלד קלאגט,
אז עס פעהלט די שייכות און דער געפיהל פון אבהענגיקייט ביי
די לוין־ארבייטער אין די קאלאניעס. „צוליעב די הויכע לוי־
נען, זאגט זיין תלמיד מעריוועיל, „עקזיסטירט אין די קאלאניעס
דער ליידענשאפטליכער פערלאנג נאך וואלוועלער און אונטערטע־
ניגער ארבייט, נאך א קלאס, וועלכען דער קאפיטאליסט קאן דיק־
טירן די בעדינגונגען, אנשטאט וואס די בעדינגונגען ווערן דיק־
טירט דעם קאפיטאליסט. . . . אין די אלט־ציוויליזירטע לענדער
איז דער ארבייטער, הגם ער איז פריי, נאטורגעזעצליך אבהענגיק
פון דעם קאפיטאליסט; אין די קאלאניעס מוז אט די אבהענ־
גיקייט געשאפען ווערן דורך קינסטליכע מיטלען."[268]

---

[265] דארט גופא, באנד 2, ז. 116.
[266] דארט גופא, באנד 1, ז. 131.
[267] דארט גופא, באנד 2, ז. 5.

[268] Merivale, "Lectures on Colonization and Colonies," Lon. 1841, p. 235-314
אפילו דער מילדער, פרייהענדלערישער וואולגאר עקאנאם מאלינארי זאגט:
„אין די קאלאניעס, וואו די שקלאווערײ איז אבגעשאפט געווארן, און די צוואנג־

און וואָס איז דער רעזולטאַט, נאָך וויקפיעלד'ן נאָך, פון אָט דעם שלעכטען מצב אין די קאָלאָניעס? „אַ טענדענץ פון פּאַנאַנדערוואַרפען" די פּראָדוצירער און דעם נאַציאָנאַל־פערמעגען, „וואָס פיהרט צוריק צו דער באַרבאַריי."[269] די צעשפּליטערונג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען צווישען זעהר פּיעלע, אַליין־אַרבייטענדע אייגענטימער, פערניכטעט צוזאַמען מיט דער צענטראַליזאַציע פון קאַפּיטאַל, יעדע גרונדלאַגע פון קאָמבינירטער אַרבייט. יעדע לענגערע אונטערנעהמונג, וואָס ציהט זיך אויס אויף יאָהרען און פאָדערט אָן אויסלעג פון אַ סך פיקסירטען קאַפּיטאַל, שטויסט זיך אָן אויף שטערונגען זי דורכצופיהרען. אין אייראָפּאַ האַלט זיך דער קאַפּיטאַל ניט אָב אויף איין מינוט, וואָ־

אַרבייט איז ניט נתמלא געוואָרן דורך אַ געהעריגער מאַסע פון פרייער אַרבייט, זעהט מען אַרויסטרעטען דעם היפך פון דער ווירקליכקייט, וועלכע שפּיעלט זיך אָב פאַר אונזערע אויגען טאָג־טעגליך. מען האָט געזעהן ווי די פּשוט'ע אַרבייטער עקספּלואַטירן פון זייער זייט די אינדוסטריעלע אונטערנעהמער, ווי זיי פערלאַנגען פון זיי אַזעלכע לוינען, וועלכע שטעהען אויסער יעדען פערהעלטעניש צו דעם לעגיטימען טייל, וואָס עס קומט זיי פון דעם פּראָדוקט. אַזוי ווי די בעלי בתים פון די פּלאַנטאַציעס זיינען ניט געווען אימשטאַנד צו בעקומען אַ פּרייז פאַר זייער צוקער, וואָס זאָל זיך אויסגלייכען מיט דער העכערונג פון די לוינען, זיינען זיי געווען געצוואונגען צו דעקען דעם היזק ערשטענס פון זייערע פּראָפיטען און שפּעטער פון זייערע קאַפּיטאַלען גופא. אַ מאַסע פּלאַנטאַטאָרם זיינען אויף דעם אופן רואינירט געוואָרן, אַנדערע האָבען אָבגעשטעלט זייערע געשעפטען, כדי ניט רואינירט צו ווערן אינגאַנצען. אודאי איז בעסער, אַז אָנגעקליבענע קאַפּיטאַלען זאָלען געהן צו גרונד איידער דורות מענשען (ווי גרויסמוטיג פון דעם העררן מאָלינאַרי!); צי וואָלט אָבער ניט געווען בעסער, אַז קיינע פון די ביידע זאָל ניט געהן צו גרונד? (מאָלינאַרי, „עקאָנאָמישע עטיודען" (פראַנצויזיש), פּאַריז 1846, ז. 51, 52.) הערר מאָלינאַרי, הערר מאָלינאַרי! וואָס ווערט דען פון די עשרת הדברות, פון משה און די נביאים, פון דעם געזעץ פון נאָכפראַגע און אָנבאָט, אויב אין אייראָפּאַ קאָן דער אונטערנעהמער בעדייסען דעם אַרבייטער פון זיין „לעגיטימען חלק" און אין וועסט־אינדיען דער אַרבייטער דעם אונטערנעהמער? און וואָס, איך בעט אייך, איז דער דאָזיגער „לעגיטימער חלק," וואָס איהר זייט מודה, אַז דער קאַפּיטאַליסט אין אייראָפּאַ צאָהלט ניט? דעם העררן מאָלינאַרי ווילט זיך מורא'דיג, דאָרט אין די קאָלאָניעס, וואו די אַרבייטער זיינען אַזוי „סימפּל," אַז זיי „עקספּלואַטירן" דעם קאַפּיטאַליסט, אַוועקצולאָזען אין ריכטיגען גאַנג דורך דער פּאָליציי דאָס געזעץ פון נאָכפראַגע און אָנבאָט, וואָס אַרבייט זאָנסט גאַנץ אויטאָמאַטיש.

[269] וויקפיעלד, דאָרט גופא, באַנד 2, ז. 52.

רים דער ארבייטער־קלאס געהערט צו איהם מיט די ביינער, איז שטענדיג פאראן אין איבערפלוס און שטענדיג גרייט צו דיענען. אין די קאלאניעס אבער!

וויקפיעלד דערצעהלט א זעהר טרויעריגען אנעקדאט. ער האט זיך אונטערהאלטען מיט איינינע קאפיטאליסטען פון קאנאדא און דעם שטאאט ניו יארק, וואו די כוואליעס פון דער אימיגראציע בלייבען א חוץ המעשה אפט שטעהן און לאזען איבער אן אבזעץ פון „איבעריג־געווארענע" ארבייטער. „אונזער קאפיטאל," זיפצט איינער פון די פערזאנען פון דער מעלאדראמע, „אונזער קאפיטאל איז געלעגן גרייט פאר א סך אפעראציעס, וועלכע האבען געפאדערט א היבשע צייט־פעריאדע זייו דורכצופיהרען; האבען מיר דען אבער געקאנט אנפאנגען אזעלכע אפעראציעס מיט ארבייטער, וועלכע, ווי מיר האבען געוואוסט, וועלען אונז באלד פערלאזען? וואלטען מיר זיכער געוועזען, אז מיר וועלען קאנען פעסטהאלטען די ארבייט פון אזעלכע אימיגראנטען, וואלטען מיר מיט פרייד זי גלייך אנגעשטעלט און געצאהלט א הויכען פרייז אויך. יא, וויסענדיג אפילו אז מיר וועלען זי פערלירען, וואלטען מיר זי דאך אנגעשטעלט, ווען מיר וואלטען געוועזען זיכער מיט א פרישען צושטעל פון ארבייט לויט אונזערע בעדערפעניסען."270

נאכדעם ווי וויקפיעלד האט די ענגלישע קאפיטאליסטישע אגריקולטור און איהר „קאמבינירטע" ארבייט אוועקגעשטעלט מיט פאראד אין געגענזאץ צו דער צעווארפענער אמעריקאנער אגריקולטור־וויסענשאפט, לאזט ער אונז ניט־פילענדיג כאפען א בליק אויך אויף דער אנדער זייט פון דעם מעדאל. ער שילדערט די אמעריקאנער פאלקס־מאסע אלס וואוילהאבער, אונאבהענגיק, אונטערנעהמעריש און פערהעלטניסמעסיג געבילדעט, בעת „דער ענגלישער אגריקולטור־ארבייטער איז אן עלענדער לומפ, א פאופער... אין וועלכען לאנד, א חוץ נארד־אמעריקא און איינינע נייע קאלאניעס, שטייגען וויפיעל עס איז אריבער די לוינען פון דער פרייער ארבייט, וואס ווערט בעשעפטיגט אין דער אגריקולטור, דעם ארבייטער'ס אונבעדינגט נויטיגע לעבענסמיטלען?... בלי שום

270) דארט גופא, ז. 191, 192.

ספק ווערן די אקער־פערד אין ענגלאנד, אזוי ווי זיי זיינען א ווערטה־פול אייגענטום, א סך בעסער געשפייזט איידער די ענגלישע ערד־ארבייטער."[271] אבער וואס שאדעט עס? נאציאנאל־רייכטום האט דאך שוין איינמאל פון נאטור אוים דיזעלביגע בעדייטונג ווי פאלקס־עלענד.

איז ווי זאל מען פארט היילען די אנטי־קאפיטאליסטישע חלאת פון די קאלאניעס? וואלט מען מיט איין קלאפ פערוואנדעלט דעם גאנצען גרונד און באדען פון פאלקס־אייגענטום אין פריוואט־אייגענטום, וואלט מען טאקע צערשטערט די ווארצלען פון דער צרה, אבער צוזאמען דערמיט אויך — די קאלאניע. דער קונץ איז, צו דער'הרג'נען צוויי פליגען מיט איין קלאפ. זאל די רעגירונג שטעלען אויף דער יונגפרויליכער ערד א קינסטליך־גע־מאכטען פרייז, אונאבהענגיק פון דעם געזעץ פון נאכפראגע און אנבאט, וועלכער וועט צווינגען דעם אימיגראנט צו טהאן א לענ־גערע צייט לוין־ארבייט, ביז ער וועט קאנען פערדיענען גענוג געלד צו קויפען גרונד און באדען[272] און זיך פערוואנדלען אין א אונאבהענגיגען פויער. די שטיקער גרונד זאלען פערקויפט ווערן פאר אזא פרייז, וואס מאכט גאנץ שוועד פאר דעם לוין־ארבייטער זיי צו בעקומען. די געלדער, וואס וועלען אריינקומען פון דעם פערקויף פון די דאזיגע לענדערייען, דעם פאנד, הייסט עס, וואס מען וועט אברייסען פון דעם ארבייט־לוין, דורך א פערלעצונג פון דעם הייליגען געזעץ פון נאכפראגע און אנבאט, זאל די רעגירונג פערווענדען פון דער אנדער זייט, לפי ערך פון זיין וואוקס, אויף

---

[271] דארט גופא, באנד 1, ז. 47, 246.

[272] „איהר בעהויפטעט, אז עס איז צו פערדאנקען דער אנאייגנונג פון'ם באדען און פון קאפיטאלען, וואס א מענש, וועלכער בעזיצט גאר נישט א חוץ זיינע הענד, געפינט א בעשעפטיגונג און פערשאפט זיך א הכנסה. . . . מען מוז אין גענענטייל צושרייבען צו דער אינדיווידועלער אנאייגנונג פון'ם באדען, וואס עס זיינען פאראן מענשען, וועלכע בעזיצען גאר נישט א חוץ זייערע הענד. . . . ווען איהר זעצט אריין א מענשען אין א רוים אהן לופט, בערויבט איהר איהם פון דער לופט, וואס ער מוז האבען צו אטהעמען. עס איז דיזעל־ביגע זאך ווען איהר פערכאפט אין אייער מאכט דעם באדען. . . . דאס מיינט איהם אריינזעצען אין א רוים אהן רייכטום, כדי צו מאכען, אז זיין לעבען זאל אבהענגען פון אייער קאפריז." (קאלינס, „ל'עקאנאמיע פאליטיק עטצ.", פאריז 1857, באנד 3, ז. 268—271.)

צו אימפּאָרטירן „האָב־ניכסטען" פון איראָפּא אין די קאָלאָניעס, און אויף דעם אופן האַלטען פול פאר דעם הערן קאפּיטאַליסט זיין לוינארבייט־מארק. אונטער אָט די אומשטענדען וועט אַלץ צו־געהן אויפ'ן שענסטען אופן אין דער בעסטער פון אַלע וועלטען.

דאָס איז דער גרויסער סוד פון דער „סיסטעמאַטישער קאָ־לאָניזאַציע". „לויט אָט דעם פּלאַן," רופט וויקפיעלד אויס מיט טריאומף, „מוז דער צושטעל פון ארבייט זיין א שטענדיגער און רעגעלמעסיגער; ווארים ערשטענס, היות ווי קיין ארבייטער איז ניט ביכולת זיך צו פערשאפען לאנד, איידער ער האָט געארבייט פאר געלד, וועלען אַלע איינגעוואנדערטע ארבייטער, דערמיט וואָס זיי ארבייטען קאָמבינירט פאר לוין, פּראָדוצירן פאר זייער ארבייט־געבער קאפּיטאַל צו בעשעפטיגען מעהר ארבייט; צווייטענס, יעדערער וואָס וועט אוועקווארפען די לוין־ארבייט און ווערן א גרונד־איינענטימער, וועט טאַקע דורכדעם אַליין, וואָס ער קויפט ערד, פערזיכערן א פאָנד אויף אריבערצוברענגען פרישע ארבייט אין די קאָלאָניעס."273

דער פּרייז פון באָדען, וואָס דער שטאַאַט וועט שטעלען, מוז נאַטירליך זיין א „גענוגענדער פּרייז", דאָס הייסט, ער מוז זיין אזוי הויך, „אז ער זאָל ניט דערלאָזען די ארבייטער ווערן אונאָב־הענגיקע פּויערים, ביז עס וועלען זיין אַנדערע צו פערנעהמען זייער פּלאַץ אויף דעם לוינארבייט־מארק."274 אָט דער „גענוגענדער פּרייז פון באָדען" איז מעהר גאָרנישט ווי א שעהן־קלינגענדער אויסדרוק פאר דעם אויסלייז־געלד, וואָס דער ארבייטער צאָהלט דעם קאפּיטאַליסט פאר דער ערלויבניש זיך צוריקצוציהען פון דעם לוין־ארבייט־מארק צו דעם באָדען. אפריהער מוז ער פאר דעם הערן קאפּיטאַליסט שאפען „קאפּיטאַל", כדי ער זאָל קאָנען עקס־פּלואַטירן מעהר ארבייטער, און דערנאָך מוז ער שטעלען אויף דעם ארבייט־מארק אן „אכוואַטניק" (ערזאץ־מאַן, א במקום), וועלכען די רעגירונג וועט אויף זיינע קאָסטען עקספּעדירן איבער'ן ים פאר זיין געוועזענעם הערן דעם קאפּיטאַליסט.

273 וויקפיעלד, דארט גופא, באנד 2, ז. 192.

274 דארט גופא, ז. 45.

עס איז העכסט כאראקטעריסטיש, אז די ענגלישע רעגירונג האט יאהרענלאנג פראקטיצירט אט די מעטאדע פון „אורשפרינג ליכער אקומולאציע," וואס הערר וויקפיעלד האט צוגעשריבען ספעציעל פאר דעם געברויך פון די קאלאניעס. דער דורכפאל איז נאטירליך געווען פונקט אזא מיאוס'ער, ווי דער דורכפאל פון סער ראבערט פיעל'ס באנק־אקט. דער שטראם פון דער עמיגראציע איז דורכדעם נאר אבגעצוויגען געווארען פון די ענגלישע קאלאניעס אין די פעראייניגטע שטאאטען. אונטער דער צייט האט דער פארטשריט פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן אין אייראפא, בעגלייט פון דעם אלץ־גרעסערן דרוק פון די רעגירונגען, געמאכט וויקפיעלד'ס רעצעפט איבערפליסיג. פון איין זייט לאזען איבער דער אונגעהויערער און שטענדיגער מענשען־שטראם, וואס ווערט געטריבען יאהר איין יאהר אויס אין אמעריקא, א שטעהענדיגען אבזעץ אין מזרח פון די פעראייניגטע שטאאטען, ווייל די כוואלע פון דער עמיגראציע פון אייראפא ווארפט דארטן שנעלער אריין די מענשען אויפ'ן ארבייט־מארק, איידער די צווייטע כוואלע פון דער עמיגראציע אין די מערב־שטאאטען קאן זי אבוואשען. פון דער אנדער זייט האט דער אמעריקאנער בירגער־קריעג מיטגעבראכט אלס רעזולטאט א קאלאסאלען נאציאנאל־חוב, און מיט איהם א דרוק פון שטייערן, אן אויסוואוקס פון דער געמיינסטער פינאנץ־אריסטאקראטיע, א פערשענקען פון אן אונגעהויערן טייל פון עפענטליכע לענדערייען צו ספעקולאנטען־געזעלשאפטען פאר דער עקספלואטאציע פון אייזענבאהנען, מינען א. א. וו. — קורץ, די שנעלסטע קאנצענטראציע פון קאפיטאל. די גרויסע רעפובליק האט דעריבער אויפגעהערט צו זיין דאס געבענשטע לאנד פאר אויסוואנדערענדע ארבייטער. די קאפיטאליסטישע פראדוקציאן געהט דארט פארווערטס מיט ריעזען־טריט, ווען אפילו די ארונטערדריקונג פון'ם לוין און דעם לוין־ארבייטער'ס אבהענגיקייט איז נאך ווייט ניט ארונטערגעבראכט געווארן ביז צו דעם אייראפעאישען נארמאל־גראד.

די שענדליכע פערטיילונג פון דעם ניט־בעארבייטען קאלאניאל־באדען צו אריסטאקראטען און קאפיטאליסטען מצד דער ענגלישער רעגירונג, וואס וויקפיעלד אליין האט אזוי שטארק גע־

בראנדמארקט, האט ספעציעל אין אויסטראליע,[275] צוזאמען מיט דעם מענשען־שטראם, וואס די גאלד־מינען ציהען־צו, און מיט דער קאנקורענץ, וואס דער אימפארט פון ענגלישע סחורה מאכט אפילו דעם קלענסטען האנדווערקער, ארויסגעבראכט א גענוג גרויסע „רעלאטיווע ארבייטער־איבערבעפעלקערונג,״ אזוי אז כמעט יעדע פאסט ברענגט די איוב־נאכריכטען פון אן איבערפילונג פון דעם אויסטראלישען ארבייט־מארק. די פראסטיטוציע האט זיך דארט אין איניגע ערטער אזוי ברייטליך צעוואקסען, ווי אויף דעם היימארקעט אין לאנדאן.

ווי די מעשה איז, אונז איז דא ניט נוגע דער צושטאנד פון די קאלאניעס. דאס איינציגע, וואס אונז אינטערעסירט, איז דער סוד, וואס איז ענטדעקט געווארן אין דער נייער וועלט פון דער פאליטישער עקאנאמיע פון דער אלטער וועלט, און איז פראקלאמירט געווארן ווייט און ברייט: אז דער קאפיטאליסטישער אופן פון פראדוקציאן און אקומולאציע, און ממילא אויך דאס קאפיטאליסטישע פריוואט־אייגענטום, זיינען געבויט אויף דער פערניכטונג פון דעם פריוואט־אייגענטום, וואס רוהט אויף אייגענער ארבייט, דאס הייסט עס רוהט אויף דער עקספראפריאציע פון דעם ארבייטער.

[275] אזויבאלד אויסטראליע איז געווארן איהר אייגענער געזעצגעבער, האט זי נאטירליך ארויסגעגעבען גינסטיגע געזעצען פאר די קאלאניסטען. אבער די ענגלישע פערשענקונג פון׳ם באדען, וואס איז איינמאל דורכגעפיהרט געווארן, שטעהט איז וועג. „דער ערשטער און הויפטזעכליכסטער ציעל, וואס דאס נייע לאנד־געזעץ פון 1862 שטרעבט איינצופיהרן, איז צו געבען דעם פאלק לייכטערע מעגליכקייטען צו קאלאניזירן זיך.״ ("The Land Laws of Victoria," by S. Duffy, London, 1762.)

סוף פון דעם ערשטען באנד.

מיט אַ געפיהל פון דאַנקבאַרקייט פאַר דער זכיה צו האָבען געקאָנט אַריינברענגען דאָס וויכטיגסטע און טיעפסטע סאָציאַליסטישע ווערק אין דער אידישער ליטעראַטור, זאָל אָט די אַרבייט מיינע — אויפריכטיג אַן אַרבייט פון ליעבע — זיין *געווידמעט אַלע געטרייע אידישע אַרבייטער*, וועלכע זוכען אויף זייערע אייגענע און פערשיידענע וועגען צו פערווירקליכען דעם גרויסען סאָציאַליסטישען אידעאַל אין לעבען.

דערביי וויל איך אויסדריקען אַ דאַנק און אָנערקענונג מיין לעבענס חבר, דר. קאַטערינאַ עוועזעראָוו מעריסאָן, פאַר איהר מיט־הילף, מיט ראַטה און טהאַט, אין פיעלע פעלען פון שפּראַכליכע שוועריגקייטען ביי דער איבערזעצונג פון אָט דעם ווערק, ווי אויך אין דער אַרבייט פון לייענען די קאָרעקטורען.

דער איבערזעצער.

# נאָמען־רעגיסטער.

## א

**אַבעל, ק.,** איבערזעצער פון די בע־ריכטען פון דער רוסישער געזאַנדשאַפט אין פעקינג, וועגען כינא, ז. 192 נ.

**אַגריפּפּא, מענענאַס,** דער שליח, וועמען די רוימישע פּאַטריציער האָבען געשיקט צו די פּלעבעער, כדי זיי איבערצו־רעדען, זיי זאָלען זיך אומקעהרען אין רוים. זיין פאַבעל האָט זיך פערווירקליכט אין דער מאַנופאַקטורמעסיגער צוטיילונג פון דער אַרבייט. ז. 562.

**אַדדינגטאָן, סטעפען,** 1729-1796. אַ גענגער פון די אַבצוימונגען אין ענג־לאַנד, אין 18טען י. ה. ז. 1150.

**אַוגיער, מ.,** פראַנצויזישער פּובלי־ציסט, וועגען געלד. ז. 1202.

**אָוען, ראָבערט,** דער בעריהמטער אוטאָפּיסט, 1771-1858. ז. 144 נ., ז. 456 נ., ז. 628 נ., ז. 758, ז. 788 נ., ז. 864 נ., ז. 943.

**אָווערסטאָון, לאָרד** (סאַמועל דזשאָנס לאָיד), ענגלישער באַנקיער, 1796-1883, ז. 188 נ., ז. 219 נ.

**אורע, אַנדרו,** ענגלישער כעמיקער און שריפטשטעלער, 1778-1857. ז. 414, 457 נ., 499, 543 נ., 545 נ., 546 נ., 573, 574 נ., 590 נ., 601 נ., 630 נ., 654, 655 נ., 657 נ., 662 נ., 677 נ., 683 נ., 684 נ., 868 נ., 875 נ., 881.

**אורקהאַרט, דייוויד,** ענגלישער פּוב־ליציסט און דיפּלאָמאַט, 1805-1877. ז. 152 נ., 567 נ., 791 נ., 1159 נ., 1183 נ., 1185 נ.

**אַטוויי, דזשיי. ה.,** ז. 423 נ.

**אַטענאַעאוס,** גריכישער גראַמאַטיקער (געלעבט אין ערשטער העלפט פון 2טען י. ה.). וועגען רעכען־געלד, ז. 153 נ.; וועגען נייציגקייט, ז. 201 נ.

**איזאָקראַטעס, בוזירים,** גריכישער רעדנער און לעהרער פון רהעטאָריק, 486-338 פ. ק. ז. 572 נ.

**אייקין, דזשאָהן,** 1747-1822. וועגען דער אינדוסטריע פון מאַנטשעסטער, ז. 939, 940, 940, 1187 נ., 1202.

**אָלמסטעד, פרעדריק לאָו,** אַמע־ריקאַנער אַגראָנאָם, ?-1822. ז. 300 נ.

**אַנדערסאָן, אַ.,** ענגלישער עקאָנאָ־מיסט, היסטאָריקער פון האַנדעל, 1692-1765. ז. 1178, 1201.

**אַנדערסאָן, דזשיימס,** ענגלישער עקאָנאָמיסט 1739-1808. ז. 793 נ., 980 נ., 1155 נ.

**אַנטיפּאַטראָס פון טהעסאַלאָניקע,** גריכישער דיכטער. בעגריסט די ערפינ־דונג פון דער וואַסער־מיהל, ז. 636.

**אַפּדייק, דזשאָרדזש,** אַמעריקאַנער פּאָליטיקער און עקאָנאָם, 1805-1880. ז. 249 נ.

**אַפּפּיאַן,** רוימישער געשיכטשרייבער (געלעבט אין 2טען י. ה.). וועגען די רוי־מישע פּלעבעער, וואָס זיינען רואינירט גע־וואָרן דורך דעם קריעגס־דיענסט, ז. 1152 נ.

**אַרטעס, דזשיאָמאַריאָ,** איטאַליעני־

שער עקאנאם, 1715-1790. ז. 978 ג., ז. 1029.

**אריסטאטעל**, גריכישער פילאזאף, נאטורפארשער און פאליטיקער, (געלעבט 384-322 פאר קריסט.) ז. 91, 125 ג., 131 ג., 250 ג., 507 ג., 636

**ארכימעדעס**, גריכישער מאטעמא־טיקער (געלעבט 287-212 פאר קריסט.) ז. 466 ג.

**ארלעדזש, דזש. ט.**, ארצט, וועגען די טעפער, ז. 372.

**ארקרייט, ריטשארד**, ערפינדער פון דער שפין־מאשין, 1732-1792. ז. 574, 662 ג., 585, 593, 670, 766.

**אשווארטה, הענרי**, באוועל־מאגנאט פילאנטראפ 1794-1880. ז. 439, 632.

**אשלעי, לארד**, (גראף שאפטסבורי), ענגלישער פילאנטראפ און שטאאטסמאן. 1801-1855. ז. 627 ג., 645 ג., 1075.

## ב.

**באבעדזש, טשארלז**, ענגלישער מא־טעמאטיקער און עקאנאמיסט, 1792-1871, ז. 539 ג., 544 ג., 583 ג., 608 ג., 630 ביז 631 ג.

**באטלער, סאמיועל**, ענגלישער סא־טיריקער, 1612-1680. ז. 57 ג.

**באלזאק, האנארע דע**, פראנצויזי־שער ראמאניסט־דיכטער, 1799-1850. שא־טירונגען פון דעם געלט־גייציגען, ז. 930 ג.

**באלינגבראק, הענרי סט. דזשאהן**, ענגלישער שטאאטסמאן און שרייבער, 1678-1751. ז. 1195.

**באללארד, דר.**, וועגען דעם מיני־מאל־רוים פאר יעדער פערזאן אין שלאף־צימער און אין ארבייט־צימערן, ז. 735.

**באסטיא**, פראנצויזישער עקאנאם און פרייהענדלער 1801-1850. ז. 44, 94, 125 ג., 294 ג., 637, 886.

**באקסהארן**, מארקוס, פראפעסאר פון געשיכטע אין לעידען אוניווערזיטעט, 1602-1653, ז. 669 ג.

**בארבאן, ניקאלאס**, ענגלישער עקא־נאמיסט, 1640-1698. ז. 55 ג., 56 ג., 58, 187 ג.; ז. 196 ג.; 218 ג., 979 ג.

**בארטאן, דזשאהן**, ענגלישער עקא־נאם. ז. 1005 ג.; 1073 ג.

**בואלע, עטיען**, אויבעררישטער אין פאריז, 1200-1269. ז. 762.

**בואלא־דעפרעא**, פראנצויזישער סא־טיריקער, 1636-1711. זעה מאלליער.

**כואגילבער, פיער לע פעזאן**, פראנ־צויזישער עקאנאם, 1646-1714. ז. 197, 214 ג.

**בוירק, עדמונד**, ענגלישער שטאאטס־מאן און שרייבער, 1729-1797. ז. 315 ג., 356ג., 502 ג., 1147ג., 1203 ג.

**בוקאנאן, דייוויד**, ענגלישער עקאנא־מיסט, 1779-1848. ז. 191 ג., 878 ג., 1156 ג.

**בושע, פיליפ**, פראנצויזישער גע־שיכטס־שרייבער, סען־סימאן'ס תלמיד, 1796-1865.. ז. 1175 ג.

**ביטשער סטאו, האריעט**, אמערי־קאנער שרייבערין, פערפאסערין פון „אנ־קעל טאם'ס קאבין”, 1812-1886. ז. 1157 ג.

**ביילעי, סאמועל**, ענגלישער פילאזאף און עקאנאמיסט, 1791-1870. ז. 77 „ 127 ג., 87, 97 ג., 128 ג., 150 ג., 839 ג., 967 ג.

**ביינס, עדווארד**, ענגלישער פובלי־ציסט און פאליטיקער, 1800-1890. וועגען מאשינען, ז. 604, 608.

**בייקאן, פראנצים**, ענגלישער שטאאטסמאן און פילאזאף, 1561-1626. ז. 607 ג., 1140, 1141 ג.

**בייקער, ראבערט**, פאבריק אינספעק־טאר. זיינע בעריכטען, ז. 458 ג., 622, 665, 666, 702.

**בלאנקי, אדאלף זשעראם**, דער ברו־דער פון'ם בעריהמטען רעוואלוציאנער,

אגוסט בלאַנקי, פראַנצויזישער עקאָנאָם, 1798-1854. ז. 421 נ., 524 נ.

בלאָק, מאָריס, פראַנצויזישער עקאָנאָם און סטאַטיסטיקער, 1816-1901. ז. 46.

בלייקעי, ראָבערט, ענגלישער שרייבער, 1795-1878. ז. 1144 נ.

בעללערס, דזשאָהן, ענגלישער פילאַנטראָפּ און קאָמוניסט, 1654-1725. ז. 199 נ., 210 נ., 221 נ., 506 נ., 541 נ., 668 נ., 752 נ., 766 נ., 975 נ.

בענטהאָם, דזשערעמי, ענגלישער יורידיסט און פילאָזאָף, 1748-1832. ז. 267, 966 נ.

בעקקאַריאַ, טשעזאַרע, איטאַליענישער פילאָזאָף און פובליציסט, פּערפאַסער פון דעם בעריהמטען ווערק וועגען „פערברעכען און שטראָף“, 1735-1794, ז. 569 נ.

בערקלעי, דזשאָרדזש, ענגלישער פילאָזאָף, 1685-1735. ז. 522 נ., 551 נ.

ברוגהאַם, הענרי, ענגלישער שטאַאַטסמאַן און שרייבער, 1778-1868. ז. 1202 נ.

ברוקנער, פאַרלויפער פון מאַלטהוס. ז. 978 נ.

בריי, דזשאָהן פראַנציס, ענגלישער קאָמוניסט, אָווען׳ס תלמיד. ז. 105 נ.

ברייט, דזשאָהן, ענגלישער פּאָליטיקער, אַנפיהרער פון קאַמף געגען די קאָרן־געזעצען, 1811-1889. ז. 387, 431, 1035 נ., 1079 נ., 1186 נ.

## ג

גאַליאַני, פערנאַנדאָ, איטאַליענישער עקאָנאָם, 1728-1787. ז. 113 נ., 138 נ., 151 נ., 241 נ., 489 נ., 1025 נ.

גאַנילה, שאַרל, פראַנצויזישער עקאָנאָם, 1758-1836. ז. 124 נ., 264 נ., 701 נ.

גאַסקעל, עליזאַבעטה קלעגהאָרן, ענגלישע שרייבערין, 1810-1865. ז. 681, 695 נ.

גאַרניע, זשערמעין, פראַנצויזישער עקאָנאָם, 1754-1821. ז. 566 נ., 867 נ.

גוליך, גוסטאַוו פאָן, דייטשער עקאָנאָמיסט. ז. 40, 1192.

גיסבאָרן, טהאָמאַס, ענגלישער עטהיקער, 1758-1846. ז. 1201 נ.

גלאַדסטאָן, וויליאַם עוואַרט, ענגלישער שטאַאַטסמאַן, 1809-1898. ז. 453 נ., 708, 1037, 1173.

געטהע, וואָלפגאַנג, דייטשער דיכטער, 1750-1832. ז. 105 נ., ציטאַטע, „וואו בעגריפען פעהלען, א. אז. וו.“; ז. 132, ציטאַטע פון פאַוסט: אים אַנפאַנג וואַר די טהאַט“; ז. 410, ציטאַטע, „זאָל דער קומער אונז קימערן, א. אז. וו.“; ז. 938, 1131 נ.

גענאָעסי, אַנטאָניאָ, איטאַליענישער פילאָזאָף און עקאָנאָמיסט, 1712-1769. ז. 233 נ.

גערהאַרדט, קאַרל פריעדריך, כעמיקער, 1816-1856. ז.473 נ.

גראָוו, וויליאַם ראָבערט, ענגלישער נאַטור־פאָרשער, 1811-1896. ז. 825 נ.

גריי, דזשאָהן, א שילער פון אָווען, 1798-1850. ז. 105 נ.

גרעג, ראָבערט הייד, ענגלישער פאַבריקאַנט און עקאָנאָמיסט, 1795-1875. ז. 443 נ.

גרעגואַר, ה., וועגען שטיק־לוין. ז. 872 נ.

גרעי, סער דזשאָרדזש, ענגלישער שטאַאַטסמאַן, 1799-1882. ז. 439, 1057.

## ד

דאָבלדיי, טהאָמאַס, ענגלישער פובליציסט און קאָמוניסט, 1790-1870. ז. 1197.

דאַומער, געאָרג, פריעדריך, דיכטער און רעליגיאָנס־פילאָסאָפישער שרייבער, 1800-1875, ז. 438 נ.

דאַנטע, אַליגערי, איטאַליענישער

דיכטער, פערפאסער פון דער „געטליכער קאמעדיע". 1265־1321. ז. 374, 157.

**דאנינג, ט. דזש.** ענגלישער טרייד־יוניאן פיהרער, 1799־1873. ז. 865, 870.

**דאפערין, מארקיז,** ענגלישער שטאאטסמאן, 1826־1902. ז. 1126.

**דאפפי, סער טשארלז,** איירישער רעוואלוציאנער, שפעטער קאלאניאל־פאליטיקער, 1816־1903. ז. 1223.

**דארווין, טשארלז,** ענגלישער נאטור־פארשער, 1809־1882. ז. 531 נ., 578 נ.

**דופאן, פיער,** פראנצ. דיכטער, 1821־1870. ז. 1102 נ.

**דוקפעטיא, עדוארד,** בעלגישער פובליציסט, גענעראל אינספעקטאר פון די טורמעס, 1804־1868, ז. 1068 און 1070 נ.

**דזשאנס, ריטשארד,** ענגלישער עקא־נאמיסט, 1790־1855. ז. 473 נ., 498 נ., 511 נ., 520, 897, 928 נ., 946 נ., 1006 נ.

**דזשיימס דער ערשטער,** קיניג פון שאטלאנד און שפעטער פון ענגלאנד, 1566, 1625. ז. 1141, 1166, 1171.

**דיאדארוס, סיקולוס,** גריכישער גע־שיכט־שרייבער. ז. 217 נ., 357 נ., 529 נ., 572 נ., 803 נ.

**דידערא, דעני,** פראנצויזישער שריי־בער, פערפאסער פון דער גרויסער ענצי־קלאפעדיע, 1713־1784. ז. 203

**דיעצגען, יאזעף,** פילאסאף און פוב־ליציסט, 1827־1888. דערמאהנט אין „נאכ־ווארט," ז. 45.

**דיקענס, טשארלז,** ענגלישער ראמא־ניסט, 1812־1870, זיין שילדערונג פון ביל סייקס, ז. 692.

**דע וויטט, זשאן,** האלענדישער שטאאטסמאן, 1625־1672, ז. 979 נ., 1197.

**דעמולין, קאמיל,** פובליציסט און מיטגליעד פון קאנווענט אין דער פראנ־צויזישער רעוואלוציע, 1760־1794. ז. 1175.

**דעסטוט דע טראסי, אנטואן,** פראנצויזישער פילאזאף און עקאנאם, 1754־1836. ז. 123 נ., 239 נ., 248 נ., 506 נ., 509 נ., 1033.

**דעפאו, דאניעל,** ענגלישער שריי־בער, פערפאסער פון „ראבינסאן קרוזא," 1661־1731. ז. 978 נ.

**דעקארט, רענע,** פראנצ. פילאזאף. 1596־1650. ז. 607 נ.

**דע קווינסי, טהאמאס,** ענגלישער פובליציסט און עקאנאמיסט. 1785־1859. ז. 615 נ.

**דריידען,** ענגלישער דיכטער, 1631־1700. ז. 367 נ.

## ה

**האבבס, טהאמאס,** ענגלישער פילא־זאף, 1588־1679. ז. 259 נ., 607 נ., 979 נ.

**האבהאוז, סער דזשאהן,** ענגלי־שער שטאאטסמאן, 1786־1869. זיין פאב־ריק געזעץ, ז. 440 נ.

**האדזשסקין, טהאמאס,** ענגלישער סאציאל־רעפארמער און עקאנאמיסט, 1787־1869. ז. 528 נ., 549 נ., 543 נ., 841 נ., 905 נ., 1187 נ.

**האונטאן, דזשאהן,** ענגלישער עקא־נאמיסט, געשטארבען 1705 ז. 668 נ.

**האועל,** פאבריק־אינספעקטאר, ז. 346 נ., 411, 443 נ.

**האוויט, וויליאם,** ענגלישער שריי־בער, 1792־1879. ז. 1189.

**האטטאן, טשארלס,** ענגלישער מא־טעמאטיקער, 1737־1823. ז. 577 נ.

**האלינסהעד, ראפאעל,** ענגלישער כראניקער, געשט. 1580. ז. 1166 נ.

**האללער, קארל, לודוויג פאן,** פוב־ליציסט. 1788־1854. ז. 607 נ.

**האם**, ווילהעלם פאן, שרייבער וועגען אגריקולטור, 1820-1880. ז. 789 נ.

**האמער**, גריכישער דיכטער, דער אנגענגעבענער פערפאסער פון דער איליאדע און אדיסעי. ז. 96 נ., 570 נ.

**האנטער, דר. הענרי דזשוליאן**, ז. 620, 1049, 1054, 1060.

**האפקינס, טהאמאס**, ז. 349 נ.

**האקסלעי, טהאמאס הענרי**, ענגלישער נאטור־פארשער, 1825-1895. ז. 756 נ.

**האראץ**, רוימישער דיכטער פון 65 ביז 8 פאר קריסט. ז. 1129.

**הארנער, פראנסיס**, ענגלישער פאליטיקער, 1778-1817. ז. 1201 נ.

**הארנער, לעאנארד**, ענגלישער פאבריק־אינספעקטאר, 1785-1864. ז. 341 נ., 365 נ., 366, 422 נ., 434, 439 נ., 623, 625, 645, 647, 667 נ., 865 נ.

**הארריס, דזשיימס**, ענגלישער דיפלאמאט און שרייבער, 1746-1820. ז. 569 נ.

**הארריסאן, וויליאם**, ענגלישער היסטאריקער, 1534-1593. ז. 1176 נ.

**היינע, הענריך**, דיכטער, 1799-1856. ז. 460 ציטירט דעם אויסדרוק „שלאנג פון אלע זייערע צרות", ז. 966 נ.

**היעראנימוס, דער הייליגער**, 340-420. ז. 156 נ.

**העגעל, געארג וו. פריעדריך**, פילאזאף, 1770-1831. ז. 50, 69 נ., 139 נ., 156, 256 נ., 273 נ., 398 נ., 473, 567 נ., 943 נ.

**העלוועטיוס, קלאד, אדריען**, פראנצויזישער פילאזאף, 1715-1771. ז. 966 נ.

**הענרי דער דריטער**, קיניג פון פראנקרייך, 1551-1589. ז. 200.

**העראקליט**, גריכישער פילאזאף, ארום 500 יאהר פאר קריסט. לאסאל וועגען העראקליט, ז. 160 נ.

**הערענשוואנד**, א פיזיאקראט, געשריבען פראנצויזיש, 1730-1807. ז. 184 נ.

## וו

**וואבאן, סעבאסטיאן**, בעריהמטער פראנצויזישער אינזשעניער און עקאנאם, 1633-1707. ז. 213.

**וואטט, דזשיימס**, ערפינדער פון דאמף־מאשין, 1736-1819. ז. 585, 586.

**וואטטס, דזשאהן**, ענגלישער סאציאל־רעפארמער, 1818-1887. ז. 864 נ.

**וואטסאן, סער טהאמאס**, ענגלישער היגיעניקער, 1792-1882. ז. 609 נ.

**וואיקאנסאן, זשאק**, פראנצויזישער מעכאניקער, 1709-1782. ז. 593.

**וואליים, ראבערט**, ענגלישער פובליציסט, 1697-1771. ז. 549 נ.

**וואלף, כריסטיאן**, דייטשער פילאזאף, 1679-1754. ז. 966 נ.

**וואלף ווילהעלם**, קאמוניסט, מארקס' פריינד, 1809-1864. ז. 52.

**וואנדערלינט, דזשייקאב**, ענגלישער עקאנאם, געשט. 1740. ז. 187 נ., 198 נ., 220 נ., 416 נ., 420 נ., 487 נ., 515 נ., 542 נ., 979 נ.

**וואיטני, איליי**, ערפינדער פון מאשין „קאטאן־דזשין," 1765-1825. ז. 596.

**ווייאטט, דזשאהן**, ענגלישער ערפינדער, 1700-1766. ז. 578.

**ווייד, דזשאהן**, ענגלישער שריפטשטעלער, 1788-1875. ז. 369 נ., 413 נ., 985 נ.

**ווייד, וויצע פרעז.** פעראייניגטע שטאאטען פ. אמער. ז. 38.

**וויילאנד, פראנסיס**, אמעריקאנער פובליציסט און עקאנאם, 1796-1865. ז. 249 נ., 317 נ.

**ווייקפיעלד, עדווארד גיבבאן**, ענגלישער קאלאניאל־פאליטיקער, 1796-

1862. ז. 408 נ., 506 נ., 920, 1075, 1210 ביז 1221.

**ווילסאן, דזשיימס,** ענגלישער עקאנאם, 1805-1860. ז. 348.

**וויליערס,** ענגלישער פארלאמענטאריער. ז. 407 נ.

**וויסערינג,** האלענדישער עקאנאם. ז. 788 נ.

**וויקא, דזשיאוואני באטיסטא,** איטאליענישער פילאזאף, 1668-1744. ז. 578 נ.

**ווירטה, מאקס,** דייטשער עקאנאם, 1822-1900. ז. 117, 348 נ.

**ווערזשוואוד, דזשאסיא,** ערפינדער פון מאדערנער טעפעריי, 1730-1795. ז. 405.

**וועללינגטאן, הערצאג פון,** בעריהמטער ענגלישער גענעראל, 1769-1852. ז. 183 נ.

**וועסט, עדוואַרד,** ענגלישער עקאנאם, 1782-1828. ז. 793 נ., 852-3 נ.

**ווערי, פיעטרא,** איטאליענישער עקאנאם, 1728-1797. ז. 67 נ., 137 נ., 202 נ.

## ז

**זיבער, ניקאלאי,** רוסישער עקאנאם, 1844-1888. ז. 46.

**זיסמאנדי, זיסמאנד דע, זשאן שארל,** פראנצויזישער עקאנאם און היסטאריקער, 1773-1842. ז. 236 נ., 263 נ., 489 נ., 840 נ., 893 נ., 911 נ., 919 נ., 924 נ., 941 נ., 968, 1011 נ., 1032 נ., 1206 נ.

**זשוארעז, בעניטא,** פרעזידענט פון דער מעקסיקאנער רעפובליק, 1806-1861. האט אבגעשאפט דעם פעאנאזש אין מעקסיקא. ז. 255 נ.

## ט

**טאונסענד, דזשאזעף,** ענגלישער נאטורפארשער און מעדיצינער, 1816-1739. ז. 978 נ., 979 נ., 1030 נ.

**טאקעטט, דזשיי ד.,** ז. 564 נ., 1143 נ., 1185 נ.

**טאקער, דזשאסיא,** ענגלישער עקאנאם, 1712-1799, ז. 416 נ. 979 נ., 1203 נ.

**טאררענס, ראבערט,** ענגלישער עקאנאם, 1780-1864. ז. 245 נ., 260 נ., 281 נ., 631 נ., 684.

**טהאמפסאן, וויליאם,** ענגלישער עקאנאם, 1785-1833. ז. 564 נ.

**טהאמפסאן, סער בענדזשאמין** (גראף רומפארד), ענגלישער פילאנטראפ און שריפטשטעלער, 1753-1814. ז. 951.

**טהארנטאן, וויליאם טהאמאס,** ענגלישער עקאנאם, 1813-1880. ז. 260 נ., 409 נ. 1139.

**טהונען, פאן העגריך,** דייטשער עקאנאם, 1783-1850. ז. 986 נ.

**טהוצידידעס,** גריכישער געשיכטסשרייבער, 400-460 פ. ק. ז. 570 נ.

**טהיער, אדאלף,** פראנצויזישער שטאאטסמאן און היסטאריקער, 1797-1877. ז. 692 נ., 1131.

**טופנעל, טהאמאס דזשיי.,** ענגלישער צאהנארצט און היגיעניקער. 1810-1889. ז. 400 נ.

**טופפער, מארטין פארקוואר,** ענגלישער דיכטער, 1810-1889. ז. 966.

**טוק, טהאמאס,** ענגלישער עקאנאם, 1774-1858. ז. 450 נ.

**טורגא, אנן ראבערט זשאק,** פראנצויזישער עקאנאם און פיזיאקראט, 1727-1781. ז. 274 נ., 487 נ., 836 נ.

**טעמפל, סער וויליאם,** ענגלישער שטאאטסמאן און שריפטשטעלער. 1623-1699, ז. 979 נ.

טרעמענהיר, יוה סעימאר, ענגלישער פובליציסט און פאליטיקער, 1804-1893. ז. 378, 400 נ.

טשאלמערס, טהאמאס, ענגלישער טעאלאג און עקאנאמיסט. 1780-1847. ז. 238 נ., 247 נ., 979 נ.

טשאמבערליין, דזשאזעף, ענגלישער שטאאטסמאן, געב. 1836. ז. 1023 נ.

טשארלס דער ערשטער, קיניג פון ענגלאנד, 1600-1649. ז. 1141.

טשיילד, דזשאסוא, ענגלישער סוחר און עקאנאמיסט, 1630-1699. ז. 1203 נ.

טשערנישעווסקי, ניקאלאי, רוסישער סאציאליסטישער שריפטשטעלער, 1828-1889, ז. 44.

י

יאנג, ארטהור, ענגלישער אגראנאם און סטאטיסטיקער, 1741-1820. ז. 186 נ., 349 נ., 1071, 1082 נ.

יאקאב, וויליאם, ענגלישער סטאטיסטיקער, 1762-1851, ז. 63, 334.

יארראנטאן, אנדרו, ענגלישער טעכניקער און אגראנאם, 1616-1664. ז. 542.

יוהם, דייוויד, ענגלישער פילאזאף און היסטאריקער, 1711-1776. ז. 186 נ., 187 נ., 806 נ., 979 נ.

ל

לאבארד, אלעקסאנדער דע, פראנצויזישער עקאנאם, 1774-1842. ז. 835 נ.

לאדערדייל, לארד דזשיימס, ענגלישער פאליטיקער און עקאנאמיסט, 1759-1839. ז. 542 נ.

לאו, זשאן, פינאנציער און עקאנאם, 1671-1729, ז. 138 נ.,

לאווערן, לעאנס דע, פראנצ. אגראנאם און עקאנאמיסט, 1809-1880. ז. 789 נ., 834 נ.

לאורענט, אגוסט, פראנצויזישער כעמיקער, 1807-1853. ז. 473 נ.

לאנצעלאטי, איטאליענישער היסטאריקער, 1575-1643. ז. 668.

לאסאל, פערדינאנד, 1825-1864. ז. 33 נ., 160 נ.

לאק, דזשאהן, ענגלישער פילאזאף, 1632-1704. ז. 65 נ., 138 נ., 154 נ., 189 נ., 229 נ., 607 נ., 979 נ.

לואי, באנאפארט, (נאפאלעאן דער דריטער), ז. 421.

לואי, פיליפ, קיניג פון פראנקרייך, דער „בירגער קעניג”, ז. 423 נ.

לוטהער, מארטין, 1483-1546. ז. 205 נ., 293 נ., 473 נ., 937 נ.

לוקרעציוס, טיטוס, רוימישער דיכטער, 55-98 פ. ק. ז. 327 נ.

ליכנאווסקי, פירשט פעליקס, שריפטשטעלער, מיטגליעד פון דער דייטשער נאציאנאל־פערזאמלונג אין 1848. ז. 936.

לינגע, ניקאלאס, פראנצויזישער פובליציסט, 1736-1794. ז. 353 נ., 438 נ., 977 נ., 1169 נ.

ליעביג, יוסטוס, פאן, (אין טעקסט שטעהט על פי טעות „יאהאן פ.”) כעמיקער, 1803-1873. ז. 363 נ., 510 נ., 601 נ., 792, 904 נ.

ליקורג, לעגענדארישער געזעצגעבער פון די ספארטאנער אין 9טער העלפט פון 9טען י. ה. פ. ק. ז. 663.

לעווי, לעאן, ענגלישער סטאטיסטיקער, 1821-1888. ז. 1161 נ.

לעטראן, גילאם פראנסוא, פראנצויזישער פיזיאקראט, 1728-1780. ז. 57 נ., 62 נ., 139 נ., 154 נ., 176 נ., 181 נ., 220 נ., 240 נ., 241, 242, 248, 320 נ.

לעינג, סאמועל, ענגלישער שרייבער און רייזענדער, 1780-1868. ז. 302 נ., 1025 נ., 1048 נ., 1075 נ.

לעמאנטעי, פיער עדווארד, פראנ־

צוויזישער עקאנאמישער שרייבער, 1826-1762. ז. 565 ג.

לעסינג, גאטהאלד אפרים, דייטשער דיכטער און קריטיקער, 1729-1781. ז. 50.

## מ

מאודסלעי, הענרי, ענגלישער ערפינדער, 1771-1831. ז. 598.

מאורער, געארג לודוויג פאן, דייטשער שטאאטסמאן און רעכט־היסטאריקער, 1790-1872. ז. 110 ג., 359 ג.

מאלטהוס, טהאמאס, ראבערט, ענגלישער עקאנאמיסט, 1766-1834. ז. 247 ג., 323 ג., 487 ג., 549 ג., 793 ג., 828 ג., 874, 905 ג., 914 ג., 928 ג., 930 ג., 942, 946, 960 ג., 978 ג., 1011 ג., 1031 ג.

מאלינארי, גוסטאוו דע, בעלגיש־פראנצויזישער עקאנאם, 1819-1911. ז. 660 ג., 945 ג., 1218 ג.

מאליער, זשאן באטיסט, פראנצויזישער קאמעדיען־דיכטער, 1622-1673. ז. 1039 ג. — מארקס האט דא צוגעשריבען מאליער'ן א ציטאטע, וואס בעלאנגט נאר צו באילו.

מאמסען, טהעאדאר, אלטערטהומספארשער און היסטאריקער, 1817-1903. ז. 260 ג., 255 ג.

מאן, טהאמאס, ענגלישער סוחר און עקאנאם, 1571-1641. ז. 804 ג.

מאנדעוויל, בערנארד דע, ענגלישער שרייבער, 1670-1733. ז. 553 ג., 976.

מאנטאלעמבערט, שארל, פראנצויזישער פובליציסט און שטאאטסמאן, 1810-1870. ז. 736.

מאנטעל, אמאן אלעקסים. פראנצויזישער היסטאריקער, 1769-1850. ז. 1179 ג.

מאנטעסקיו, שארל, פראנצויזישער פובליציסט און שטאאטסרעכטלער, 1689-1755. ז. 139 ג., 188 ג., 977 ג., 1196 ג.

מאססעי, דזשאזעף, ענגלישער סטאטיסטיקער און עקאנאמיסט, געשטארבען 1784, ז. 806 ג.

מאקגרעגאר, דזשאהן, ענגלישער סטאטיסטיקער און היסטאריקער, 1797-1857. ז. 416.

מאקלארען, דזשיימס, ז. 148 ג.

מאקליוד, הענרי, דאנינג, ענגלישער עקאנאמיסט, 1821-1902. ז. 94, 234 ג.

מאקקאליי, טהאמאס ב., ענגלישער היסטאריקער און שטאאטסמאן, 1800-1859. ז. 415 ג., 422.

מאקקולאך, דזשאהן, ראמסיי, ענגלישער עקאנאמיסט, 1789-1864. ז. 219 ג., 229 ג., 233 ג., 416, 499, 637, 684, 691 ג., 816 ג., 963., 967.

מאר, טהאמאס, ענגלישער שטאאטסמאן און קאמוניסט, 1478-1535. ז. 979 ג., 1165 ג.

מארטאן, דזשאהן טשאלמערס, ענגלישער אגראנאם, 1821-1888. ז. 584 ג., 870 ג.

מארטינא, האריעט, ענגלישע שרייבערין, 1802-1876. ז. 1011 ג.

מאריטארנע, (זעה סערוואנטעס.)

מאררעי, יוה, ענגלישער געאגראף, 1779-1846. ז. 529 ג.

מוירפי, דענים, ענגלישער היסטאריקער, 1833-1896. ז. 1118 ג.

מילל, דזשאהן סטוארט, ענגלישער פילאזאף און עקאנאמיסט, 1806-1873. ז. 44, 188 ג., 203 ג., 576, 684, 793 ג., 808, 809, 932 ג., 943 ג., 948, 968 ג.

מילל, דזשיימס, ענגלישער שטאאטסמאן און עקאנאמיסט, 1773-1836. ז. 173 ג., 188 ג., 234 ג., 283 ג., 302 ג., 549 ג., 684, 792 ג., 895 ג., 900 ג., 904 ג., 967,

מיללער, אדאם הענריך, רעאקציאנערער פובליציסט, 1779-1829. ז. 189 ג,

**מיראבא, גאבריעל ריקעטטי,** מיטגליעד פון דער נאציאנאל־פערזאמלונג, פראנצויזישער פובליציסט און פאליטיקער. 1749־1791. ז. 748, 1137, 1161 נ., 1182, 1198.

**מיראבא,** דער עלטערער, פראנצויזישער פיזיאקראט, 1715־1789. ז. 979 נ., 1210 נ.

**מענדעלסזאהן, מאזעס,** פילאזאף, 1729־1786. ז. 50.

**מעריוויל, הערמאן,** ענגלישער שטאאטסמאן און עקאנאמיסט, 1806־1874. ז. 1010, 1217.

**מערסיער, דע לא ריוויער,** פראנצויזישער פיזיאקראט, 1720־1794. ז. 165 נ., 167 נ., 197 נ., 224 נ., 228 נ., 239 נ., 245 נ., 291 נ.

## נ

**נאסמיטה, דזשיימס,** ערפינדער פון דאמפ־האמער, 1808־1890. ז. 681.

**נארטה, סער דאדלע,** ענגלישער פינאנסיר און עקאנאם, 1641־1691. ז. 154 נ., 184 נ., 190 נ., 607 נ.

**ניומאן, פרענסיס וויליאם,** ענגלישער שריפטשטעלער און עקאנאם, 1805־1897. ז. 1155.

**ניומאן, סאמועל פיליפס,** אמעריקאנער פילאזאף און עקאנאם, 1796־1842. ז. 243, 316.

**ניומארטש, וויליאם,** ענגלישער סטאטיסטיקער, 1820־1882. ז. 450 נ.

**ניונהאם, ג. ל.,** ז. 952 נ.

**ניעבוהר, בערטהאלד געארג,** געשיכטשרייבער און פילאלאג, 1776־1831. ז. 356 נ.

## ס

**סאדלער, מייקעל טהאמאס,** ענגלישער סאציאל־רעפארמער און עקאנאם, 1780־1835. ז. 513 נ., 1075, 1117 נ.

**סאמערס, ראבערט,** ענגלישער שריפטשטעלער, 1822־1891. ז. 1160.

**סאנדערס, ר. דזשיי.,** פאבריק־אינספעקטאר, ז. 459, 628 נ.

**סאפאקלעס,** גריכישער טראגעדיען־פערפאסער, 400־496 פ. ק. ז. 201 נ.

**סוללי, מאקסימיליאן דע בעטהיון,** פראנצויזישער שטאאטסמאן און עקאנאם, 1560־1641. ז. 579 נ.

**סטאלבערי, גראף כריסטיאן,** דיכטער, 1748־1821. ז. 636.

**סטאפארד, וויליאם,** ענגלישער שריפטשטעלער, 1554־1612. ז. 1177 נ.

**סטאפלטאן,** מיטגליעד פון ענגלישען פארלאמענט. ז. 950.

**סטוארט, דזשיי.,** פאבריק־אינספעקטאר אין שאטלאנד. ז. 439, 476 נ.

**סטוארט, דזשיימס (דענהאם),** ענגלישער עקאנאם, 1712־1780. ז. 220, 226 נ., 272 נ., 517 נ., 672 נ., 872 נ., 978 נ., 1031 נ., 1180.

**סטוארט, דאגלאס,** ענגלישער פילאזאף, 1753־1828. ז. 498 נ., 537 נ., 562 נ., 761 נ.

**סטראהאן, וויליאם,** ענגלישער מאהלער און פערלעגער, 1715־1785. ז. 979 נ.

**סטריינדזש, דזשאהן,** ענגלישער היגיעניקער. ז. 930 נ.

**סטרייפ, דזשאהן,** קירכליכער היסטאריקער און ביאגראף, 1643־1737. ז. 1166 נ.

**סיימאן, סער דזשאהן,** ענגלישער היגיעניקער און דעמאגראף, 1816־1904. ז. 621, 729, 1043, 1045, 1048, 1057, 1082, 1083.

**סייקס, בילל** (זעה דיקענס).

**סיניאר, וויליאם נאסאו,** ענגלי... עקאנאם, 1790־1864. ז. 340־347, 199

ג., 684, 758 ג., 772 ג., 854 ג., 30 ג., 943-944 ג., 963 ג., 1128 ג., 1153.

סמיטה, אדאם, ענגלישער עקאנאם, 1723-1790. ז. 73 ג., 123 ג., 186 ג., 189 ג., 253 ג., 542 ג., 415 ג., 552 ג., 565 ג., 569 ג., 603 ג., 639 ג., 720, 793 ג., 816 ג., 836, 848 ג., 872 ג., 997 ג., 931, 932, 933 ג., 941 ג., 962, 969 ג., 974, 980 ג., 982, 986, 993 ג., 1025 ג., 1042 ג., 1169 ג.

סמיטה, גאלדווין, ענגלישער גע־שיכטס־שרייבער, 1823-1911. ז. 1186 ג.

סמיטה, עדווארד, ענגלישער היגיע־ניקער, 1818-1874 ז. 614 ג.

סענט־הילעיר, זשאפרוא עטיען, פראנצויזישער נאטורפארשער, 1772-1844. ז. 1179.

סען־סימאן, קלאד, העגרי, פראנ־צויזישער אוטאפיסט, 1760-1825. ז. 943.

סעי, זשאן באטיסט, פראנצויזי־שער עקאנאם, 1767-1832. ז. 123 ג., 173 ג., 234 ג., 248 ג., 314 ג., 565 ג., 603 ג., 842 ג., 941 ג., 960 ג.

סערוואנטעס, סוואוועדרא מי־געל, שפאנישער סאטיריקער און ראמא־ניסט, 1547-1616. דאן קיכאט, ז. 126; מאריטארנע, א נאמען פאר א שמוציגע ווייבספערזאן, ז. 130; סאנטשא פאנזא, ז. 1021.

סקארבערק, פרעדעריק, פוילישער עקאנאם, 1792-1866. ז. 508 ג., 547 ג.

סקראפ, דזשארדזש דזשוליוס, ענגלישער נאטורפארשער און עקאנאם, 1797-1876. ז. 944 ג.

ע

עדען, סער פרעדריק מארטאן, ענגלישער עקאנאמיסט 1766-1809. ז. 339 ג., 951 ג., 977, 1073 ג., 1074, 1148, 1152, 1153, 1198.

עווערעט, אן ענגלענדער, האט ערפונדען אין 1758 די ערשטע וואלמאשין, געטריבען דורך וואסער־קראפט, ז. 70

עלעאטען, גריכישע פילאזאפען אין 6טען און 5טען י. ה. פ. ק. ז. 377.

ענגעלס, פריעדריך, 1820-1895. ז. 115 ג., 189 ג., 231 ג., 249 ג., 364 ג., 370 ג., 385 ג., 407 ג., 444 ג., 622, 660, 696 ג., 959 ג., 1011 ג., 1041.

ענסאר, דזשארדזש, ענגלישער פובליציסט, 1769-1843. ז. 1156 ג.

עפיקור, גריכישער פילאזאף, 270-341 פ. ק. ז. 121.

עשוועגע, ווילהעלם, לודוויג, דייטשער אינזשעניר, 1777-1857. ז. 63.

פ

פאגניני, ז. 139 ג.

פאול, דער אפאסטאל, ז. 979 ג.

פאטטער, עדמונד, ז. 906, 909.

פאלמערסטאן, לארד (העגרי דזשאהן טעמפל), ענגלישער שטאאטסמאן, 1784-1865. ז. 714.

פאסטלטהוויט, מאלאק, ענגלישער סטאטיסטיקער און עקאנאם, 1707-1767. ז. 416, 418 ג.

פאררי, טשארלז, העגרי, ענגלישער שריפטשטעלער, 1779-1860. ז. 951 ג., 953 ג., 1074 ג.

פוסעי, פיליפ, ענגלישער אגראנאם, 1799-1855. ז. 1076.

פיטט, וויליאם, ענגלישער שטאאטסמאן, 1759-1806. ז. 1172.

פיל, סער ראבערט, פאטער, ענגלישער פאבריקאנט, 1750-1830. ז. 1201 ג.

פיל, סער ראבערט, זוהן, ענגלישער שטאאטסמאן, 1788-1850. ז. 217 ג., 352 ג.

פינדאר, גריכישער ליריקער, 441-522 פ. ק. ז. 654.

פינטא, אייזאק, האלענדיש־פראנצויזישער עקאנאם געש. 1787. ז. 229 ג.

